י. א. ראַנטש

# מאַטעק און סאַלטשע

(טרילאָגיע)

## בוך צוויי: מאַטעק אין אַמעריקע

אַרויסגעגעבן פון אַ בוך־קאָמיטעט

ניו־יאָרק  1952

# „מאָטעק אין אַמעריקע"

איז דאָס צווייטע בוך פון דער טרילאָגיע „מאָטעק און סאַלטשע".

אין ערשטן בוך „ליכטיקע וועגן", האָט דער מחבר דערציילט וועגן די איבערלעבונגען פון זיין העלד אין לאָדזש, הויפּטזעכלעך אין יאָר 1905.

אין איצטיקן בוך בירגערט זיך מאָטעק איין אין אַמעריקע.

ביים דערשיינען פון דאָזיקן בוך געפינט זיך דער שרייבער אויף אַ טור איבערן לאַנד און קאַנאַדע, אין די אינטערעסן פון דער אויס־גאַבע פון דער טרילאָגיע. ער באַקומט די וואַ־רעמע אונטערשטיצונג פון די „איקוף" לייען־קרייזן און אַנדערע קולטור־אינסטיטוציעס.

אַ פולער צעטל פון אָרגאַניזאַציעס און יחידים, וואָס האָבן געהאָלפן אַרויסגעבן דאָס ווערק, וועט דערשיינען אין דריטן טייל.

# אינהאַלט פון קאַפּיטלען

קאַפּיטל איינס

# אויף די אייגענע פיס

.1

דער אַנקל מענדל האָט מאָטעקן באַגלייט צו דער שיף, וואָס איז אָפּ־געגאַנגען פון ברעמענהאַפן. ביז דאַן איז אַלץ צוגעגאַנגען גלאַטיק. דער אַנקל האָט געפונען אַ האָטעל, דער אַנקל האָט זיך באַמיט וועגן באַגאַזש, וועגן דער רייזע. ער האָט מאָטעקן געפונדעוועט צום לעצטן מאָל מיט „ליאָ־דעס", אין אַ קעלער אין ברעמען.

— איך ווייס דאָך, אַז דו ביסט אַ נאַשער, מאָטעק, — האָט ער געזאָגט און אַליין פאַר זיך באַשטעלט אַ גרעסערע פּאָרציע.

די שיף, אויף וועלכער מאָטעק איז געפאָרן, האָט געהייסן „נעקאַר" און זי האָט באַלאַנגט צו דער „נאָרד־דאָיטשער לאָיד". ווען מאָטעק האָט זי דער־זען פון ווייטן, האָט ער זיך דערשראָקן. דער אַנקל מענדל האָט דאָס באַ־מערקט און געזאָגט:

— מאָטעק, קאָנסט נאָך אַלץ חרטה האָבן. איך וועל אויסשטיין דעם שאָדן און דיך צוריקברענגען.

— חרטה איז נישט מעשה סוחר, אַנקל, — האָט מאָטעק געענטפערט אַנטשלאָסן.

ווען מאָטעק האָט אויסגעפונען, אַז ער קאָן פון דער שיף שיקן אַ בריוו אַהיים, האָט ער אויפן פרייען קאַרטל מיטן בילד פון דער שיף, אָנגעשריבן אויף גיך, מיט פאַרשוויצטע פינגער:

„מיינע טייערע אַלע:

„איך שרייב דעם בריוו שוין פון דער שיף. די שיף איז אומגעהייער גרויס און עס איז זייער באַקוועם. איך האָב שוין אַ גוט מיטאָג געגעסן און אין איין שטונדע אַרום גייט די שיף אָפּ. זי וועט גיין צווישן 11 און 14 טעג. איך וואוין מיט דריי פערזאָן. די קאַיוטע איז נישט איבעריק גוט. דער קאַפּיטאַן וויל צען מאַרק פאַר אַ בעסערע

קאַיוטע, אָבער עס מאַכט ניט אויס . . איך שיק די בעסטע גריסע, מאַטעק״.

דאָס קאַרטל איז געווען אַדרעסירט צום אָנקל גוסטאַוו, וואָס האָט שוין דאַן געהאַט געוואוינט אין אַן אייגן הויז אויף דער ספּאַצעראָווע גאַס.

פון דער מינוט וואָס מאַטעק איז געבליבן אַליין מיט זיך אויף דער שיף, האָט ער דערפילט, אַז עס פעלט אים עמיצער אויס. פריער איז דאָס געווען דער אָנקל מענדל. שפּעטער־צו האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז פּונקט דאַן וואָלט ער געוואָלט האָבן לעבן זיך דעם אָדער יענעם פון דער משפּחה, אָדער פון זיינע באַקאַנטע. מערקווירדיק, ווי זיי האָבן זיך אַריינגעפּאַסט אין זיין בענקעניש, אין זיין איינזאַמקייט.

די „דריי פּערזאָן״ מיט וועלכע ער איז איינגעשטאַנען אין דער קאַיוטע זיינען געווען — דריי עלטערע יידן, וואָס זיינען צווישן זיך גיך באַפריינדעט געוואָרן, נאָר מיט מאַטעקן האָבן זיי זיך געהאַלטן פון ווייטן. זיי האָבן אויסגעפונען, אַז ער האָט אַ פאַך און אַז ער פאָרט צו אַן אָנקל אין „נעוויאָרק״. זיי זיינען אויך, איינער נאָכן אַנדערן, באַלד קראַנק געוואָרן און מאַטעק איז געווען דער איינציקער וואָס איז אַרויפגעגאַנגען עסן דריי מאָל אַ טאָג. האָבן זיי מקנא געווען זיין אַפּעטיט, זיינע רויטע באַקן, זיין פאַך (ער האָט זיי דערציילט, אַז ער איז אַן עלעקטראָ־טעכניקער) און זיין זיכערקייט מיט זיך.

וואָס איינזאַמער מאַטעק איז געוואָרן, אַלץ זיכערער האָט ער אָנגעהויבן ווערן ביי זיך. אין דער היים האָט אים אָנקל גוסטאַוו אָנגעזאָגט, אַז ער זאָל פאַר קיינעם ניט מורא האָבן, אַז ער זאָל זאָגן, אַז ער האָט אַ גוט פאַך אין האַנט און אַז ער זאָל וויסן, אַז ער איז פאַרשריבן געוואָרן אויף די פּאַפּירן מיט צוויי יאָר עלטער, כדי מען זאָל זיך צו זיינע יונגע יאָרן ניט טשעפּען.

איז מאַטעק געגאַנגען אַליין אויף דעם דעק און עס האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז ער גייט ניט אַליין, נאָר אָט באַגלייט אים שימעק, זיין שול־חבר.

— ס׳איז דיר קאַלט, שימעק ?

— ניין, איך האָב ליב די ים־לופט.

— שימעק, ווען מיר וועלן אָנקומען אין אַמעריקע, וועלן מיר אַהיים שרייבן ווי גוט ס׳איז אונדז דאָ געגאַנגען.

און מאַטעק האָט גערעדט צו שימעקן, גערעדט צו זיך אַליין און געפילט ווי שימעק, דער געלאַסענער, געהאַרכזאַמער שימעק, גייט לעבן אים.

— מיר׳ן זיך שפּעטער זען, שימעק.

און מאַטעק איז אַריין אין שיף־זאַל און דערפילט זיין איינזאַמקייט.

אין דער קאַיוטע איז געווען פאַרשטיקט. עס האָט געשטונקען צום חלשן. האָט מאַטעק פאַרבראַכט מערער אין דרויסן, אָדער אין זאַל, איידער

אונטן. און ווען ס'איז אים געווען אומעטיק האָט ער זיך ניט אָנגעשלאָסן אין געזעלשאַפט, נאָר זיך פאַרגעשטעלט, אַז ער האָט מיט זיך וועמען ער וויל און ער איז אַרויס מיט אים אויף אַ „שפּאַציר".

— ווען איך וואָלט מיט זיך געהאַט דאָ לאָטשיאַן, וואָלטן מיר גאַנצע טעג אַרומגעגאַנגען אויפן דעק, — האָט ער אויסגערופן צו די כוואַליעס. לאָטשיאַ האָט ליב געהאַט צו שפּאַצירן. איצט האָט מאַטעק געדענקט יעדן איינציקנס מעלות און גענג. זיין בענקעניש האָט פאַרשאַרפט זיין הונגער נאָך זיינע אייגענע.

— ווען איך וועל אָנקומען נאָך אַמעריקע, וועל איך די ערשטע זאַך זיך אָנשליסן אין אַן אַרבעטער פאַראיין, סאָלטשע, — האָט מאַטעק גערעדט צו איר; זיך פאַרגעשטעלט ווי ער לייענט פאַר איר אַ בריוו און ווי זי קוקט אויף אים און שמייכלט מיט אירע גרויסע ברוינע אויגן.

צום ערשטן מאָל, זינט זיינע עלטערן זיינען געשטאָרבן, האָט מאַטעק זיי דערפילט לעבן זיך. איבערהויפּט איז דאָס געווען איינמאָל פאַרטאָג, ווען אין דרויסן אויפן ים האָט געבושעוועט אַ שטורעם און זיינע מיטשלאָפער האָבן געמיינט, אַז די שיף גייט אונטער און זיי האָבן געוויינט און געבראָכן מיט דער גרינער גאַל און אויך מאַטעק האָט געבראָכן און ניט געקאָנט פאַרשטיין וואָס מיט אים איז און ער האָט אויך געמיינט, אַז ער וועט דאָס ניט אויס-האַלטן. האָט ער זיך דערמאָנט אין טאַטן און באַלד נאָכדעם אין דער מאַמען.

— האָב ניט מורא, מיין קינד: אין דער הייליקער תורה שטייט . . . — האָט דער טאַטע אָנגעהויבן זיך שאָקלען און גלעטן די באָרד.

— ס'איז מיר שלעכט, טאַטע. איך וויל ניט שטאַרבן, טאַטעשי, טאַטעשי! איך וויל העלפן די שוועסטער . . .

נאָר דאָ האָט זיך די מאַמע איבערגעבויגן איבער אים און געזאָגט אַזוי שטיל און ערנסט, ווען דער טאַטע איז דערביי געווען:

— מאַטעק, האָסט געמעגט זיך קומען געזעגענען מיט מיר, איידער דו האָסט זיך אַוועקגעלאָזט אויף דער וויטער נסיעה. איך האָב געוואַרט אויף דיר.

— מאַמעשי, זיי מיר מוחל, איך האָב ניט געוואָלט פאַרשפּעטיקן די שיף. איך האָב זיך געזעגנט מיטן טאַטעשי.

און מאַטעק האָט זיך געפילט פאַרלייכטערט וואָס טאַטע-מאַמע זיינען געווען ביי זיין זייט, ווען ער האָט געמיינט, אַז ער שטאַרבט פון ים-קראַנק-הייט און פון שרעק פאַרן שטורעם.

געווען טעג אויף דער שיף, ווען מאַטעק האָט זיך באַקענט מיט יונגע-לייט, עלטער פון אים. יעדער פון זיי איז געווען איבערגעשראָקן און נאָר געוואָלט אויסגעפינען פון אים, ווי אַזוי ער וועט זיך איינאָרדענען און צו

וועמען ער פּאָרט. מאָטעקן איז געוואָרן אומעטיק צו זיין מיט אַט־די מענטשן. ער איז דאָך געפאָרן קיין אַמעריקע, ווייל דאָרט איז ליכטיק, ווייל דאָרט וועט ער געפינען אַ טרייסט צו אַלע זיינע צרות. פאַרוואָס זיינען די מענטשן דאָ אַזוי באַזאָרגט וועגן אַמעריקע? פאַרוואָס טראַכטן זיי וועגן דעם נייעם לאַנד, ווי עפּעס וואָס מען דאַרף טאַפּן אין דער פינצטער . . . ניין, מאָטעק וויל טראַכטן גאָר אַנדערש. עס ווערט אים ליכטיק אין די אויגן, ווען ער הויבט אָן טראַכטן וועגן אַמעריקע. זיין לעבן הויבט זיך ערשט אָן. ער איז יונג, געזונט, פול מיט כוח און גלויבן, ניט ווי זיי דאָ, וואָס עס וואַרפט זיי ווי אין קדחת, ווען זיי רעדן וועגן אַמעריקע.

האָט מאָטעק באַשלאָסן בעסער ניט צו רעדן מיט קיינעם, צו זיין אַליין. נאָר אַזוי ווי ס'איז אומעטיק צו זיין אַליין, האָט ער אין געדאַנק אַרויסגערופן צו זיך זיינע היימישע.

גוט איז אים געווען מיט זיינע חברים און לייבטשען, מיט דער ייִנגערער שוועסטער לאָטשיאַ, אפילו מיט דער עלטסטער שוועסטער גוטשיא האָט ער איצט געלעבט גוט. זי האָט אים געהאַלטן אין איין אויסרעדן, אין איין מוסר זאָגן. זאָלסט אַזוי טאָן, זאָלסט דאַווענען, זאָלסט ניט אַקעגנרעדן, זאָלסט זיך נישט מישן אין קהלשע געשעפטן, זאָלסט ניט לייענען קיין טרייפענע זאַכן . . .

צום בעסטן איז אים געווען מיט גאָלדען און מיט סאַלטשען. די צרה איז אָבער געווען, וואָס ווען ער האָט געטראַכט און גערעדט מיט סאַלטשען, האָט ער אָנגעהויבן וויינען. אפשר דערפאַר, וואָס ער האָט סאַלטשען לעצטנס געהאַט געזען אַ וויינענדיקע. גוט איז אים דערפאַר געווען מיט גאָלדען. זי איז שטענדיק געווען פריילעך, זי האָט שטענדיק געשמייכלט צו אים און זיך געפרייט מיט אים. אָי, וואָס פאַר אַ נאַר ער איז געווען וואָס ער האָט ניט אייב־מאָל אָפּגעזאָגט זיך צו גיין שפּאַצירן מיט איר, ווען זי האָט זיך געבעטן ביי אים. ווען זי וועט קומען נאָך אַמעריקע, וועלן זיי ווערן חתן־כלה. ער ווייסט, אַז זי האָט אים ליב. זי האָט דאָך דערציילט לאָטשיאַן און לאָטשיאַ האָט עס דאָך אים דערציילט. ער האָט דאָס געקאָנט אַרויסלייענען פון גאָלדעס אויגן, אַז זי האָט אים זייער, זייער ליב.

זיינען ביי מאָטעקן ניט געבליבן קיין זכרונות פון זיין שיף־רייזע. ער האָט ווי קיינעם ניט געזען, מיט קיינעם זיך ניט באַקאָנט. בלויז געדענקט די שטורעמס און געפילט דעם איבלדיקן ריח פון דער קאַיוטע אַ לאַנגע צייט. געדענקט האָט ער ווי זיינע היימישע זיינען אים געקומען צו הילף, ווען ס'איז אים געווען אומעטיק און שלעכט. מיט „זיי" איז ער געקומען צום אַמעריקאַנער ברעג.

## 2.

די שיף איז טאַקע געגאַנגען 14 טעג און אָפּגעשטעלט האָט זי זיך ניט אין ניו־יאָרקער האַפן, נאָר גאָר אין אַן אַנדער שטאָט, וואָס קיינער האָט פון איר ניט געהאַט געהערט, צווישן מאָטעקס פּאַסאַזשירן־קרייז. די שטאָט האָט געהייסן באַלטימאָר. דאָס האָט אַרויסגערופן אומצופרידנקייט ביי אַ סך מענטשן און די פּנימער די צעשראָקענע זיינען געוואָרן פאַרכמורעט.

געמיינט האָט מאָטעק, אַז ווען ער וועט אַרונטער פון שיף, וועט אים אָפּוואַרטן דער אָנקל זיינער, נאָר דער ערשטער וואָס האָט גערעדט צו אים יידיש, איז גאָר געווען אַ מיסיאָנער, וואָס האָט אים אַריינגערוקט אַ יעזוס־ביכל אין האַנט אַריין און געהייסן אים דאָס לייענען אויפן וועג.

— וועסט האָבן אַ לאַנגן וועג צו פאָרן. דאָס ביכל וועט דיר העלפן איי־בערקומען אַלע שרעק. דאָס איז דער נייער משיח. גלויב אין אים און דו וועסט געראַטעוועט ווערן, — האָט דער יונגערמאַן מיט דער לאַנגער נאָז און בורשטינענע ברילן געזאָגט צו מאָטעקן. מאָטעק האָט אים באַקוקט און ניט געקאָנט באַגרייפן וואָס דאָ קומט פאָר. נאָר באַלד איז צוגעקומען צו אים אַ מיטליעריקער מאַן, אַ געפּאַקטער און אַ שווער־סאָפּענדיקער און געזאָגט:

— הער זיך ניט צו צום מיסיאָנער. האָב אים אין דער אדמה. וואַרף אַוועק דאָס ביכל און הער זיך צו צו מיר. איך בין פון דער יידישער אימי־גראַנטן געזעלשאַפט. איך האָב שוין אַוועקגעשיקט אַ טעלעגראַמע צו דיין פעטער. ער וועט אָדער קומען, אָדער ער וועט ענטפערן, אַז ער קומט ניט. דאַן וועל איך דיך אויפזעצן אויף דער באַן און אים לאָזן וויסן, ווען די באַן קומט אָן און ער וועט דיך אָפּוואַרטן ביי דער סטאַנציע. דו וועסט טראָגן אָט־דאָס קאַרטל אויף זיך. זע, פאַרליר עס ניט. וויבאַלד טאָמער פאַרסטו אַליין, וועסטו דאַרפן בייטן די באַן. אונדזערער אַ מענטש וועט דיך דערקענען און ער וועט דיך אַריינזעצן אין דער ריכטיקער באַן.

דער פעטער וועלוול האָט געשיקט אַ טעלעגראַמע, אַז ער קאָן ניט קומען, און אַז מען זאָל מאָטעקן שיקן צו אים און ער וועט אים אָפּוואַרטן ביי דער באַן־סטאַנציע. דער מאַן פון דער אימיגראַציע געזעלשאַפט האָט מאָטעקן אַריינגעזעצט אין אַ וואַגאָן און אים אָנגעזאָגט גענוי וואָס ער זאָל ניט טאָן און אים מיטגעגעבן אַ פּעקל עסן, וואָס איז באַשטאַנען פון צוויי האַרטע אייער און ברויט מיט פּוטער און אַן עפּל מיט אַ באַנאַנע.

דאָס איז געווען צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן וואָס מאָטעק האָט גע־דאַרפט עסן אַ באַנאַנע און ער האָט געמיינט, אַז ער דאַרף אויך עסן די שאָלעכץ. אין באַן־וואַגאָן האָבן מענטשן געלאַכט, ווען זיי האָבן געזען ווי

ער הויבט אָן עסן די באַנאַנע מיט דער שאָלעכץ, ביז אַ פרוי איז צו אים צוגעקומען און אים געוויזן ווי אַזוי דאָס צו עסן.

דער וועג איז געווען אַ לאַנגער. מאָטעק איז געפאָרן ביינאַכט. ער האָט זיך געפילט צעבראָכן און איבלדיק. ערגער פון אַלץ איז אָבער געווען וואָס זיינע אייגענע האָבן איצט אים געהאַט פאַרלאָזן. וויפל ער האָט ניט געוואָלט טראַכטן וועגן גוטשיאַן אָדער וועגן אָנקל גוסטאַוו, אָדער אפילו וועגן סאַלטשען, זיינען זיי אַלע געווען אַזוי ווייט, ווייט פון אים און זיך ניט געלאָזט דערנעענטערן צו זיך.

אין קעשענע האָט מאָטעק געהאַט אַ בילד פון אָנקל וועלוול. עס איז ניט געווען קיין בילד פון אַמעריקע, נאָר פון פּאַריז, ווען דער אָנקל איז נאָך געווען זייער יונג און שיין און געהאַט אַ גרויסן קאָפּ האָר. מאָטעק האָט מורא געהאַט, אַז ער וועט דעם אָנקל ניט דערקענען. ער האָט דעם אָנקל געהאַט געשיקט אַ בילד פון זיך, וואָס שימעק האָט מיט זיין קאָדעק גענומען אין הויף פון יאַראָטשינסקיס שול. ס'איז אַרויסגעקומען צו טונקל, דאָך האָט עס מאָטעק געשיקט דעם אָנקל.

ווען די באַן האָט זיך אָפּגעשטעלט, און דער קאָנדוקטאָר האָט מאָטעקן אָנגעוויזן, אַז דאָ דאַרף ער אַרויסגיין, האָט מאָטעק זיך דערפילט, ווי ער וואָלט וועלן נאָך און נאָך פאָרן. אויסגעמאַטערט איז ער געווען, נאָר אַרויס־גיין פון וואַגאָן האָט זיך אים ניט געוואָלט. ער האָט אַליין ניט געוואוסט פאַרוואָס. עס איז געווען נאָכמיטאָג. פון וואַגאָן מיט מאָטעקן זיינען אַרויס נאָך אַ פּאָר מענטשן. ער האָט זיך אַרומגעקוקט. פון דער ווייטנס זיינען גע־שטאַנען צוויי מענער און איינער פון זיי האָט מיט דער האַנט געטייטלט אויף אים:

— אָט איז ער . . . האַלאָ, מאָט!

מאָטעק, מיט זיין שווערן טשעמאָדאַן, איז אים אַנטקעגנגעגאַנגען.

— האָסט מיך דערקענט? — האָט דער אָנקל געזאָגט און אים מיט איין האַנט אַרומגענומען און אים געגעבן אַ נאַסן קוש אין מויל אַריין.

— יאָ און ניין. דער אָנקל האָט אָנקל גוסטאַווס אויגן, — האָט מאָטעק געזאָגט אַביסל פאַרשמאַכט. אין מויל איז אים געווען טרוקן.

דער אָנקל האָט צוגענומען פון אים דעם טשעמאָדאַן. ער האָט אים פאָרגעשטעלט דעם צווייטן מאַן.

— דאָס איז מיינער אַ פריינט, מיסטער סמיט. אין דער היים האָט ער מסתם געהייסן שמערל ווישניאַק.

מאָטעק האָט זיך פאַרנייגט פאַר יענעם.

— ער וועט זיין „אָקעי” אין אַמעריטשקע, — האָט מיסטער סמיט מאָ־

טעקן געגעבן אַ קלאַפּ איבער דער פּלייצע.

דער מיסטער סמיט האָט געהאַט אַן אויטאָמאָביל און מאַטעק מיטן אַנקל האָבן זיך אַריינגעזעצט און געוואַרט ביז מיסטער סמיט וועט אַנדרייען די כלי. עס האָט געדויערט אַ לאַנגע צייט. אויך דער אַנקל איז אַרויסגעגאַנגען און געאַרבעט מעשים, ביז עס איז אַרויס אַ גרויסער רויך און דער אויטאָ־מאָביל האָט זיך אָנגעהויבן וואַרפן ווי אין קדחת. ערשט דאַן האָט דער אַנקל געזאָגט: „מיר פאָרן".

גלייך פון אָנהויב האָט מאַטעק באַמערקט, אַז דער אַנקל וועלוול איז אינגאַנצן אַנדערש פון אַלע קאַלינסקיס. ער איז אַ פּריילעכער און זיין פּנים איז ניט פאַרדאגהט ווי ביי זיי. אויך זיין קול איז פרישער און לעבע־דיקער. דער אַנקל האָט געהאַלטן אין איין לאַכן פון יעדן וואָרט, וואָס מאַטעק האָט אַרויסגערעדט, בלויז ווען מאַטעק האָט אויף אַן ענטפער פון אַנקלס פראַגע דערציילט וועגן זיינע עלטערנס טויט, האָט דער אַנקל געביטן זיין קול און שטילערהייט אָפּגעזיפצט: „איט׳ס טו בעד, טו בעד!"

— וואָס זאָגט דער אַנקל?

— אָ, איך זאָג, אַז ווען זיי וואָלטן געווען אין אַמעריקע, וואָלטן זיי מסתם געבליבן לעבן.

— ווייסט, מאַטעק, — האָט דער אַנקל פּלוצלינג זיך אָפּגערופן, — דו רעדסט יידיש אַנדערש ווי מען האָט גערעדט ביי אונדז אין שטעטל. דו רעדסט אַזוי ווי די ליטוואַקעס, אָדער ווי עס רעדן דאָ די אינטעליגענטן.

דער אַנקל איז מאַטעקן געפעלן געוואָרן. זיין אויסזען איז געווען גאָר ניט ענלעך צו די אַנדערע אַנקלס און זיין רעדן און האַלטן זיך איז אויך געווען אַנדערש פון יענע. דער אַנקל האָט מיט זיין פרייַנט אין אויטאָמאָביל גערעדט ענגליש. דאָס איז מאַטעקן געווען ניט אָנגענעם. נאָר ווען דער אַנקל האָט זיך צו אים געווענדט, האָט ער אַלעמאָל געזאָגט:

— מאַטעק, וועסט זיין אַלרייט אין אַמעריקע. אַמעריקע איז ווי אָנ־געמאָסטן פאַר דיר.

ווען זיי האָבן זיך דערנעענטערט צום אַנקלס הויז האָט ער געזאָגט צו מאַטעקן:

— איך וואוין אויף דער גאַס. מיין פרוי הייסט דזשעני. דו זאָלסט זי רופן טאַנטע דזשעני און דו זאָלסט זיך צעקושן מיט איר, ווען דו וועסט אַריינקומען. זאָלסט אויך קושן מיינע צוויי יינגלעך. זיי פאַרשטייען ניט קיין וואָרט פון דעם וואָס דו רעדסט, נאָר עס מאַכט ניט. דו וועסט זיך אויסלערנען שנעלער ענגליש, ווי איך האָב זיך אויסגעלערנט.

די טאַנטע דזשעני האָט געגעבן אַ פּליעסקע מיט די הענט, ווען זי האָט

דערזען מאָטעקן.

— זע נאָר, וואָס פאַר אַ שיינער, הויכער בחור ער איז!

זי האָט אים געקושט אויף ביידע באַקן און אים ווידער באַקוקט פון אויבן ביז אַראָפּ.

דער אָנקל איז געווען אַ הויכער, אַ ברייט־פּלייציקער און אַ שווער־לייביקער. די טאַנטע איז געווען מיט אַ קאָפּ קירצער פון אים און זי איז געווען אויסגעדאַרט. דער אָנקל האָט שוין ניט געהאַט קיין סך האָר אויפן קאָפּ. די האָר וואָס זיינען אים געבליבן זיינען געווען זייער לאַנג און פון שטרוי קאָליר. דער טאַנטעס האָר זיינען געווען שוואַרץ און צעפּאַטלט.

ביידע יינגלעך האָבן געהאַט דעם טאַטנס האָר. איינער איז אַלט געווען אַ יאָר פיר, דער צווייטער צוויי יאָר.

די טאַנטע האָט געפּרואווט רעדן יידיש מיט מאָטעקן, נאָר דער אָנקל האָט אָפּגעלאַכט פון איר.

— מאָטעק, זי איז פון פּשעמיסל, זי איז אַ גאַליציאַנערין. זי רעדט אַ צעקאַלעטשעטן יידיש, נישט וואָוער?

די טאַנטע האָט ניט אַראָפּגעלאָזט די אויגן פון אים, בעת ער האָט גע־געסן און מאָטעק האָט זיך געפילט ניט גוט דערפון.

— עס, עס! — האָט זי אים געשטופּט איין טעלער נאָך דעם אַנדערן.

— דו עסט דאָך גאָרנישט. פאַרן שלאָפן גיין וועסטו איינגעמען ביטער־זאַלץ. אין אַמעריקע עסט מען אַ סך. דאָ איז ניט יוראָפּ.

מאָטעק האָט מקנא געווען די קינדער, וואָס זיינען געגאַנגען שלאָפן. ער איז געווען זייער שלעפעריק, נאָר ער האָט זיך געשעמט צו זאָגן, אַז ער וויל שוין גיין שלאָפן, בפרט אַז עס האָבן אָנגעהויבן אַריינקומען געסט אין הויז. די טאַנטע האָט דאָ געהאַט אַ גרויסע משפּחה. זיינען זיי זיך אַלע צוזאַמענגע־קומען אָנקוקן דעם גרינעם. געקומען זיינען אירע עלטערן, אירע צוויי שוועסטער און צוויי פעטערס מיט זייערע פרויען און קינדער.

צום גליק האָט דער אָנקל באַמערקט, אַז מאָטעק קאָן דעם קאָפּ ניט אויפהאַלטן און ער האָט מאָטעקן געזאָגט, אַז ער זאָל זיך לייגן שלאָפן.

די טאַנטע האָט אים אַרויפגעפירט אין שלאָפצימער און זי האָט אים געזאָגט, אַז דאָס וועט זיין זיין אייגענער צימער.

— מיר האָבן אַ גרויס הויז און ס'איז שטענדיק דאָ הייסע וואַסער און מיר האָבן אַ גאָרטן מיט פרוכטביימער און דו וועסט זיך דאָ פילן גוט. רו זיך אויס און צומאָרגנס וועלן מיר האָבן צייט צו רעדן. גוט־נאַכט, מאָטעק.

— אַ גוטע נאַכט, טאַנטע דזשעני.

זי האָט פאַרמאַכט די טיר. מאָטעק האָט באַקוקט דעם ליכטיקן צימער

מיט די צוויי גרויסע פענצטער, וואָס זיינען אַרויסגעגאַנגען אין גאָרטן־הויף. ער האָט באַקוקט די ליכטיקע ווענט און דעם ווייסן באַלקן. דאָס בעטגעוואַנט איז געווען ווייס און ווייך, אַלץ אין צימער האָט געפינקלט און באַגריסט אים.

פון אונטן האָט זיך געהערט דער טומל פון די געסט. עס האָבן זיך געהערט דער קלאַנג פון טעלער און דאָס רוקן פון שטולן.

ווען מאָטעק האָט זיך אַריינגעלייגט אין בעט, האָט זיך אים אין דער ערשטער רגע אויסגעוויזן, אַז ער וויגט זיך אויף דער שיף, נאָר באַלד האָט ער צו זיך אַליין געלאַכט. ער שלאָפט אין אָנקל וועלוועלס הויז. ער פאָרט ניט מער. ער איז מיט ביידע פיס אויף דער ערד. ער איז דאָס שווערסטע שוין איבערגעקומען. ער איז אין אַמעריקע. ער איז אין לאַנד פון בנימין פרענקלין און פון אברהם לינקאָלן. דאָס הייסט אַ גוט לאַנד. קיין פּאָליציי־לייט זיינען ניט געווען ביי דער באַן־סטאַנציע. קיין קאָזאַקן מיט נאַגייקעס רייטן ניט איבער די גאַסן. מען האָט ניט מורא פאַר קיין אָבלאַווע. מען זיצט אונטן און מען לאַכט און מען איז פריילעך.

— מאָרגן שרייב איך אַוועק אַ בריוו צום אָנקל גוסטאַוו וועגן דעם, — האָט מאָטעק באַשלאָסן.

ער איז אַנטשלאָפן געוואָרן.

## קאַפּיטל צוויי

# „ביזנעס"

### .1

די ערשטע טעג האָט זיך מאָטעקן אויסגעוויזן, אַז ער איז נאָך אַלץ אויף דער שיף. עס האָט אים געררישט אין די אויערן, ווי די כוואַליעס אַרום אים וואָלטן געזעצט אויף דער שיף. עס האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז ער וואַקלט זיך ביים גיין און דער קאָפּ האָט זיך געדרייט, געדרייט.

— מאָטעק, — האָט דער אָנקל זיך אָפּגערופן צו אים צוויי טעג נאָך זיין אָנקומען, — מען דאַרף דיך אויסקליידן פּאָ אַמעריקאַנסקו . . . דו דאַרפסט פאַרגעסן אין יוראָפּ און אין אַלץ וואָס דו האָסט מיטגעמאַכט. דאָ איז אַמעריקע, אַ פריי לאַנד, נאָר ניט פריי אַרומצוגיין ליידיק און קנאַקן באַניעקערלעך. ווערסט זיך אָפּרוען אַ פּאָר טעג און דאַן ווערסטו אָנהויבן ווי איך האָב אָנגעהויבן און עס וועט דיר ניט באַנג טאָן . . . מיר'ן נאָך רעדן וועגן דעם. פון דיין עלעקטראָ־טעכניקע וועט זיך מסתם גאָרניט אויסלאָזן. דאָ טוט מען אַלץ אַנדערש. האָסט דאָך נאָך אין ערגעץ ניט געאַרבעט, בלויז געלערנט. נו, וועלן מיר זען. ווערסט קיינמאָל ניט פאַרשפּעטיקן, אין דיינע יאָרן, צו אַרבעטן פאַר יענעם. דער אַמעריקאַנער האַלט אָבער פון זיין אַ באַלעבאָס איבער זיך אַליין. אַזוי ווי דו קוקסט מיך אָן, מאָט, האָב איך ניט געוואָלט אַריינשמעקן אין קיין פאַבריק. דאָס זאָלן טאָן די, וואָס האָבן גראָבע הענט און גרעבערע קעפּ. אַז מען האָט אַביסל סמיקאַלקע, קאָן מען זיך אַן עצה געבן . . . איך וועל דיך מאָרגן נעמען צו זיך אין סטאָר אַריין, ווערסטו פאַרשטיין וואָס איך מיין. מיר'ן דיך אויספּוצן אין אַן אַמעריקאַנער סוט. דאָס סוטל מאַכט דיך אויסקוקן ווי אַן אַלט יידל. אַ בחור ווי דו דאַרף טראָגן עפּעס העלס. גיב אַ קוק אויף דיינע שוואַרצע שיך מיט די ברייטע נעז, — מען וועט לאַכן פון דיר. מען וועט גלייך דערקענען, אַז עס גייט אַ גרינער. איך וועל דיך געבן אַ פּוץ אויס און דאַן וועלן מיר נעמען אַ „פּיקטשע", דאָס הייסט אַ פאָטאָגראַפיע און מען וועט עס אַוועקשיקן אַהיים און זיי וועלן דיך ניט דערקענען . . . נאָך אַ זאַך: דו רעדסט טאַקע אַ געזונטן יידיש, מסתם

רעדט מען אין לאָדזש אַזוי. ביי אונדז אין שטעטל געדענק איך ניט, אַז מען זאָל האָבן געיווזט אַזעלכע ווערטער ווי דו געברויכסט. די בעסטע זאַך וועט זיין, אַז דו זאָלסט אינגאַנצן ניט רעדן קיין יידיש, אַניט וועסטו זיך קיינ־מאָל ניט אויסלערנען די שפּראַך פון לאַנד. בלויז אַלטע יידן רעדן דאָ יידיש. איך מיט מיין פרוי רעדן נאָר ענגליש. מיך דאַרפסטו ניט רופן אַנקל וועלוול, נאָר ווילי. אַזוי הייס איך דאָ. די ווייסט שוין, אַז איך בין דאָ ניט קיין קאַלינסקי, נאָר איך הייס קעלי. קעלי, דאַרפסטו וויסן, איז אַן איירישער נאָמען. דו ווייסט ניט וואָס איריש מיינט? נו, ווי זאָל איך דיר דאָס דער־קלערן? דאָס זיינען געזונטע גויים וואָס זיינען געקומען פון ענגלאַנד, פון אַ גובערניע, וואָס הייסט איירלאַנד. זיי זיינען גרויסע שיכורים. אַלע פּאָליס־לייט אין אַמעריקע זיינען איירישע. אַלע סאַלונקיפּערס זיינען איירישע. ווי קום איך צו זיי? אַזוי איז מיר איינגעפאַלן. אין מיינע ביזנעס איז גוט צו הייסן קעלי, ניט קאַלינסקי, פאַרשטייסט? אין אַמעריקע טוט מען אַלץ צוליב ביזנעס . . . ווי וועסטו אויסקוקן מיט אַ נאָמען מאָטעק? מען וועט לאַכן פון דיר. זעסטו „מאָט“ איז אַלעמען באַקאַנט. מאָט און דזשעף . . . אַז מען הערט די צווי נעמען, לאַכט מען. איך וועל דיר דערציילן וועגן דעם אַן אַנדערש מאָל. פאַרשטייסט? דאָ דאַרף מען זיך צופּאַסן ווי ס'איז בעסער פאַר ביזנעס. ביזנעס קומט פריער פאַר טאַטע־מאַמע דאָ, פאַר דער אייגענער ווייב, אויב דו פאַרשטייסט וואָס איך מיין. וועסט אַליין אויסגעפינען. דו שטאַמסט דאָך פון די קאַלינסקיס. אפילו דיין גאָטזעליקע מוטער איז געווען אַ ביזנעס־פרוי. דיין זיידע, מיין פאָטער, איז געווען אַ גרויסער געשעפטס־מאַן . . .

מאָטעק האָט געקוקט אויפן אַנקלס אויסגעפּאַשעט פּנים און דערפילט ווי אַ זעלבסט־צופרידנקייט רינט אַראָפּ פון זיינע באַקן. ווי אַזוי איז דאָס מעג־לעך אַזאַ אונטערשייד ברידער? — האָט ער געטראַכט. אים זיינען אויפן זינען געקומען זיינע אַנקלס און פעטערס פון דער היים. קיינער פון זיי איז ניט געווען ענלעך אויפן אַמעריקאַנער אַנקל. אפילו ניט דער טאַמאַ־שאָווער פעטער. איבערהויפּט האָט מאָטעק ניט געקאָנט באַגרייפן דעם אַנקלס רייד וועגן יידיש און וועגן בייטן דעם נאָמען.

— מען וועט דאַרפן ענדערן דיין פאַמיליע נאָמען, מאָט, — האָט דער אַנקל פלוצלינג געזאָגט. — סאַרנאָווסקי איז דער נאָמען פון אַ פּאָליאַק און פּאָליאַקן ביי אונדז אין שטאָט אַרבעטן אין די פאַבריקן. לאָמיר זען: סאַר, סאַר, סאַרנאָו. מען דאַרף עפּעס געפינען אַ גוטן אַמעריקאַנער נאָמען. צו מיר קומט אַריין אַ יענקי, וועט מען אים אַ פרעג טאָן. ער איז אַ געבילדע־טער מענטש.

איצט האָט מאָטעק געפֿילט ווי זיינע געדאַנקען וויגן זיך, ווי אויפֿן ים. ער האָט ניט געקאָנט באַגרייפֿן דעם אָנקלס ווערטער. זיי זיינען אים געווען אַזוי פֿרעמד און אַזוי איבערדריסיק, אַז ער וואָלט וועלן טרעפֿן עפּעס אַן אַנדער מענטשן, מיט וועמען ער זאָל זיך קאָנען דורכרעדן וועגן דעם. עס קאָן ניט זיין, האָט ער געטראַכט, אַז דאָס וואָס דער אָנקל זאָגט, זאָל טאַקע זיין ווי עס פֿירט זיך דאָ אין לאַנד.

די טאַנטע דזשעני האָט גערעדט צו אים יידיש, נאָר אָפֿט זיך פֿאַרהאַקט און ניט געקאָנט געפֿינען דאָס פּאַסיקע וואָרט צו מאָטעקן:

— זעסט, וואָס אַמעריקע איז. איך האָב שוין טאַקע פֿאַרגעסן די שפּראַך פֿון מיינע עלטערן. אַז מען דאַרף עס דאָ ניט. וועסט גיין אין „נאַיט סקול" און פֿאַרלירן דיין אַקצענט און מיט דער צייט וועט מען ניט וויסן, אַז דו ביסט געווען אַ גרינהאָרן.

איז מאָטעקן באַפֿאַלן אַ טרויער פֿון דער טאַנטעס רייד. ער האָט גע־וואָלט ענטפֿערן, נאָר אינסטינקטיוו זיך צוריקגעהאַלטן.

יעדעס ניי וואָרט וואָס מאָטעק האָט געהערט זינט ער האָט איבערגע־טראָטן דעם אָנקלס שוועל, האָט אָפּגעקלונגען אין זיינע אויערן ווי די פֿאַר־שידענע קלאַנגען פֿון קלויסטער־גלאָקן, וואָס האָבן אים אי געררייצט, אי אָנגעוואָרפֿן אַ פּחד. איבערהויפּט האָט דער אָנקל ניט אַרויסגעלאָזט פֿון מויל די צוויי ווערטער „סטאָר" און „ביזנעס". אָט־די צוויי ווערטער זיינען געווען די גרעסטע מיוחסים אין שטוב.

„וועסט מיך זען אין סטאָר".

„מען דאַרף דעם בחור אַריינעמען אין סטאָר".

„די סטאָר וואַרט ניט".

„די סטאָר קומט פֿריער פֿון אַלץ".

„ביזנעס בעפֿאָר פּלעזשור".

„איך מאַינד מיינע ביזנעס".

„עס איז ניט דיינע חזירישע ביזנעס".

„ער וועט זיך אויסטויגן פֿאַר די ביזנעס".

און גראָד אָט־די צוויי ווערטער האָט מאָטעק ניט גערן געהאַט. ער האָט שוין געוואוסט, אַז זיי מיינען דאָס זעלבע: אַ קראָם, אַ געשעפֿט. די קראָם האָט אים דערמאָנט אין זיין מוטערס קרעמל, אין וואָכן אָן לייזונג, אין בייגן זיך פֿאַר די קונים. געשעפֿט האָט אים דערמאָנט אין וועקסלען, פּעקלעך, שווינדל און דעם אָנקל גוסטאַווס קאַנצעלאַריע. ביידע ווערטער האָבן אים געבראַכט אויפֿן זכרון טאַטע־מאַמע. זי, ווי זי האָט שווער געאַרבעט אין קראָם, און דער טאַטע, ווי ער האָט פֿיינט געהאַט געשעפֿט און זיך ניט גע־

וואָלט אָפּגעבן דערצו און בעסער אויסגעקליבן אַ לעבן פון דחקות, איידער אויפן מינדסטן אופן אָפּנאַרן אַ מענטשן.

ווען דער אַנקל ווילי האָט מאָטעקן אָנגעזאָגט, אַז ער נעמט אים מיט אין סטאָר, האָט ער עס אַרויסגעזאָגט אין אַזאַ טאָן, ווי דאָס וואָלט געווען אַ גרויסע געשעעניש אין מאָטעקס לעבן.

— גיי, גיי, זע וואָס פּאַראַ קראָם מיר האָבן. זע ווי מען אַרבעט זיך אַרויף אין אַמעריקע, — האָט די טאַנטע דזשעני צוגעגעבן מוט.

געוואוסט האָט מאָטעק שוין, אַז דער אַנקל האָט אַ קראָם פון קליידער, שיך, העמדער, שניפּסן, זאָקן. דאָס האָט אים דערמאָנט אין שמעכלס קראָם אין לאָדזש, אין וועלכער מען האָט אים צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן אָנגעטאָן קורצע קליידער. מאָטעק האָט זיך פאַרגעשטעלט, אַז דעם אַנקלס קראָם איז מסתם נאָך גרעסער, מחמת אין אַמעריקע איז אַלץ גרויס, מיט אַ ברייטן פאַרנעם, מיט נייע איינפאַלן. דער אַנקל האָט אים אַריינגעפירט אין אַ שמאָל געסל, וואו עס האָבן זיך אַרומגעדרייט אַ פּאָר שיכורים אין אָפּגעריסענע מלבושים. עס איז נאָך געווען אין פרימאָרגן.

— האַלאָ, דזשים, איז עווריבאָדי העפּי? — האָט דער אַנקל אויסגערופן פריילעך צו איינעם פון די שיכורים.

— יו בעט! ס'איז ניטאָ עפּעס בעסערס אָנצואוואָרעמען די אַלטע כלי, — האָט דער שיכור געענטפערט עפּנענדיק אַ מויל מיט צעפוילטע ציין.

— האַלאָ, האַלאָ, האַלאָ! — האָט דער אַנקל אויסגעשפּרייט זיינע אָרעמס און זיך אַרומגעכאַפּט מיט אַ הויכן, ברייטפּלייציקן מאַן, וואָס האָט געטראָגן אַן אויסער־געוויינלעך ברייטן גרויען הוט, וואָס מאָטעק האָט עס נאָך קיינמאָל ניט געהאַט געזען. — וואָס מאַכט עפּעס דער טשיף, אין אַזאַ שיינעם פרימאָרגן? ווילסט זיך באַקאָנען מיט אַ מיטגליד פון יידישן קעלי קלען? דאָס איז מיין נעפיו, ערשט דריי טעג פון דער שיף...

— האו דו יו דו, איט'ס גוד טו סי יו, יאַנג מען, — האָט דער הויכער מאַן אויסגעשטרעקט אַ ריזיקע האַנט צו מאָטעקן.

— דו ווייסט ווער דער מאַן איז? — האָט דער אַנקל פילדייטיק דערציילט מאָטעקן, — דאָס איז אַ דעטעקטיוו, אַזוי ווי אַ פּאָליציי־באַאַמטער אין דער היים. דו זעסט, ער איז מיינער אַ פריינט. וועסט אים גאַנץ אָפט זען ביי מיר אין סטאָר.

ווען מאָטעק איז צוגעקומען צו דער סטאָר, האָט ער זיך זיינע אויגן ניט געגלויבט.

— אָט איז עס, — האָט דער אַנקל געזאָגט מיט שטאָלץ.

אַ שמאָל שויפענצטער אָנגעפּאַקט מיט בלויע אַרבעט־העמדער און בלויע

אַרבעט־הויזן און פֿאַרשטויבטע שיך און שניפּסן. באַלד האָט דער אָנקל אַרויסגעהאָנגען אין דרויסן, איבער דער טיר פֿון דער קראָם, אַ פּאָר רעקלעך, וואָס האָבן אויסגעקוקט ווי אויסגעטראָגן.

מאָטעק האָט נאָכגעפֿאָלגט דעם אָנקלס באַוועגונגען און געפּרואווט פֿאַרשטיין וואָס פֿאַראַ קראָם דאָס איז. מאָטעק האָט געזען אויף די הויכע פּאָליצעס רענצלעך פֿאַרשטויבטע, אפֿילו האַלב־צעריסענע.

— דו פֿאַרשטייסט, מאָט, — האָט דער אָנקל זיך געווענדט צו מאָטעקן, זעענדיק, אַז ער איז ניט באַגייסטערט פֿון דער קראָם, — אין אַמעריקע הייסט דאָס אַ „סעקאָנד הענד סטאָר“, דאָס הייסט, אַז מען קויפֿט אָפּ אַלטע זאַכן און מען פֿאַרקויפֿט זיי פֿאַר עפּעס רעכטס און דער קאָסטאָמער כאַפּט אַ ווילדע מציאה. ביי אונדז אין שטאָט איז דאָס די איינציקע גאַס, וואָס פֿאַרקויפֿט אַלטע קליידער. וועסט אַרויסגיין און זיך צוקוקן און זען: אַ סעקאָנד הענד סטאָר און אַ סאַלון, אַ שענק הייסט עס. אַ סעקאָנד הענד סטאָר און ווידער אַ סאַלון. ס׳איז אַזוי די מעשה: אונדזער קאָסטאָמער קומט אַהער שבת האָבן אַ „גוד טאַים“. ער גייט זיך אַריין אין סאַלון מיט אַ פּאָר פֿריינטלעך. מען נעמט אַ כוסה, איינע און נאָך איינע. ביז ער קוקט זיך אַרום, האָט ער פֿאַרטרונקען דאָס געלט, וואָס ער האָט געהאַט מיט זיך, אַמאָל אפֿילו די גאַנצע „פּעידע“. וואָס־זשע טוט מען? קומט מען אַריין צום אָנקל ווילי און מען זאָגט:

— העי, ווילי, מיין פֿריינט, וויפֿל גיסטו מיר פֿאַר אָט־די שיך?

אָדער:

— העלף אַרויס אַ פֿריינט אין נויט. פֿאַרטרונקען אַלץ און כ׳האָב ניט מיט וואָס אַהיימצוקומען. קויף ביי מיר אָפּ מיין אָנצוג און גיב מיר דערפֿאַר אַן אַנדערן.

דער אָנקל האָט גערעדט און זיך באַרימט. מאָטעק איז געשטאַנען און געשטוינט. זיין ערשטער געדאַנק איז געווען, אַז דאָס איז דער אַמעריקאַנער באַלוט. נאָר אין אַמעריקע זאָל זיך אַזעלכעס טרעפֿן? ער האָט זיך פֿאַרגעשטעלט, אַז די אַמעריקאַנער זיינען אַרבעטזאַם און קלוג. וואָס הייסט, איינער לאָזט זיך אַריין אין טרינקען, ווי אַ רוסישער קאַצאַפּ, אָדער ווי אַ פּוילישער זשלאָב? און דאָס הייסט ביים אָנקל אַ סטאָר? וואַרטן ביז יענער האָט פֿאַרטרונקען דאָס געלט און דאַן פֿאַרשאַכערן אים אַ שמאַטע און אים געבן אַ פּאָר גראָשן, — וואַרטן אויף נאָך אַ שיכור?

דער אָנקל האָט דערפֿילט, אַז מאָטעק האָט זיינע רייד ניט אויפֿגענומען אין זייער גאַנצער ווichטיקייט. האָט ער אים געגעבן נאָך מערער צו פֿאַרשטיין.

— מיין ניט, אַז מיר האָבן צו טאָן בלויז מיט שיכורים און באָמס. עס

זיינען פאַראַן אַ סך שווערע אַרבעטער וואָס פאַרדינען ווינציק און קאָנען זיך ניט דערלויבן צו קויפן נייע קליידער, אָדער נייע שיך, אָדער אפילו אַ ניי העמד און אַ שניפּס. קומט מען אַהער אויף דער פעיר סטריט און מען קליידט זיך אויס. פאַרן אָרעמאַן איז דאָס טאַקע זייער אַ גוטע זאַך. אַמאָל קויפט מען דאָ איין גרויסע מציאות, אויב מען טרעפט אָן אויף עפּעס רעכטס. איין זאַך קאָן איך דיר פאַרזיכערן, מאָט, אַז מען מאַכט דאָ אַ גרינגערן דאָ־לער, ווי אין אַ סך גרויסע סטאָרס פון נייע זאַכן, וואו מען דאַרף קאָנקורירן און האָבן צו טאָן מיט סטאַילס, וואָס ענדערן זיך יעדן סעזאָן. מיר דאָ ווייסן ניט פון קיין קאָנקורענץ און פון קיין סטאַילס. אַביסל צו לאַנג, אַביסל צו קורץ — אַלץ גייט. מען דינגט זיך, מען שפּייט אין האַנט און מען גייט אַריין אין סאַלון און מען צעגייט זיך ווי גוטע פריינט. וועסט זען ווי דאָס אַרבעט. וועסט זיין ביי מיר אַ פּאָר טעג. אויב עס וועט דיר געפעלן ווערן, וועסטו זיך איינברעכן אין די ביזנעס. דערווייל, אַז עס זאָל דיר ניט נמאס ווערן צו זיצן ליידיק, וועל איך דיר געבן אַ בערשטל און דו וועסט אָפּשטויבן די סוטס, וואָס הענגען אויף דער רעכטער זייט און דאַן וועסטו מיט אַ שמאַטע אָרומ־ווישן די סעטשלס און די שיך. אַז די טאַנטע וועט קומען און זען וואָס דו האָסט געטאָן, וועט זי זיין זייער צופרידן. ווייז איר, אַז דו ביסט געקומען אין אַמעריקע זיך אַרויפאַרבעטן. אָט אַזוי הויבן אַלע אָן. דו ווייסט ווי אַזוי איך האָב אָנגעהויבן? . . . וואַרט, עס גייט אַ קונה, איך דערקען שוין אין זיין גאַנג, אַז ער וועט אַריינפאַלן צו מיר.

— העלאָ, העלאָ! אויב דאָס איז ניט מיין אַלטער גוטער חבר מעק דזשימיני? — האָט דער אָנקל זיך אַרומגעכאַפּט מיט אַן אויסגעצויגענעם יונגערמאַן, וועמענס אויגן זיינען געווען פאַרוואָלקנט און וואָס האָט זיך גע־וואַקלט ביים אַריינקומען.

— איך זאָג, ווילי, וואו איז דיין ווייב. זי האָט מיך ניט גוט באַהאַנדלט לעצטן מאָל. יעזוס קריסטוס, זי איז אַ גוטע פרוי, אַ גוטע ביזנעס פרוי און מסתם אַ גוטע הויז־פרוי. הלוואַי וואָלט איך געהאַט אַזאַ ווייב. איך זאָג, ווילי, וואָס וועסטו זאָגן נייעס? האַ, וויפל איז מיין וועלור־הוט ווערט פאַר דיר? האַ, וועסט מיר מסתם פאַרשלאָגן פופציק סענט. דו הינטישער זון, דו בלוט־זויגער! מיין גוטער פריינט און חבר ווילי קעלי. וואָס מאַכסטו עפּעס גוטס? ווילסט אַ טרונק? קום אַריין, ווילי. לאָז איבער דעם רויט־קאָפּ דאָ. ווער איז ער? דיין זון? דיין אַרויסהעלפער? הלוואַי וואָלט איך געהאַט אַזאַ זון. ער געפעלט מיר. וואָס איז דיין נאָמען, זון? . . . וואָס, ער פאַרשטייט ניט וואָס איך רעד צו אים? דאָס איז דיין נעפיו, וועגן וועלכן דו האָסט מיר אַמאָל דערציילט? נו, דאָס מיינט, אַז מען דאַרף פייערן די געשעעניש מיט אַ טרונק

וויסקי. ניט מיט קיין ביר, אָדער סאַידער, נאָר מיט אמתער וויסקי. קום אַריין, ווילי.

איז דער אָנקל אַריין מיטן שכור אין דערבייאיקער שענק און מאַטעק איז געבליבן אַליין אין קראָם. ער האָט זיך אַרומגעקוקט. דער אָנקל האָט אים דאָך געגעבן אַן אַרבעט. ער דאַרף זיך אַרויפשטעלן אויפן לייטער און אָנהויבן אָפּשטויבן די אַלטע רעק, אויבן, ביים באַלקן.

.2

עס זיינען אַוועק אַ פּאָר וואָכן. מאַטעק איז יעדן טאָג געקומען אין אָנקלס סטאָר אַרבעטן. געפירט האָט זיך אַזוי: דער אָנקל האָט געעפנט די קראָם און אין אַ פּאָר שעה אַרום איז די טאַנטע געקומען און דער אָנקל איז אַוועקגעגאַנגען איינקויפן סחורה. וואו האָט ער געקראָגן די אַלטע וואַרע? ער האָט אַריינגעשטעלט אַן אַנאָנס אין דער צייטונג, אַז ער קויפט אָפּ גענוצטע פּאַלטנס, אַנצוגן, שיך, העמדער, וועש, רעגנצלעך. דער טעלעפאָן האָט געקלונגען און מען האָט אים געהייסן צוקומען אין אַ הויז, אָדער ער האָט דערהאַלטן אַ קאַרטל: איך האָב אַ פּעקל זאַכן, קום און נעם עס צו. דער אָנקל האָט לויטן אַדרעס געוואוסט, ווי אַזוי זיך אויסצופּוצן.

— איך מוז זיך פּריער ראַזירן, מאַטעק. איך האָב אַ בריוו פון אַ פּענסי גאַס. אַז מען קומט אַריין צו אַ רייכער לעידי אַן אויסגעפּוצטער און מען איז אַ דזשענטלמאַן און מען זאָגט צו איר: „יעס, מעם", און „פּליז" און „אַי בעג יור פּאַרדאָן" און נאָך אַזעלכע ווערטער, וואָס ווייזן, אַז דו ביסט אַ דזשענטלמאַן, — דאַן שטעלט זי זיך ניט דינגען מיט דיר, נאָר זי נעמט וויפל דו שלאָגסט איר פּאָר. פּאַרשטייסט, אַזוי מאַכט מען ביזנעס אין אַמעריקע.

די טאַנטע דזשעני איז געוואָרן גאָר אַן אַנדער מענטש, ווען זי איז אָנגעקומען אין סטאָר. אין דער היים איז זי געווען ווייך, מוטערלעך, צאַרט און אַ ציכטיקע באַלעבאָסטע. זי האָט געצערטלט יעדעס שטיקל מעבל פון שטוב. זי האָט קיין הויך וואָרט ניט אַרויסגערעדט. מען האָט געקאָנט מיינען, אַז איר גאַנץ לעבן איז אָפּהענגיק אין אירע הויז־אינטערעסן.

די מינוט, וואָס זי איז אַריין אין סטאָר האָט איר פּנים אָנגענומען אַ שטרענגען אויסזען. ערשטנס, איז זי געקומען מאָדנע אָנגעטאָן. אין הויז זיינען אירע קליידער געווען לויז, די אַרבל קורץ און ברייט, די בלוזע אָפן, די שוואַרצע האָר צעפּאַטלט־יוגנטלעך. אין סטאָר איז זי אָנגעקומען שטייף האַלדז. מערסטנס האָט זי געטראָגן אַ מענערישן אַנצוג: די שיך — הויך, אין אויסזען און אין קליידונג. דאָס קלייד מיט אַ קעלנערל ביז איבערן

די האָר — פאַרקעמט אַרויף, ווי הערנער. די הויפּט־זאַך אָבער איז געווען איר קול. מאַטעקן האָט זיך אויסגעוויזן, אַז דאָס איז ניט זי, נאָר גאָר אַן אַנדער מענטש. אַלץ אין איז געווען באַפעלעריש און פאַרדעכטיק.

— זעסט, מאַטעק, דעם קערל, וואָס דרייט זיך אַרום אויפן טראָטואַר? ער ציטערט פאַר מיר, ווי פאַר פייער. איך האָב אים איינמאָל געוואָלט לאָזן אַרעסטירן. ער איז אַריינגעקומען און געמיינט, אַז ווען ווילי איז ניטאָ, וועט ער זיך קאָנען דערלויבן צו ווערן „נאַש בראַט" מיט מיר. האָב איך אים געוואָרנט, אַז ער זאָל זיך אָפּטראָגן, האָט ער געלאַכט פון מיר, האָב איך אַן עפן געטאָן די טיר און געגעבן אַ צייכן צום פּאָליסמאַן, וואָס שטייט שטענדיק אויפן קאָרנער און ער האָט דעם בחור אַרעסטירט. איך האָב אים בלויז אָפּגעסטראַשעט, נאָר אַלע ווייסן שוין אויף פעיר סטריט, אַז מיט דזשענין הויבט מען זיך ניט אָן.

שעהן לאַנג איז מאַטעקן אויסגעקומען צו בלייבן מיט דער טאַנטע אין קראָם אַליין, ווען קיין קונה האָט זיך ניט געוויזן. דער אָנקל איז ניט געווען. די טאַנטע האָט דאַן גענומען אויספרעגן מאַטעקן וועגן זיינע אָנקלס און טאַנטעס, וועגן ווילס ברידער און שוועסטער. און פון אַלע פראַגעס און ענטפערס האָט דזשעני געהאַט איין אויספיר: זי האָט פון ווילין געמאַכט אַ לייט. זי האָט אים גאָר שטאַרק ליב און עס אַרט איר ניט, אויב ער האָט זי ניט ליב. טיילמאָל ווייזט זיך איר אויס, אַז ער האָט זי ניט ליב. טיילמאָל ווייזט זיך איר אויס, אַז ער האָט זי פיינט, נאָר עס אַרט איר ניט, דערפאַר וואָס זי האָט אים ליב, מיט אַלע זיינע חסרונות און זי פאַרגיט אים אַלץ.

— ער מיינט, איך ווייס ניט אַז ער פאַרברענגט ניט גאַנצע טעג צוליב ביזנעס? אין אַ שעה צייט פאַרטיקט ער זיך אָפּ מיט אַלץ. וואָס טוט ער די איבעריקע צייט? פאַרוואָס דאַרף איך ליגן אין דער פינצטערער קראָם גאַנצע טעג און ניט קאָנען זיין קיין מאַמע צו אונדזערע קינדער? ווען איך גיי אַוועק אין דער פרי און איך קוש אָן די קינדער, פיל איך ווי אַ שטיק פלייש וואָלט פון מיר אָפּגעריסן געוואָרן, איבערלאָזנדיק זיי. איך ווייס, אַז ווילי שפילט גאַנצע טעג אין קאָרטן, אַז ער פאַרשפּילט אַ סך געלט. איך ווייס, אַז ער האָט זיך אַריינגעלאָזט אין ריעל עסטייט ספּעקולאַציעס און ווער ווייסט וויפל געלט ער פאַרלירט, דערפאַר וואָס ער איז אַ לייכטער לונג־און־לעבער. ווען ניט איך, מיינסטו, וואָלטן מיר געהאַט די סטאָר, אָדער אונדזער אייגן הויז, אָדער אַ שיינע פאָר דאָלער אַוועקגעלייגט אין באַנק? דאָס איז אַלץ מיין קעפּל. איך האָב עס געדאַרפט, ווי מיט נעגל, אַרויסרייסן פון אים. נאָר עס אַרט מיך ניט. איך האָב אים ליב מער ווי אַלץ אין דער וועלט... מאַטעק, דו זעסט דאָך וואָס אַמעריקע איז. ס'איז ביזנעס איבער אַלץ. ווען

דו וועסט זיך אויסגרינען, וועסט גיין אין נאַיט סקול זיך אויסלערנען די ענגלישע שפּראַך, וועסטו אפשר פאָרשלאָגן דעם אַנקל, אַז ער זאָל דיך אַריינ־נעמען אין די ביזנעס. אַ היים האָסטו דאָך ביי אונדז, אויף אַלע יידישע קינ־דער געזאָגט געוואָרן. קיין זאַך וועט דיר ניט פעלן. דער אַנקל וועט דיר געבן אַ פּאָר דאָלער אַ וואָך אין קעשענע און שפּעטער וועט ער דיר געבן וועכנטלעכע ווערדזשעס און אַז דו וועסט וועלן אַריבערברענגען דיינע שוועס־טער, וועט ער דיר דאָך אויך העלפן. פאַר מיר וועט דיין זיין אין סטאָר, זיין גאָר אַ גרויסע הילף. איך ווייס, אַז מען וועט זיך קאָנען אויף דיר פאַרלאָזן. אויף קיין פרעמדן מענטשן טאָר מען זיך אין די ביזנעס ניט פאַרלאָזן. ווען איך בין דאָ, זעסטו דאָך, אַז קיין באָם גייט ניט אַרויס מיט ליידיקן פון מיינע הענט. איך טו אים שוין אָן. איך צי די שיך פון אים אַראָפּ און גיב אים אַ פּאָר לאָפּטשעס, אַבי צו קריגן די פּאָר דאָלער. איך שטיי דאָ ניט אין ביזנעס עמיצן אַ טובה צו טאָן. עס איז ניט מיין שולד וואָס יענער האָט פאַרטרונקען זיין לעצטן סענט. ער קומט אַריין מיר עפּעס פאַרקויפן, אָדער קויפן, דאַרף איך, ווי אַ גוטער געשעפטסמאַן, פאַרדינען וויפל איך קאָן נאָר פון אים אַרויס־קריגן. דאָס איז ביזנעס. ניטאָ קיין רחמנות, ניטאָ קיין פריינטשאַפט, ניטאָ קיין גוטסקייט. גאָט צו דאַנקען, מיין וועג איז אַ ריכטיקער וועג. ביז איצט האָט נאָך קיינער מיך ניט איבערצייגט, אַז איך בין ניט גערעכט. דו זעסט ווי אָנגעצויגן איך ווער, ווען איך קום אַריין אין סטאָר? עס נעמט ביי מיר די קישקעס אַרויס, נאָר איך מוז עס טאָן. איך וויל ווייזן ווילין, אַז ווען איך בין דאָ, מאַך איך מער ביזנעס פון אים. איך וויל אים באַווייזן, אַז קיין זאַך איז פאַר מיר ניט צו שווער.

אַ, די טאַנטע דזשעני האָט געקאָנט גאָר אַ סך רעדן. און שטענדיק האָט זי גערעדט וועגן דער זעלבער זאַך: וועגן איר ליבע פאַר ווילין און וועגן איר דערפאָלג אין ביזנעס.

מאָטעק איז די ערשטע צייט וואָס ער איז געווען אין אַמעריקע, געווען אַזוי צעטומלט פון זיינע איינדרוקן פון אַנקל און טאַנטע און פון די טיפּן, וואָס ער האָט באַגעגנט אויף פעיר סטריט, אַז אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז ער איז אַריינגעפאַלן ניט אין ריכטיקן לאַנד. דאָס איז ניט אַמעריקע. וואו איז די אַמעריקע פון לינקאָלן און פרענקלין? וואו איז די אַמעריקע וועגן וועלכער ער האָט געלייענט און געלערנט?

און ווען ער האָט געדאַרפט אַהיים שרייבן, האָט ער אין קיין פאַל ניט געקאָנט צוזאַמענעמען זיינע געדאַנקען און איבערגעבן זיינע איינדרוקן. ערשטנס, האָט ער ניט געוואָלט אַרויסשרייבן, דאָס וואָס ער האָט געפילט; צווייטנס, האָט ער ניט געקאָנט ליגן זאָגן. געפילט האָט ער, ווי צו שרייבן

צום אָנקל גוסטאַוו, אַז ער איז טאַקע געווען געדערכט מיט זיינע מיינונגען וועגן אָנקל וועלוול. ער האָט געוואָלט שרייבן צו גאָלדען, אַז זי זאָל וואָס שנעלער קומען קיין אַמעריקע, אין ניו־יאָרק, צו איר ברודער, דערפאַר וואָס דאָ, אויף דער פּראָווינץ איז ניט אַמעריקע. און ער, מאָטעק, וועט דאַן קומען צו פאָרן צו שימעקן און וואוינען מיט זיי.

נאָר גיי שרייב די אַלע זאַכן. אַ נאָר וועט ער זיין און דערציילן, אַז ווילי און די טאַנטע דזשעני מיינען, אַז זיי באַגליקן אים, וואָס זיי לאָזן אים שטיין אין סטאָר מיט די שכורים און באָמס. ווען דער אָנקל און די טאַנטע וואָלטן געוואוסט, וואָס ער טראַכט וועגן זיי, וואָלטן זיי אים אינמיטן נאַכט אַרויס־געוואָרפן פון הויז. ס׳איז גוט וואָס זיי ווייסן ניט, אַז ער האָט באַלאַנגט צום „קליינעם בונד" און אַז אויב מען וועט דאַרפן מאַכן אַ רעוואָלוציע אין אַמע־ריקע, וועט ער אויך ניט אָפּשטיין.

נייך, ער איז ניט געקומען קיין אַמעריקע זיין אַ האַנדלאַרזש. קוקנדיק אויפן אָנקל ווילי האָט מאָטעק באַקומען דרך־ארץ פאַר די האַנדלאַרזשעס אויף די לאָדזשער הויפן.

וואָס מער די טאַנטע האָט גערעדט, זאָלץ מער האָט מאָטעק אָנגעהויבן שוויגן. וואָס מער דער אָנקל האָט זיך געקליבן אויסגרינען מאָטעקן, אַלץ מער האָט זיך דער אָנקל פאַרשוואַרצט אין זיינע אויגן.

קאַפּיטל דריי

# אַנקל ווילי

.1

עס איז געוואָרן אַ האַלב יאָר זינט מאָטעק איז געווען אין אַמעריקע. ביי אים האָט עס ניט געהייסן, אַז ער איז אין אַמעריקע, נאָר אַ האַלב יאָר, זינט ער איז געווען ביים אַנקל. אַמעריקע, האָט מאָטעק באַשלאָסן, איז גאָר עפּעס אַנדערש. ער דאַרף נאָר צו זיך קומען און דאַן וועט ער ערשט זיין אין אַמעריקע.

אויך דער אַנקל און די טאַנטע זיינען, ווייזט אויס, געווען אַביסל אַנטוישט אין מאָטעקן. ניט וואָס ער האָט זיי דערוווידערט, נאָר מאָטעק, האָט דער אַנקל איינמאָל זיך אַרויסגעזאָגט, ווייזט ניט אַרויס דעם אונטערנעמונגגייסט, וואָס ער, דער אַנקל, האָט אַרויסגעוויזן די ערשטע צייט פון זיין קומען קיין אַמעריקע. למשל, מאָטעק טוט וואָס מען הייסט אים אין קראָם. קומט צוגיין יעדן טאָג, קערט אויס, שטויבט אַרום, נאָר ער רייסט זיך ניט צו די ביזנעס. אמת, ער קען ניט די שפּראַך. נאָר קומען דען צום אַנקל אַריין בלויז ענגלישלייט? פאַרקערט. מאָטעק דערפרייט זיך, ווען עס קומט אַריין אַ פּאָליאַק, אַ דייטש, אָדער אַ רוס. דערהערט ער נאָר, אַז זיי רעדן אויף אַ היימישער שפּראַך, ווערט ער גלייך פּאַניע־בראַט מיט זיי און ער ווערט גאָר אַן אַנדער מענטש. נאָר זיי אַ געשעפטסמאַן און זאָג צום לאַנדסמאַן דיינעם, צום פּוילשן „פּשאַקרעוו": „העי, פּאַניע, דו דאַרפסט נויטיק האָבן אַן אַנצוגל", אָדער: „איך האָב פאַר דיר אַ באַרגען אַזעלכעס און אַזוינס", — דאָס ניט. וועגן וואָס רעדט מאָטעק מיט זיי? עס איז זיינע ביזנעס אויסצוגעפינען, וואו זיי אַרבעטן, ביי וואָס זיי אַרבעטן, וויפל זיי פאַרדינען און צי זיי באַלאַנגען צו אַ יוניאָן. אָט דאָס ליגט אים אין קאָפּ.

פאַלגט מאָטעק דעם אַנקל און ווענדט זיך צום לאַנדסמאַן פון פּוילן מיט אַ פראַגע, צי ער דאַרף האָבן אַ רענצל, לאַכט דער אַנקל ס'גרויסע געלעכטער.

— אָי, מאָט, מאָט! איך האָב מורא, אַז דו ביסט ניט קיין קאַלינסקי.

ניט אַזוי פירט מען ביזנעס. מען פרעגט אים ניט, נאָר מען פאַרקויפט עס אים.

נאָך ערגער האָט מאָטעק אָפּגעשניטן מיט דער טאַנטע. זי האָט איר אַנטוישונג מיט אים אַרויסגעוויזן אויף טריט און שריט.

— איך זאָג דיר, מאָטעק, אַז דו פאַרלירסט אַ גאָלדענע געלעגנהייט זיך אַרויפצואַרבעטן אין ביזנעס ביי אונדז. דו ביזט נאָך אַזוי יונג און איצט איז די צייט צו אַרבעטן שווער. דיין אָנקל, ווען איך האָב מיט אים זיך באַקענט, האָט געטראָגן אַ שווערן פּאַק אויף די פּלייצעס. ער איז געגאַנגען פון טיר צו טיר און פאַרקויפט זאַכן. ער האָט דאָ קיינעם ניט געהאַט אין לאַנד אַזוי ווי דו. ער האָט ניט געהאַט קיין וואַרעמע היים אַזוי ווי דו. ביזט אַריין מיטן רעכטן פוס אין אַמעריקע. איך האָב מורא, אַז דו שאַצסט עס ניט ווי גע־העריק אָפּ.

האָט מאָטעק ניט געוואוסט וואָס צו טאָן. ער האָט געאַרבעט ביים אָנקל אין קראָם. געראַמט, געהיט, געגאַנגען אַ גאַנג, געטראָגן פּעק. דערפאַר האָט ער בלויז געקראָגן זיין היים און עסן. קיין צוקונפט איז דאָס פאַר אים ניט געווען. פאַרנעמען דער טאַנטעס פּלאַץ אין קראָם האָט ער ניט אינזינען געהאַט. עס האָט געמוזט קומען צו אַ שלום.

וואָס האָט מאָטעק געוואָלט? ערשטנס, האָט ער געוואָלט זיך לערנען אין דער אָוונט־שול ענגליש און אַנדערע זאַכן; צווייטנס, האָט ער געוואָלט גיין אַרבעטן ווי אַ געהילף ביי אַן עלעקטראָ־טעכניקער; דריטנס, האָט ער געוואָלט אָנהויבן פאַרדינען געלט און אָפּשפּאָרן כדי צו קאָנען עפּעס אַהיימ־שיקן צו די שוועסטער; פערטנס, האָט ער געוואָלט פאַרלאָזן די שטאָט און זיך באַזעצן אין ניו־יאָרק, וואו עס האָט שוין געוואוינט שימעקס ברודער און וואו די יאַקובאָוויטש משפחה האָט זיך געקליבן באַזעצן.

די ניט־זיכערקייט מיט זיך האָט מאָטעקן צערודערט. די אומצופרידנ־קייט מיט זיך האָט אים אַנטמוטיקט עפּעס צו וואַגן. דאָך איז געקומען דער מאָמענט פון אַנטשלאָסנקייט. דער אָנקל ווילי האָט געמאַכט אַ סוף צום שטילשטאַנד.

— זאָג מיר נאָר, מאָט, ווי איך זע, ביזטו ניט איבעריק צופרידן צו שטיין ביי מיר אין סטאָר. וואָס האָסטו געמיינט: וועסט קומען אין אַמעריקע און ווערן אַ פּראָפעסאָר? איך האָב גאָרנישט קעגן דעם, אַז דו זאָלסט אָנ־הויבן גיין אין „נאַיט סקול". הלוואי וואָלט איך געהאַט די מעגלעכקייט דאָס צו טאָן, ווען איך בין אָנגעקומען אין לאַנד. דאַן איז עס מיר אין קאָפּ ניט געלעגן. נאָך אַ טאָג אַרומגיין מיטן פּאַק אויף די פּלייצעס בין איך געווען צופרידן וואָס איך האָב געהאַט דעם קאָפּ וואו אָנצושפּאַרן און אַנטשלאָפן

ווערן. וויפל איך קען, האָב איך זיך אַליין אויסגעלערנט און די טאַנטע האָט מיר אַרויסגעהאָלפן . . . קיינער שטערט דיר ניט צו גיין אין „נאַיט סקול״. די זאַך איז אָבער, וואָס דו ביזט שוין דאָ אַ האַלב יאָר אין לאַנד און דו ווייסט נאָך אַליין ניט וואָס דו ווילסט טאָן. איך זע, אַז דו ווילסט ניט אָנטיילנעמען אין מיינע ביזנעס. וואָס איז אמת, איז אמת. געטראַכט האָב איך, אַז דו וועסט מיט דער צייט פאַרנעמען דער טאַנטעס פּלאַץ, אָדער מיין פּלאַץ אין סטאָר. ס׳איז ניט קיין שווערער דאָלער. אויב מיר שטייט דאָס אָן צו טאָן, מעג דיר אויך אָנשטיין. זאָלסט וויסן איין זאַך, מאָט — מען שטייט ניט און מען וואַרט אויף דיר אין אַמעריקע. די צייט איז ניט קיין גוטע. עס דרייען זיך אַרום ווער וויס וויפל אַרבעטלאָזע. אויב דיר קאָן זיך אויסווייזן, אַז דו קאָנסט קריגן אַ דזשאָב ביי אַן עלעקטרישן, דאָן שטיי־אויף מאָרגן פרי און נעם די צייטונג און גיי וואו מען זוכט אַרבעטער פון דיין פאַך. איך וועט זיך מיט דיר, אַז דו וועסט דאָרט טרעפן צענדליקער גוטע מעכאַניקער וואָס וועלן זיין וויליק צו אַרבעטן פאַר אַ לוין פון אָנפאַנגער. פאַרוואָס־זשע זאָל מען דיך נעמען, דיך, אַ גרינעם, וואָס קאָן ניט די שפּראַך און וואָס האָט נאָך ביי דעם פאַך ניט געאַרבעט, אַז ער קאָן קריגן אַן ערשט־קלאַסיקן באַלמעלאָכע? אין יוראָפּ ווייסט מען דען וואָס עלעקטריק איז? ס׳איז דאָך אַן אַמעריקאַנער דערפינדונג. דאָס וואָס דו האָסט זיך געלערנט אין דער שול, איז מסתם גאָרניט ווערט אין אַמעריקע. איז איינס אַוועק. פאַרגעס אין דיין עלעקטראָ, ווי מען רופט דאָס דאָרט.

— אָבער, אָנקל, איך —

— וואַרט, לאָז מיך אויסרעדן, מאָט. איך קאָן לייענען דיינע געדאַנקען, ווי איך קאָן דערקענען, צי דער באָם וועט מיר געבן צו לייזן אָדער ניט. איך האָב גוט באַמערקט ווי דיר איז ניט אָנגעשטאַנען צו זיין אין סטאָר, ווען איך האָב געדאַרפט אָננעמען אַ באָס ביים קאַרק און אים אַרויסוואַרפן, אָדער ווען איך האָב ניט געוואָלט אַריינלאָזן אין סטאָר אַ ניגער. ווען דו וועסט זיין לענגער אין אַמעריקע, וועסטו אויסגעפינען אַז די פיינסטע מענטשן אין לאַנד ווילן גאָרניט האָבן צו טאָן מיט די שוואַרצע. עס איז גענוג פאַר מיר, אַז איך דאַרף אַראָפּציען די שיך פון אַ שיכורן פּאָלאַק . . . זאָל איך נאָך שטיין אויף די קני פאַר אַ שיכורן ניגער?

— אָבער אָנקל ווילי, אַ מענטש איז אַ מענטש, עס מאַכט ניט אויס וואָס פאַר אַ הויט ער האָט. דער אַמעריקאַנער פּרעזידענט לינקאָלן —

— דערצייל מיר ניט קיין באָבע מעשות, מאָט. דאָס וואָס דו האָסט געלייענט אין דיינע ביכלעך, איז ניט ווערט אַ שמעק טאַבאַק. איך וועל דיך מיטנעמען אין פלעצער פון עכטע אַמעריקאַנער, וואָס זייערע עלטערן זיינען

דאָ געבאָרן געוואָרן, וועסטו זען ווי זיי ווייכן פון ניגער. אויב זיי, די יענקיס, שטייט ניט אָן צו האָבן עפּעס צו טאָן מיט שוואַרצע, שטייט מיר אויך ניט אָן. איך וויל זיך אָפּלערנען פון זיי . . . עס מאַכט אַ בעסערן איינדרוק. אָט באַלאַנג איך צו די „אָד פעלאָוס“. מיר נעמען ניט אַריין קיין ניגערס פאַר קיין געלט . . . נו, לאָמיר דיר עפּעס זאָגן, מאָט, און זאָלסט געדענקען, אַז אָנקל ווילי האָט עס דיר געזאָגט אין אַ פּריוויט פאַרמיטאָג, אין זיין סטאָר: האָסט זיך אין לאָדזש אָנגעשמעקט מיט „סאָשעליזם“ און מיט ביכלעך. דאָס האָט דיר דאָס קעפּל דיינס פאַרדרייט; מיינסטו, אַז דזשאַבס וואַקסן ווי עפּל אויף בוימער; מען גייט צו און מען נעמט זיי אַראָפּ. מיינסט אויך, אַז מען דאַרף צוגיין צו אַ מענטשן און זאָגן: „פּראָשע פּאַנאַ“. ביזט, זאָלסט מיר מוחל זיין פאַר די רייד, אַ גרויסער כניאָק. אין אַמעריקע, זאָלסטו וויסן, יאָגט מען זיך נאָך אַ דזשאַב, נאָך פּרנסה, הייסט עס, ווי הונגעריקע הינט יאָגן זיך נאָך אַ גרויסן ביין. ווער עס איז שטאַרקער און פלינקער, דער כאַפּט אים אויס פריער. די אַנדערע בלייבן שטיין מיט אַראָפּגעלאָזטע עקן. דו ווילסט ניט זיין ביי מיר אין סטאָר, עס שטייט דיר ניט אָן האָבן צו טאָן מיט באָמס און שיכורים, אָדער אָפּט מיינסטו אַז מען באַהאַנדלט זיי ניט גענוג איידל. נו, וויל איך דיר זאָגן, אַז אויב דו מיינסט אַז אַ פאָרמאַן וועט דיך באַהאַנדלען בעסער אין אַ פאַבריק, ווי איך באַהאַנדל די קאָסטאָמערס מיינע, מאַכסטו אַ גרויסן טעות. אדרבא, גיי און געפין אַ דזשאַב אין אַ פאַבריק, וועסטו זען ווי דו וועסט קומען צוריק צו לויפן צו מיר און זאָגן, אַז איך בין גערעכט געווען. פאַרוואָס מיינסטו קומען פאַר אַזוי פיל סטרייקס? די ציימונגען זיינען פול מיט סטרייקס. יאָ, דו דאַרפסט וויסן, וואָס אַ סטרייק איז. אין לאָדזש, האָב איך געלייענט, זיינען דאָך פאָרגעקומען אַזוי פיל פּאָגראָמען אויף די סטרייקערס. דאָ וועט מען דיך ניט דערשיסן פאַר סטרייקן. דו קאָנסט אַרומגיין און פּיקעטן ווי לאַנג דו ווילסט. איך ווייס פון סטרייקערס וואָס פּיקעטן שוין באַלד אַ האַלב יאָר. נו, וואָס קומט זיי אַרויס דערפון? זיי פּעכנען פאַר הונגער. און וואָס מאַכט אַן אַרבעטער אין אַ פּעקטאָרי? דו זעסט דאָך, ווי זיי קומען צו מיר קויפן אַ געניצטן סוט, דערפאַר וואָס זיי פאַרדינען ניט גענוג זיך צו קאָנען קויפן נייע זאַכן.

— ביים אָנקל קומט אויס, אַז פאַר מיר איז ניטאָ קיין אויסוועג —

— וואַרט, איך האָב נאָך ניט געענדיקט. איצט קום איך צום אויסוועג. הער זיך איין מיט קאָפּ. ס'איז דאָ איין אויסוועג פאַר דיר, מאָט. דו ביזט מיין שוועסטערס זון און איך רעד צו דיר ווי צו מיין אייגן קינד, אַזוי זאָל מיר גאָט העלפן. דו ווילסט זיך אַרויפאַרבעטן אין אַמעריקע, דו ווילסט אַריבערברענגען דיינע פיר שוועסטער, דו ווילסט ווערן זייער פאַרזאָרגער . . .

אין אַ פּאָר יאָר אַרום, ווען דו וועסט האָבן פאַר זיך אַ צוקונפט, וועסטו טראַכטן וועגן אַ שידוך. אַ שידוך טאָן דאַרף מען אויך מיט געלט. דו קאָנסט ניט טראַכטן וועגן חתונה האָבן, ניט האָבנדיק קיין געלט פאַר אַ היים און פאַר מעבל און קליידער. אַלץ איז געלט אין אַמעריקע. ווילסט ניט זיין ביי מיר אין סטאָר, האָב איך גאַרניט צו דיר. אַמעריקע איז אַ פריי לאַנד. יעדער איינער טוט ווי ס'איז בעסער פאַר אים. נאָר דו דאַרפסט אָנהויבן מיטן ריכטיקן פוס. גליטש זיך ניט אויס, נאָך איידער דו שטעלסט זיך אויף די פיס. ווילסט מיך פאָלגן? טו אַזוי. איך וועל דיר אַראָפּנעמען אַ סעטשל, אָדער קלייב דיר אַליין אויס אַ שיינעם סעטשל, און מיר וועלן אים אָנפילן מיט פאַרשיידענע זאַכן — קעמעלעך, בערשטלעך, שו־וואַקס, טינט, שטיקלעך זייף, זאָקן און ענלעכע לייכטע זאַכן, אין וועלכע מען מאַכט אַ פּאָר סענט. איך וועל דיך אַרויפזעצן אויף אַ סטריט קאַר, וואָס גייט אין אַ וויטן געגנט, אין אַ דייטשן געגנט, וואו עס וואוינען מער פאַרמעגלעכע מענטשן. דו וועסט גיין פון טיר צו טיר, וועסט דאַרפן אָנקלאַפּן, אַמאָל אָנקלינגען און דו וועסט רעדן דייטש. הערסט, זאָלסט רעדן דייטש און זאָגן, אַז דו ווילסט זיי עפּעס פאַרקויפן — אַ קעמל, אַ שפּיגעלע — דו ביזט אַ חודש צייט אין לאַנד, דו ווילסט עפּעס פאַרדינען. דערוואַרט ניט, מאַטעק, אַז מען זאָל דיך אויפנעמען מיט אָפענע אָרעמס. נאָר וועסט זען, אַז מען וועט דיך גוט באַהאַנדלען. איך קאָן די געגנט. די פרויען וועלן אַ קוק טאָן אויף דיין שיינעם קאָפּ גאָלדענע האָר און אויף דיין ערלעך פּנים מיט די רויטע באַקן, וועלן זיי שוין אַליין דערקענען, אַז דו ביזט אַ גרינער און זיי וועלן דיר ניט אָפּזאָגן. וועסט אַהיים קומען מיט אַ ליידיקן סעטשל און דו וועסט האָבן פאַרדינט דיינע דריי־פיר דאָלער און דו וועסט זיין דיין אייגענער באַלעבאָס. קיינער קאָן דיר קיין דעה ניט זאָגן . . . גוט, צומאָרגנס שטייסטו אויף און פילסט דיר אָן דיין סעטשל און איך וועל דיר געבן אַן אַנדער געגנט. וועסט אַזוי אָנגיין אַ פּאָר וואָכן און דאַן וועסטו זיך בעמען צו עפּעס גרעסערס און עס וועט דיר ניט באַנג טאָן. מיט דער צייט וועסטו זיך אַליין עפענען אַ סטאָרקע. ווילסט ניט קיין „סעקאָנד הענד סטאָר”, ווילסט ניט קאָנקורירן מיט דיין אייגענעם אָנקל, אַלראַיט, עפן דיר אַ סטאָר פון ווייבערישע אונטערוועש, פון מענערשע גאַטקעס, פון קינדערשע מאַיטקעס, אַבי אַ סטאָר, אַבי ניט אָנקומען צו יענעם.

און נאָך איידער מאַטעק האָט געקאָנט עפענען זיין מויל צו ענטפערן דעם אָנקל, האָט ווילי אַרונטערגענומען פון דער אויבערשטער פּאָליצע אַ בייכיקן שוואַרצן טשעמאָדאַן און ער האָט פאַרשלאָסן זיין קראָם און איז מיט מאַטעקן אַוועק אין אַ דערבייאיקער גרויסער קראָם, וואו ער האָט איינגעקויפט סחורה פאַר מאַטעקס טשעמאָדאַן. דער סוחר האָט מאַטעקן געוואונטשן דערפאָלג,

געדריקט אים די האַנט. דער אַנקל אַליין האָט געזאָגט:

— זאָל זיין מיט מזל. „יו קענ'ט גאָ ראָנג", קאָנסט גאָרניט דערלייגן צום געשעפט. קום איך ניט היינט, קום איך מאָרגן, וועסט געניסן פרישע לופט, וועסט זיך באַקענען מיט פיינע, פעטע „לעידיס" — איך האָב זיך צו זיי אויסגעטויגט, בעליוו מי! — און דו וועסט אַהיימקומען פאַרנאַכט און זאָגן צום אַנקל: „דער אַנקל איז געווען גערעכט". וועסט זען, וועסט מיר דאַנקען. אַלץ וואָס דו וועסט דאַרפן טאָן, איז מיר אָפּצאָלן די פּאָר סענט, וואָס איך האָב פאַר דיר אויסגעלייגט פאַר דער וואָרע. פאַרן צווייטן מאָל, וועסטו שוין קויפן מיט דיין אייגן געלט. איך האָב גאָר פאַרגעסן — איך האַלט דאָך נאָך דיין געלט, וואָס דו האָסט מיטגעבראַכט מיט זיך. מיר'ן זען, אפשר וועלן מיר עס אָפּשיקן צום אַנקל גוסטאַוו. איך דערוואַרט אַ בריוו די טעג.

מאַטעק איז אַרויסגעגאַנגען מיטן שווערן סעטשל — אַן איינגעבויגענער אין גוף און אין גייסט. דער אַנקל איז געגאַנגען ביי דער זייט, אַ פריילעכער און אַ צופרידענער מיט זיך און מיטן אַרום. ווען ער האָט באַגעגנט — און באַקאַנטע האָט ער געהאַט אַן אַ שיעור — האָט ער אָפּגעשטעלט און דערציילט די מעשה מיטן סעטשל און זיך באַרימט און געוואַרט, אַז מען זאָל אים געבן אַ קאָמפּלימענט.

.2

דער אַנקל האָט מאַטעקן אויפגעזעצט אויף אַ סטריט־קאַר און גע־הייסן דעם קאָנדוקטאָר אים אַרונטערלאָזן אויף אַ געוויסער גאַס.

עס איז געווען אין אַ נייער געגנט. פון ביידע זייטן גאַס האָבן זיך ווי פאַרנייגט איינע פאַר דער אַנדערער קליינע צוויי שטאָקיקע הייזלעך, פריש געפאַרבטע און צירלעך־מאַנירלעך אָפּגעהיטע. עס איז געווען שטיל אויף דער גאַס און מען האָט קיינעם ניט געזען. מאַטעק האָט זיך געפילט ווי אַ שול־דיקער, וואָס ער קומט שטערן די געמיטלעכקייט פון די איינוואוינער, וואָס האָבן זיך פאַרקליבן אַזוי ווייט, כדי ניט צו זיין געשטערט פון טומל און פון מענטשן.

ער האָט גערעדט צו זיך אַליין, אַרגומענטירט אַצינד מיטן אַנקל ווילי. אמת, צו שפּעט זיך אַרומגעזען און דער אַנקל איז דאָך דערביי ניט געווען. דאָך האָט ער אַרגומענטירט. — אַנקל ווילי, וואָס הייסט, איך וועל אַנקלינגען אָט אין דעם אויסגעוואַשענעם, אויסגעצוואָגענעם הויז מיט די גרינע לאָדנס און זאָגן: גענעדיקע פראַו, קויפט ביי מיר אַ שאַכטעלע שוואוואַקס?" די פרוי

וועט דאָך קוקן אויף מיר ווי אויף אַ משוגענעם. אויב זי דאַרף שוואוואַקס, ווייסט זי דען ניט וואו דאָס צו קריגן? אמת, קיין קראָמען זענען זיך ניט אין דער אַרומקיער געגנט, נאָר זי וואַרט דאָך ניט ביז איך וועל קומען. דענקט ניט דער אָנקל, אַז פאַר אַ יונגן בחור ווי איך בין, פּאַסט ניט צו גיין בעטלען איבער די הייזער אין אַמעריקע?

און דאַן האָט מאָטעק גערעדט צו זיך אַליין:

— מאָטעק, גיב נאָך דעם אָנקל. ער איז דער איינציקער מענטש וועמען דו קענסט דאָ אין דער שטאָט. ער האָט דיך געבראַכט אין לאַנד, ער מיינט דייך טובה וועגן. אפשר איז ער גערעכט. זיי ניט קיין עקשן. מיין ניט, אַז דו פאַרשטייסט אַלץ בעסער. דו ביסט אַ קיילעכדיקער יתום. אפשר איז טאַקע דער אָנקל גוסטאַוו גערעכט געווען, ווען ער האָט דיך געהייסן בלייבן אין לאָדזש, ביז דו וועסט האָבן אַ פאַך אין האַנט? געדענקסט ווי ער האָט דיך געוואָרנט, אַז דעם אַרבעטער איז שלעכט אין אַמעריקע?

האָט מאָטעק זיך אָנגענומען מיט מוט און באַשלאָסן אַריינצוגיין אין דעם ווייסן הויז מיט די גרינע לאָדנס. ער וועט אָנקלינגען. וואָס קאָן מען אים טאָן דערפאַר?

מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, מיט ניט־זיכערע טריט איז ער צוגעגאַנגען צום גאַניק און אַרויפגעגאַנגען די פּאָר שטיגן, וואָס האָבן געפירט צו דער מיר מיטן גלעקל, נאָר דאָט ער פון אינווייניק פּלוצלינג דערהערט אַ גע־ביל פון אַ הונט. מער האָט ער ניט געדאַרפט, מאָטעק. ער איז גלייך אַרונ־טערגעלאָפן פון די טרעפּלעך און זיך געלאָזט גיין גיך, גיך אַריבער אויף דער צווייטער זייט גאַס.

— מסתם האָט יעדע טיר אַ הונט. איך וועל אין ערגעץ ניט קאָנען אַריינגיין, — האָט ער באַשלאָסן.

האָט ער פריער אָפּגעמאָסטן מיט די אויגן יעדעס הויז און ער איז צום סוף געקומען צום שלוס, אַז ער וועט פּרוּוון אַן אַנדער גאַס.

די צווייטע גאַס איז געווען אינגאַנצן ענלעך אויף דער פריערדיקער. דאָס זעלבע אויסזען פון די הייזער, די זעלבע גאַניקלעך, אפילו די זעלבע ביימ־לעך. אַלץ אַזוי ניי און ווי אָפּגעמאָסטן. קיין מענטשן זעט מען אין ערגעץ ניט. דער טשעמאָדאַן איז געווען היבשלעך שווער. עס איז געווען אין האַרבסט. עס האָט אים אַרומגעכאַפּט אַ ציטער. ניין, ער קאָן דאָך ניט אַרומגיין און באַקוקן די הייזער און מורא האָבן פאַר אַ הונט.

ער מוז מאַכן אַן אָנהויב.

האָט עס אים אָפּגעגליקט. ער איז אַרויפגעגאַנגען אויף אַ גאַניק, אָנ־געקלונגען שוואַך דאָס גלעקל. באַלד האָט זיך געעפנט די טיר און אַן על־

טערע פּרוי מיט אַ ווייסן קאָפּ שיין־פּאַרקאַמטע האָר האָט אים געפרעגט אויף ענגליש וואָס ער וויל.

מאָטעק איז געבליבן אָן לשון. ער האָט מסתם געמוזט רויט ווערן. די פּרוי האָט אים באַקוקט, באַמערקט זיין טשעמאָדאַן און געזאָגט צו אים:

— דו רעדסט ניט קיין ענגליש? דו ביסט אַ פּעדלער?

— איש, איש . . .

די פּרוי האָט געשמייכלט. זי האָט אַריינגעלייגט איר האַנט אין דער קליינער קעשענע פון איר באַבלימלטן פאַרטוכל און אַרויסגענומען פון דאָרט אַ צען סענט שטיק און עס מאָטעקן דערלאַנגט מיט צוויי פינגער־שפּיצן, אַז ער זאָל גוט באַמערקן וויפל זי גיט אים. זי האָט צוגעגעבן:

— דו דאַרפסט מיר קיין זאַך ניט געבן. גודבאַי, — און זי האָט געוואָלט פאַרמאַכן די טיר.

מאָטעקן איז דאָס בלוט אַריין אין פּנים. ער האָט אָנגעהויבן שווער צו אָטעמען. ער האָט געוואָלט וויינען.

— ביטע, ביטע, ניין! — האָט ער ווי אויסגעשריען און איר אַריינגע־שטופּט אין האַנט די מטבע. — דאַנקע שיין! דאַנקע שיין! — און מיט גיכע טריט איז ער אַרונטערגעלאָפן פון גאַניק.

ער איז געגאַנגען גיך אויפן טראָטואַר. מער ניט געקוקט אויף די הייזער. ער איז געווען אויפגערעגט און באַליידיקט. אין האַלדז האָט אים געשטיקט. ווען ער שעמט זיך ניט פאַר דער גאַס, וואָלט ער זיך צעוויינט.

— איך וועל נעמען דעם סעטשל און אים אַהיימברענגען און זאָגן צום אָנקל: „דער אָנקל קאָן מיך אַרויסוואַרפן פון הויז. קיין בעטלער וויל איך ניט זיין אין אַמעריקע."

דאָך האָט מאָטעק באַשלאָסן זיך אַריינצודרייען אין אַן אַנדער געסל, אַ מין פאַרוואָרפן ווינקעלע, מיט אַלטע הייזער און אַלטעביימער. עס האָט אויסגעקוקט ווי אַ פּאַרק.

— נו, די מענטשן דאַרפן האָבן מיינע קעמלעך און מיין פלעשל טינט? — האָט ער צו זיך אַליין געלאַכט. — דאָס איז דאָך אַ פאַרמעגלעכע געגנט. דער אָנקל האָט מיך אַהער געשיקט, אַז מען זאָל רחמנות האָבן אויף מיר.

וואָלט ער כאָטש געזען אַ לעבעדיקן מענטשן דאָ. קיינער קוקט ניט אַרויס. די פענצטער פאַרמאַכט, שווערע פאַרהאַנגען פאַרשטעלן דעם איני־ווייניק. אָט איז איין הויז אָן אַ גאַניק. עס לאָקט עפּעס צו זיך. אַ פריינטלעך אויסזען. דאָ מוז וואוינען אַן אַלטע פּאָר. ער וועט נאָך איין מאָל פּרובירן. דער טייוול זאָל עס נעמען! זאָל דער אָנקל ניט זאָגן, אַז ער איז פויל.

דאָ איז קיין גלעקל ניט געווען, נאָר אַ מעשענער אָנקלאַפּער. מאָטעק

האָט פּאַרזיכטיק, מיט דרך־ארץ, אַ קלאַפּ געטאָן. ער האָט געהערט שווערע טריט פון אינווייניק. די טיר האָט זיך פּאַמעלעך געעפנט און עס האָט זיך באַוויזן אַ פעסט־געבויטער אַלטיטשקער מיט אַ ווייס בערדל.

— העלאָו, העלאָו, יאָנג מען! — וואָס קאָן איך טאָן פאַר דיר? — האָט דער אַלטער געשמייכלט, ווי ער וואָלט געווען צופרידן, וואָס עמיצער האָט אָנגעקלאַפּט אין זיין טיר.

ווידער האָט מאָטעק ניט געוואוסט ווי אָנצוהויבן און ער האָט זיין קאָפּ געווענדט צום טשעמאָדאַן.

— שפּרעכן זי דויטש? — האָט ער ענדלעך אָנגעהויבן.

— אָ, נאָו. דו ביסט אַ גרינהאָרן, אַ פּעדלער?

— יאָ, יאָ! — האָט מאָטעק זיך דערפרייט און ווידער אָנגעוויזן מיטן קאָפּ אויפן טשעמאָדאַן.

— סאָרי, — האָט דער אַלטער געענטפערט און גלייך פאַרמאַכט הינ־טער זיך די טיר.

— אָי, בין איך אַ שלימזל! — האָט מאָטעק אויסגערופן און זיך צעלאַכט. האָט ער זיך געלאָזט גיין אויף נייע גאַסן. אַלץ געזוכט אַ גאַס, וואָס וועט ניט אויסקוקן אַזוי פאַרמעגלעך און זאַט. נאָר, ווייזט אויס, אַז דער אָנקל האָט פאַר אים אויסגעקליבן גראָד אַ רייכע געגנט.

ענדלעך האָט מאָטעק אויף איין גאַס דערזען אַ מאַן, אַן אָרעם־געקליי־דעטן מאַן אין די מיטעלע יאָרן. ער האָט געקוקט אויף דעם מענטשן און אים געפּרואווט אָפּמעסטן: וועט ער זיך לאָזן רעדן אָדער ניט.

— מיסטער, באַי סאָקס? — האָט מאָטעק זיך געוואונדערט, וואָס ער האָט געהאַט דעם מוט יענעם צו פרעגן, און נאָך אויף ענגליש.

— נאָ קאָפּיש, נאָ קאָפּיש, — האָט יענער געענטפערט און אַ מאַך גע־טאָן הילפלאָז מיט די הענט, און פאַרגיכערט זיינע טריט.

מאָטעקן זיינען די גאַסן געפעלן געוואָרן. רייך, שטיל, פרידלעך, פריינט־לעך. איז ער געגאַנגען און געגאַנגען און איינגאַנצן אָנגעוואָרן דעם חשק אַריינצוגיין אין אַ הויז און טאָן די זאַך וואָס איז אים אַזוי מיאוס געווען.

— וואָס וועל איך זאָגן דעם אָנקל? און וואָס וועט ער האָבן צו זאָגן? — האָט מאָטעק געהאַלטן אין איין טראַכטן.

נאָר וואָס מער ער האָט געטראַכט, אַלץ מער איז ער געקומען צום אויספיר, אַז ער וועט מער ניט אָנקלאַפּן אין קיין טירן און פרעגן צי מען „שפּרעכט דויטש".

איז ער אַזוי געגאַנגען אָן אַ ציל, ביז ער האָט געפונען אַ סקווער מיט בענק. ער האָט זיך דערפרייט און אַוועקגעזעצט אָפּרוען די מידע הענט און

פיס און אויך באַטראַכטן וואָס ער זאָל ווייטער טאָן. עס איז אים געוואָרן קאָלט צו זיצן, האָט ער זיך פּלוצלינג געגעבן אַ כאַפּ אויף און אויסגע־שריען צו זיך אַליין:

— מיט וואָס בין איך ערגער אָדער בעסער פון אַ לוין־וועבער, אָדער אַ סטאָלער, אָדער אַ בלעכער? אין אַמעריקע אַרבעט מען אין פאַבריקן. אין אַמעריקע דאַרף מען ניט האָבן קיין דערפאַרונג צו אַרבעטן אין אַ פאַבריק. כוח האָב איך, קיין קרעמער וויל איך ניט זיין, פּונקט ווי דער טאַטע האָט דאָס ניט געוואָלט ווערן. איך וועל ווערן אַ פּראָלעטאַריער און אַריין אין דער אַרבעטער באַוועגונג. איך וועל זאָגן דעם אָנקל, אַז אויס! ניט איך וויל זיין ביי אים אין סטאָר, ניט איך וויל אַרומגיין מיטן סעטשל. זאָל ער טאָן וואָס ער וויל! איך וועל לעבן ווי איך וויל, ניט ווי ער וויל.

און מיט געאיילטע טריט האָט זיך מאָטעק געלאָזט גיין צו אַ טראַמוואַי. געטראַכט האָט ער צו פאָרן צום אָנקל אין קראָם אַריין, נאָר ער האָט אויס־געפונען, אַז דער טראַמוואַי וועט אים ברענגען נעענטער צו זיין היים. איז ער אַהיימגעפאָרן.

די טאַנטע איז גראָד געווען אין הויז. ווען זי האָט אים דערזען מיטן סעטשל, האָט זי אים געפרעגט צי ער האָט דאָס אויסגעליידיקט. ווען ער האָט געזאָגט, אַז ער האָט גאָרניט ניט פאַרקויפט, האָט זי זיך אָנגעבלאָזן און מיט אים מער ניט גערעדט.

— וואַרט ביז דער אָנקל וועט קומען, — האָט זי געזאָגט און געקוקט אויף מאָטעקן קרום די גאַנצע צייט.

ווען דער אָנקל איז אָנגעקומען, האָט ער אויסגערופן צו מאָטעקן:

— נו, מאָט, וויפל האָסטו געמאַכט? אַלבעטשע דו האָסט אַ ליידיק סעטשל.

ווען מאָטעק האָט אים דערציילט דעם אמת, האָט ער אויסגעשטעלט אַ פּאָר ווילדע, אומגלויבלעכע אויגן אויף אים און אויסגעשריען:

— מיך אַרט ניט וואָס דו וועסט טאָן מיט דער סחורה. קאָנסט זי וואַרפן אין טייך אַריין. נאָר מיר באַצאָל ביז אַ פעני! דאָס אַלץ וואָס איך האָב דיר צו זאָגן.

מאָטעק איז אַרויפגעגאַנגען צו זיך אין צימער און אַ גאַנצן אָוונט פאַר־בראַכט אין שרייבן בריוו אַהיים.

ווען ער האָט זיך געלייגט אין בעט אַריין, האָט ער געזאָגט צו זיך:

— מאָרגן הויב איך אָן אַ ניי לעבן. איך ווער אַן אַמעריקאַנער. איך גיי זוכן אַרבעט.

### קאַפּיטל פיר

# איבערבוך

### 1.

וואָס פאַרא קראַפט ליגט אין דעם בייגעלע פאַרשריבענעם פּאַפּיר, וואָס קלאַפּט אָן אין האַרצן אַריין און מען קאָן זיך דערפון ניט באַפרייען? אַ בריוו ווירקט דאָך אָפט מער ווי דער פערזענלעכער קאָנטאַקט. אַ בריוו איז דאָך עפּעס, וואָס אַנטפּלעקט די באַהעלטענישן פון דער נשמה, וואָס ברענגט אַרויס די טיפענישן פון פאַרלאַנגען און דערגרייכט די אײדלסטע סטרונעס.

ווען מאַטעק האָט דערפילט ווי די איינזאַמקייט הויבט אים אָן וואַרגן; ווען ער האָט דערזען, אַז ביים אָנקל ווילי איז מער כּאַר אים קיין פּלאַץ ניטאָ און אויסער אים האָט ער זיך ניט צו ווענדן; אָן שפּראַך, אָן געלט, אָן אַ פאַך, אָן גלויבן — דאַן האָט ער זיך, אין דער שטילקייט פון שפּעטן אָוונט, אַוועקגעזעצט שרייבן בריוו, בריוו אַהיים, בריוו צו די, וועלכע ער האָט פאַרלאָזט, ניט טראַכטנדיק, אַז זיי וועלן אים אַזוי גיך אויספעלן.

ווען דער אָנקל ווילי איז אַריין אין אַ גרימצאָרן, וואָס מאַטעק איז דער קעגנזאַץ דערפון, וואָס ער האָט געוואָלט, אַז ער זאָל זיין; ווען ווילי האָט ביי זיך באַשלאָסן, אַז מאַטעק איז אים אַ פרעמדער און ער האָט באַדויערט, וואָס ער האָט אים אַריבערגעבראַכט קיין אַמעריקע, — דאַן האָבן אים בריוו, וואָס זיינען געהאַט אָנגעקומען פון זיין ברודער גוסטאַוו, אָדער פון זיין שוועסטער רעגינטשאַ, באַרואיקט און אַריינגעבראַכט אין אַ מילדער און סענטימענטאַלער שטימונג.

דעם ערשטן בריוו האָט גוסטאַוו געהאַט אַרויסגעשיקט פון לאָדזש, נאָכ־דעם ווי מאַטעק האָט זיך געהאַט אויפגעזעצט אויף דער שיף. עס זיינען דאָך פאַרביי יאָרן, ווי די ברידער האָבן ניט געהערט פון ווילין און ער פון זיי אויך ניט. עס איז געווען דער טויט, דער טויט פון די דריי שוועסטער, וואָס האָט געבראַכט דריי מאָל בריוו צו ווילין פון פּוילן. עס איז געווען מאַטעק, וואָס האָט זיך געגרייט צו אַ ניי לעבן, וואָס האָט ווידער געהאַט

שריפטלעך דערגעענטערט גוסטאַוון מיט וועלוועלען־ווילין.

גוסטאַוו איז ניט געווען קיין סענטימענטאַלער מענטש. אויב ער האָט געלאָזן אַ טרער, ווען מאַטעק האָט פאַרלאָזט לאָדזש, איז דאָס אפשר געווען דערפאַר, וואָס אין מאַטעקס פאַרלאָזן האָט ער אינסטינקטיוו דערפילט, אַז דער פונדאַמענט פון זיין גלויבן אין זיינע אייגענע כוחות הויבט זיך אָן קרישלען. געמיינט האָט ער די אַלע יאָרן, אַז ער האָט אַ צויבער־ווירקונג אויף מאַטעקן. אויב ער האָט שוין אויף מאַטעקן ניט געקאָנט ווירקן, דאַן פאַרשטייט ער שוין ניט אין וואָס פאַראַ צייט מיר לעבן.

גוסטאַוו האָט זייער זעלטן געשריבן בריוו. ער האָט אין זיין קאָנטאָר אָנגעזאָגט וואָס מען זאָל שרייבן, און דאָס איבעריקע האָט ער געלאָזט צו די אָנגעשטעלטע. אַלץ וואָס עס איז בויטיק געווען איז געווען זיין אונטערשריפט. ער האָט ליב געהאַט זיך אונטערצושרייבן. געטאָן האָט ער עס לאַנגזאַם, גרויס און רונדיק, מיט אַ דיקער פעדער. ווען ער האָט אַליין געדאַרפט שרייבן אַ בריוו, איז עס אים געווען לייכטער צו שליכטן אַ שווערן געשעפט־ענין מיט אַ מאַסקווער קופעץ, ווי שרייבן אַ בריוו. מחמת דאָס, וואָס ער האָט גע־דאַרפט אַרויסברענגען אויפן ווייסן פאַפיר, האָט געמיינט פאַר אים עפענען אַ לאַנג־פאַרמאַכט קעמערל פון זיין נשמה; אַליין אַריינקוקן אין זיך און ניט דערקענען זיך.

ווען מאַטעק איז שוין געווען אין וועג; ווען גוסטאַוו האָט געוואוסט גענוי, אַז דער בחור געפינט זיך אויף דער באַן, וואָס פירט אים איבער דייטשלאַנד נאָך ברעמען און צו דער שיף, — דאַן האָט גוסטאַוו דערפילט, אַז ער דאַרף גלייך אַוועקשיקן אַ בריוו צו זיין ברודער וועלוול אין אַמעריקע און אים אָנזאָגן, אַז ער זאָל אויפפאַסן אויף מאַטעקן. ער האָט דערפילט, אַז דאָס איז זיין הייליקע פליכט צו טאָן, און ער האָט מער ניט געקאָנט איינ־רוען. יעדן אָוונט האָט ער דער פרוי זיינער געזאָגט, אַז ער פילט זיך שול־דיק, וואָס ער האָט נאָך דעם בריוו ניט אָנגעשריבן. די פרוי זיינע האָט אים ליב געהאַט צו זען אין אַזאַ צושטאַנד, אין אַ מאָמענט פון סענטימענטאַלקייט, אַ זעלטענער מאָמענט ביי גוסטאַוון. זי האָט אים דאַן דערזען גאָר אין אַן אַנדער ליכט, אין אַ רייך־מענטשלעכער ליכט, און ער איז איר זייער גע־פעלן געוואָרן.

און ווען די רגע איז געקומען און גוסטאַוו האָט זיך פאַרמאַכט ביי זיך אין צימער און זיך געזעצט שרייבן דעם בריוו צום ברודער אין אַמעריקע, האָט ער לאַנג געטראַכט און זיך געווישט די פייכטקייט פון אויג און שווער אָפּגעקרעכצט, און מיט אַן ערנסט פנים און אַ פאַרכטיקער מינע האָט ער גענומען די פעדער אין האַנט אַריין און געשריבן:

„ל. ברודער. איך שעהמע מיך זעהר וואָרים איך זאָ לאַנגע אָן דיר פערנעכלעסיג האַבע מיר מיין שרייבן. צו וואָר האַבע קיינע פער־טיידיגונג. דען ריכטיג געזאגט איז דאָס ניכט ווייל עס אים דער צייט געהאַנדלט האָט. ניין. איממער איזט דיר אויך גוט באַקאַנט ווענן מען האט דען קאָפּ פערדרעהט, זאָ איזט דאס האַרץ בעשווערט. מיין געדולד מיר אַללעס גערויבט האַט. די פאַמיליע־אַנגעלעגנהייטן און די שווערע צייטן וויר איבערלעבט האבן, קאָמע איך יעצט אום ענט־שולדיגונג צו בעטן. יעצט ל. ברודער, נאָך מיין שרייבן וואָס דו יעצט פאָן מיר ערהאַלטסט, איזט ביי דיר די פאַמיליע פערגרעסערט גע־וואָרן. פאָן אונזער גליד האָט זיך אָנגעפאַנגען ריבער צו זידלען צו דיר. זאָ האָט מאָטעק האָפענטליך גליקלעך דאס וואַססער איבערגעקאָ־מען אונד אין איינע גליקליכע שטונדע דיין הויזע איבערטרעטן. דו האסט אים היגגענאָממען אונד ווירסט דאָרטן עלטערן זיין, זיינע גע־שוויסטער, זיינע פאַמיליע, זיין גאַנץ גליק וואָס ער האט, האט אללעס צו דיר געצויגן. איך מיין דערמיט דאָס גאָטט צו פריער אונד דו ווירסט זיין בעשיצער דאָרט זיין. ריכטיג געזאָגט ווירד ער דיר אַללעס אַללעס ערצעהלען דאס איך וואָר ניכט דאַפיר דאס ער וועק זאָלל, איך וואר דאַפיר דאס ער ערשט עטוואס ערלערנען זאָלל, וואס איזט גאַנץ עגאַל, נאָר עטוואָס ערלערנען. עס איזט ניכט געלונגען ווייל עס וואהר איהם שווער צוריקצוהאַלטען. ער האט נור זיין ציעל געזעהן דאריבער ביי דיר. דאס הייסט נור אַמעריקאַ. זאָ זעהע ל. ברודער אין דיין פליכט פאָן אונזערע ל. אונד זעליקע שוועסטער טייבל וואס מיט אים מאַכען זאָללסט, ניכט באַלד נאר מיט איבערלעבונג, אָדער עטוואס ער־לערנען אָדער אין געשעפט. עס זאָל פיר איהם איינע צוקונפט זיין. אויך ל. ברודער האָט ער דאָרט געלט מיטגענאָממען. זאלל ער דאס ניכט צוריקשיקען, נאר דו זאָללסט פיר איהם אויסגעבן וואָס ער נעהטיג האט ביי איינעם לעהרער דיא שפּראַכע צו ערלענען א״ז״וו״. זאָנסט ווי גייט עס דיר מיט דיין געזונדהייט ווי אויך דיין ל. פראַו אונד די ל. קינדער. פאָן אונס האבע ניכטס בעזונדערס צו שרייבען. זענדע דיר בעסטע גריססע און קיססע, דיין ברודער דער אָן דיך איממער בענקט, גוסטאַוו״.

ווען ווילי האָט מיט גרויס מאָטערניש געהאָט איבערגעלייענט גוסטאַווס בריוו, האָבן זיך אים טרערן געשטעלט אין די אויגן. אַ ווייכקייט האָט זיך צעשפּרייט איבער זיין פּנים. ערגעץ טיף איבעווייניק האָט עס גענומען וועקן און רופן און דערמאָנען: דיין ברודער גוסטאַוו, געדענקסט אים? און די

אַנדערע ברידער און די שוועסטער ? און דעם לאַנגן הויף אויף דער דלוגע ? און טאַטע־מאַמע ? און די הינער און קאַטשקעס און די ציג און די שוואַרצע פּעסער נאַפּט ? און דאָס אייזעלע מיטן וועגעלע מיסט און דאָס טייכל און די קרעטשמע ?

דזשעני האָט געזען, אַז איר מאַנס פּנים האָט זיך געביטן. זי האָט גע־וואוסט, אַז ער האָט דערהאַלטן אַ בריוו פון זיין ברודער. זי האָט ניט גע־וואגט אים צו פרעגן. זי האָט געוואוסט, אַז מען דאַרף אים צורו לאָזן ביז ער וועט אַליין רעדן, ווייל ער איז פאַרטיפט אין זיינע געדאַנקען און מען טאָר אים ניט איבערשלאָגן.

ווילי האָט געשוויגן, נאָר ניט געקאָנט אויסהאַלטן דאָס שווייגן.

— איך קום באַלד צוריק.

— אָ־קעי, ווילי, — האָט דזשעני מוטערלעך געזאָגט. זי האָט אים נאָכ־געקוקט. זי האָט געזען: ער איז אַריינגעגאַנגען אין סאַלון. ער איז באַלד אַרויס פון דאָרט. ער איז געווען ערנסט. זי האָט געפּרואווט טרעפן: וועט ער אַריין אין באַנק, אָדער ער וועט אַרויפגיין אין רעפּובליקאַנער קלוב שפּילן אַ קערטל. זי איז אַריין אין סאַלון.

— ווילי איז דאָ געווען ? געהאַט אַ ביר ? אָ־קעי.

.2

אָן אַ צאָל בריוו האָט מאָטעק געשריבן אַהיים — אין געדאַנק. נאָר זיך אָוועקזעצן און זיי טאַקע אָנשרייבן און אַוועקשיקן — דאָס איז געווען גאָר אַן אַנדער זאַך. ער האָט אַלץ געוואַרט אויף בעסערע נייעס, אויף קאָנען דערציילן אַז ער האָט שוין וואָס דערגרייכט, אַז ער שרייבט טאַקע וועגן דער אַמעריקע, וואָס ער האָט אויסגעטרוימט. נאָר אַ לאַנגע צייט איז פאַראיבער און אין צוריקשטויס נאָכן אַנדערן. דערפאַר האָט מאָטעק בלויז געשיקט אַהיים אַ פּאָר גאַרניט־זאָגנדיקע קאַרטלעך.

ענדלעך איז געקומען דער מאָמענט, ווען מאָטעק האָט געפילט, אַז ער מוז זיין האַרץ אויסגיסן, אַז ער מוז עמיצן דערציילן דעם אמת וועגן זיין לאַגע. נאָכן צוזאַמענשטויס מיטן אָנקל, האָט ער זיך אַוועקגעזעצט אין אָוונט ביי זיך אין צימער און אָנגעהויבן שרייבן בריוו. אָנגעהויבן האָט ער מיטן אָנקל גוסטאַוו. דערציילט אים קאָלט די פאַקטן פון זיין וואוינען ביים אָנקל ווילי. ער האָט זיך ניט באַקלאָגט, בלויז איבערגעגעבן אַזוי און אַזוי. דער אָנקל וויל פון אים מאַכן אַ געשעפטסמאַן, נאָר ער טויג זיך ניט אויס דערפאַר און ער וועט מאָרגן אַרויסגיין זוכן אַרבעט, מעגלעך ביי אַן עלעקטריקער. זאָל זיך דער אָנקל ניט זאָרגן. ער וועט זיין שטעטל באַשטיין.

ער האָט דעם אָנקל גוסטאַוו ניט דערציילט די מעשה מיטן סעטשל.

דער צווייטער בריוו איז געווען צו גוטשיאָן. שוין אַביסל וווּיכער, נאָר אויך פּאָרזיכטיק. ער האָט אַ פיינע היים. די טאַנטע איז אַ ליבע פרוי, נאָר אַ פּראַקטיש־געשעפטלעכע. דער אָנקל וויל, אַז ער זאָל אַרבעטן ביי אים אין קראָם און מיט דער צייט וועט ער ווערן אַליין אַ קרעמער, נאָר פּונקט ווי דער גאָטזעליקער פאָטער האָט ניט ליב געהאַט קיין קרעמעריי, אַזוי האָט ער אויך ניט ליב צו זיין אַ סוחר. מאָרגן גייט ער אַרויס זוכן באַשעפ־טיקונג. ער איז ניט ערגער פון די מערסטע אַמעריקאַנער, וואָס אַרבעטן אין פאַבריקן. דאָ זיינען פאַראַן שטאַרקע אַרבעטער־פאַראיינען און זיי פּאַרטיי־דיקן די אינטערעסן פון די אַרבעטער. די לעצטע טייל האָט ער בכיוון גע־שריבן, כדי צו רייצן זיך מיט גוטשיאָן. זאָל זי זען, אַז ער איז געבליבן אַ רעוואָלוציאָנער.

דעם דריטן בריוו האָט ער געשיקט סאָלטשען. דער בריוו איז שוין געווען גוט אָנגעוואָרעמט. סאָלטשע איז אים געווען נעענטער אין דעם פאַל ווי די אייגענע שוועסטער. פאַר איר האָט ער זיך דאָס האַרץ אויסגערעדט.

„ניט איינמאָל דאַכט זיך מיר אויס, אַז דו ביסט לעבן מיר, סאָלטשע, און איך באַראָט זיך מיט דיר וואָס צו טאָן. איך פאַרהאָף, אַז די צייט וועט קומען ווען דו וועסט אויך קאָנען זיין אין אַמעריקע. איך וועל מיין צוזאָג האַלטן. ווען איך וועל האָבן אַראָפּגעבראַכט גוטשיאָן און לאָטשיאָן, וועלן מיר צוזאַמען שיקן נאָך דיר. ערשט איצט זע איך איין ווי דער סאָציאַליזמוס איז גערעכט. מיין היגער אָנקל איז פּונקט אַזאַ שונא פון סאָציאַליזמוס, ווי די אָנקלס אין לאָדזש. זיי ציטערן אַלע פאַר ערלעכער אַרבעט. מאָרגן לאָז איך זיך זוכן אַרבעט אין אַ פאַבריק, און באַלד נאָכדעם ווי איך געפין באַשעפ־טיקונג, שליס איך זיך אָן אין אַ פאַראיין. איך הויב זיך אָן לערנען אין אַן ענגלישער שול. דער אָנקל און די טאַנטע זיינען ניט מיינע מענטשן. איך באַלאַנג צו אַן אַנדער וועלט. מיר דוכט זיך אויך, אַז זיי זיינען ניט די אמתע אַמעריקע. די אַמעריקע פון די קעמפער פאַר פרייהייט, ווי אברהם לינקאָלן און דזשעפערסאָן. איך האָב דאָ געקראָגן אַ יידיש ביכל, וואָס דער־ציילט וועגן דער געשיכטע פון לאַנד. עס איז זייער פאַרכאַפּנד. די גרינדער פון לאַנד זיינען געווען אמתע רעוואָלוציאָנערן און זיי האָבן איינגעשטעלט זייערע לעבנס צו געווינען די פרייהייט און אַראָפּוואַרפן דעם ענגלישן יאָך. אַ צווייט מאָל וועל איך דיר שרייבן מער וועגן מיינע צרות מיטן אָנקל. דער־ווייל דערצייל קיינעם ניט וועגן דעם און וויז קיינעם ניט מיין בריוו. שרייב מיר אויס אַלע נייעסן וועגן מיינע שוועסטער און וועגן זיך".

דער לעצטער בריוו איז געווען צו שימעקן און אַ צושריפט צו גאָלדען.

צו שימעקן האָט מאַטעק געשריבן, אַז ער קאָן זיך ניט דערוואַרטן אויף זיין קומען קיין ניו־יאָרק. אַזוי גיך ווי ער וועט הערן, אַז די משפּחה איז אין ניו־יאָרק, וועט ער פאַרלאָזן די שטאָט, אין וועלכער ער געפינט זיך איצט, און קומען צו זיי. אפשר וועלן זיי ביידע זוכן אַרבעט ביים זעלבן עלעקטריק פאַק. עס איז גוט צו זיין אין אַמעריקע. עס איז אַ לאַנד פון יוגנט און פון כוח און פאַר יונגע מענטשן איז דאָס דאָס בעסטע לאַנד אין דער וועלט. נאָר מען דאַרף ניט מיטשלעפּן אַ שטיק פון דער פּעטריקאָווער גאַס נאָך אַמעריקע. אויך דאָ זיינען דאָ מענטשן, וואָס שמאיען און האַנדלען און שווינדלען. מאַטעק גלויבט ניט, אַז דאָס זיינען די ריכטיקע אַמעריקאַנער.

צו גאָלדען האָט מאַטעק געשריבן אינגאַנצן אַ פּאָר שורות, נאָר זיין פּנים האָט אינגאַנצן זיך צעשטראַלט ווען ער האָט דאָס געטאָן.

„מיס גאָלדע, איך בין שוין אַ פולער אַמעריקאַנער און ווען דו וועסט אָנקומען וועל איך דיך לערנען ענגליש. אַ סך אַמעריקאַנער מיידלעך קוקן אויס אַזוי ווי דו. דאָס מיינט, אַז זיי זיינען פריילעך און שיין געקליידט און זאָרגלאָז. די אַמעריקאַנער גאַסן זיינען אַ סך שענער ווי די לאָדזשער און ווען דו וועסט קומען וועלן מיר קאָנען פיל שפּאַצירן. דאָ קאָן מען גיין און גיין און קיינער זאָל ניט שטערן און זיך אָנשטויסן אין דיר. טאָ פּאַק איין דיין וואַליזע און קום גלייך צופאָרן, ווייל איך האָב ניט מיט וועמען צו שפּאַצירן".

אמת, ער האָט ניט געשריבן דאָס, וואָס ער האָט געוואָלט שרייבן צו יעדן איינעם, נאָר דאָס ניט דערזאָגטע האָט ער דאָך אויך אַרויסגעבראַכט פון זיך. און עס איז אים געוואָרן לייכטער דערפון.

.3

ווען מאַטעק איז אַרונטערגעקומען אין דער פרי עסן, האָט ער גלייך באַמערקט די ענדערונג צו אים מצד דער טאַנטע און דעם אָנקל.

— וואָס האָסטו עס געברענט די ליכט אַזוי לאַנג אין דער נאַכט אַריין, מאַטעק ? — האָט די טאַנטע געפרעגט.

— איך האָב געשריבן בריוו, — האָט מאַטעק ניט באַגריפן דעם מיין פון דער פראַגע.

— געז קאָסט געלט און בריוו קאָנסטו שרייבן אין סטאָר אַ גאַנצן טאָג, — האָט די טאַנטע פאַרגעוואָרפן.

מאַטעק איז אַנטשוויגן געוואָרן. ער האָט זיך שוין געוואָרגן מיטן ביסן. דער אָנקל איז געזעסן אָנגעצויגן. נאָר ווען ער איז פאַרטיק געוואָרן און זיך אויפגעהויבן פון טיש, האָט ער געזאָגט צו מאַטעקן :

— מאַטעק, פאַרגעס ניט מיטצוברענגען דעם סעטשל, ווען דו קומסט אין סטאָר אַריין. איך ווייס ניט וואָס איך וועל טאָן מיט די זאַכן. אפשר וועט מען זיי קאָנען צוריקגעבן.

— אָלראַיט, אַנקל ווילי.

— ס'איז שוין גאָרניט אָלראַיט. אפשר איז דאָס געווען אָלראַיט אין לאָדזש, נאָר ניט ביי אונדז אין אַמעריקע. דאָ דאַרף מען אַרבעטן און קיין זאַך דאַרף ניט זיין צו שווער צו מאַכן אַ דאָלער.

— איך וועל אַרבעטן. איך וועל נאָך היינט גיין זוכן אַרבעט, אַנקל.

— נאָ, נאַדיר די ציַיטונג און זע וואָס דו קאָנסט זיך אויסקלייבן. ווילסט דווקא אַרבעטן אין אַ פעקטאָרי, ווילסט זיין אַ טייל פון אַרבעטער־קלאַס, ווילסט ווערן אַ וואָבלי? גוט. ביי מיר אין סטאָר קומט אַריין אַ פאָרמאַן פון אַ פעקטאָרי, אַ דייטש, קעלער הייסט ער. יאָ, וואָס איז היינט, דינסטיק? יאָ, היינט קומט ער טאָקע. יעדן דינסטיק גייט ער פאַרביי און אַמאָל כאַפּט ער זיך אַריין צו מיר, אַרום 11 אין דער פרי. איך וועל דיך באַקאָנען מיט אים.

— אָ, דאָס וועט זיין זייער גוט. דאָס וואָס איך וויל טאָקע, אַנקל.

— אָלראַיט, אָלראַיט. נאָר געדענק, אַז איך בין געווען קעגן דעם גאַנצן פּלאַן דיינעם, מאַטעק. האָסט ניט געדאַרפט קומען קיין אַמעריקע צו גיין אַרבעטן אין אַ פעקטאָרי.

דער אַנקל איז אַוועק אין אַ שלעכטער שטימונג. נאָר גראָד מאַטעק האָט זיך געפילט גוט פון אַנקלס מעלדונג וועגן דעם מיסטער קעלער. די טאַנטע האָט נאָך אין מאַטעקן זיינגערעדט, אים געוואָרנט, אים געהייסן פאָלגן דעם אַנקל, אים צוגעזאָגט גאָלדענע גליקן, אויב ער וועט זיך אויסטויגן אין דער סטאָר, אַז זי זאָל קאָנען בלייבן אין הויז מיט די קינדער, נאָר מאַטעק איז שוין געווען אומגעדולדיק און זיך געאיילט אין סטאָר אַריין. ער האָט מיטגעבראַכט דעם טשעמאָדאַן און געהייסן דעם אַנקל אַרונטעררעכענען פון דעם געלט, וואָס האָט באַלאַנגט צו אים.

צו מאַטעקס צופרידנקייט איז דער מיסטער קעלער דאָס מאָל אַריינגעקומען אין סטאָר אַריין. דער אַנקל האָט זיך מיט אים דערפרייט און ער איז גלייך צוגעגאַנגען צום ענין.

— סעי, קעלער, דאַרפסט האָבן אַ האַנט אין דיין פעקטאָרי? איך מיין ערנסט — קאָנסט געפינען אַרבעט פאַר מיין נעפיו? ער רעדט גוט דייטש. אַנו, רעד זיך מיט אים דורך. ער וויל דווקא אַרבעטן אין אַ פאַבריק. אים שטייט ניט אָן מער צו אַרבעטן ביי מיר אין סטאָר און האָבן צו טאָן מיט באָמס ווי איך און דו, האַ־האַ!

קעלער האָט אויסגעקוקט יונג. דאָס פּנים זיינס איז געווען רואיק, גלאַט־

ראַזירט, די אויגן געלאָסן, ברוין און אָפּנהאַרציק. זיין קול איז געווען שטיל און ער איז געווען אינגאַנצן אין קעגנזאַץ צום אָנקל ווילי. זיין ערנסטער טאָן און זיין לאַנגזאַמער ענטפער האָבן אַרויסגערופן רעספּעקט צו אים.

— ווילסט טאַקע אַרבעטן אין אַ פאַבריק? — האָט ער געפרעגט שטיל מאַטעקן אויף דייטש, — האָסט עפּעס אַ פאַך?

מאַטעק האָט אים דערציילט, נאָר דער אָנקל האָט זיך גלייך אַריינגע־מישט און געפּרואווט צונישט מאַכן מאַטעקס רייד.

— וואָס וועט ער באַקומען אַלס לערן־ייִנגל ביי אַן עלעקטרישן? אַז עס איז איצט אַזוי סלאַו אין טרעיד, אַז גוטע מעכאַניקער דרייען זיך אַרום חדשים לאַנג ליידיק. ביי דיר אין פאַבריק, אויב דו קאָנסט אים אַריינ־נעמען, וועט ער כאָטש זיכער זיין מיט שטענדיקער אַרבעט.

קעלער האָט זיך פאַרטראַכט. געקוקט אויף מאַטעקן און אָנגעשטעלט דעם בליק זיינעם אין ווייט. געטראַכט. נאָך דעם זיך געווענדט צו מאַטעקן:

— מיר דאַכט זיך, אַז איך קאָן מאַכן פּלאַץ פאַר דיר, נאָר דו וועסט אָנהויבן ווי אַ ניט־קוואַליפיצירטער אַרבעטער. עס איז דאָ לייכטערע און שווערערע אַרבעט. איך בין אַ פאָרמאַן אין אַ פאַבריק, וואָס פּראָדוצירט שטולן, שווערע שטולן, מיט שטרויענע זיצערס. איך האָב צו זאָגן איבער דעם שטרוי־דעפּאַרטמענט. אין מיין אָפּטיילונג איז דערווייל ניטאָ קיין אַר־בעט. עס איז אָבער כמעט ווי זיכער, אַז אין אַ פּאָר וואָכן אַרום וועל איך דיך קאָנען אַריבערנעמען צו זיך. דאָרט וועסטו ניט דאַרפן אַרבעטן שווער. דערווייל קאָן איך פאַר דיר קריגן אַרבעט אַלגעמיינע, ניט קיין לייכטע. מען צאָלט זייער ווינציק. אינגאַנצן זיבן דאָלער אַ וואָך. עס איז ניט גענוג, נאָר דאָס וואָס מען צאָלט ביי אונדז. אויב דו ווילסט, קאָנסטו מאָרגן צוקומען. איך וועל דיר אָנשרייבן דעם אַדרעס און איך וועל דיר זאָגן ווי אַזוי צו קומען אַהין. עס איז אַביסל אויסערן שטאָט. נאָך אַ זאַך. דו דאַרפסט עס אַלץ וויסן איידער דו הויבסט אָן. מען אַרבעט ביי אונדז פיר־און־פופציק שעה אַ וואָך. וועגן אַרויפאַרבעטן זיך איז אַזוי: די וואָס אַרבעטן ביי מאַשינען, ביי זאַמד־פּאַפּיר מאַשינען, פאַרדינען אַ סך מער, הויבן אָן מיט 12 און 14 דאָלער אַ וואָך, נאָר דערווייל זיינען קיין מעגלעכקייטן ניטאָ צו קריגן אַזאַ דזשאַב. אויפן פּלאַץ וועסטו באַקומען די געלעגנהייט אַמאָל צו אַרבעטן. איך וועל אָנ־זאָגן דעם פאָרמאַן, אַז ער זאָל דיך איינזינען האָבן.

קעלער האָט גערעדט שטיל, באַזאַכט. די גאַנצע צייט געקוקט אויף מאַ־טעקן. אים ניט צוגערעדט, אים ניט אָפּגערעדט.

— איך וועל צוקומען מאָרגן זיבן אין דער פרי, ווי איר זאָגט. איך דאַנק אייך זייער, הער קעלער, — האָט מאַטעק געזאָגט אַ צופרידענער.

דער אָנקל איז געשטאַנען אַן איבערראַשטער. ער האָט געזוכט ווערטער און זיי ניט געקאָנט געפינען.

— ווילי, איך האָב היינט געזען אַ שטיק אַלט מעבל, וואָס איך בין אַנט־ציקט געוואָרן דערפון, — האָט קעלער געזאָגט צו ווילין. עס האָט זיך אַרויס־געוויזן, אַז יעדן דינסטיק איז קעלער געקומען אין דער געגנט פון אַלטע זאַכן און געמאַכט אַ שפּאַציר איבער די קראָמען פון אַלטן מעבל און איינגע־קויפט פאַר דער פאַבריק, וואו ער האָט געאַרבעט, געוויסע מוסטערן. קעלער איז אויך געווען דער דעזאַינער פון שטולן פאַר דער פאַבריק.

מיט ווילין האָט ער זיך באַקאַנט, ווען ער האָט געבראַכט זיינע אַלטע אַנצוגן און שיך צו פאַרקויפן. קעלער, דער שווייגער, האָט ליב געהאַט צו פאַרברענגען מיטן אָנקל און מיט דער טאַנטע און זיך צוהערן צו זייערע רייד וועגן די פאַרשיידענע טיפּן, וואָס זיינען אַריינגעקומען אין דער סטאָר.

ווען קעלער איז אַוועק, האָט דער אָנקל זיך אַ נעם געטאָן צו מאָטעקן:

— זיבן דאָלער אַ וואָך, פיר־און־פופציק שעה, ערגעץ אין האָצע־פּלאָץ, וועסט שטיין אויף די פיס דעם גאַנצן טאָג, וועסט האָבן צו טאָן מיט אי־טאַליענער און פּאָליאַקן, דער פאָרמאַן וועט שרייען אויף דיר „האָרי אָפּ“, „האָרי אָפּ“, — נו, אויב דיר געפעלט עס, טאָ הויב אָן מאָרגן. איך קאָן דיך ניט פאַרשטיין. נאָר ווי עס ווייזט אויס, דאַרפסטו באַקומען רבי־געלט. און ווידער איז אַזוי: וועסט אָפּשטיין אַ וואָך, ס'וועט דיר ניט געפעלן ווערן, וועסטו זיי קאָנען זאָגן: קושט מיר . . . און צוריקקומען אין סטאָר אַריין. מיר וועלן בלייבן די זעלבע גוטע פריינט.

צומאָרגנס אין דער פרי איז מאָטעק געשטאַנען אין פאַבריק־אָפיס פון דער שטול־פאַבריק.

קאַפּיטל פינף

# די פאַבריק

1.

מאַטעק איז ניט געווען דער איינציקער, וואָס האָט אָנגעפילט דעם קליינעם וואַרט־צימער אין אָפיס פון דער פאַבריק. ביי דער וואַנט זיינען געשטאַנען פיר מיטליעריקע מענער, אין אַרבעט־קליידער, פאַרזאָרגטע און ניט־אויסגעשלאָפענע. אויף דער איינציקער באַנק זיינען געזעסן צוויי יונגע בחורים און אַריינגעקוקט אין אַ צייטונג. ווען מאַטעק איז אַריינגעקומען און זיך אַרומגעקוקט, האָט ער דערזען אַ קליין פענצטערל, פונוואַנען עס האָט אַרויסגעשטעקט אַ קאָפּ פון אַ מאַן.

— העי, יונגערמאַן, וואָס ווילסטו ? — האָט דער מאַן צוגערופן מאַטעקן.

מאַטעק האָט אַרויסגענומען דאָס צעטעלע, וואָס קעלער האָט אים גע־געבן. — מר. קעלער האָט מיך געהייסן קומען, — האָט ער געזאָגט.

— מר. קעלער ? ווער איז מר. קעלער ? העי, דזשאַן, ער זאָגט, אַז אַ מר. קעלער האָט אים געהייסן קומען, — האָט דער מאַן אַריינגעשריען צו עמיצן. באַלד האָט זיך באַוויזן אַ קליינער, איינגעבויגענער אַלטיטשקער אין ברילן. ער איז צוגעקומען צום פענצטערל און זיך געווענדט צו מאַטעקן:

— דו זאָגסט, אַז מר. קעלער האָט דיך געהייסן קומען ? נו, מסתּם איז עס אָקעי. קום אַריין.

און ער האָט געעפנט פאַר מאַטעקן די טיר און מאַטעק איז אַריין אין אַ גרויסן צימער, וואָס איז געווען אָנגעשטעלט מיט טישן און בענקלעך.

— וואַרט־צו, וועל איך אַריינרופן מר. מעקענזין.

באַלד האָט זיך דער אַלטער באַוויזן מיט אַ הויכן מאַן, וואָס האָט אויס־געקוקט ווי ער וואָלט געווען געפערלעך אין כעס צוליב עפּעס. ער איז צו־געגאַנגען צו מאַטעקן, אַ בייזן בליק געטאָן אויף אים און געזאָגט:

— ווילסט אַרבעטן ? ביי אַ גלאָז־זאַמד־מאַשין קאָנסטו אַרבעטן ? ניין ?

אָקעי, כ׳וועל געפינען פאַר דיר וואָס צו טאָן. „גאַדעמיט״, גיב זיך אַ ריר, כ׳האָב ניט דעם גאַנצן טאָג פאַר דיר.

מאָטעק האָט אים נאָכגעפאָלגט. אַ שמאָלער קאָרידאָר. עס הערט זיך דאָס רוישן פון מאָטאָרן. מיט יעדן טראָט ווערט דער רעש גרעסער. מעקעניזי עפנט אַ שמאָלע טיר. זיי גייען אייַנציקווייז אַריין. אַ ריזיקער זאַל. אַ שטויב ווי אַ נעפּל. דורכן שטויב זעט מאָטעק אַרבעטער ביי מאַשינען, אַרבעטער ביי ריזיקע זעגן, אַרבעטער ביי טישן, אַרבעטער ביי ווענעלעך, אָנגעפילטע מיט ברעטלעך. איבערן זאַל דרייען זיך און פליען רימענס און רעדער און פאַסן און עס הויבן זיך אַרויף און אַראָפּ שטאָלענע שטאַנגען און אייזערנע ציין און האקנס.

מעקעניזי רעדט עפּעס צו מאָטעקן, נאָר מאָטעק דערהערט ניט צוליבן גערודער. דער פאָרמאַן הויבט אָן שרייען מאָטעקן אין אויער אַריין:

— ווי רופט מען דיך?

— ווי רופט מען דיך?

— מאָטעק סאַרני.

— וואָס פאַר אַ נאָמען איז דאָס? דו ביסט פויליש? טשעכיש?

— איך בין אַ ייִד.

— איך וועל דיך רופן „מאָו״ און ווען דער וויסל וועט פייפן, זאָלסטו אַריינגיין אין אָפיס און אויספילן אַ קאַרד און דאָס מיר צוריקברענגען נאָכן עסן. פאַרשטאַנען?

— יאָ, פאַרשטאַנען.

— איצט קום מיט מיר.

זיינען זיי דורכגעגאַנגען דעם גאַנצן ריזיקן זאַל. מאָטעקן האָט זיך אויסגעוויזן, אַז דאָ קומען פאַר געפעכטן צווישן די אַרבעטער און די מאַשינען. ער האָט אַמאָל אַלס קינד געזען אין שטעטל, ווי מען האָט געפּרואווט אייַנצאַמען אַ בוהאַי און פון אַלע זייטן האָט מען געפּאָכעט אויף אים מיט פלאָקנס. די מאַשינען זיינען די ביקעס. די אַרבעטער ווילן זיי באַצווינגען. עס איז מוראדיק. אַ צאָל אַרבעטער זיינען געווען אינגאַנצן באַדעקט מיט אַ גרויען שטויב, וואָס איז געגאַנגען אויף זיי פון די זאַמד־מאַשינען, אויף וועלכע זיי האָבן געריבן אייִן ברעטל נאָכן צווייטן, אָן אָפּשטעל.

די אַרבעטער האָבן נאָכגעקוקט מאָטעקן און עפּעס אויסגעשריען צו זייערע שכנים. עס האָט אים נאָכגעפאָלגט אַ געלעכטער און אַ פייפערייַ. מעקעניזי האָט מאָטעקן צוגעפירט צו אַ קאָרידאָר.

— זעסט אָט־די שטולן? דו דאַרפסט זיי צופירן צום עלעוועיטער. וועסט זען וואָס יענער טוט, וועסטו אויך אַזוי טאָן. פאַרשטאַנען?

עס איז אָנגעקומען אַ מיטליערריקער, פעסט געבויטער מאַן מיט געדיכטע, זאַמדיקע וואָנצעס.

— העי, לאַנדסמאַן, מואוויש פּאַ פּאָלסקו? אַ יאַק זשע?

מאָטעק האָט זיך דערפרייט. פונוואַנען האָט יענער דערקענט, אַז ער קומט פון פּוילן?

דער קאָרידאָר איז כסדר געוואָרן פול מיט ניט־פאַרענדיקטע, ניט גע־פאַרבטע שטולן. מען האָט געדאַרפט אַרבעטן גיכער און מאַכן פּלאַץ פאַר נאָך שטולן וואָס האָבן פאַרשטעלט דעם וועג צום קאָרידאָר.

— דו אײַל זיך ניט, — האָט דער פּאָליאַק געזאָגט צו מאָטעקן. — מיר זײַנען ניט קיין אײזלען. זאָלן זיי אָנשטעלן נאָך מענטשן. וועסט גיך מיד ווערן. ווען דו זעסט דעם פאָרמאַן, דערשרעק זיך ניט. ער וועט שרײַען, דו ענטפער ניט. זאָל ער שרײַען. ער קריגט באַצאָלט פאַר שרײַען. אַ גאַנצן טאָג שרײַט ער. אומעטום שרײַט ער. פײַף אויף אים. אָט אַזוי.

מען האָט באַדאַרפט אַרויפשטעלן איין שטול אויפן אַנדערן, דרייַ די הויך, און נאָכדעם זיך אײַנשפּאַנען און שלעפּן. מאָטעק האָט דערפילט ווי די מוסקלען שמאַרצן אים. דאָך איז ער געווען צופרידן וואָס ער אַרבעט.

— איך בין ניט בעסער פון די אַלע אַרבעטער דאָ, — האָט ער געהאַלטן אין איין איבערחזרן צו זיך.

פיר טעג צײַט האָט מאָטעק געאַרבעט צופירנדיק די שטולן צום עלע־וועיטער. דאַן האָט אים מעקענזי, דער פאָרמאַן, צוגערופן מיט דער האַנט און געזאָגט:

— העי, רויטער קאָפּ, לאָז דאָס איבער און קום מיט מיר, — אָפּגעשריען און זיך געלאָזט גיין און מאָטעק נאָך אים.

— וועסט אָנלאָדן און אויסלאָדן די קלעצלעך. זעסט אָט־די מאַשינען? אַ גאַנצן טאָג האָסטו איין אַרבעט: אָנפילן אַ וועגעלע מיט די קלעצלעך אין סטאָק־רום און זיי איבערלאָזן לעבן יעדער מאַשין. די מאַשין יאָגט זיך און דו דאַרפסט זי דעריאָגן. פאַרשטאַנען?

— פאַרשטאַנען.

ביי די מאַשינען האָבן געאַרבעט איטאַליענער און רוסן און אירלענדער און סתם שווייגערס, וואָס אַז מען האָט זיי עפּעס געפרעגט, האָבן זיי געענט־פערט אויף שטום־לשון מיט אַ מאַך מיט די אַקסל, אָדער מיט המ... די מערסטע אַרבעטער זײַנען געווען מיטליעריקע. מאָטעקן האָט זיך אויסגע־וויזן, אַז מען קריגט זיך כסדר.

— העי, גיני, ספּאַגעטי־מאַקאַראָני, וואַצעמערע פאַר יו, נאָ קאַפּיש?

— און דו פּאָליאַק מיט די מייזלעך אַרום דײַן מויל, אָן אַ וויבּ, אָן אַ

קינד, אָן אַ — — — כאַ־כאַ־כאַ. נאָ גוד, נאָ גוד.

— ברעך אַ פוס!

— הינטישער זון!

מאָטעק האָט זיך צוגעהערט און ניט געקאָנט פאַרשטיין פאַרוואָס מען זידלט זיך אַזוי. ביז ער האָט אויסגעפונען, אַז מען טוט עס אין גוטן מוט. מען קריגט זיך ניט. נאָר מען דאַרף אויף עמיצן אויסלאָזן דעם כעס, וואָס זאַמלט זיך אָן צוליב דער שווערער אַרבעט.

מען האָט זיך אָנגעהויבן טשעפּען צו מאָטעקן.

— רויטער קאָפּ, וואָס ביסטו? אַ פראַנצויז? אַ ליטווישער? פון דענ־מאַרק? דו ביסט אַ גרינהאָרן אַלראַיט.

מאָטעק האָט געשוויגן. נאָר עס האָט אים פאַרדראָסן פאַרוואָס ער שווייגט. וואָס האָב איך זיך דאָ צו שעמען? פאַרוואָס זאָל איך זיי ניט זאָגן, אַז איך בין אַ ייד? זאָלן זיי זען, אַז איך בין איינער פון זיי.

מיטאָג צייט ביים עסן, האָט ער איינעם פון די פּאָליאַקן געזאָגט, אַז ער איז אַ ייד.

— וואָס איז דער אונטערשייד, — האָט יענער געענטפערט, — מיר אַלע פראַצעווען צו האָבן אַ שוך אויפן פוס. דאָ זעסטו דאָך ווי עס שטייט אַ מאַשין לעבן אַ מאַשין, אַ פּאָלאַק און אַ איטאַליענער, אַ רוס און אַ סקאַנדינאַווער. איינער האָט פיינט דעם צווייטן און פאַרוואָס? די מאַשין מאַכט שונאים, דער פאָרמאַן האָט אַלעמען פיינט. שווערע אַרבעט, לאַנגע שעהן, אַ ייד.

נאָר פון יענעם מאָמענט אָן האָט מען זיך שוין באַצויגן אַנדערש צו אים. מער האָט מען שוין אים ניט גערופן „רויטער קאָפּ“ און „גרינהאָרן“.

— העי, שיני, די מאַשין וואַרט.

— כאַיעם־מוישע אַי־אַי־אַי, ווען ברענגסטו קלעצלעך?

— דזשו־באָי, האָסט עפּעס מעזומע?

מאָטעק איז געווען אויסער זיך פון צאָרן. ער האָט געטראַכט, אַז ער וועט אָנהויבן אָפּענטפערן. נאָר ער האָט באַלד איינגעזען, אַז ער איז איינער און די פאַבריק איז געגן אים. נאָר ווען ער האָט זיך גוט דורכגעטראַכט די זאַך, האָט ער איינגעזען, אַז ניט בלויז צו אים האָט מען אַזאַ באַציאונג, נאָר צו יעדן איינעם אויסלענדער. דער איטאַליענער שילט דעם פּאָליאַק, דער רוס זידלט דעם לאַטיש, דער דייטש באַרעדט דעם אירלענדער. עפּעס איז דאָ אין דער לופט, וואָס צערייצט דעם אַרבעטער, רייצט אים אָן קעגן זיין שכן.

איינגאַנצן האָט מען געהאַט אַ האַלבע שעה צו עסן מיטאָג. מען איז אפילו ניט אַרויסגעגאַנגען. ביי דער מאַשין, אין שטויב און געשטאַנק פון רויען האָלץ און פון מאַשין אויל, האָט מען אַרויסגענומען שטיקער ברויט מיט

קאָלבאַס און ציבעלע מיט קנאָבל און שווייגנדיקערהייט האָט מען געגעסן און פאַרטרונקען מיט וואַסער. מען האָט געוואָרפן בליקן איינע צו די אַנדערע, זיך געוויצלט אויפן צווייטנס חשבון און בכלל אַרויסגעוויזן מיסצוטרוי צום שכן.

אויך מאַטעק האָט מיטגעבראַכט זיין פעקל, וואָס די טאַנטע האָט פאַר אים צוגעגרייט.

.2

עס איז פאַראיבער אַ וואָך און מאַטעק האָט געהאַט איין טאָג, זונטיק, זיך אָפּצורוען. ער איז געווען זייער אויסגעמאַטערט, נאָר ער איז געווען צופרידענער ווי שטיין ביים אָנקל אין סטאָר. דער אָנקל און די טאַנטע האָבן געקוקט אויף אים קרום. זי האָט אים געגעבן אָנצוהערן, אַז ער וואָלט געמעגט זונטיק אַרויסהעלפן אין הויז און אין יאַרד, העלפן דעם אָנקל. מאַטעק האָט געפילט ווי ער האָט ניט קיין קיין אין גאַנצן מוסקול אין זיך. אין דער היים האָט דער פאָטער זיינער אים קיינמאָל ניט געלאָזט טאָן קיין פיזישע אַרבעט. איצט האָט מאַטעק דאָס געפילט.

— אפשר וואָלסטו דעם אָנקל געגעבן אַ האַנט אין קעלער? — האָט די טאַנטע אויסגערופן.

איז מאַטעק אַרונטערגעגאַנגען אין קעלער.

— קאָן איך עפּעס דעם אָנקל העלפן? — האָט ער געפרעגט.

— מען וועט זיך באַגיין אָן דיין הילף, — האָט דער אָנקל טרוקן אַ זאָג געטאָן, ניט קוקנדיק אויף מאַטעקן.

יענעם אָוונט האָט מאַטעק באַשלאָסן אַהיים צו שרייבן אַ צאָל בריוו. ער האָט שוין געהאַט וואָס צו שרייבן. ער וועט דערציילן סאָלטשען, אַז ער איז שוין אַן אמתער פאַבריק־אַרבעטער. ער וועט שרייבן אַ גרויסן בריוו צו גאָלדען און איר אויסמאָלן די פאַבריק מיט די מאַשינען און די אַרבעטער וואָס זידלען זיך אַליין.

מאַטעק האָט זיך פאַרטיפט אין זיינע בריוו. ער האָט ניט געקוקט אויפן זייגער. ער האָט געהאַט אַ וועג־זייגער וואָס האָט אים אויפגעוועקט צו דער מינוט. קיין סך שלאָף האָט ער ניט געדאַרפט.

מיטאַמאָל האָט זיך אין דער טיר באַוויזן די טאַנטע.

— מאַטעק, דו מיינסט, אַז גאַז קאָסט קיין געלט ניט? דו קאָנסט ניט זיצן מיט אונדז צוזאַמען אין קיך, נאָר דו דאַרפסט ברענען עקסטראַ גאַז?

מאַטעק איז געוואָרן אַן אַנגעצונדענער.

— איך האָב נאָך צו שרייבן איין בריוו און דאַן וועל איך אויפהערן.

— אַט די מינוט ווילֿ איך זאָלסטו אויפהערן שרייבן און פאַרלעשן די גאַז. איך אַרבעט שווער און ביטער פאַר מיין געלט.

מאָטעק איז צוגעגאַנגען צו דער גאַז־רער און פאַרלאָשן די לאָמפּ. ער האָט זיך געפילט אַזוי באַליידיקט דערפון, אַז ווען ער דאַרף מאָרגן גאַנץ פרי ניט גיין צו דער אַרבעט, וואָלט ער דאָ די נאַכט ניט איבערגענעכטיקט. סיי ווי, מען דאַרף מאָרגן זוכן אַן אַנדער צימער.

גראָד האָט מאָטעק זיך געהאַט פאַרשריבן אין דער אָוונט־שולֿ פון דער פּאָבליק סקול. מאָרגן איז זיין ערשטער אָוונט. גלייך נאָכן עסן מוז ער לויפן אין דער שול.

דער ליכטיקער בנין פון דער פּאָבליק סקול האָט מאָטעקן דערפרייט, ווי עס האָט אים שטענדיק דערפרייט ליכטיקייט. די גראַמע זאַלן און די הויכע סטעליעס און די פריינטלעכע פּנימער פון די לערער און אַלע אַרומיקע האָבן מאָטעקן אַריינגעבראַכט אין אַ יום־טובדיקער שטימונג. ער האָט גע־פּרואווט פאַרגלייכן די יאַראָטשינסקי שול און די שאַקין פּראָ־גימנאַזיע מיט דער פּאָבליק סקול און עס האָט זיך גלייך באַמערקט דער אונטערשייד. אין לאָדזש איז אַלץ געווען אַזוי אַנגעצויגן. דאָ איז אַלץ געווען אַזוי געמיטלעך און פריי.

די לערערין איז געווען אַן עלטערע פרוי, וואָס האָט גערעדט בלויז ענגלִיש, כאָטש אַלע שילער זיינען געווען פרעמד־שפּראַכיקע. און וואונדער אי־בער וואונדער: ווען די לעקציע האָט זיך געהאַט געענדיקט האָבן די סטו־דענטן געהאַט געלערנט אַ סך. אַלע האָבן זיך געפרייט.

מאָטעק האָט זיך ביי דער לעקציע באַקענט מיט אַ יונגן יידישן בחור. יענער האָט אים דערציילט, אַז ער אַרבעט ביי אַ קצב און אַז ער איז אין לאַנד עטלעכע חדשים. מאָטעק האָט אויסגענוצט די געלעגנהייט אים צו פרעגן וואו ער וואוינט און צי ווייסט ער פון אַ צימער. דער בחור האָט זיך אָנגע־כאַפּט אין דער פראַגע.

— צי ווייס איך פון אַ צימער? איך קען אייך קריגן אַ טוצן צימערן. אונדזער קראָם איז פולֿ מיט „רום־טולעטס". די ווייבלעך זוכן באָרדערס ווי מיט ליכט. איך וועל אייך מאָרגן ברענגען אַ צאָל אַדרעסן.

דער בחור האָט געהאַלטן וואָרט. מאָטעק האָט אויסגעקליבן איין אַדרעס אויף דער רעקאָמענדאַציע פון זיין נייעם פריינט.

— מופּט ניט אַריין צו אַ יונג ווייבל מיט קינדער. מופּט אַריין צו אַן אַלט פּאָר פאָלק, — האָט דער נייער פריינט געעצהט.

מאָטעק האָט געפאָלגט. אין אַ טאָג אַרום, גלייך נאָך דער אַרבעט, איז ער אַוועק צום אַלטן פּאָר פאָלק און געדונגען דעם צימער. די באַלעבאָסטע

האָט מסכים געווען צו געבן אים וועטשערע פינף מאָל א וואָך. און מאַטעק איז געווען זייער צופרידן וואָס מען האָט אים ניט גערעכנט קיין סך געלט.

— עס איז היימלעכער צו האָבן אַ מענטשן אין הויז, — האָט די פרוי דערקלערט.

דאָס פאָרפאָלק האָט געהאַט אויסגעגעבענע קינדער אין שטאָט און אין ניו־יאָרק. זיי האָבן, ווייזט אויס, געלעבט פון דעם וואָס די קינדער האָבן זיי געגעבן. דער אַלטער איז געווען אַ פרומער ייד און ער האָט געהאַט אַ סך ספרים אין הויז. געהייסן האָט עס, אַז מאַטעק איז נעבעך אַ יתום און מען טוט אַ מצווה וואָס מען האַלט אים אין הויז.

ווען מאַטעק איז אַהיים געקומען פון נאַיט־סקול איז שוין דאָס הויז געווען פינצטער. דאָס פאָר פאָלק איז געגאַנגען זייער פרי שלאָפן. איז מאַטעקן געווען היבשלעך אומעטיק דערפון.

דעם אָנקל האָט עס שטאַרק פאַרדראָסן וואָס מאַטעק האָט גענומען זיין טשעמאָדאַן און זיך אַרויסגעקליבן. ער האָט עס דעם אָנקל ניט געזאָגט. ער האָט דער טאַנטע געמאָלדן, אַהיים קומענדיק פון דער אַרבעט:

— טאַנטע, איך האָב זיך געדונגען אַ צימער נעענטער צו מיין פאַבריק. איך קלייב זיך איצט אַרויס.

גראָד איז דער אָנקל אין הויז ניט געווען. מאַטעק איז דערפון געווען צופרידן.

דעם ערשטן זונטיק איז מאַטעק געקומען צום אָנקל אין הויז אַריין און געפונען אַ פעקל בריוו פון דער היים פאַר זיך.

אַ פּאָר חדשים האָט מאַטעק געאַרבעט אויפן גרונט־שטאָק פון דער פאַבריק. די געביידע איז באַשטאַנען פון פינף שטאָק. אַ לאַנגע רויט־ציגל־דיקע געביידע, ווי אַ ריזיקער קאַסטן. מאַטעק האָט זיך שוין געהאַט צוגע־וואוינט צו דער אַטמאָספערע. די זידלערייען און די שטעך־ווערטלעך האָבן אים איבער שטאַרק געאַרט. ער האָט אָנגעהויבן רעדן מיט די פוילישע און רוסישע אַרבעטער, געזען אַז זיי זיינען פאַרגרעבט, כמעט קיינער פון זיי איז קיינמאָל אין קיין שקאָלע ניט געגאַנגען. זיי האָבן קוים געקאָנט זייערע נע־מען אונטערשרייבן, די מערסטע האָבן טאַקע ניט געקאָנט. דאָס זעלבע איז געווען מיט די איטאַליענער. גוטמוטיקע מענטשן אַלע, נאָר דער מאַשין־גע־רויש האָט זיי באַרוישט און פאַרטויבט זייער גוטסקייט.

— וואָס דו זאָגסט, בחור, איז גאַנץ וואויל. פראַסטאַקעס זיינען מיר, אָן בילדונג, אָן דערציאונג, ווי די חזירים זיך אויפגעהאָדעוועט. דאָ אין אַמע־ריקע ניטאָ קיין צייט זיך צו לערנען. צו מיד, צו אַלט, אַ הויז מיט קינדער, די ווייב אויסגעמאַטערט. דיר איז גוט, ביסט יונג, דער קאָפּ איז פריש,

גייסטו אין סקול און לערנסט און ווייסט ווערן אַ לייט און מיט דער צייט —
אַרויס פון דער פעקטאָרי און זיך נעמען פאַר עפּעס אַנדערש. אַ סך גייען אין
נאַיט סקול און ווערן לאָיערס און אפילו דאָקטוירים. אַרבעטן אין פעקטאָרי
בייטאָג און לערנען ביינאַכט. גליקלעכע מענטשן. — אַזוי האָבן די רוסישע
שכנים זיינע גערעדט צו מאַטעקן.

וואָס מער ער האָט גערעדט צו זיי פריינטלעך, אַלץ בעסער זיינען גע־
וואָרן זייערע באַציאונגען צו אים. מער האָט ער פון זיי שוין ניט געהערט
דעם באַקאַנטן „זשידאָק". מען האָט אים גערופן „מאַו" און „מאַטעק". באַלד
האָבן זיך די פּוילישע אַרבעטער דערוואוסט, אַז מאַטעק קאָן לייענען זייערע
בריוו פון דער היים און יעדן טאָג איז מען געקומען צו אים מיטאָגצייט
און הכנעהדיק זיך געבעטן ביי אים, אַז ער זאָל איבערלייענען אַ בריוו פון
דער היים.

ווי פון זיך אַליין האָבן די אַרבעטער אָנגעהויבן קוקן אַנדערש אויף מאַ־
טעקן, אפילו די איטאַליענישע אַרבעטער האָבן באַקומען דרך־ארץ פאַר אים,
זעענדיק ווי די רוסן און די פּאָליאַקן נוצן מער ניט קיין צונעמען, נאָר רופן
אים ביים ריכטיקן נאָמען.

איינמאָל איז אָבער מאַטעק אַרויס פון געדולד, ווען אַ דייטש האָט חוזק
געמאַכט פון אים, האָט ער אים מיט כעס געענטפערט:

— איך האָב אַ נאָמען און איר רופט מיך ניט ביי מיין נאָמען. איך האָב
אייך גאָרניט געטאָן, אַז איר זאָלט מיך יעדן טאָג באַליידיקן. איך באַ־
ליידיק אייך ניט. וואָס האָט איר צו מיר?

— פאַרמאַך דיין פּיסק, דו לומפּיקער יודע! — איז דער דייטש רויט
געוואָרן.

— אויב איר וועט מיך נאָך איינמאָל באַליידיקן, וועל איך אייך דער־
לאַנגען מיט אַ ברעט איבערן קאָפּ.

דער דייטש האָט זיך דערשראָקן. ער איז געווען אַ נידעריקער מאַן אין
די פערציקער, מיט אַן אויסגעקראָכענעם קאָפּ טונקעלע האָר און מיט איינ־
געפאַלענע באַקן. ער האָט מורא געהאַט פאַר דעם איטאַליענער שכן, מיט
וועלכן ער האָט זיך געהאַט פאַרטשעפּעט, מחמת יענער איז צוגעגאַנגען צו
אים און אויסגעשטרעקט זיין פויסט צו זיין נאָז. מאַטעק האָט עס געהאַט
געזען. דערפאַר האָט ער זיך איצט אָנגענומען מיט מוט.

ווען דער דייטש האָט דערהערט מאַטעקס רייד, האָט ער זיך אויסגע־
דרייט צו דער מאַשין און אַנטשוויגן געוואָרן. גראָד האָט מאַטעק געדאַרפט
ברענגען אַ וועגל קלעצער צו אים אין דער זעלבער שעה. מאַטעק האָט לאַנג־
זאַם אויסגעלייגט דאָס האָלץ און געהאַלטן אין איין קוקן אויפן דייטש, זייענ־

דיק גרייט עפּעס אָנצוהויבן. דער דייטש האָט געפּילט הינטער זיך מאַטעקס בייזע בליקן און ער האָט זיך ניט אויסגעדרייט. אַנדערע אַרבעטער האָבן דאָס באַמערקט און געהאַלטן אַן אויג אויף זיי ביידע.

מאַטעק האָט געוואונען אין פּרעסטיזש.

דער פאָרמאַן מעקענזי איז געווען צופרידן פון מאַטעקן. מאַטעק האָט קיין איין טאָג ניט געהאַט פאַרפעלט, קיינמאָל ניט פאַרשפּעטיקט, מיט קיינעם זיך ניט געשלאָגן, געטאָן זיין אַרבעט געוויסנהאַפטיק.

איינמאָל איז אַריינגעקומען קעלער זען מאַטעקן.

— נו, ווי גייטס ? האָסט שוין געאַרבעט ביי דער מאַשין ? — האָט קעלער געפרעגט.

— ניין, הער קעלער, — האָט מאַטעק געענטפערט אויף דייטש, — איך האָב נאָך די געלעגנהייט ניט באַקומען דעררוויי.

— איך וועל אַ רעד טאָן מיט מעקענזין, — האָט ער געזאָגט און גלייך צוגעגאַנגען צום פאָרמאַן. נאָך דעם זיינען זיי ביידע צוגעקומען צו מאַטעקן, וואָס האָט אויסגעלאָדן קלעצער.

— גוט, מאָו, היינט נאָכמיטאָג וועל איך דיך אויספּרואוון ביי דער זאַמד־מאַשין, — האָט געזאָגט מעקענזי.

דער פאָרמאַן אַליין האָט מאַטעקן געוויזן ווי אַזוי צו אָפּערירן די מאַשין. מאַטעק האָט עס שנעל באַנומען. די תורה איז געלעגן אין דעם קאָנטראָל פון די הענט, אין דער שטאַרקייט פון די מוסקולן. נאָר דאָס מויל איז באַלד פול געוואָרן מיט דעם גלאָז־זאַמד און מאַטעק האָט דערפילט, אַז דער זאַמד גייט אים אין די אויגן אַריין און אין די נאָזלעכער.

געמיינט האָט ער, אַז ער וועט באַקומען אַ הוספה אויף די שכירות, נאָר אין זיין קאָנווערט האָט ער געפונען די זעלבע זיבן דאָלער ווי אַלעמאָל.

קאַפּיטל זעקס

# מ ר. ק ע ל ע ר

.1

די בריוו וואָס מאָטעק האָט געהאַט דערהאַלטן פון דער היים, האָבן אים אַריינגעבראַכט אין אַ מאָדנער שטימונג. די בריוו האָבן אים ניט צופרידנגעשטעלט. ער האָט ניט געוואוסט, אַז ער איז אַליין געווען די סיבה דערפון וואָס זיינע בריוו האָבן ניט אויסגענומען.

וואָס האָבן זיינע אייגענע דערוואַרט פון אים? האָבן זיי געגלויבט, אַז די ערשטע פּאָר חדשים וואָס ער איז געווען אין לאַנד, וועט ער זיך איינאָרדנען און אָפּשפּאָרן געלט און אָנהויבן שטיצן די שוועסטער? מאָטעק איז געווען צו נאַאיוו צו קאָנען מאָלן אַ העל בילד פון זיינע ערשטע מאָנאַטן אין אַמעריקע. דערפאַר האָבן זיינע בריוו ניט אויסגענומען. בכלל איז ער ניט געווען קיין גוטער בריוו־שרייבער.

וואָס האָבן געקאָנט זיין די ענטפערס אויף זיינע בריוו?

דער אָנקל גוסטאַוו האָט פון זיי אַרויסגעלייענט מאָטעקס הילפלאָזיקייט און זיין, גוסטאַווס, קלאָרן בליק אויף דער גאַנצער זאַך. ער האָט זיך דערפאַר באַרימט אַ פאַר דער פרוי, אַ פאַר זיין ברודער און שוועסטער.

— וואָס האָב איך אייך געזאָגט? אַמעריקע איז אַ ביטער לאַנד. ער וועט זיך שעמען צוריקצוקומען, ער איז אַ קאַלינסקי, אַן עקשן. נאָר הלוואי זאָל עפּעס גוטס אַרויסקומען פון אים.

גוטשיא איז אויך געווען פּראַקטיש און זי האָט פאַרשטאַנען, אַז מאָטעק איז זייער אומצופרידן און אַז דער אָנקל וועלוול (ווילי) האָט פאַר אים קיין צוקונפט ניט אָנגעגרייט.

— וועלכער נאָר האָט אים געשטופּט צו פאָרן אין אַמעריקע? וואָלט ער נאָר געפאָלגט דעם אָנקל גוסטאַוו, וואָלט שוין אַלץ גוט געווען. איצט מוז אים באַנג טאָן.

סאַלטשע האָט געטראַכט, אַז מאָטעק נויטיקט זיך אַצינד אין איר מער

ווי אַלעמאָל. זי איז געווען עלטער פון אים און זי האָט אים אויך ליב געהאַט ווי אַן עלטערע שוועסטער. פאַרקערט, זיין לאַגע האָט געפאָדערט, אַז זי זאָל זיין לעבן אים. ווען זי וואָלט מיט אים געווען אין אַמעריקע, וואָלט זי אים אַרויפגעפירט אויפן ריכטיקן וועג.

האָט דער אָנקל גוסטאַוו מאָטעקן געענטפערט, אַז ער זאָל זיך אינגאַנצן פאַרלאָזן אויפן אָנקל וועלוול. פאָרט איז דאָך דער אָנקל וועלוול אַזוי לאַנג אין לאַנד און ער האָט אים דאָך אַריבערגענומען און ער ווייסט וואָס עס איז בעסער פאַר מאָטעקן ווי „יעמאַנד".

און גוטשיאַ האָט דערציילט וועגן זיך און וועגן די שוועסטער די זעלבע אַלטע געשיכטע. עס איז אַלעמען שלעכט און זי איז געווען אויפן בית־עולם ביים טאַטן און זאָל מאָטעק נאָר פאָלגן דעם אָנקל אין אַמעריקע. ער ווייס דאָך דעם טעם פון זיין אין דער פרעמד. מען מוז זיך בייגן אין דרייען, אַניט וועט מען צעשפּאָלטן אויף שפּענער.

וואָרעם איז מאָטעקן געוואָרן פון סאָלטשעס אַ בריוו. ער האָט דעם בריוו איבערגעלייענט אַ סך מאָל און ניט איינמאָל ביי דער אַרבעט געטראַכט וועגן אים.

„ווי איך זע, — האָט זי געשריבן אין איר דינער האַנטשריפט, — האָסטו זיך נאָך ניט געביטן, זינט דו ביסט אין דער אַמעריטשקע. מענטשן זאָגן, אַז גלייך ווי מען קומט אָן אין דעם נייעם לאַנד, וואַרפט מען פון זיך אַראָפ די היימישע שקורע. דו ביסט אָבער דער וואָלף וואָס בייט זיינע האָר, נאָר ניט זיין נאַטור. אוי, ווי איך קאָן דיך גוט, מאָטוש, און דערפאַר בענק איך נאָך דיר אַזוי שטאַרק.

„ווילסטו וויסן וואָס ביי אונדז טוט זיך? ס'איז בעסער, אַז דו זאָלסט ניט וויסן. וואָס וועט דיר אַרויסקומען, אַז דו וועסט וויסן, אַז סאָלטשע זוכט אַ פּאָסטן און קאָן אים ניט קריגן און אַז סאָלטשע האָט זיך אַריינגעוואָרפן מיט לייב און לעבן אין דער רעוואָלוציאָנערער באַ־וועגונג, וואָס לעבט ביי אונדז איבער, ווי איבער גאַנץ רוסלאַנד, אַ קריטישע צייט. מיך אַרט ניט, אויב מען וועט מיך פאַרשיקן אין סיביר. איך האָב פאַר קיין פּראָוואָקאַטאָרן קיין מורא נישט. איך דער־שמעק זיי פון וויטנס. דאָס וואָס דו שרייבסט, אַז דו ביסט געוואָרן אַן אמתער אַרבעטער אין אַמעריקע, וועט דאָס דיין משפּחה סוחרים ניט דערפרייען. נאָר אונדזערס ס'גאָל מענטשן, וועט עס הנאה טאָן. די וועלט איז דאָך איינגעטיילט אין אַרבעטורערס און עקספּלאָאַטאָרס. מען קאָן ניט זיצן מיט איין הינטן אויף צוויי שטולן. אַהער אָדער אַהין. דו ביסט אַן אונדזעריקער. ווען איך וועל אַמאָל דערלעבן צו קו־

מען נאָך אַמעריקע, וועל איך זיך ‏געזעגענען אין קאַמף פאַר דער אַר־בעטער־זאַך. ווען איך האָב דערציילט געגאָסן וועגן דיר און וועגן דיין גיין אין פאַבריק, האָבן זיי אויסגעדריקט זייער צופרידנקייט. מיר ווילן ניט קיין רייכטום, נאָר מיר שטרעבן צו גערעכטיקייט. דאַן וועט זיין אַ גליקלעכע וועלט. איך אַרבעט ניט, נאָר איך האָב מיר געקויפט אַ נייע בלוזקע, מיט אויסגענייטע בלימעלעך. דו וואָלסט זיך פאַרליבט אין — דער בלוזקע".

מאָטעק האָט זיך געוואונדערט, וואָס ער הערט ניט פון די יאַקובאָוויטשעס. זייער בריוו האָט אים מער אינטערעסירט ווי עמיצנס אַנדערש. ערשטנס, האָט ער געהאָפט, אַז מיט זייער קומען קיין אַמעריקע, וועט זיך זיין אייגענע לאַגע בייטן. ער האָט געוואָלט זיין אין ניו־יאָרק צוליב אַ סך סיבות. צווייטנס, האָט ער געגלויבט, אַז ווען שימעק וועט קומען, וועלן זיי ביידע קאָנען זוכן די זעלבע באַשעפטיקונג. דריטנס, האָט ער, זינט ער איז געווען אין אַמע־ריקע, שטאַרק געבענקט נאָך גאָלדען. אין פינצטערע מינוטן האָט איר זוניק פנים אַ שטראַל געטאָן אויף אים און ס׳איז אים געוואָרן גוט דערפון.

ענדלעך איז אים אָנגעקומען אַ בריוו פון שימעקן און אין אַ וואָך אַרום אַ בריוו פון גאָלדען. שימעקס בריוו איז געווען קורץ, נאָר וויכטיק. די גאַנצע משפחה האָט שוין שיפסקאַרטן און אינגיכן פאָרט מען אַרויס דורך האַמבורג נאָך ניו־יאָרק. דער ברודער אין ניו־יאָרק האָט זיך שוין איינגעאָרדנט און אַלע פלענער ווערן געמאַכט איינצואָרדנען די פאַמיליע ביים אָנקומען.

גאָלדעס בריוו איז געווען, ווי זי אַליין — זוניק, שטיפעריש.

„מיין אַמעריקאַנער דזשענטלמען! דו דאַרפסט מיך ניט לערנען קיין ענגליש. איך וועל דיר ווייזן אַ קונץ און דאָס צווייטע מאָל דיר שרייבן אַן ענגלישן בריוו. איך טו איצט איין זאַך — איך גרייט זיך צו ווערן אַן אַמעריקאַנער גערל (גורל). איך האָב אויף דער מאַפע אויס־געפונען דיין שטאָט און איך ווייס וויפל מייל דו ביסט פון ניו־יאָרק און איך ווייס וויפל שעה עס וועט דיר דויערן צו קומען צו מיר. שימעק האָט דיר שוין געשריבן, אַז מיר פאָרן אַרויס אינגיכן. אין ניו־יאָרק זאָלסטו מיך אָפּוואַרטן, ווי עס פּאַסט פאַר אַ דזשענטלמען און מיר ברענגען אַ בוקעט פרישע העלע בלומען, ווי עס פאַסט פאַר אַ דזשענטל־מאַן, וואָס בענקט נאָך זיין גערל. איך טראַכט, צי זאָל איך אָפּשערן מיינע האָר, ווי ס׳איז איצט די מאָדע אין אַמעריקע. נאָר איך האָב באַשלאָסן, אַז די אַמעריקאַנער וועלן מיך דאַרפן צונעמען מיט מיין לאַנגן צאָפּ. איך האָב זייער ליב מיין צאָפּ און וועל זיך מיט אים ניט שיידן."

דאָס שרייבן בריוו אַהיים און דאָס דערהאַלטן בריוו פון דער היים, ווי ניט־צופרידנשטעליק זיי זיינען געווען, איז געווען מאַטעקס איינציקע פרייד און טרייסט וואָס ער האָט געהאַט פאַר דער צייט וואָס ער האָט זיך געפונען אין אַמעריקע.

.2

די אַרבעט ביי דער זאַמד־פּאַפּיר מאַשין, האָט מאַטעקן מער אויסגעמאַטערט, ווי דאָס שלעפּן שטולן צום עלעוועיטער אָדער ווי דאָס אויסלאָדן קלעצער. נאָר הויפּטזעכלעך האָט אים פאַרדראָסן וואָס ער באַקומט ניט דעם זעלבן לוין, ווי די אַנדערע אַרבעטער וואָס האָבן באַקומען צוויי מאָל אַזוי פיל אַ וואָך און מער נאָך, ווי ער. ער האָט באַשלאָסן זיך דורכרעדן וועגן דעם מיט קעלערן. ער האָט אים אָפּגעוואָרט פאַרנאַכט ביים אַהיימגיין. קעלער האָט זיך געאיילט, נאָר ער האָט מאַטעקן אויסגעהערט געדולדיק.

— איך מיין אויך אַזוי, אַז דו דאַרפסט באַקומען מער געלט, נאָר איך קאָן זיך אין דעם ניט מישן. עס איז ניט מיין דעפּאַרטמענט. איך פאַרשטיי, אַז די אַרבעט איז זייער שווער און דו ביסט באַרעכטיקט צו אַ העכערונג, נאָר מעקענזי קאָן ניט פאַרטראָגן קיין אומצופרידענע אַרבעטער. וועסט אים פרעגן, וועט ער דיך גלייך אָפּזאָגן. איך וויים עס, אַזוי האָט פּאַסירט מיט אַנדערע. וואַרט צו נאָך אַביסל. דערצייל קיינעם ניט. איך וועל פּרוּוון אויסגעפינען וואָס עס שטעקט הינטער דעם. איך האָב אַ פאַרדאַכט. אַ גוטע נאַכט. האָב געדולד, יונגערמאַן."

מאַטעק איז אַהיימגעפאָרן אַ פרייליכער פון קעלערס אָפּנהאַרציקע רייד צו אים. קעלער איז געווען דער ערשטער מענטש אין לאַנד, צו וועמען מאַטעק האָט באַקומען אַ וואַרעם געפיל. אַזאַ פשוטער און ערליכער. אַזוי, שטעלט זיך מאַטעק פאָר, דאַרפן זיין די אַמעריקאַנער. אַזוי זיינען געווען די גרינדער פון לאַנד, ווי ער האָט דאָס באַגריפן פון לייענען די היגע געשיכטע.

עס איז אַוועק נאָך אַ וואָך צייט און מאַטעק האָט ווידער באַקומען זיבן דאָלער, אַנשטאָט זעכצן, ווי עס האָט באַקומען זיין שכן, וואָס האָט געטאָן די זעלבע אַרבעט וואָס ער. נאָר יענער האָט שוין דאָ געהאַט געאַרבעט דאָס דריטע יאָר.

מיטאַמאָל האָט מאַטעק דערזען, ווי מעקענזי דרייט זיך אַרום ביי די זאַמד־פּאַפּיר־מאַשינען און טומלט. ער נעמט אַ גלאָט ברעטל און הייבט עס אָן צו עקזאַמינירן און שרייט:

— וואָס פאַר אַן אַרבעט איז דאָס? עס איז ניט גענוג גלאַט, עס דאַרף

גלאַנצן ווי אַ הינטן, ניט האָבן קיין יידיש בערדל אויף זיך. איך מיין טאַקע דיך אויך, מאָו. וואָס שלאָפט איר ביי דער אַרבעט? וואו זיינען אייערע אויגן? הערט אויף הורן גאַנצע נעכט. אויב איר קאָנט ניט טאָן קיין בעסערע אַרבעט, טראָגט זיך, צום טייוול, אָפּ פון דאַנען. עס וואַרטן געגנוג הענט אין אָפיס.

מאָטעק האָט געשוויגן. איין אַרבעטער ביי דער מאַשין האָט אויסגעשריגן, נאָך מעקענזיס אַוועקגיין:

— דער אַלטער פוקס הייבט שוין ווידער אָן די פוילע שטיק. ער האָט שוין אָנגעשטעלט צוויי נייע הענט ביי די זאַמד־פּאַפּיר מאַשינען. ער וועט באַלד אָפּזאָגן די וואָס אַרבעטן דאָ לאַנג און וואָס באַקומען מער געלט. וואָס דאַרף ער צאָלן זעכצן דאָלער, ווען ער קאָן אַוועקשטעלן אַ מענטשן פאַר זיבן דאָלער. דערפאַר איז ער אַ גוטער פאַרמאַן. עמיצער האָט אים געדאַרפט דעם קאָפּ פּלעטן, ווי יעזוס איז מיר ליב.

די צרה איז געווען, וואָס מאָטעק האָט ניט געקאָנט געגנוג ענגליש צו פאַרשטיין אַלץ וואָס די ענגליש־רעדנדיקע אַרבעטער האָבן געזאָגט און ער האָט זיך אויך ניט געקאָנט אויסטענהן מיט זיי. געוואָלט האָט ער וויסן פאַרוואָס די אַרבעטער זיינען ניט אָנגעשלאָסן אין אַ פאַראיין, פאַרוואָס שטעלט מען ניט אַרויס פאָדערונגען און פאַרוואָס רופט מען ניט אַרויס קיין סטרייק פאַר בעסערע באַדינגונגען. ווען ער האָט די אַלע פראַגעס געפרעגט איינעם פון די רוסישע אַרבעטער, האָט יענער געלאַכט, געלאַכט הויך און מיט באַדויער:

— די שניידער זיינען אָרגאַניזירט. די ציגאַר־מאַכער זיינען אָרגאַניזירט. נאָר מיר זיינען קיין פאַך ניט. אונדז איז שווער צו אָרגאַניזירן. די יוניאָנס אָרגאַניזירן די וואָס עס איז לייכט. די יוניאָן־אַגענטן האָבן נישט ליב צו אַרבעטן שווער. אין אַמעריקע די פאַבריקן מאַכן מאַסן אַרבעט. די מאַשין טוט די אַרבעט, דו ביסט אַ האַנט, יעדער איינער קאָן טאָן דיין אַרבעט. אין צען מינוט לערנט מען דיך אויס אַרבעטן ביי דער זאַמד־פּאַפּיר מאַשין. אונדז וויל מען ניט אַריינעמען אפילו אין דער יוניאָן. די אי. דאַבליו דאַבליו זיינען בעסער.

מאָטעק האָט ניט פאַרשטאַנען אַלץ וואָס דער אַרבעטער האָט אים געזאָגט, נאָר זיינע רייד זיינען געווען אַ נייעס פאַר אים. צופיל האָט דער רוס ניט געוואוסט, נאָר מאָטעק האָט פון אים געלערנט.

ער איז געווען אומגעדולדיק אויסצוגעפינען, צי קעלער וועט מיט איםריידן. ער האָט געוואַרט נאָך דער אַרבעט; קעלער האָט אים געזען, נאָר זיך ניט אָפּגעשטעלט, שנעל אַוועקגעגאַנגען.

ביז איינמאָל, אינמיטן דער אַרבעט, איז קעלער צוגעקומען צו זיין מאַשין און געזאָגט:

— מאָרגן וועל איך דיך אַרויפרופן צו זיך. מעקענזי וועט דיר אָנזאָגן. ווען ער וועט דיך פרעגן, זאָלסטו זאָגן, אַז דו ווייסט ניט צוליב וואָס איך רוף דיך. זאָלסט גלייך אַרויפקומען, הערסט ?

צומאָרגנס, אַ שעה פאַר מיטאָג, איז מעקענזי צוגעקומען צו מאָטעקס מאַשין און געזאָגט :

— מען דאַרף דיך האָבן אין אָפיס. קום גלייך צוריק, נאָ מאָנקי ביזנעס.

אין אָפיס האָט די מיידל געהייסן מאָטעקן אַרויפגיין אויפן פינפטן שטאָק זען מר. קעלער. זי האָט אים אָנגעזאָגט, אַז ער זאָל גיין, ניט פאָרן אויפן עלעוועיטער.

ווען מאָטעק איז אַריינגעקומען אין קעלערס אָפיס, איז אים געוואָרן אַ ליכט אין די אויגן. גרויסע, הויכע, ברייטע פענצטער פון אַלע זייטן. קעלערס לאַנגער טיש באַגאָסן מיט זונשיין. אַ גלעזערנע טיר האָט אַריינגעפירט אין אַ גראַמען זאַל, וואו אַרבעטער האָבן רואיק געשניצט און געשניטן און גע־האַמערט מיט הילצערנע האַמערס. דאָ זיינען קיין מאַשינען ניט געווען, נאָר אַלץ איז געטאָן געוואָרן מיט די הענט.

— זיץ. ווי זאָל איך דיך רופן ? — האָט געפרעגט קעלער, קוקנדיק אויף מאָטעקן מיט אַ שמייכל.

— מאָטעק.

— גוט, מאָטעק. ס׳איז אַ שיינער נאָמען. הער, איך קאָן מאַכן פאַר דיר פּלאַץ ביי מיר אין צימער. דאָ, ווי דו זעסט, איז בעסער צו אַרבעטן. דו וועסט אָפּערירן אַ קליינע האַנט־מאַשין, וואָס שניידט דינע שטעקעלעך אַריינצופּאַסן אין די שטרוי־זיצערס. דאַרפסט זיין פּינקטלעך, גוט אויסרעכענען, זיך ניט איילן. וועסט זיין פאַראַנטוואָרטלעך צו די מענטשן, וואָס גרייטן צו מוסטער־שטולן. זיי זיינען אונטער מיין אויפזיכט. פיינע חברה־לייט. די צרה איז נאָר וואָס איך קאָן דיר ניט געבן מער וויפל דו באַקומסט שוין. איך האָב אויסגעפונען, אַז מעקענזי וועט אָפּזאָגן די מאַשין־אַרבעטער וואָס קריגן מער געלט און דאָס מיינט, אַז דו האָסט דאָרט ניט קיין געלעגנהייט זיך אַרויפצו־אַרבעטן. ביי מיר האָסטו אויך אַזאַ מעגלעכקייט. בלויז קוואַליפיצירטע שניצערס און פאַכלייט וואָס באַלאַנגען צו יוניאָנס, קריגן דאָ מענטשלעכע שכירות. מיין מיינונג איז, אַז דו זאָלסט דערווייל אַרבעטן ביי מיר און דאַן וועסטו האָבן מער צייט און מיטלען זיך צו באַטראַכטן וועגן לערנען אַ פאַך אָדער עפּעס אַנדערש. איך ווייס ניט וואָס דו האָסט אין געדאַנק. אין איצטיקן מאָמענט דאַרפסטו באַשטימען, צי דו ווילסט אַרבעטן ביי מיר, וועל איך לאָזן וויסן דעם אָפיס, אַז איך מוז דיך האָבן.

מאָטעק איז געווען העכסט צופרידן. די שטילקייט און מענטשלעכקייט

פון קעלערס אָפּיס, די ליכטיקייט פון צימער — דאָס אַלץ האָט מאַטעקן אָנ־געפּילט מיט האָפּערדיקייט.

דעם זעלבן נאָכמיטאָג איז מאַטעק אַרויפגעקומען אַרבעטן צו קעלערן. קעלער אַליין איז אַריין אין אַרבעט־זאַל און געזען וואו מאַטעק וועט אַרבעטן. אים איז ניט געפעלן געוואָרן דער ווינקל, וואו די מאַשינקע איז געשטאַנען אויף אַ טיש. עס איז געווען צו־שמאָל און ניט באַקוועם.

— ווייסט איר גאָר וואָס, — האָט קעלער זיך געווענדט אין דייטש צו מאַטעקס זאויפּפאָסער, אָן עלטערן דייטש מיט כיטרע וואָנצעס, — שפּילפּאָגל, איך וועל דעם בחור צונעמען צו זיך אין אָפּיס. איך האָב דאָרט גענוג פּלאַץ פאַר אַ לאַנגן טיש. מען וועט אַרויסנעמען די צוויי שווערע פאָטעלן, וואָס שטייען ביי מיר און שטערן מיר בלויז זיך צו באַוועגן פריי. הייס פּראַנצן גלייך אַלץ איבערשטעלן. דו, מאַטעק, דריי זיך אַרום און קוק זיך צו, ווי די שניצערס טוען זייער אַרבעט, איך וועל דיך אַריינרופן, ווען אַלץ וועט זיין גרייט.

מאַטעקן איז פון דאַן אָן געוואָרן אַ ליכט אין די אויגן. אַריינגעקומען אין דער פרי, טאַקע זיבן אַזייגער, נאָר קיינער איז אין אָפּיס ניט געווען. קעלער איז געקומען האַלב נאָך אַכט און די אַרבעטער פון זיין דעפּאַרטמענט זיינען געקומען אַכט אַזייגער. די שעה צייט איז מאַטעק געווען אַליין. קיינער האָט אים ניט געיאָגט. ער האָט מיטגעבראַכט זיין פרישטיק און געגעסן, אַרויסגעקוקט אויף דער שטאָט פון זיין פענצטער, וואָס האָט זיך געפונען לעבן דער מאַשינקע. די איינציקע צרה איז געווען, וואָס ער האָט אַ גאַנצן טאָג געדאַרפט שטיין אויף די פיס און ניט זיך געקאָנט באַוועגן פריי. די אַרבעט איז געווען זייער אַ מאָנאָטאָנע און אַ לייכטע — מעסטן די שטעקעלעך און זיי אָפּשניידן לויט די אינסטרוקציעס פון זיינע עלטסטע.

מאַטעק האָט ליב געהאַט צו אַרבעטן לעבן קעלערן. ווען קעלער איז אַריינגעקומען אין דער פרי איז ער צוגעקומען צו מאַטעקן און אים געפרעגט וואָס ער מאַכט און וואָס ער האָט געלערנט אין נאַיט סקול און צי האָט ער דערהאַלטן בריוו פון דער היים. טיילמאָל האָט קעלער פאַרבראַכט אַ צען מינוט צייט מיט מאַטעקן, אים כסדר אויסגעפרעגט, נאָר זעלטן אַרויסגעזאָגט זיך וועגן עפּעס. בלויז ווען מאַטעק האָט אים געפרעגט, האָט ער זייער קורץ געענטפערט.

עס זיינען אַריבער עטלעכע חדשים ווי מאַטעק האָט געאַרבעט ביי קע־לערן אין צימער. אַ פּאָר מאָל האָט קעלער מאַטעקן געבעטן, אַז ער זאָל פאַר אים עפּעס אַהיים טראָגן.

— די פרישע לופט וועט דיר גוטס טאָן, מאַטעק, — האָט קעלער געלאַכט.

מאַטעק האָט זיך אויפגעזעצט אויפן טראַמוואַי און געפאָרן אויסערן שטאָט, וואו עס האָט זיך געפונען קעלערס הייזל, אַרומגערינגלט מיט אַלטע ביימער פון אַלע זייטן. קעלערס פרוי, מיט אַ קליין קינד אויף די הענט, האָט צו אים גערעדט דייטש.

— מיין מאַן האָט מיר דערציילט וועגן אייך. איר זייט ניט לאַנג אין לאַנד. איר לערנט זיך אין אָוונט. דאָס איז זייער גוט. קומט אַריין און טרינקט אַ גלאָז מילך און פאַרבייסט מיט אייגן געבאַקענעם קוכן.

קעלערס פרוי איז געווען יונג, אַביסל העכער פון איר מאַן, מיט גלאַטע ברוינע האָר און שוואַרצע אויגן. איר קול איז געווען הילכיק און פריידיק, פונקט דער קעגנזאַץ פון קעלערס פאַרהוילענער שטילער שטימע.

איינמאָל איז קעלער אַריינגעקומען אין דער פרי צו דער אַרבעט און צוגעגאַנגען צו מאַטעקן און אים געפרעגט אין דער שטיל:

— דו לייענסט דייטש?

— געוויס, הער קעלער.

קעלער האָט אַרויסגענומען פון זיין אינוויינקסטער קעשענע צוויי דייטשע בראָשורן און זיי דערלאַנגט מאַטעקן.

— האָסט געהערט פון ווילהעלם ליבקנעכט? דו קומסט דאָך פון לאָדזש, אַן אינדוסטריעלע שטאָט. אינטערעסירסט זיך מיט אַרבעטער־פראַגן? ווייסט וואָס סאָציאַליזם איז? נאַ, לייען, נאָר באַהאַלט זיי גלייך, אַז מען זאָל זיי ניט אַרויסזען. פאַרשטאַנען?

און אַזוי האָט מאַטעק באַקומען יעדע וואָך אַ ביכל אָדער צוויי פון קעלערן.

— האָסט געלייענט? ווילסט נאָך אַ ביכל? דאַרפסט זיי מיר ניט צוריקברענגען. שטודיר זיי גרינטלעך.

מאַטעקן איז אויסגעקומען אַריינצוגיין אין אַרבעט־צימער צו די שניצערס און ער האָט ניט איינמאָל געהערט ווי די אַרבעטער האָבן צווישן זיך גערעדט וועגן דער רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד פון 1848, וועגן מאַרקס און ענגעלס, וועגן לינקאָלן און מאַרקס. ער האָט אויסגעפונען, אַז כמעט אַלע שניצערס האָבן באַלאַנגט צו דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פעדעראַציע. בלויז איין שניצער, אַ יינגערער, איז געווען אַ מיטגליד פון דער סאָשיאַליסט לעיבאָר פאַרטיי. ער האָט געהאַלטן אין איין אַרגומענטירן מיט די סאָציאַל־דעמאָקראַטן. ער איז געווען דער אָנגרייפער און זיי האָבן זיך פאַרטיידיקט. איבערהויפט זיינען די דיסקוסיעס אָנגעגאַנגען ביים עסן. ניט איינמאָל האָט קעלער זיך באַטייליקט אין זיי. ער האָט אָבער איינמאָל אָנגעזאָגט מאַטעקן, אַז ער זאָל ניט אַריינגיין עסן מיט די שניצערס, דערפאַר „וואָס זיי ווילן ניט האָבן קיין פרעמדע צווישן זיך".

— זיי זיינען פון אַלטן שניט, קאָנסערוואַטיוו, אפילו רעאַקציאָנער און גאָרניט אַמעריקאַניש דעמאָקראַטיש. דו, מאַטעק, שטודיר מאַרקסיזם און מיט דער צייט וועסטו אַליין זיך אויסקלייבן דיין פּאַרטיי, נאָר זיי גוט צו־געגרייט מיט מאַרקסיסטישן וויסן, אַניט וועסטו צעטומלט ווערן, — האָט קעלער שטיל געזאָגט.

איינמאָל, ווען מאַטעק איז געקומען זיבן אין דער פרי צו דער אַרבעט, האָט ער דערזען אַ גרויסן עולם פאַרן טויער פון דער פאַבריק. ער האָט געדאַרפט דורכגיין דעם טויער.

— וואָס האָט פּאַסירט? — האָט ער געפרעגט און דערקאַנט אַרבעטער פון גרונט־שטאָק, וואו ער האָט אַמאָל געאַרבעט. זיי זיינען געשטאַנען מיט די פּעקלעך עסן אין די הענט.

— וואָס האָט פּאַסירט? — האָבן זיי געענטפערט איראָניש, — עס האָט שוין גאָר פּאַסירט. מען הייסט אונדז גיין אַהיים. ניטאָ קיין אַרבעט. אונדז געלאָזט וויסן נעכטן. די טיר איז פאַרמאַכט און מעקענזי שטייט און הייסט גיין אַהיים. ווען ס'וועט זיין אַרבעט, זאָגט ער, וועט מען אונדז מעלדן. וויס קיינער ניט. ער הייסט אונדז קומען קומענדיקן מאַנטיק אויסצוגעפינען. הינטישע זין.

מאַטעק האָט זיך דערשטופּט צו מעקענזין.

— פאַרן „דזשו־באָי" וועט אויך קיין אַרבעט ניט זיין, — האָט מעקענזי אויסגעשריגן און דער עולם האָט געלאַכט.

דאָך האָט מאַטעק באַשלאָסן צו וואַרטן ביז קעלער וועט קומען. איז עס מעגלעך, אַז קעלער האָט ניט געוואוסט?

עס האָבן געהאַלטן אין איין אָנקומען נייע אַרבעטער און קיינער האָט זיך פון פלאַץ ניט גערירט. מען האָט זיך צוגעזעצט אויף דער נאַקעטער ערד, מען איז אַרומגעגאַנגען און אַריינגעקוקט אין די פענצטער פון דער פאַבריק, ווי מען וואָלט זיך ניט געגלויבט. נאָר די מאַשינען זיינען געווען שטום.

פּונקט אַרום האַלב נאָך אַכט איז קעלער אָנגעקומען. ער איז געוואָרן בלאַס. ער איז צוגעגאַנגען צו מעקענזין און זיך מיט אים געשושקעט. מע־קענזי האָט פאַר אים געעפנט די טיר, נאָר קעלער איז ניט אַריין. ער האָט זיך אויסגעדרייט און געזוכט זיינע אַרבעטער. ער האָט דערזען מאַטעקן און די אַנדערע אַרבעטער פון זיין שטאָק. ער האָט זיי צוגערופן צו זיך און געזאָגט:

— אַט דאָס וואָס איר זעט. איך באַדויער זייער שטאַרק. איר זעט דאָך, אַז מען האָט מיר אפילו ניט געלאָזט וויסן. איך וועל זיך אַרומדרייען אַביסל און מסתם נאָכמיטאָג אויך אַהיים גיין. אַט דאָס איז קאַפּיטאַליזמוס, גענאָסן, — האָט ער אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט.

## קאַפּיטל זיבן

# אַ צימער

.1

די וואָך צייט וואָס מאַטעק האָט ניט געאַרבעט, איז פאַר אים געווען ווי געוואונטשן. אין דער פאַבריק איז פאַר אים קיין צוקונפט ניט געווען. ער האָט געוואָלט לערנען זיך אַ פאַך. ער איז געקומען צום באַשלוס, אַז ניט געקוקט אויף אָנקל ווויליס אָפּלאַכן פון זיין לערנען זיך אַלס עלעקטראָ־טעכ־ניקער, וועט ער דאָך פּרוּוון, אין דער פרייער וואָך, געפינען אַרבעט ביי דעם פאַך אין וועלכן ער האָט שוין געוויסע ידיעות.

איז ער אַוועק צום אָנקל אין קראָם און געבעטן, אַז דער אָנקל זאָל אים העלפן אין דעם פּרט.

— דער אָנקל האָט דאָך אַזאַ גרויסע קענטשאַפט אין שטאָט. אפשר דאַרף מען ערגעץ־וואו אַ העלפער. איך וועל גיין אַרבעטן פאַר דעם קלענסטן פּרייז, אַבי צו קריגן דערפאַרונג, מחמת אַן עלעקטריקער קריגט דאָך אַזוי פיל מער ווי מענטשן פון אַנדערע פאַכן.

האָט דער אָנקל געקוועטשט מיט די פּלייצעס.

— זיי ניט קיין קינד, מאָט. איך האָב דיר שוין ניט איינמאָל געגעבן צו פאַרשטיין, אַז עס דרייען זיך אַרום אָן אַרבעט אין דעם עלעקטרישן פאַך מער מענטשן ווי פון אַנדערע פאַכן. נאַדיר אַ צאָל אַגענטורן וואָס געפינען אַרבעט, נאַדיר צוויי צייטונגען פון שטאָט, וואָס דרוקן אַנאָנסן פאַר אַרבעט־העגט. נאַ, זע. איך וועל פאַר דיר לייענען: „אַרבעטער געזוכט״־שפּאַלט. מען זוכט העגט אַלס טאָג־אַרבעטער, שוואַרצע אַרבעט, אויף די וועגן און ביי אייזנבאַנען אויסערן שטאָט. מען זוכט העגט אין דער פאַרב־פאַבריק, דאָס איז זייער אַ גוטער דזשאָב, נאָר דו וועסט אַהין ניט גיין, דו ביסט דאָך אַ סאָשאַליסט. דאָרט גייט אַן אַ סטרייק און דו וועסט דאָך קיין סקעב ניט זיין. דאָרט צאָלט מען איצט אַ 20 דאָלער אַ וואָך. נו, אין גאַנצן שפּאַלט איז ניטאָ קיין איין נאָכפראַגע אויף אַן עלעקטריקער אָדער העלפער. פאַרשטייסט? גוט, לאָמיר

זען דעם שפּאַלט: „מען זוכט אַרבעט״. יאָ, נאָדיר איינס, צוויי, דריי עלעקטרישנס „מיט יאָרן דערפאַרונג, מיט אייגענע מכשירים״; איינער איז ווילּיק צו פאַרלאָזן די שטאָט. נאָדיר נאָך: „העלפּער ביי אַן עלעקטרישן״, איינס, צוויי. „בחור 18 יאָר אַלט, צוויי יאָר דערפאַרונג, זוכט צייטווייליקע אָדער שטענדיקע באַשעפטיקונג. פרייז ניט קיין אָפּהאַלט״. וואָס וועסטו זאָגן דערצו, מאַט? גוט, האָסט אַ וואָך צייט, שטיי אויף גאַנץ פרי, זוך אין די צייטונגען. דאָס וואָס דו קענסט ניט קיין ענגליש, וועט דיר אַ סך שטערן. וועסט גאָרניט געפינען. קום אַריין אין סטאָר און העלף מיר אַרויס אַ פּאָר שעה אין טאָג. איך וועל דיר העלפן וויפל איך וועל נאָר קאָנען קריגן אַ בעסערע באַשעפטיקונג. נאָר איך האַלט זיך נאָך אַלץ ביי מיינס: נעם אַ סעטשל און גיי פּעדלען. פּעדלען איז בעסער אין שלעכטע צייטן ווי אין גוטע. און דו ביסט גראָד אָנגעקומען אין אַמעריקע אין אַ ניט־גוטער צייט. עס ווערט ערגער יעדן טאָג.

איז מאַטעק אויפגעשטאַנען גאַנץ פרי און זיך געכאַפּט צו דער צייטונג און געלאָפן ענטפערן אַרבעט־אַנאָנסן. אַ שיך־פאַבריק האָט געזוכט „יינגלעך, דערפאַרענע אַרבעטער און אָנהויבער״. צוגעזאָגט לערנען דאָס פאַך. איז מאַטעק געווען דאָרט פאַר זיבן אַזייגער. אַ ריזיקע געביידע, מיט גרויסע פענצטער. נאָר ווען ער איז צוגעקומען גאָר נאָענט, האָט ער דערזען צוויי פּאָליציאַנטן מיט פּאָכנדיקע פּלעקער אין די הענט. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָ קומט פאָר אַ סטרייק. ער האָט זיך אומגעקוקט און דערזען ווי אַביסל ווייטער שטופּן צוויי פּאָליסלייט אַן אַרבעטער, וואָס טראָגט אַ פּיקעט־שילד. מאַטעק האָט גלייך געמאַכט אַ צוריקטריט און געשאָלטן דעם אַנאָנס, וואָס האָט ביי אים אויסגעבראַכט טראַמוויי־געלט.

אַ האַלבן טאָג איז ער אַרומגעפאָרן און אַרומגעגאַנגען איבער אַרבעט־אַגענטורן און אַרבעט־שולן, וואָס האָבן אַנאָנסירט, אַז מען קאָן זיך ביי זיי לערנען אַ פאַך. די אַגענטורן זיינען געווען געפּאַקט מיט אַרבעטלאָזע יונגע און מיטליעריקע אַרבעטער. מען איז דאָרט געזעסן שעהן לאַנג. ווען מאַטעק האָט זיך שוין געהאַט דערשלאָגן צום אויספרעגער, האָט ער פאַר אים געהאַט צוויי פאָרשלאָגן: 1) גיין אַרבעטן אַלס טאָג־אַרבעטער אויף די וועגן, אַכט דאָלער אַ וואָך, און 2) ווערן אַ סטרייק־ברעכער פאַר פערצן דאָלער אַ וואָך. אין די אַרבעט־שולן, וואו מען האָט געלערנט אַ פאַך, האָט מען געדאַרפט איינצאָלן צו 25 דאָלער און מער, זיך לערנען זיין אַ באַרבער, אָדער אַ זייגערמאַכער.

די וואָך איז אַוועק מיט האָפענונגלאָזן זוכן און אָפּזאָגן. דער אָנקל האָט אויסגעהערט מאַטעקס באַריכטן און געזאָגט: „איך האָב דיר פריער דאָס

געזאָגט". מאַטעק האָט פאַרבראַכט אַ פּאָר שעה יעדן טאָג ביים אַנקל אין קראָם, די טאַנטע איז געווען צופרידן דערפון. נאָר אים פאַרגעוואָרפן יעדן טאָג, אַז ער האָט ניט קיין איניציאַטיוו, אַז ער קאָן ניט איינריידן קיין קונה און ער וועט קיין דערפאָלג אין אַמעריקע ניט זיין. קוק־זיך גוט אַרום, מאַ־טעק, — האָט זי אים געגעבן די טעגלעכע לעקציע, — ביי אונדז אין שטאָט זיינען דאָ אַ סך געהילץ־פאַבריקן, פאַראַן עטלעכע גרויסע דרוקערייען, אַ פּאָר גרויסע שיך־פאַבריקן און פּאַפּיר־פאַבריקן. וואָס קאָנסטו טאָן אין זיי? אַהין איז שווער אַנצוקומען. מיטן אויסנאַם פון די גאָר הויך־קוואַליפי־צירטע אַרבעטער, פאַרדינען די מענטשן זייער ווייניק. זיי דאַרפן אפשר ניט קיין סך. זיי אַרבעטן, און זייערע פרויען אַרבעטן און די קינדער, אַזוי גיך ווי זיי ענדיקן פּאַבליק־סקול, נעמט מען זיי אויך אַריין אין די פאַבריקן, וואו די עלטערן אַרבעטן. די צייט איז שלעכט. מען לייגט אָפּ הענט, אַנשטאָט צו־נעמען נייע. דו ביסט טאַקע הויך פאַר דיין עלטער, נאָר דו קאָנסט זיך ניט פאַרגלייכן מיט אַ ברייטפּלייציקן איירישמאַן, אָדער אַ הויכן סלאַוו. און אַז מען געפינט אויס, אַז דו ביסט אַ ייד, ביסטו איבעראַנצן אין דער ערד.

געווען מאָמענטן, ווען מאַטעק האָט זיך דערפילט ווי אַ חיה אין אַ שטייג. ער האָט זיך דאָך אין דער היים אַזוי פיל אָנגעהערט וועגן יונגעלייט, וואָס זיינען געקומען אַהער און אין אַ קורצער צייט זיינען זיי געוואָרן דערפאָלג־רייך און פאַרמעגלעך. אמת, דער אַנקל ווילי קוקט ניט אויס צו זיין צווישן זיי. אַזאַ קרעמל ווי ער האָט דאָ, האָט ער דאָך געקאָנט האָבן אפילו אין באַלוט. דאָס וואָס די טאַנטע זאָגט, אַז ער האָט פאַרדינט געלט אין אַנדערע טראַנסאַקציעס, נו, פאַרדינען דאָך סוחרים אין לאָדזש אויך אַ זייטיקן רובל, נאָר דאָס אַלץ אַפּעלירט דאָך ניט צו מאַטעקן. ער וויל טאַקע ניט זיין קיין קבצן. ער וויל אַראָפּברענגען די שוועסטער און זיי העלפן זיך איינאָרדנען. אַלץ וואָס ער וויל איז זיך אַליין איינאָרדנען אויף אַן אַנשטענדיקן אופן, אָן ספּעקולאַציעס און אָן אַ האַנדל־שווינדל מעטאָדן. אָפּנאַרן אַ שיכור, אים אָנ־נעמען פאַרן קאַרק און אַרויסוואַרפן ווען יענער איז געווען ניכטער צו זען, אַז מען האָט אים אָפּגענאַרט און ער וואָגט צו פּראָטעסטירן — דאָס איז מאַטעקן געווען דערווידער און ער וועט אין דער צוקונפט קעמפן מיט אַלע כחות קעגן אַזאַ סיסטעם. דאָס ביסל וואָס ער האָט געגעבן פון דער אַר־בעטער־זאַך איז געווען צו פאַרשטיין, אַז דעם אַנקל ווילי'ס וועג, געווען ווי דעם אַנקל גוסטאַווס האַנדלס־וועג, איז קעגן די אַנשויאונגען פון יעדן ערלעכן אַרבעטער און יעדן קלאַסן־באַוואוסטזיניקן אַרבעטער, מאַכט ניט אויס צו וואָס פאַר אַ ריכטונג ער זאָל ניט באַלאַנגען.

— ניין, אַנקל ווילי, — איך וועל בעסער ליידן הונגער און ברויט און

ניט ווערן קיין פעדלער אָדער קיין קיין סטאָר־קיפּער אָדער סטרייק־ברעכער, — האָט מאָטעק ענדלעך אָנגעוואָרן זיין געדולד מיטן אָנקלס חוזק מאַכן פון אים. — איך וויל באַלאַנגען צו דער מערהייט פון דער אַמעריקאַנער באַפעל־קערונג וואָס באַשטייט פון מענטשן, וואָס אַרבעטן מיט זייערע צען פינגער. איך וויל קיינעם ניט אָפּנאַרן. אויב מען וועט מיך אָפּנאַרן, וועל איך קעמפן אָרגאַניזירטערהייט. דער קאַמף איז דער זעלבער אומעטום, אין לאָדזש ווי אין אַמעריקע, ווי אין אַפריקע. עס איז דאָ אַן אַרבעטער־קלאַס און עס איז דאָ אַ קלאַס פון קאַפּיטאַליסטן און זייערע פאַרמיטלער און מיטשלעפּער און ת־לעקער. אין אַמעריקע איז דאָ אַ סאָציאַליסטישע פּאַרטיי און אַנדערע אַר־בעטער פּאַרטייען. איך באַלאַנג צו זיי. איך וועל זיך נעענטער באַקאָנען און דאַן וועל איך זיך אָנשליסן און דאָרט וועל איך טאָן וואָס עס וועט נויטיק זיין, דערפאַר וואָס אָט דאָרט ליגט מיין האָפענונג.

— מאָט, דו רעדסט דאָך ווי אַן אַי־דאָבליו־דאָבליו באָם. וואו האָט זיך עס צו דיר צוגעקלעפּט אין אַזאַ קורצער צייט? ווי עס ווייזט אויס ביסטו געקומען פון לאָדזש אַ צערעכט־געמאַכטער. דו ווייסט, אַז אַמעריקע לאָזט ניט אַריין קיין אַנאַרכיסטן. אויב דו וועסט אַזוי רעדן אויף די גאַסן, וועט מען דיך אויפזעצן אויף אַ שיף און — היידאַ! צוריק נאָך לאָדזש. צו מיר קאָנסטו רעדן וויפל דו ווילסט, נאָר היט זיך ניט צו רעדן אַזוי אין דיין פאַבריק. געדענק מיין וואָרנונג און מיש מיך ניט אַריין אין דעם. איך וועל דיך זיכער ניט פאַרטיידיקן, אויב מען וועט דיך פּאַקן. איך זאָג עס דיר פריער. איך וויל ניט קיין טראָבל. איך בין אַ סיטיזן און איך קאָן זיך מיט די פיינסטע פּאָליטישנס פון שטאָט. איך שטים רעפּובליקאַניש. מיינסט, אַז איך בין אַ רעפּובליקאַנער? הויבט זיך ניט אָן. מיר איז אַלץ איינס, ווער עס האָט דעם דזשאָב. צווישן מיר און דיר — זיי זיינען אַלע אַ באָנטש גרעפטערס. נאָר אַמעריקע האָט אַ גוט ווערטל — „מאַינד יור אָון ביזנעס״. מיש זיך ניט אין ניט־דיינע געשעפטן. זאָלן מאַרגן די דעמאָקראַטן געווינען, וועל איך שטימען פאַר זיי. מען דאַרף אימער זיין מיטן שטאַרקן, ניט מיטן שוואַכן, ווי גערעכט ער זאָל ניט זיין. יאָ, אויב דו זוכסט זיך טראָבל, קאָנסטו עס געפינען אויף יעדן קאָרנער.

דאָס ביסעלע וואַרעמקייט, וואָס האָט געטליעט צווישן מאָטעקן און דעם אָנקל, זינט זיי האָבן זיך ביידע באַקענט, האָט מיטאַמאָל אָנגעהויבן ווערן קילער און קילער ביז עס איז געוואָרן באַדעקט מיט אַ הייטעלע אייז.

.2

דאָס אַלטע פּאָר פּאָלק ביי וועמען מאַטעק איז איינגעשטאַנען איז ניט געווען צופרידן דערפון, וואָס מאַטעק איז אַהיים געקומען אינמיטן טאָג. ער האָט דערקלערט, אַז עס איז קיין אַרבעט ניטאָ און אַז מאַנטיק וועט ער מסתּם צוריקגיין צו דער אַרבעט. נאָר די אַלטע איז אַרומגעגאַנגען און גע־בורטשעט. אויך האָט מאַטעקן געאַרט, וואָס יעדן טאָג האָט ער באַקומען די זעלבע זופּ־בעבלעך מיט לאָקשן, נאָר דאָס פּאָרפּאָלק האָט געגעסן עפּעס אַנדערש. האָט מאַטעק געהאָפט, אַז ווען ער וועט פאַרדינען אַביסל מער, וועט ער דערלייגן נאָך אַ דאָלער אַ וואָך און בעטן בעסער עסן.

פרייטיק־צו־נאַכט האָט מאַטעק געהאַט געגעסן ביי דער טאַנטע. ער איז אַהיים געקומען פרי. געווען מיד פון אַרומלויפן אַ גאַנצן טאָג. יאָ, ער איז געווען ווי אַ חיה אין אַ שטייג. איז דאָס מעגלעך, אַז די גאַנצע שטאָט האָט ניט קיין אַרבעט פאַר אים? אַז ער זאָל קלאַפּן, קלאַפּן יעדן טאָג אין די גראַטעס און קיינער זאָל זיך ניט נויטיקן אין זיינע אַרבעט־הענט?

געטראַכט האָט ער, אַז ער וועט רעדן מיטן אַלטן פּאָר פּאָלק. זיך פּשוט באַראָטן מיט זיי. זיי האָבן אויסגעצויגענע קינדער. זיי מוזן וויסן וועגן גע־פינען אַרבעט. ער וועט הערן וואָס זיי האָבן צו זאָגן. מאַטעק איז געווען אויסגעהונגערט נאָך מענטשן, נאָך מיינונגען, נאָך קאָנטאַקטן.

— מרס. לעווין, — האָט ער זיך געווענדט צו דער באַלעבאָסטע, וואָס איז געזעסן אין קיך און געזופּט טיי, בעת דער אַלטער איז געלעגן אין אַנ־דערן צימער, — אפשר ווייסט איר עפּעס וועגן קריגן אַ דזשאָב? איר זייט דאָך דאָ אַזוי לאַנג אין שטאָט. אַ גאַנצע וואָך ווי איך מעסט אויס די שטאָט און מען קאָן אין ערגעץ ניט קריגן עפּעס.

מיטאַמאָל איז אַריינגעקומען דער אַלטער. אויף מאַטעקס באַגריסונג האָט ער ניט געענטפערט. נאָר ער האָט אין אַ בייזן טאָן זיך געווענדט צו דער פרוי זיינער:

— האָסט אים געפרעגט?

— פרעג דו אים. פאַרוואָס זאָל איך אים פרעגן?

— אַז איך הויב ניט אָן וויסן וואָס נאָכצוטראַכטן, — האָט די אַלטע גערעדט ניט קוקנדיק אויף קיינעם. — אין הויז איז קיינער בעכטן ניט געווען אויסער דו און איך און ער. ס׳איז געלעגן אונטערן טאַבאַק־פּושקעלע און איצט איז עס ניטאָ. קיין פרעמדער מענטש איז אין הויז ניט אַריינגעקומען.

עס איז געוואָרן פיינלעך שטיל. מאַטעק האָט זיך אָנגעשטויסן, אַז מען מיינט עס אים.

— וואָס האָט פּאַסירט? איך בין אין הויז געווען נעכטן פון פאַרנאַכט אָן. איר זייט געקומען שפּעטער. ווען איך בין דאָ געווען, איז קיינער נישט גע־קומען. איך בין געווען ביי זיך אין צימער. וואָס האָט פּאַסירט?

— פּאַסירט־שמאַסירט! — האָט די אַלטע אויסגעפּלאַצט מיט כעס. עס איז געלעגן אויפן קאַמאַד, אונטערן פּושקעלע און עס איז ניטאָ. קיין מלאך פון הימל האָט עס ניט צוגענומען.

— וואָס צוגענומען? וועגן וואָס רעדט איר? — האָט מאָטעק דער־שראָקן געפרעגט.

— וואָס צוגענומען? — האָט דער אַלטער נאָכגעקרימט מאָטעקן, — אַזוי ווי ער ווייסט ניט פון וואָס צו זאָגן.

— הערט, יונגערמאַן, — האָט די אַלטע זיך אויסגעדרייט צו מאָטעקן און שטרענג געזאָגט:

— מיין מאַן האָט אָוועקגעלייגט אַ צען דאָלער ביל אונטערן פּושקעלע. מיר וואוינען שוין אין דעם הויז ס'זעכצנטע יאָר און קיינמאָל האָט קיין זאַך ניט געפעלט. מיר האָבן שטענדיק געהאַלטן געלט אָפן, טאָקע דאָרט אויפן קאַמאָד. איז ווי שיקט זיך עס, אַז גראָד זינט מיר האָבן אַ באָרדער אין הויז, זאָל דאָס געלט פאַרשווינדן? האַ, גיט מיר צו דערקלערן, זיידענער יונגערמאַן?

עפּעס אַ מורא איז מאָטעקן באַפאַלן. דאָס הייסט, אַז מען באַשולדיקט אים אין צונעמען דאָס געלט. דער אָנקל ווילי האָט אים געהאַט שווער גע־מאַכט דאָס האַרץ מיט זיין סטראַשען, אַז מען קאָן אַרויסשיקן פון לאַנד, אַז מיט גרינע באַגייט מען זיך גאָר ניט איידל. ווער וועט מען גלויבן, אים — צי זיי, וואָס זיינען דאָ אין לאַנד אַזוי לאַנג?

— איך ווייס ניט פון וואָס צו זאָגן, מרס לעווין. גלויבט מיר, איך בין אפילו צום קאָמאָד ניט צוגעגאַנגען. וואָס האָב איך דאָרט צו טאָן? איך בין די גאַנצע צייט געווען אין מיין צימער. איר זייט מיך אומזיסט חושד.

— דאָס געלט איז ניט אַרויסגעפלויגן דורכן פענצטער, — האָט דער אַלטער אַרויסגעשיפּעט. — די הייַנטיקע גרינע קומען אַהער שוין אויס־געגריינטע.

— הענעך, וואָס דאַרפסטו זיך מיט אים אויסטענהן, — האָט די אַלטע אים איבערגעריסן, — הערט זיך איין, יונגערמאַן, די בעסטע זאַך וועט זיין, אַז איר זאָלט זיך תיכף ומיד אַרויסקלייבן פון דאַנען. מיר זיינען ערלעכע מענטשן און מיר ווילן אייך ניט פאַרשאַפן קיין טראָבל, בפרט אַז איר זייט אַ יתום. ווען מיינע קינדער זאָלן וויסן וועגן וואָס עס האַנדלט זיך, וואָלטן זיי דאָ גלייך געווען און עס וואָלט אייך קיין גוטס ניט געטאָן, הערט איר.

— אָבער איר האָט קיין רעכט ניט צו מאַכן אַ בלבול אויף מיר, מרס. לעווין. איר האָט ניט געזען און איר קאָנט ניט זיין זיכער. מיין וואָרט איז אַזוי גוט ווי אייערס. ווען איך קאָן זיך גוט אויסרעדן אויף ענגליש, וואָלט איך אייך אָנגעקלאָגט פאַר אויסטראַכטן אַ געמיינעם ליגן אויף מיר. בלויז דערפאַר וואָס איך בין אַ גרינער, קאָנט איר ניט טאָן מיט מיר וואָס איר ווילט. איך האָב אייך באַצאָלט ביז מאָנטיק און היינט איז פרייטיק. איך וועל מאָרגן גיין זוכן אַ צימער און אייער פטור ווערן.

— זע נאָר, זע די חוצפה פון דער גרינער חיה! — האָט די אַלטע אויס־געשריגן צום מאַן.

— איר זייט אַליין אַ חיה און אַ ווילדע חיה! — האָט מאָטעק דערפילט ווי ער ווערט אויסער זיך פון כעס. ער איז אַרויסגעגאַנגען פון קיך און ער איז אַריין צו זיך אין צימער און פאַרמאַכט די טיר הינטער זיך. ער האָט געוואָלט גלייך פאַרלאָזן. אין דרויסן איז געווען אַ קאַלטע, נאָר לבנהדיקע נאַכט. זאָל ער גיין גלייך צום אָנקל? די טאַנטע וועט דערלעבן אין אים אַ נקמה. עס איז אים איינגעפאַלן אַ גוטער געדאַנק. זיין סקול־חבר, בעני, וואָס אַרבעט ביים קצב, דער וואָס האָט אים געגעבן די אַדרעסן צו קריגן אַ צימער, וואוינט ניט ווייט פון דאַנען. ער וועט צוגיין צו אים און לאָזן דעם טשעמאָדאַן ביי אים. אפשר וועט ער קאָנען דאָרט איבערנעכטיקן. מאָרגן אין דער פרי וועלן זיי ביידע זיך אַרויסלאָזן זוכן אַ צימער. בעני אַרבעט ניט שבת.

דער גערעכטער צאָרן האָט מאָטעקן באַוועלטיקט. ער האָט אַ כאַפּ גע־טאָן דעם טשעמאָדאַן און אָנגעהויבן אַריינפּאַקן אין אים זיינע זאַכן אָן אַן אָרדנונג. די לופט האָט אים דאָ געשטיקט. — אַרויס פון דאַנען די מינוט! — האָט ער זיך אַליין באַפוילן.

ער איז אַרויס מיטן טשעמאָדאַן, זיך אָפּגעשטעלט ביי דער קיך, וואו די אַלטע זיינען געזעסן דערשראָקענע, דערזעענדיק אים מיט אַ ווילדן פלאַם אין די אויגן.

— איך וועל היינט שלאָפן אין גאַס, נאָר געדענקען זאָלט איר, אַז איר זייט באַגאַנגען אַ גרויסע עבירה. איר האָט באַשולדיקט אַ מענטשן אומזיסט און אומנישט.

מאָטעק איז אַרויס פון הויז און זיך געלאָזן גיין שנעלערהייט צו בענין.

.3

בעני איז אין הויז ניט געווען. זיין באַלעבאָסטע האָט מאַטעקן אויפ־גענומען גאָר פריינטלעך. זי איז געווען אַ געזונטע יונגע פרוי מיט צע־פלאַמטע רויטע באַקן און לאַכנדיקע העל־ברוינע אויגן.

— אַ, בעניס אַ פריינט, זאָגט איר, זייט איר? אויך אַ גרינער? פון וואַנען זייט איר אַ לאַנדסמאַן? פון לאָדזש? פּאַני זלאָדזשי? בעני גייט היינט אויס מיט אַ מיידל. איך וועל באַלד דאַרפן זוכן אַ נייעם באָרדער. עס קוקט אויס, אַז ער וועט זי נעמען. אַ מיידל, אַזאַ יאָר אויף מיר. איר ווילט צוואָרטן אויף אים? זעצט זיך אַוועק, וועט איר טרינקען טיי, מיין מאַן איזביים לאָדזש־מיטינג. די קינדער שלאָפן. וואו וואוינט איר? ביי די אַלטע לעווינס? אָ, סאַראַ טייערע מענטשן. וואָס האָט איר דאָ אין סעטשל, עפּעס פאַר בענין? איר זייט אַ פּעדלער?

אַ ליבע וואַרעמקייט האָט געשלאָגן פון דער יונגער פרוי, מיט די פולע רויט־צעגלאַנצטע באַקן. עס איז אים געוואָרן היימלעכער אויף דער נשמה. איר דערציילן וואָס עס האָט מיט אים פּאַסירט? בעסער ניט. בלייבן דאָ, אָדער — אָדער וואָס וועט ער דען טאָן היינט ביינאַכט?

נאָר אַז די פרוי האָט גלייך געשטעלט טיי צום טיש און אייגן־געבאַקענע ברוינע קאָרזשיקלעך, האָט מאַטעק גלייך דערפילט ווי עס ווערט אים גוט דאָ צו זיין און ער האָט זיך ניט געקאָנט איינהאַלטן און איר דערציילט וואָס מיט אים איז געשען.

— הערט זיך איין, מיסטער, איך קען אייך ניט, נאָר איין קוק אויף אייך זע איך, אַז איר זייט אַן ערלעכער יונגערמאַן. וואָס הייסט, איר וועט שלאָפן אין גאַס? אַזוי לאַנג זאָלן מיינע שונאים קרענקען ווי איך וועל אייך אַרויס־לאָזן פון הויז. איר קאָנט שלאָפן מיט בענין. איך וועל אייך געבן נאָך אַ קישן און נאָך אַ קאָלדרע. עס פעלט דען ביי מיר? און אויב איר ווילט ניט שלאָפן מיטן קצב־יונג אין איין בעט, וועל איך אייך אויסבעטן אויף דער קאַנאַפּע. מיין מאַן האָט אַ טבע צו זיין דזשעלעס, נאָר איר קוקט אויס צו ערלעך, אַז ער זאָל זיין דזשעלעס אויף אייך. און ווידער איז דאָס ניט זיינע ביזנעס, וואָס איר זייט געקומען צו בענין. אַ שאָד וואָס איך האָב ניט קיין צימער פאַר אייך. וואַרט, ס'איז מיר נאָר וואָס איינגעפאַלן אַ גאָלדענער גע־דאַנק, אַזוי זאָל איך דערלעבן צו זען מיין מאַמען אַהיימגעקומען פון שפּיטאָל אַ געזונטע — מיין מאַמע האָט, ניט פאַר אייך געדאַכט, זיך צעבראָכן אַ פוס — איך האָב פאַר אייך אַ צימער, נאָר שוין איינמאָל אַ צימער! דער צימער ווי דער צימער, נאָר די באַלעבאָסטע, אַ שטיק גאָלד, ניט קיין מענטש. איר

ווילט מיט עסן? דאָס איז אַ פראַגע. זי האָט צוויי קליינע קינדער. איר פאַר־שטייט, דאָס איז ביי מיין בעסטע חברטע, מיין יוגנט חברטע. צוזאַמען אין איין דאָרף זיך אויפגעהאָדעוועט אין בעסאַראַביע. איר זייט אַ פויליִשער, ווען זי לאַכן פון אייער אויסשפּראַך, וועט איר לאַכן פון איר „טאַטע־מאַמע״. יאַ, ליובע האָט אַ צימער און זי זוכט אַ באָרדער. עס וועט זיין ווי אַנגעמאָסטן פאַר אייך. מאָרגן, אין דער פרי, גיי איך מיט אייך צו ליובאַן. ווי געפעלן אייך מיינע פלעצלעך?

מאָטעקן איז געווען אי היימלעך, אי אומהיימלעך דאָ צו זיין. ער האָט מורא געהאַט אַז בעני וועט קומען שפּעט און פון וואַנען ווייסט ער, צי בעני וועט וועלן מיט אים שלאָפן אין איין בעט? נאָך אַלעמען, זיינען זיי דאָך ניט קיין אמתע פריינט. מען קען זיך בלויז פון דער נאַיט־סקול. ווידער זיך לאָזן אויסבעטן אויף דער קאַנאַפּע און דער מאַן זאָל קוקן קרום . . . און בכלל וועט ער דאַרפן איבערדערציילן די געשיכטע מיט די צען דאָלער און ס'איז דאָך גאָרניט קיין שיינע מעשה און מאָטעק שעמט זיך צו קוקן מענטשן אין די אויגן אַריין . . . אפשר זאָל ער איבערלאָזן דעם טשעמאָדאַן און טאַקע נעכטיקן אין סקווער, וואו עס שטייען לאַנגע בענק?

— ווי רופט מען אייך יונגערמאַן? מאָטעק? איר מיינט מאָטל? ניין, דווקא מאָטעק, זאָל זיין מאָטעק, ס'איז עפּעס אַ בייבישער נאָמען. איז הערט זיך אייך, מאָטל, איך קאָן זען אין אייך, אַז איר פילט זיך שלעכט פון דער געשיכטע מיט דער מרס. לעווין. איך גיי מיט אייך אין אַ געוועט, אַז זיי האָבן דאָס געלט באַהאַלטן און זיי געדענקען ניט וואו, אָדער זי האָט געריי־ניקט, די אַלטע, און זי האָט דאָס געלט אַריינגעוואָרפן אין מיסט. נעמט זיך ניט צום האַרצן דערפון. איר וועט געפינען אַן אַנדער צימער און איך וויל טאַקע, אַז איר זאָלט ווערן ליובאַס באָרדער. און זאָל אייך ניט אַרן פאַר היינט ביינאַכט. איר וועט ניט דאַרפן שלאָפן אין דרויסן. ווען מיין מאַן וועט קומען וועל איך אייך אויסבעטן אויף דער קאַנאַפּע, טאָמער וועט בעני ניט קומען פריער.

דער מאַן איז טאַקע געקומען פריער. ער איז געווען איבערראַשט צו טרעפן אַ פרעמדן בחור ביים טיש מיט די פלעצלעך. זיין פרוי האָט אים דערציילט די גאַנצע געשיכטע מיט די צען דאָלער און דער מאַן איז געוואָרן ווייך און סימפּאַטיש און מען האָט זיך פאַנאַנדערגערעדט וועגן דער אַל־טער היים.

עס איז געוואָרן שפּעט. בעני איז ניט געקומען און מען האָט מאָטעקן אויסגעבעט אויף דער קאַנאַפּע אין דורכגאַנג־צימער, אַזוי אַז אויך בעני האָט געדאַרפט זען אַז עמיצער שלאָפט אויף דער קאַנאַפּע.

איינשלאָפן האָט מאָטעק ניט געקאָנט. דאָך האָט ער ניט געהערט, ווען בעני איז געקומען. פּאַרטאָג האָבן די קינדער אויפגעוועקט מאָטעקן מיט זייערע קוויטשערייען. ער האָט זיך שנעל אָנגעטאָן. די באַלעבאָסטע איז געווען די ערשטע אויפצושטיין. דער מאַן האָט געדאַרפט אַוועקגיין צו דער אַרבעט. בעני איז געווען דער לעצטער אויפצושטיין. ער איז געווען אי־בעררעשט צו געפינען מאָטעקן. מען האָט געלאַכט, איבערהויפּט האָט די באַלעבאָסטע זיך געקאָטשעט פון געלעכטער. זי איז געווען צופרידן וואָס איר חברטע וועט באַקומען אַ באָרדער.

— העי, חתן־בחור, — האָט זי לוסטיק אויסגעשריגן צו בענין, — אַז איר וועט מיר געבן די „סעק", האָב איך גלייך אַן אַנדער באָרדער, אַ בע־סערן פון אייך.

בעני איז געווען אין כעס אויף דעם אַלטן פּאַר פּאָלק און ער האָט זיי אויסגעזידלט אונטער די אויגן. ער האָט צוגעשטימט אויפצופּאַסן אויפן קליינוואַרג, ביז די באַלעבאָסטע וועט צוריקקומען און העלפן מאָטעקן גע־פינען אַן אַנדער צימער.

— איך הייס מרס. בודקין, נאָר רופט מיך זלאַטע, — האָט בעניס באַ־לעבאָסטע געזאָגט צו מאָטעקן ווען זיי זיינען אַרויס אין דרויסן.

— אוי, וועט זיך ליובאַ דאָס דערפרייען, ווען זי וועט מיך דערזען! וואַרט, מאָטל, איר וועט זען אַ שיין ווייבל, ווי גאָלד. איר וועט האָבן אַ היים, ניט קיין צימער.

זלאַטע האָט אָנגעשטעקט מאָטעקן מיט איר האָפערדיקייט.

קאַפּיטל אַכט

# איסאַק און ליובאַ

.1

די וואוינונג אין וועלכער זלאַטע האָט מאַטעקן געבראַכט שבת אין דער פרי האָט אויסגעקוקט ווי מען וואָלט זיך געקליבן אַרויסציען פון דאָרט. זלאַטע האָט אָנגעשריגן אויף איר חברטע ליובאַ.

— וואָס פאַר אַ הקדש איז דאָ? ליובאַ, איך האָב דיר געבראַכט אַ באָר־דער, שעם איך זיך פאַר אים. זע־נאָר דעם פּאָגראָם. האָסט זיך געשלאָגן מיט איסאַקן? די בענקלעך איבערגעקערט, טעפּ און פאַנען אויפן טיש. וואָס איז דאָס? ערב פּסח? מען איז בודק חמץ? ליובאַ, פאַרקעם די האָר, מען קאָן מיינען, אַז דו ביסט אַ מכשפה, ווי דו קוקסט אויס! אַבי איך האָב דיך פאַרלויבט פאַר דעם נייעם באָרדער.

— משוגענע זלאַטע, ווער האָט דיך געהייסן קומען פאַר ליכט־בענטשן? מען קומט ניט צו יענעם, ווען די הענער קרייען.

און צו מאַטעקן:

— אָ, איר מוזט מיר זייער אַנטשולדיקן. שבת מאַכט מען ביי אונדז אין הויז אַ גענעראַלע טשיסטקע. איר פאַרשטייט דאָך רוסיש? איר קוקט אויס צו זיין אַ בעסאַראַבער, ניט? זלאַטע וועט ניט ברענגען קיין פּאָליאַקעס, וואָס עסן זיסע פיש און טרינקען ראָזשינקע וויין.

— כאַ־כאַ־כאַ! קינדער, איך וועל פּלאַצן פון געלעכטער! — האָט זלאַטע אויסגעשריען, — הערסט אַ מעשה, ליובאַ, ביסט איצט מיאוס אַריינגעפאַלן, מיאוס אַריינגעפאַלן. דער בחור איז דווקא אַ פּאָליאַק, און נאָך ווי! ער שטאַמט פון לאָדזש, פון די יידן מיט די קליינע היטעלעך און די לאַנגע שוואַרצע קאַפּאָטעס.

מאַטעק איז געשטאַנען און באַקוקט די סצענע. אויפן דיל אין קיך האָבן אַרומגעפּויזעט צוויי פּיצלעך קינדער. ליובאַ איז געזעסן ניט־אָנגעטאָן. אירע האָר צעשויבערט, די שיינע פיס — נאַקעט. יעדע ווייל ע זיך געפּרואווט פאַר־

דעקן דאָס הויל̃ע לייב. זי האָט זיך געפֿילט ניט־באַקוועם, דאָס פּנים האָט זיך גערויטלט, נאָר אין אַלגעמיין האָט עס איר ניט געאַרט. זי איז געווען יונג, פֿריש און ל̃וסטיק און אין דער געזעלשאַפֿט פֿון איר חברטע האָט זי זיך געפֿיל̃ט ווי אַ שול־מיידל.ביידע האָבן מאָטעקן דערמאָנט אין זיין שוועסטער לאָטשיאַ און איר חברטע גאַלדע.

ליובאָס מאַן איז ניט געווען אין הויז. זל̃אָטע האָט מאָטעקן אַריינגעפֿירט זען דעם צימער. מען האָט געדאַרפֿט דורכגיין אַ צימער, וואָס איז געווען אינגאַנצן פֿאַרשטעל̃ט מיט בעטגעוואַנט, שפּיל̃צייג און קליידער.

— זאָל דאָס אייך ניט קימערן, — האָט זל̃אָטע שטיל געזאָגט, — אָנגעמענדיק מאָטעקן ביי דער האַנט, — מיר זיינען אַריינגעקומען אין אַ שלעכטער צייט. איך האָב געדאַרפֿט בעסער וויסן. דאָס איז ליובאָס טשיסטקעטאָג. זי וועט מיך דערהרגענען.

דער צימער איז מאָטעקן ניט געפֿעל̃ן געוואָרן. ער איז געווען פֿינצטערלעך. זיינע צוויי פֿענצטער זיינען אַרויסגעגאַנגען אין הויף, וואו עס איז געשטאַנען אַ וואָגן. דער צימער אַליין איז אויך ניט געווען שיין־מעבל̃ירט. דאָס האָט מאָטעקן ניט געאַרט. נאָר ער האָט געבענקט נאָך אַ ל̃יכטיקן צימער.

די דערפֿאַרונג, וואָס ער האָט אָבער געהאַט מיט די לעווינס און די היימישקייט און ל̃עבעדיקייט, וואָס ער האָט באַגעגנט דאָ, האָבן געווירקט אויף אים צום גוטן. קיין אַנדער ברירה האָט ער דאָך סיי ווי ניט. געטראַכט האָט ער, אַז אַזוי גיך ווי די משפּחה יאַקובאָוויטש וועט אָנקומען אין ניו־יאָרק, וועט ער זיך גלייך איבערפּעקלען אַהין. נו, וועט אים אויסקומען צו זיין דאָ נאָר אַ פּאָר חדשים.

ל̃יובאַ איז אַריינגעקומען. די ל̃אַנגע שוואַרצע ווייכע האָר זיינען ביי איר געווען שיין פֿאַרקאַמט שוין. דאָס פּנים איז געווען געפּודערט און דער פּודער האָט געהאַט אַ רייץ אין זיך.

— זלאָטע, דער צימער איז ניט פֿאַר אים. איך מיין עס ערנסט. איך נויטיק זיך אין אַ באָרדער. דאָס איז אמת. נאָר איר דאַרפֿט וויסן, יונגערמאַן, אַז די קאַרפּוזיקל̃עך וועלן אייך דערגיין די יונגע יאָרן. ביי אונדז אין הויז שטייט אַ שטענדיקער טומל. אַז זיי ווערן אַנטשוויגן, קומען אָן די גרויסע און פּילדערן. איך האָב דאָ אַ גרויסע משפּחה.

— שווייג שוין, שווייג, דוראַ, טי דוראַ! — האָט זל̃אָטע זיך אויף איר כלומרשט אָנגעבייזערט. — ער זיצט ניט אין הויז און שרייבט תּפֿיל̃ין. ער אַרבעט אַ גאַנצן טאָג און אין אָוונט וועט ער, מיט גאָטס הילף, קריגן אַ מיידל̃.

— איך מיין עס ערנסט, זלאַטע, — האָט ל̃יובאַ געזאָגט און דאָס ליכטיקע פּנים האָט געשמייכלט.

— נו, זאָגט אַליין, בין איך ניט גערעכט? איך וויל זיין אָפנהאַרציק מיט אייך. ס'איז ניט פאַר אייך.

— און עסן וועסטו אים געבן? ער וויל סאַפּערס. אַז ער וועט איינמאָל פאַרזוכן דיינעם אַ באָרשטש, וועט ער זיך שוין ניט וועלן אַרויסקלייבן פון דאַנען, — האָט זלאַטע צוגערעדט.

מאָטעק האָט זיך געוואַקלט מיטן ענטפער. נאָר פון זיין מויל איז אַרויסגעקומען אַ — איך דאַרף האָבן אַ צימער גלייך און איר דאַרפט האָבן אַ באָרדער. קיין סך קאָן איך ניט צאָלן.

— איך וועל ביי אייך ניט רעכענען מער ווי איר האָט פריער געצאָלט, — האָט ליובאַ ווי פאַרגעסן וואָס זי האָט פריער געהאַט געזאָגט און זיך דערפרייט וואָס ער איז מסכים.

נאָר די הויפט בעל־שמחהטע איז געווען זלאַטע. זי איז אַהיים געגאַנגען און דעם גאַנצן וועג געהאַלטן אין לויבן ליובאַן. בעני האָט געהאָלפן מאָטעקן מיטן רענצל. דאָס הויז איז שוין געווען מער־ווינציקער אין אָרדענונג. ליובאַ האָט בעניין ניט אַרויסגעלאָזט, ביז ער און מאָטעק האָבן פאַרזוכט איר פּעטשאַ, וואָס זי האָט געהאַט צוגעגרייט לכבוד שבת.

צום ערשטן מאָל זינט ער איז געווען אין אַמעריקע, האָט מאָטעק זיך געפילט אין אַ פריינטלעכער אַטמאָספערע.

.2

מאָנטיק, זיבן אין דער פרי, איז מאָטעק געשטאַנען ביים טויער פון דער פאַבריק. אַרבעטער זיינען אַריין און אַרויסגעגאַנגען. מעקענזי איז געשטאַנען ביי דער טיר און באַשטימט פאַר וועמען עס איז דאָ אַרבעט, פאַר וועמען ניט.

— העי, מאָו, גיי דיר אַרויף אין דיין „שמעק־טאַבעק" דעפּאַרטמענט. נאָר נעם נישט דעם עלעווייטער. קריך אַרויף די פינף שטאָק. דאָס איז דאָך די איינציקע עקסערסאַיז, וואָס דו וועסט האָבן פאַרן טאָג.

אַנדערע אַרבעטער האָט מעקענזי געהייסן אַהיים גיין און קומען מאָרגן נאָך אַמאָל. אַ צאָל האָט ער געהייסן אַריינגיין און זיך שטעלן צו דער אַרבעט. מאָטעק האָט געהערט דאָס רוישן פון די מאָטאָרן, נאָר ניט אַלע מאַשינען זיינען געגאַנגען.

אין קעלערס אָפּטייל זיינען געווען אַלע אַרבעטער, ווי מיט אַ וואָך פריער. קעלער איז געקומען אין צייט, מיט קיינעם קיין וואָרט ניט גערעדט. אויף דער פראַגע פון אַ שניצער, צי עס וועט זיין רעגולערע באַשעפטיקונג,

האָט קעלער געענטפערט: „איך ווייס אַזוי פיל וויפל דאָס מענטשל אויף דער לבֿנה״.

נאָר ס'איז אַוועק אַ חודש צייט און מאַטעק האָט געאַרבעט אָן איבער־רייס. די זיבן דאָלער אַ וואָך זיינען טאַקע געווען ווינציק, נאָר ער האָט פאַר דער צייט אַוועקגעשיקט פינף דאָלער אַהיים צו גוטשיאַן. די פינף דאָלער האָבן אָנגעמאַכט אַ רושם, און אפילו דער אָנקל גוסטאַוו האָט געהאַט פאַר זיי דרך־ארץ און אָנגעשריבן מאַטעקן אַ פּאָר ווערטער, אַז ער איז זייער צו־פרידן, וואָס מאַטעק שפּאָרט געלט, נאָר זאָל ער בעסער האַלטן דאָס געלט אין אַ באַנק, אָדער געבן דעם אָנקל ווילי צו האַלטן. די שוועסטער באַקומען אַלץ וואָס עס איז נויטיק פאַר זיי. זאָל ער ניט פאַרגעסן, מאַטעק, אַז ער איז אַליין אין אַ ווייט לאַנד און מען קאָן ניט וויסן וואָס דער מאָרגן וועט ברענגען.

ס'איז געווען אמת, אַן מאַטעק האָט זיך אויסגעהונגערט. זיין אָנבייסן און זיין מיטאָג זיינען באַשטאַנען פון טרוקענע, מאַגטאָגע שפּייזן, וואָס זיינען געווען די ביליקסטע וואָס ער האָט געקאָנט באַקומען. די וועטשערע וואָס ער האָט געגעסן ביי ליובאַן איז געווען דער איינציקער געקאָכטער מאָלצייט. זי האָט באַמערקט ווי אויסגעהונגערט ער איז געווען און זי האָט אים ניט געקאַרגט.

מאַטעקס אַמביציע אין יענער צייט איז געווען אָפּצושפּאָרן נאָך פינף דאָלער און דאָס אַוועקשיקן צו סאָלטשען. עס איז אים שווער אָנגעקומען צו שפּאָרן. אין דער נאַיט סקול האָט ער געדאַרפט כסדר קויפן נייע ביכער, מחמת ער האָט שטאַרק פּראָגרעסירט אין זיינע לימודים און די לערערין האָט אים איבערגעזעצט אין אַ העכערן קלאַס. די ביכער האָבן געקאָסט, לויט זיין חשבון, אַ מאַסע געלט און דאָס האָט געמיינט ווינציקער אויסגעבן אויף פרישטיק.

ליובאַ האָט באַמערקט נאָך זיין אַוועקגיין, אַז ער עסט אַ שטיקל ברויט מיט פּוטער און פאַרטרינקט מיט טיי.

— העי, יונגערמאַן, שווערער אַרבעטער, ס'איז ניט מיינע ביזנעס, נאָר איר וועט אויסציען די פיס מיט אַזאַ ברעקפעסט. מען קויפט זיך אַן אָרענדזש, מען קאָכט זיך אויס אַן אייעלע. אויב עס איז אייך שווער איינצוקויפן, וועל איך עס טאָן פאַר אייך. זאָגט מיר וואָס איר ווילט, וועל איך עס קויפן.

עס האָט אָבער גאָרניט נישט געהאָלפן. מאַטעק האָט געדאַרפט אָפּשפּאָרן פינף דאָלער פאַר סאָלטשען.

ווען ער האָט דאָס דערגרייכט, איז עס ביי אים געווען אַ שמחה. ער האָט סאָלטשען געבעטן אין אַ בריוו, אַז זי זאָל קיינעם נישט דערציילן וועגן דעם. ווען סאָלטשעס בריוו איז אָנגעקומען, נאָכדעם ווי זי האָט געהאַט דער־

האַלטן דאָס געלט, האָט זי אים געשריבן, אַז זי האָט עטלעכע טעג געוויינט פון זיין האַנדלונג, אַזוי גערירט איז זי געווען. איר בריוו האָט אים גערירט. ס'איז געווען אַ קורצער בריוו, נאָר דאָס פּאַפּיר איז געווען פאַרפלעקט פון טרערן.

אין דער פאַבריק האָט מען דערווייל געהאַלטן אין איין אָפּלייגן אַרבעטער און אין דער זעלבער צייט צונעמען נייע. קעלער האָט מיט אַ טרויעריקן שאָקל מיטן קאָפּ מיטאָגצייט דאָס דערקלערט זיינע אַרבעטער:

— אָט דאָס איז אַ מיטל צו טעראָריזירן די וואָס טראַכטן, אַז זיי אַרבעטן גענוג לאַנג צו קריגן אַ הוספה און עס איז אויך אַ מיטל צו שניידן דעם לוין פון די וואָס קריגן מער ווי די נייע אַרבעטער.

ביים אַהיים גיין האָט מאַטעק געזען ווי אַרבעטער שטייען פאַר דעם טויער דערצאָרנטע און מען רעדט וועגן דער לאַגע אין דער פאַבריק. ער האָט געהערט ווי מען רעדט פּויליש, איז ער צוגעגאַנגען און דערקענט אַ פּאָר אַרבעטער, מיט וועלכע ער האָט אַמאָל געאַרבעט אויפן גרונט־שטאָק. זיי האָבן זיך מיט אים דערפרייט. ער האָט אויסגעהערט זייערע קלאָגעס קעגן מעקענזין און זיי האָבן אים געפרעגט וואָס מען קאָן טאָן דערצו. ער האָט זיי געענטפערט, אַז ס'איז דאָ איין מיטל: זיך אָרגאַניזירן קעגן דעם טעראָר, אַרויס אין סטרייק, זיך האַלטן צוזאַמען.

— ווי קאָן מען דאָס טאָן אין דער פאַבריק? — האָט איינער זיך באַקלאָגט, — אַז מען רעדט אויף פאַרשידענע שפּראַכן. דער איטאַליענער פאַרשטייט ניט דעם רוס, דער אַמעריקאַנער האַלט זיך העכער פון אימיגראַנט.

— נאָר מעקענזי מאַכט ניט קיין אויסנאַם מיט קיינעם. ער איז פאַראינטערעסירט צו שניידן דעם לוין און צו קריגן וואָס ביליקערע הענט, — האָט זיך אָפּגערופן אַ רוס.

— איך בין זיכער, ווען מען רופט אַ מיטינג פון אַלע אַרבעטער דאָ, וואָלטן זיך אַלע געהאַלטן צוזאַמען, — האָט געזאָגט מאַטעק אויף פּויליש, — מעקענזי קאָן אָפּזאָגן איין אַרבעטער און צען אַרבעטער, אָבער ער קאָן ניט גיין אַנטקעגן פיר הונדערט אַרבעטער אויב אַלע וועלן זיך האַלטן צוזאַמען. איך קום פון דער פּוילישער שטאָט לאָדזש און דאָרט האָבן אַרבעטער זיך ניט געשראָקן פאַר דעם צאַר ניקאָלאַי מיט זיינע סאָלדאַטן און קאַזאַקן. דאָרט האָבן די אַרבעטער־פאַרטייען געהאָלפן די אַרבעטער געווינען בעסערע באַדינגונגען אין די פאַבריקן. וואָס איז דער מער מיט דער אַמעריקאַנער סאָציאַליסטישע פאַרטיי?

די אַרבעטער האָבן ניט געענטפערט. מאַטעקס לעצטע רייד וועגן פאַרטייען זיינען געווען צו־פרעמד פאַר זיי.

ווען קעלער איז, אין אַ פּאָר טעג אַרום, געווען אין אַ בעסערער שטי־מונג און ער איז צוגעקומען צו מאַטעקן פרעגן אים ווי עס גייט אים, האָט מאַטעק אים דערציילט וועגן זיינע שמועסן מיט די אַרבעטער ביים אַהיים גייך.

— לייענסטו שוין ענגליש, מאַטעק? — האָט קעלער אים פּלוצלינג געפרעגט.

— איך קריך אויף אַלע פיר, נאָר מיין לערערין זאָגט, אַז איך האָב אַ סך דערגרייכט.

— נו, ווען דו וועסט אָנהויבן אַליין לייענען, זאָלסטו די ערשטע זאַך לייענען דזשעק לאָנדאָנס ראָמאַן „מאַרטין אידען", — האָט קעלער געזאָגט. — און דערנאָך זאָלסטו לייענען אָפּטאָן סינקלערס „די דזשאָנגל", דאַן וועסטו באַקומען אַ באַגריף וועגן אַמעריקאַנער אַרבעטער־קלאַס.

מאַטעק האָט ביי זיך אין נאָטיץ ביכל פאַרשריבן די נעמען. ווען ער האָט אין אָוונט געפרעגט ביי דער לערערין וועגן די ביכער, האָט זי זיך פאַרקרימט און געזאָגט: „ניין, זיי זיינען ניט קיין אמתע ליטעראַטור. איך וועל דיר געבן לייענען דעם „אוצר אינדזל" פון סטיווענסאָן און „הייאַוואַטאַ" פון לאָנגפעלאָו".

די לערערין האָט פאַרגעבן שרייבן אַ קאָמפּאָזיציע וועגן בנימין פרענקלין. אינגאַנצן איז דאָס באַשטאַנען פון אַ פּאָר פּאַראַגראַפן, וואָס זי האָט געהאַט מיט די שילער איינגעשטודירט פון פריער. מאַטעקס קאָמפּאָזיציע איז איר געפעלן און זי האָט אים געהייסן דאָס לייענען ביי דער אַסעמבלי, וואו אַלע שילער און זייערע פריינט וועלן זיך טרעפן.

זי האָט אויסגערופן זיין נאָמען, אַז ער זאָל אַרויפקומען אויף דער פּלאַט־פאָרמע און לייענען, נאָר מאַטעק איז געזעסן אין זאַל און זיך געמאַכט ווי ער הערט ניט. ער האָט ניט געהאַט קיין מוט אַרויפצוגיין אויף דער פּלאַטפאָרמע.

3.

עס איז געווען אין אַ פּאָר חדשים נאָך מאַטעקס אַריינקלייבן זיך אין דער נייער וואוינונג. עס איז געווען אַ זוניק פאַרמיטאָג. מאַטעק איז געגאַנגען שפּאַצירן אין גאַס און פון דערווייטנס דערזען זיין אַלטע באַלע־באָסטע מרס. לעווין. ער האָט זי געוואָלט אויסמיידן, נאָר זי האָט אים דערזען און אָנגעהויבן רופן:

— מיסטער, מיסטער, איך וויל אייך זען!

מאַטעקס פּנים איז געווען פאַרכמורעט. נאָר איר קול איז געווען ווייך און מילד. זי איז מיט גיכע טריט צוגעקומען צו מאַטעקן:

— אַז מען זאָל אַזוי דערלעבן משיחן, ווי איך האָב זיך געקליבן אייך גיין זען. איר ווייסט, אַז מיר האָבן געפונען דעם צען דאָלער ביל? מיין מאַן האָט געהאַט פאַרגעסן אַז ער האָט אים געהאַט באַהאַלטן אין זיין יום־טובדיקן פּאַלטן. אַבי מיר האָבן אייך אומזיסט חושד געווען. איר ווייסט דאָך, ער איז אַלט און זיין זכרון דינט אים שוין ניט מער ווי אַמאָל. איר וועט אונדז מוחל זיין. עס האָט אונדז זייער באַנג געטאָן וואָס מיר האָבן זיך פריער ניט גע־כאַפּט זוכן אין מאַנטל . . . קומט אַריין צו אונדז היינט אָוונט, ווען די קינדער וועלן זיין, וועט איר טרינקען אַ גלעזל טיי מיט אונדז, יאָ?

— גודבאַי, מרס לעווין, — האָט מאַטעק געזאָגט און איז פאַרשוואונדן.

דעם עגמת־נפש וואָס ער האָט געהאַט ביי דעם אַלטן פּאָר פאָלק האָט זיך אויסגעלאָזט פאַר אים צום גוטן. דאָס אַריינקלייבן זיך צו ליובאַן איז פאַר אים ממש געווען אַ גליק. ניט בלויז האָט זיך ליובאַ אַרויסגעוויזן צו זיין אַ גוטער מענטש און אַ צאַרטע פרוי און מאַמע, נאָר איר מאַן, איסאַק, האָט מאַטעקן ליב באַקומען און זיך באַצויגן צו אים ווי צו אַן אייגענעם. מאַטעק האָט פאַרגעסן, אַז ער האָט אַן אָנקל אין שטאָט. געגאַנגען אַהין איז ער בלויז אָפּנעמען זיינע בריוו, נאָר ער האָט אַהיים געשיקט דעם נייעם אַדרעס און זיך געקליבן באַזוכן דעם אָנקל וואָס ווינציקער, מחמת יעדער באַ־זוך האָט זיך געענדיקט מיט מוסרן און אָפּחוזקן פון אים.

איסאַק האָט אויך געאַרבעט אין אַ פאַבריק. ער איז געווען אַ קאַטער ביי שניפּסן און ער האָט פאַרדינט ניט שלעכט. ער האָט געוואָלט אַריינבעמען מאַטעקן צו זיך אין פאַבריק און אים אויסלערנען די זעלבע מלאכה. מען האָט אים צוגעזאָגט, אַז מען וועט מאַטעקן געבן אַ געלעגנהייט זיך צו לערנען מיטן מעסער. דערווייל זיינען אַוועק חדשים און מאַטעק האָט געוואַרט.

צווישן איסאַקן און מאַטעקן זיינען פאָרגעקומען דיסקוסיעס. איסאַק איז געווען אַ פּועלי־ציוניסט און מאַטעק האָט געזאָגט, אַז ער איז אַ סאָציאַ־ליסט און אַז ער וועט זיך אָנשליסן אין דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי אי־גיכן. איסאַק האָט אים געוואָלט אַריינקריגן אין דער פּועלי־ציון פּאַרטיי.

איסאַק האָט זיך ליב געהאַט צו פּוצן. ער איז געווען אַ יונגערמאַן פון אַ יאָר צוויי־און־דרייסיק. הויך, שלאַנק, מיט אַ קאָפּ געקרייזלטע קאַשטאַנען האָר. ער האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ שיינעם בחור. אין געזעלשאַפט פון פרויען האָט ער זיך געגרויסט און געחנדלט. מאַטעק האָט אים שטענדיק גע־טראָפן אין אַ פריילעכער שטימונג. ער האָט זיך רק געוויצלט און ליובאַ האָט פון אים אַנגעקוואָלן. עס איז געווען אַ וואַרעם האַרציק הויז און מאַטעק האָט זיך געפילט אין זיבעטן הימל פון דעם צופאַל, וואָס האָט אים אַריינגע־בראַכט אין אַזאַ אַטמאָספערע.

ליובאַ איז געווען זייער ווייבלעך. זי האָט געפילט מאָטעקס בליקן אויף זיך און זי האָט זיך מיט אים גערייצט.

— ווי געפעל איך אייך היינט, מאָטעק? ווי געפעלט אייך מיין בלוזע? מיינע אויגן קוקן עפּעס אויס פאַרנעפּלט, ניט אַזוי?

און מאָטעק האָט זיך אָנגעשיכורט מיט איר אָנוועזנהייט, מיט איר נאָענטקייט. איר קול איז געווען מעלאָדיש, ווארעם און די אויגן גרויסע, ברוינע. די שוואַרצע האָר פריש און שטענדיק געלאַנצט און געשמעקט. איר לייב איז געווען ווייס, גלאַט און פריש און זי איז אינגאַנצן געווען זויבער און זוניק.

ניט איינמאָל האָט מאָטעק דערפילט, אַז אין ליובאַס הויז לעבט ער אויף. זינט ער געדענקט זיך, איז ער ניט געווען אין אַ הויז, פונוואַנען ס׳האָט שטענדיק געווייעט מיט אַ ליבער וואַרעמקייט. ער האָט זיך גענומען דערמאָנען די פריע קינדער־יאָרן אין שטעטל, ביים זיידן אין הויף אויף דער דלוגע גאַס, וואו עס זיינען געווען פאַרמאַכטע טירן און פאַרשלאָסענע ליפּ־לעך. יאָרן לאַנג האָט ער פאַרבראַכט אין זיין מוטערס הויז אין לאָדזש, וואו מען האָט ניט געקאָנט פאַרטראָגן זיין געלעכטער אָדער עמיצנס געלעכטער. אפילו ביי דער מומע העלטשאַ אין טאָמאַשאָוו איז אויך געווען עפּעס ניט נאָטירלעכס. שוין אָפּגערעדט פון דער בחורשער וואוינונג פון אָנקל גוסטאַוו מיט די זוניקע שויבן און פּאָלירטע דילן, וואו עס האָט געבלאָזן אַ שטענ־דיק פרעסטל . . .

און אין אַמעריקע? מאָטעקס ערשטע וואוינונג ביים אָנקל ווילי און די גיריקע געלט־בליקן פון דער טאַנטע דזשעני. און דער ריח פון אַלטקייט ביי די לעווינס און זייער בלבול אויף אים!

ביי ליובאַן אין הויז האָט געאָטעמט מיט זאָרגלאָזער יוגנט. יעדער איי־נער וואָס איז אַריינגעקומען צו איר איז געווען האָפערדיק, מונטער, אַנהויבנ־דיק מיט דער שטיפערישער זלאַטע, וואָס איר געזונטער גוף און גייסט האָבן געווירקט ווי אַ ליכטיקער פרימאָרגן, און טאָקע ליובאַ אַליין מיט איר יונג־פרוילעכקייט און מאַמישקייט. און איסאַק, דער פּראַנט און מוסטער פון מענלעכקייט און געזונטקייט . . . ליובאַ האָט געהאַט אַ גרויסע משפחה אין שטאָט. ווער ס׳איז אַריינגעקומען, איז די שטוב גלייך פול געוואָרן מיט געלעכטער און לוסטיקייט, מיט הויכע רייד און היימישקייט. ליובאַס שוועס־טער, סיי די עלטערע, סיי די יינגערע, זיינען אַלע געווען באַחנט און שיין.

מיט דער צייט איז מאָטעק געוואָרן ווי אַ מיטגליד פון דער משפחה. מען האָט אים איינגעלאַדן צו די שוועסטער אין הויז פאַר וועטשערע, מען האָט אים פאַרבעטן צו שמחות און מען האָט זיך געזאָרגט פאַר אַ בעסערן דזשאַב

פאַר אים. אַלע האָבן געוואוסט אַז דאָס איז איסאַקס הויפּט־דאגה. אַלע האָבן געוואוסט, אַז איסאַק באַטראַכט מאַטעקן ניט ווי אַ באָרדער, נאָר ווי אַ מין פּלימעניק, ווי אַ בן־בית. מאַטעקס יוגנטלעכקייט און עלנטקייט, ווי אויך זיין אָפּזאָגן זיך פון אָנקל ווילי און זיין אַרבעטן אין פאַבריק פאַר זיבן דאָלער אַ וואָך, האָבן אַרויסגערופן אַ שטאַרקע סימפּאַטיע צו אים.

— איסאַק, די צייט שטייט ניט אויף אַן אָרט. מען דאַרף טראַכטן וועגן אַ מיידל פאַר מאַטעקן. אַ דערוואַקסענער בחור און אַ הויך געוויקסיקער ווי ער, גייט שוין היינטיקע צייטן אויס מיט אַ סטעדי מיידל. און ער, דער פלאָם־פייערדיקער, איז שטיל ווי אַ קאַטינקע. איך מיין, אַז ווערן וואָלט געמעגט אָנשטיין אויסצוגיין מיט מאַטעקן, האַ, איסאַק? לאָמיר הערן דיין קוק אויף דער זאַך.

— ליובאַ, ווילסט ווערן אַ שדכנטע אויף דער עלטער? וויערא קאָן איך שטעטל באַשטיין. זי איז עלטער פון אים מיט אַ יאָר און זי איז אין דיר גע־ראָטן. דאָרט וואו זי שטייט, וועט שוין קיין גראָז ניט וואַקסן. אַי, מאַכט זי דאָס אייגעלעך, ווען יינגלעך דרייען זיך אַרום איר! אָט־אַזוי ווי דו ביסט געווען, ווען איך האָב זיך מיט דיר באַקענט. און פאַר מאַטעקן דאַרפסטו זיך גאָרניט ניט זאָרגן. ער איז נעבעך דערשלאָגן צוליב דעם דזשאָב דעם קלאָ־געוודיקן. זאָל ער זיך נאָר איינאָרדנען און פאַרדינען מיט מענטשן גלייך, וועסטו זען ווי ער וועט זיך געבן אַ פּוץ אויס און מיידלעך וועלן אים נאָכ־לויפן, ווי זיי זיינען מיר געפאַלן צו די פיס, ווען איך בין געווען אין זיין עלטער. אַ, דו לאַכסט, דו גלויבסט ניט? איך וועל דיר אַמאָל ווייזן דאָס פּעקל בריוו וואָס איך האָב באַהאַלטן פון מיינע יינגלשע יאָרן.

— פלוידערסט, ברודערקע. ניטאָ וואָס צו הערן. עס חלומט זיך דיר פּראָסטע. איך זאָג דיר, אַז ס׳איז אַ רחמנות אויפן בחור. עלנט ווי אַ שטיין. ס׳איז עפּעס ניטאָ קיין מיידלעך פון זיין עלטער אין אונדזער קרייז. אַלע זיינען עלטער פון אים. נאָר וויערא האָט זיך מיט אים נאָך ניט פאַראינ־טערעסירט. זי זעט אַן אָפּגעריסענעם בחור, אַ גרינעם, אַ שווייגער. וואָרט, איך וועל זיך אַ נעם טאָן צו איר. זאָל זי גיין שפּאַצירן מיט אים אין גאָר־פילד פּאַרק, זאָל זי גיין מיט אים אין אַ ניקל־שאָו. און צו אים וועל איך זיך אויך אַ נעם טאָן. איך וועל אים פון הויז אַרויסטרייבן. זאָל ער ניט זיצן דאָ ווי אַ קוואָקע אַ גאַנצן אָוונט. זאָל ער גיין צווישן מענטשן, זאָל ער גיין אין דער פּראָגרעסיווער לייבערערי. דאָרט געפינען זיך גרינע מיידלעך פון זיין זשאַנר.

נאָר וועגן סאַלטשען און גאָלדען האָט ליובאַ ניט געוואוסט. וועגן זיי האָט מאַטעק געשוויגן.

### קאַפּיטל נײַן

# דזשאַבס

פון צײַט צו צײַט האָט מען מאָטעקן אָפּגעלייגט אין דער פאַבריק. אײנמאָל איז קעלער אַרײַנגעקומען אין דער פרי און געזאָגט:

— מאָטעק, די פאַבריק ווערט געשלאָסן אויף צוויי וואָכן, אָנהויבנדיק פון מאָנטיק. איך וועל אָוועקפאָרן כאַפּן פיש. ווילסט מיטפאָרן?

נאָר מאָטעק האָט זיך געגעבן אַ וואָרט, אַז אין די צוויי וואָכן צײַט מוז ער געפינען אַ נײַעם דזשאַב. פון איסאַקס פאַבריק איז קיין גוטע נײַעס ניט געווען. די אַרבעטלאָזיקייט האָט געהאַלטן אין אײן שטײַגן. יעדן פרײַטיק איז מאָטעק געווען גרייט מיט דער צײַטונג אין האַנט. נאָר שטענדיק די זעלבע זאַך — סקעב־אַנאָנסן, אָדער אַרבעט אויסער דער שטאָט, גראָבן טונעלן, אַרויסהעלפן אויף פאַרמס. אין זײַן פאַרצווייפלונג האָט מאָטעק געוואַנדערט איבער גאַסן, אין אינדוסטריעלן צענטער, און געהאָפט, אַז ער וועט דערזען אַ שילדל וואָס מען האָט נאָר־וואָס אַרויסגעהאַנגען, אַז מען זוכט אַ לערן־ייִנגל. עס האָט אים ניט אויסגעמאַכט בײַ וואָס.

און ער האָט געטראָפן. אין אַ פענצטער פון אַ בעקערײַ האָט ער דערזען אַ געשריבן שילדל: „העלפער געזוכט״. ער איז אַרײַנגעגאַנגען. מען האָט אים געהייסן גיין אין דער בעקערײַ, וואָס האָט זיך געפונען לעבן דער קראָם.

— האָסט אַמאָל געאַרבעט אין אַ בעקערײַ? ווײַז מיר דײַנע הענט. — אַזוי האָט אים באַקוקט דער אייגנטימער, אַ מיטל־יאָריקער בלאָנדער שוועד. מאָטעק האָט אים געזאָגט דעם אמת.

— איך דאַרף דיך האָבן בלויז אויף עטלעכע טעג. מײַן אַרבעטער איז פאַרשלאָפט געוואָרן. דו ביסט דער ערשטער בחור וואָס איז אַרײַנגעקומען, וועל איך דיר געבן די געלעגנהייט. קאָנסט זיך שוין שטעלן צו דער אַרבעט?

מאָטעק האָט אויסגעטאָן די קליידער און אָנגעטאָן ווײַסע דינע הויזן און אַ ווײַס רעקל. זיי האָבן אים געפאַסט. דער באַלעבאָס האָט אים געוויזן ווי אַזוי אָנצופילן אַ פאַי. ער האָט אים געהייסן אַרויסנעמען פון קעלטער

הילצערנע עמערס מיט פּאָווידלעס און אים געוויזן ווי אַזוי זיי אָנצושמירן. מאָטעק האָט עס געטאָן פאַרזיכטיק. אים איז געפעלן געוואָרן די ריינקייט פון פלאַץ און דער ריח פון דער פּאָווידלע. דער באַלעבאָס איז געוועזן צו־פרידן פון אים און אים געהייסן קומען מאָרגן.

אויפן פערטן טאָג, נאָכמיטאָג, האָט זיך באַוויזן אין דער בעקעריי דער פריערדיקער אַרבעטער. ער האָט דערזען מאָטעקן און מיט אַ ביסטרען בליק אים געפרעגט:

— דיין יוניאָן קאַרד?

דער באַלעבאָס איז גלייך צוגעקומען און געזאָגט:

— זעסט דאָך, אַז ער איז אַ גרינער בחור. איך האָב אים געזאָגט, אַז איך וועל אים האַלטן ביז דו וועסט צוריקקומען. לאָז אים זיין דאָ צו פאַר־ענדיקן דעם טאָג.

— אויב ער וועט דאָ זיין נאָך איין מינוט, רוף איך אָפּ דעם ביזנעס־אַגענט.

— נו, יונגערמאַן, אַ שאָד. דאָס זיינען דאָך יוניאָן רעגולאַציעס. דו טו זיך אָן און איך וועל דיר באַצאָלן פאַרן האַלבן טאָג. דו ביסט מיר געפעלן געוואָרן. קום אַריין אין קראָם און נעם זיך מיט אַהיים אַ פּאָר פּאַיס, — האָט געזאָגט דער באַלעבאָס.

איצט, ווען ער האָט געהאַט פרייע צייט, האָט מאָטעק זיך אַ נעם געטאָן צום לייענען. אין די אָוונטן האָט ער פאַרבראַכט אין דער פּראָגרעסיווער ביבליאָטעק. דאָס איז געווען אַן אינסטיטוציע, וואָס יידישע סאָציאַליסטישע אַרבעטער פון שטאָט האָבן אויסגעהאַלטן. זי איז באַשטאַנען פון איין לאַנגן צימער, וואָס האָט אויך געדינט ווי אַ מיטינג־זאַל פאַרן אַרבעטער־רינג ברענטש פון שטאָט, ווי אויך פאַר מיטינגען פון אַנדערע יידישע פאַראיינען און אויך פאַר אַ רוסישן קלוב. מאָטעק איז פאַרכאַפּט געוואָרן פון די שאַפעס ביכער, וואָס ער האָט צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן געזען. ער האָט געוואָלט לייענען די יידישע ביכער, די רוסישע און ענגלישע ביכער. צו זיין איבערראַשונג האָט ער דערזען צווישן די ענגלישע ביכער דאָס בוך וואָס קעלער האָט אים גע־הייסן לייענען. דאָס איז געווען דזשעק לאָנדאָנס „מאַרטין אידען". ער האָט געוואוסט, אַז עס וועט אים אָנקומען שווער דאָס צו פאַרשטיין, נאָר זיין איב־טערעס איז געווען גרויס און ער האָט דאָס בוך אַהיים גענומען. צו זיין פרייד האָט ער, מיט אַ ווערטער־בוך ביי דער זייט, געלייענט זייטל נאָך זייטל און ער האָט זיך ניט געקאָנט אָפּרייסן דערפון.

ליובאַ האָט געזען ווי שטאַרק ער האָרעוועט צו לייענען דאָס בוך, האָט זי פאַרגעשלאָגן אים אַרויסצוהעלפן. אין אָוונט, ווען די קינדער זיינען גע־

שלאָפן און דער מאַן איז אַוועק צום מיטינג פון זיין „לאָדזש״, זיינען זיי ביידע געזעסן אין דער ליכטיקער קיך און ליובאַ האָט זיך אויסגעזעצט באַקוועם, די פיס אַרויפגעלייגט אויפן צווייטן בענקל, צוליב מידקייט און זי האָט מיט איר וואַרעם קול, געלייענט פאַר מאַטעקן און אָפּט אים באַלויכטן מיט איר זוניקן שמייכל. זי האָט דאָס בוך ניט געהאַט געלייענט און זי איז אויך פאַראינטערעסירט געוואָרן אין זיין אינהאַלט. אויף ביידן האָט דאָס ווערק געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק. אַזוי האָבן זיי עס געלייענט באַזונדער און צו־זאַמען. ווען זי האָט שוין לאַנג געהאַט געענדיקט דאָס בוך, האָט מאַטעק ערשט געהאַלטן אינמיטן.

פאַר מאַטעקן איז „מאַרטין אידען״ געבליבן איינע פון זיינע שענסטע דערינערונגען, סיי צוליבן אינהאַלט, סיי צוליב דעם וואָס ער האָט תמיד גע־הערט ליובאַס קול אין פאַרבינדונג מיטן בוך.

די ביבליאָטעק איז פאַר מאַטעקן געוואָרן אַ קוואַל וואָס איז געווען אומ־דערשעפּלעך. יעדעס בוך, האָט זיך אים אויסגעוויזן, איז וויכטיק און ער האָט נאָך קיין זאַך ניט געהאַט געלייענט. אין די ווערק פון שלום־עליכם, פּרץ, אַש, מענדעלע און אברהם רייזען האָט זיך פאַר אים אַנטפּלעקט דאָס יידישע לעבן, וואָס איז אים געווען אַזוי באַקענט און טייער. אין די ווערק פון טאָל־סטאָי, טורגעניעוו, גאָרקי, אַרציבאַשעוו איז פאַר אים דורכגעגאַנגען אַ ניי לעבן. און די ענגלישע ביכער וועגן אַמעריקע זיינען פאַר אים געווען עפּעס וואָס האָבן אים די אויגן געעפנט צום אַרום, וואָס איז אים נאָך געווען פרעמד.

געוועזן טעג, ווען מאַטעק האָט אינגאַנצן געפיבערט מיט די ביכער, גע־לעבט מיט זייער אינהאַלט און זיך ניט געקאָנט דערוואַרטן, ביז ער וועט אַהיימקומען פון דער פאַבריק. זיך צוגעכאַפּט צו זיי ביים עסן.

— מאַטעק, דאָס עסן ווערט קאַלט. איר וועט צייט האָבן שפּעטער אויס־צוגעפינען, צי זי האָט געזאָגט „יאָ״, — האָט ליובאַ זיך געבעטן ביי אים.

— ליובאַ, עסן עסט אַ בהמה אויך, נאָר אַ מענטש דאַרף פריער פון אַלץ לערנען, אויסגעפינען ווער ער איז און וואָס ער איז, — האָט מאַטעק ערנסט אַרגומענטירט.

— גייט שוין, גייט, מיט אייערע פילאָזאָפיעס, — האָט ליובאַ אָפּגעלאַכט פון אים, — אַז מען עסט ניט, ציט מען אויס מיט די פיס און ווער איז שול־דיק — אויב ניט די מיסעס? זונטיק נעמט מען אַ מיידל, מיט אַ ביכל און מען גייט אין פאַרק אַריין, מאַטעק.

נאָר זונטיק איז מאַטעק געזעסן אין דער ביבליאָטעק און געשלונגען ביכער.

.2

עס איז שוין געווען איבער צוויי יאָר צייט זינט מאַטעק איז געווען אין די פּאַראייניקטע שטאַטן. ער איז עטלעכע מאָל דורך דער צייט אָפּגע־לייגט געוואָרן אין דער פאַבריק, און ער האָט צוביסלעך געטאָן אַנדערע אַר־בעט. דאָך איז ער צוריקגעקומען, ווען די פאַבריק האָט זיך ווידער געעפנט.

איינמאָל, ווען ער איז געקומען אין דער פרי צו דער אַרבעט, האָט ער דערהערט אַ גערודער, אין זיין דעפּאַרטמענט. קעלער איז נאָך ניט געווען, נאָר די שניצערס און די אַנדערע פאַכלייט האָבן ניט געאַרבעט און אויפגע־רעגטע וועגן עפּעס גערעדט. ער האָט באַלד אויסגעפונען, אַז די פאַבריק האָט באַשלאָסן איינגאַנצן אויפצוגעבן דעם דעפּאַרטמענט. מען דאַרף ניט מער די אָרנאַמענטאַלע שטולן. מען דאַרף ניט מער קיין שניצערס. מען וועט אויך ניט מער מאַכן קיין שטולן מיט שטרויענע זיצערס.

ווען קעלער איז אָנגעקומען, איז זיין פּנים געווען שוואַרץ. דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל וואָס מאַטעק האָט אים געזען אַזאַ אויפגערעגטן.

— געגאַנגען, אַלץ וואָס איך קאָן אייך זאָגן איז, אַז מיר שטייט ניט פאַר קיין בעסערע צוקונפט ווי אייך, — האָט קעלער געזאָגט אויף דייטש, מיט טרויער אין קול.

— וועגן דיר, מאַטעק, האָב איך גערעדט מיט מעקענזין. ער וועט דיר געבן אַרבעט ביי דער זאַמד־פּאַפּיר מאַשין, די זעלבע זיבן דאָלער פער וואָך. נאָר ווען דו פאָלגסט מיך, וואָלסטו זיך געדאַרפט אַרומקוקן און געפינען עפּעס בעסערס. ביסט צו־יונג צו פאַרשווענדן דיין צייט דאָ. איך ווייס, אַז די באַדינגונגען זיינען אַציגד זייער שלעכטע אומעטום, נאָר אַז מען זוכט ניט, געפינט מען ניט.

די זיבן דאָלער אַ וואָך זיינען מאַטעקן געשטאַנען פאַר די אויגן. אָפּ־שפּאָרן, אָפּשפּאָרן פון עסן, פון קליידונג און קאָנען שיקן געלט אַהיים און קאָנען טראַכטן וועגן אַריבערברענגען גוטשיאַן. מאָדנע, ווי שטאַרק ער האָט געבענקט נאָך דער „שלעכטער" גוטשיאַ. אפשר דערפאַר וואָס ער האָט זי איצט פאַרשטאַנען, האָט ער זיך געפילט שולדיק קעגן איר. זי איז טאַקע געווען קעגן דער באַוועגונג, נאָר דאָס איז געווען אויס מורא פאַר דער פּאָ־ליציי, אויס מורא, אַז עס זאָל די עלטערן ניט שאַדן. איר ליבע פאַר טאַטע־מאַמע האָט איבערגעוואויגן אַלץ אין דער וועלט.

קיין דזשאָב וואַרט אין ערגעץ ניט אויף אים. איסאַק האָט צוגעזאָגט, דאַרף מען וואַרטן ביז עס וועט זיך עפּעס מאַכן ביי אים אין פאַבריק. דער־ווייל קאָן ער ניט מעסטן די גאַסן. ער וועט אַראָפּגיין צו מעקענזין און זאָגן,

אַז ער איז גרייט צו אַרבעטן ביי דער זאַמד־פּאַפּיר מאַשין.

ווען מעקענזי האָט אים דערזען, האָט ער אויסגערופן:

— אויב ס׳איז ניט דער היילּיקער מאָזעס אַליין! פאַרוואָס גייסטו ניט פּעדלען, ווי אַלע דיינע יידעס האָבן געטאָן? ווילסט צוריק דעם דזשאָב? אָ־קעי, דזשור־באַי, וועסט אַריינקומען אין אַ וואָך אַרום, וועלן מיר זען.

מעקענזי האָט דאָס אַלץ אַרויסגערעדט אין אַ שטאַרק אָפּלאַכערישן טאָן, אַז די אַרומיקע אַרבעטער זאָלן הערן און מיטלאַכן. מאָטעק איז געשטאַנען פאַר אים און זיין אויפרעגונג איז געשטיגן. אַי, ווען ער קאָן גוט ענגליש! נאָר ער וועט אים זאָגן וואָס ער טראַכט ווענן אים אין זיין באַגרענעצטן לשון.

— איך וועל פאַר אַזאַ געלן הונט ווי איר ניט אַרבעטן, ווען איך זאָל וויסן צו שטאַרבן פון הונגער, איך —

— ווער איז אַ געלער הונט? — האָט מעקענזי אויסגעשריען און זיך געלאָזט אין זיין גאַנצער גרויס צו מאָטעקן. — איך וועל דיר דעם קאָפּ צע־פּלעטן, אויב דו וועסט ניט צוריקציען דיינע לויזיקע ווערטער!

ער האָט די ווערטער אַרויסגעדונערט און די אַרבעטער ביי די מאַשינען זיינען צוגעלאָפן און ביידן אַרומגערינגלט. מעקענזי איז צוגעקומען גאָר נאָענט צו מאָטעקן און געהאַלטן די פויסטן גרייט.

נאָר דאָ האָט מאָטעק דערפילט ווי עמיצער שטייט הינטער אים און רירט אים אָן. ער האָט זיך אומגעקערט און דערזען דעם רוס מיט די זאַמדיקע וואָנצעס, וואָס האָט אויסגעסטאַרטשעט אַ פּאָר ווילדע אויגן אויף מעקענזין. און באַלד האָט מאָטעק דערפילט ווי נאָך עמיצער שטייט ביי זיין זייט. דאָס איז געווען דער פּאָליאַק, וועמעס בריוו ער פלעגט אַמאָל לייענען פאַר אים מיטאָג צייט.

— אַזאַ סוקין סין, האָב ניט מורא פאַר אים. איך וועל זיך מיט אים אָפּרעכענען, — האָט דער רוס אַ בורטשע געטאָן צו מאָטעקן.

— פּשאַ קרעוו־סאַנאָוואַ, איך וועל אים באַצאָלן, — האָט דער פּאָליאַק זיך אָפּגערופן שטילערהייט.

מעקענזי האָט מיט די אויגן נאָכגעפאָלגט די סצענע. ער האָט ניט פאַר־שטאַנען וואָס זיי האָבן ביידע געזאָגט, נאָר דער אויסדרוק אויף זייערע פּנימער און זייער שטעלן זיך ווי אַ שוץ פאַר מאָטעקן איז געווען גענוג פאַר אים, אַז ער זאָל זיך דערשרעקן און זיך אויסדרייען און אַוועקגיין אָן אַ וואָרט.

מאָטעק האָט זיך געזעגנט מיט קעלערן, אים באַדאַנקט פאַר אַלץ. קעלער האָט אים געגעבן זיין היים־אַדרעס און געבעטן, אַז מאָטעק זאָל שרייבן צו אים, ער האָט צוגעזאָגט צו ענטפערן.

.3

עם זיינען אַוועק עטלעכע חדשים און מאַטעק האָט ניט געהערט פון שימעקן אָדער פון גאָלדען. געוואוסט האָט ער, אַז זיי האָבן שוין גע־דאַרפט אַרויספאָרן קיין אַמעריקע. זיי האָבן שוין געדאַרפט דאָ זיין. נאָר ער האָט פון זיי ניט געהערט.

ענדלעך איז אים אָנגעקומען אַ בריוו פון ניו־יאָרק. ער האָט גלייך דער־קענט שימעקס האַנטשריפט:

„שוין איבער אַ חודש ווי מיר געפינען זיך אין ניו־יאָרק. אַנט־שולדיק וואָס איך האָב דיר ניט געשריבן. אַלץ איז אַזוי ניי און איבערראַשנדיק. ביז מיר האָבן זיך איינגעאָרדנט, ביז מיר האָבן זיך צוגעוואוינט צו דער לופט, צום ברויט, צום וואַסער, צו די מענטשן. איך קאָן דיר מעלדן אַז איך אַרבעט שוין, אַלס העלפער ביי אַן עלעק־טרישן. מיין ברודער האָט מיר געקראָגן די שטעלע. איך פאַרדין צוועלף דאָלער אַ וואָך. איך אַרבעט שווער און איך האָב ניט קיין כוח זיך צו לערנען ביינאַכט.

„ווען קומסטו צופאָרן אין ניו־יאָרק? מיר האָבן אַ גרויסע דירה. און די מאַמע הייסט מיר דיר שרייבן, אַז ווען דו וועסט קומען אַהער, וועסטו קאָנען וואוינען ביי אונדז. זי וועט דיר קיין סך ניט רעכענען...

„גאָלדע וויל, אַז דו זאָלסט איר פריער שרייבן. דו וואָלסט זי ניט דערקאָנט. זי האָט זיך אויסגעפוצט אינגאַנצן אַמעריקאַניש און רעדט ענגליש ווי אַ וואַסער, נאָר דעם צאָפּ האָט זי זיך ניט אָפּגעשאָרן. מיינט מען, אַז זי איז אַ שול־קינד, כאָטש די מאַמע זאָגט אַז זי שטייט שוין אין שידוכים".

מאַטעק איז געווען באַרואיקט פון שימעקס טרוקן בריוול.

געוועזן מאָמענטן ווען ער איז געווען גרייט איינצופּאַקן דאָס רענצל און פאָרן קיין ניו־יאָרק און אָנקומען צו די יאַקובאָוויטשעס. אַ וואוינונג וועט ער האָבן, אַ פּאָר דאָלער האָט ער נאָך אין קעשענע. ער וועט זיך געפינען אין אַן אייגן הויז, ער וועט זיין מיט שימעקן און סתם וועט ער ניט פאַרלאָרן גיין. דער געדאַנק וועגן גאָלדען איז ביי אים געווען, ווי די טייערסטע זאַך, וואָס ליגט באַהאַלטן טיף־טיף און מען נעמט זיך דערצו, ווען מען וויל זיך פילן גוט־גוט. ער ווייסט, אַז גאָלדע האָט אים ליב, דערפאַר פראָוועט זי אַזעלכע שטיק. זי וויל ער זאָל שרייבן דער ערשטער. זי האָט מסתמא געמיינט ערנסט, אַז ער זאָל זי קומען באַגעגענען ביי דער שיף מיט אַ בוקעט בלומען. זאָל ער נאָר קריגן אַ גוטן דזשאַב, דאַן וועט ער זיך אויספוצן און דאַן וועט ער זיך

ניט שעמען פאַר גאָלדען. שפּאַצירן מיט איר איבער די ניו־יאָרקער גאַסן איז ניט קיין קלייניקייט. זי וועט גיין אין עסיק און האָניק און ער וועט אויסקוקן ווי אַ שלעפּער . . .

מאַטעק האָט זיך פאַרטרויט פאַר איסאַקן און דאַן פאַר ליובאַן. ביידע האָבן אים אָפּגערעדט פון פאָרן אין ניו־יאָרק.

— הערט זיך אייך, בחור, — האָט ליובאַ אין איר קלינגענדיקן קול אויסגעצויגן די ווערטער, ווי זי וואָלט ערנסט געטראַכט וועגן ענין, — איר וועט צייט האָבן צו פאָרן אין ניו־יאָרק, ווען אייערע פריינט וועלן שיקן נאָך אייך. דאָס מיינט, ווען זיי וועלן האָבן אַ דזשאָב פאַר אייך. אמת, איר האָט דאָ אויך ניט קיין אַרבעט. נאָר איסאַק האָט אייך צוגעזאָגט און ער וועט האַלטן זיין וואָרט. וועט דויערן נאָך אַביסל צייט. טאָמער האָט איר ניט קיין געלט, זאָל דאָס אייך ניט אַרן. קיינער וועט ביי אייך ניט מאָנען. איר קאָנט זיין ביי אונדז, ביז מען וועט אייך אונטער דער חופּה פירן. קומען אין אַ פרעמדער שטאָט און נאָך אין אַזאַ הור־האַ ווי ניו־יאָרק און אָן אַ גראָשן ביי דער נשמה, איז אַ קרומע זאַך. און אויף מיר האָט איר גאָר קיין רחמנות ניט? איך וועל בענקען נאָך אייך, איסאַק וועט בענקען נאָך אייך און די קאַראַפּוזיקלעך וועלן ניט האָבן וועמען די האָר אויסצורייסן . . .

איסאַק איז געווען איבערצייגט, אַז אים וועט געלינגען צו קריגן אַרבעט אין זיין פאַבריק פאַר מאַטעקן, נאָר דער באַלעבאָס פון פּלאַץ איז ער דאָך ניט. מען מוז האָבן געדולד.

מאַטעק האָט באַשלאָסן צו שרייבן אַ בריוו צום פעטער קיווע אין ניו־יאָרק. קיווע איז געווען זיין פאָטערס ברודער. געוואוסט האָט ער, מאַטעק, אַז עס וועט זיין אַרויסגעוואָרפן די פּאָר סענט וואָס ער וועט אויסגעבן. קיווע האָט קיינעם ניט געענטפערט. מאַטעק האָט געבענקט נאָך זיין פאָטער. ער האָט געוואָלט זען עמיצן וואָס קוקט אויס ענלעך צו זיין פאָטער. אפשר וועט דאָס אים דערנעענטערן צו זיין היימישן שטאָם. אפשר וועט דער פעטער קיווע זיך באַטראַכטן, אַז היות דער פּלימעניק געפינט זיך שוין אין אַמעריקע און מען דאַרף אים קיין שיפסקאַרט ניט שיקן, וועט ניט אויסמאַכן, אַז מען וועט אים איינלאַדן צו קומען צו זיך אין הויז אַריין.

געשריבן האָט מאַטעק, אַז ער דאַרף פון פעטער גאָרניט. אַלץ וואָס ער וויל, איז זיך באַקענען מיט אים, ווייל ער איז דאָך זיין פאָטערס ברודער, ווייל ער האָט אים קיינמאָל ניט געזען און ער וויל וויסן וואָס ער מאַכט. ער קלייבט זיך קומען קיין ניו־יאָרק און ער וויל וויסן צי דער פעטער וואוינט נאָך אויפן זעלבן אַדרעס.

געהייסן האָט דער פעטער „קיווע“, נאָר דאָ אין אַמעריקע איז זיין ענג־

לישער אַדרעס געווען: „ניק סאַרדזשענט". האָט עס מאַטעק אין קיין פאַל ניט געקאָנט באַגרייפן. מילא, פון אַנקל וועלוול קאַלינסקי איז דאָ געוואָרן — ווילי קעלי, נאָר אַז פון קיווע סאַרנע זאָל ווערן ניק סאַרדזשענט, דאָס האָט מאַטעקן געקלונגען ווילד־פרעמד.

געשיקט האָט ער דעם בריוו צום פעטער רעגיסטרירט. אויב דער פעטער וואוינט שוין דאָרט ניט מער (דעם אַדרעס האָט מאַטעק מיטגעבראַכט פון שטעטל פון פוילן. דער אַדרעס איז געווען אַ סך עלטער פון מאַטעקן), וועט דער בריוו צוריקקומען. דער בריוו איז ניט צוריקגעקומען און קיין ענטפער איז ניט אָנגעקומען. דער פעטער לעבט, נאָר זיין האַרץ איז טויט. עס איז געווען טויט, נאָך איידער ער, מאַטעק, איז געבאָרן געוואָרן.

מאַטעק האָט געשריבן באַזונדערע בריוו צו שימעקן, צו זיינע עלטערן, צו שימעקס עלטערן ברודער און צו גאָלדען. ער האָט פשוט געבעטן, אַז מען זאָל אים העלפן קריגן אַרבעט און טאָמער איז פאַראַן די קלענסטע אויסזיכט, וועט ער באַלד קומען, דערפאַר וואָס ער דרייט זיך דאָ אַרום ליידיק דערווייל.

די ענטפערס זיינען ניט געווען דערפרייענדיקע. אייגנטלעך האָבן די עלטערן ניט געענטפערט. שימעק האָט געשריבן אין זייער נאָמען און אין נאָמען פון זיין ברודער. קיין אויסזיכט אויף אַרבעט איז ניטאָ. שימעקס פאָטער אַליין גייט אַרום אָן אַ קאָפּ. מען קלאַפּט אין די טירן, מען האָפט. עס איז אַ שווער לעבן. דאָס וואָס שימעקן האָט אָפּגעגליקט איז טאַקע אַ נס. נאָר זאָל ער קומען, מאַטעק. שימעק שלאָפט איינער אַליין אין אַ צימער. דער ברודער האָט חתונה געהאַט, זיך אַרויסגעקליבן. עסן וועט מאַטעקן ניט פעלן. קיין דירה־געלט וועט אים ניט קאָסטן.

גאָלדעס בריוו האָט מאַטעק געלייענט ביי זיך אין צימער, ווען ער האָט זיך געלייגט שלאָפן. געלייענט אים לאַנגזאַם, איינגעזאַפּט אין זיך און נאָכאַמאָל אים אָנגעהויבן — פון איר האַנטשריפט אויפן קאָנווערט און די חנעוודיקע בוכשטאַבן, וואָס האָבן אים אויסגעזען ווי טיילן פון גאָלדען. אירע פינגער, איר שמייכל, אירע ווייסע גלייכע ציין, אירע שטיפערישע אויגן, אירע זויבערע קליידער.

געשריבן האָט זי אויף פויליש. איר פויליש האָט געהאַט אין זיך אַ באַזונדערן חן. זינט ער האָט זיך באַקאָנט מיט דער רוסישער שפּראַך און זיך פאַרליבט אין איר, האָט די פוילישע שפּראַך ביי אים געהאַט אַ סך אָנגעוואָרן. איבערהויפּט איז אים ניט געפעלן געוואָרן ווען מענער האָבן גערעדט פויליש. צי אין דעם זיינען שולדיק געווען אַנטיסעמיטישע רייד פון אַ צאָל מענער, וואָס האָבן ביי מאַטעקן געלאָזט אַ בייז געפיל, צו זיין ווידערגעפיל צו דער אייגענער משפחה, ווען זי האָט צווישן זיך גערעדט פויליש,

— גאָר אַנדערש איז געווען דער פּוילישער בריוו פון גאָלדען. אין יעדן וואָרט האָט ער געפונען אַן אַנדער צאַרטקייט, אַ מוזיקאַלישקייט, אַן אָפּקלאַנג פון גאָלדעס ווייך, ליב קול.

און אין דער פינצטער, אין בעט, האָט מאָטעק פאַר זיך איבערגעחזרט גאָלדעס אויסדרוקן אין בריוו:

„מאָטוש קאָכאַני, — איך בין דרייסט געווג דיך אַזוי צו באַטיטלען, ווייל עס האָט זיך פון אינווייניק אַזוי אַרויסבאַקומען . . . ניט איינמאָל קום איך פון דער גאַס אַרויף אין הויז אַריין און עס דוכט זיך מיר אויס, אַז דו וועסט מיר אַנטקעגנקומען און זאָגן: „האָסט געשיקט נאָך מיר, איך בין דאָ . . .“ ווען דו וואָלסט באמת געווען ווי איך זע דיך אָפּט אין מיינע געדאַנקען, וואָלסטו שוין לאַנג דאָ געווען . . . איך בין אויסגעוואַקסן גאָר שיין און איך באַרים זיך ניט . . . דאָס דערציילן מיר די בליקן פון דיין ראַסע . . . צי עס ווייזט זיך מיר אויס, צי ניט, נאָר אַלע מענער לאָכן צו מיר, פרייען זיך מיט מיר און דערזעען עפּעס אין מיר וואָס זאָגט: איר געפעלט אונדז, איר געפעלט אונדז זייער . . . נאָר מאָטעק סאַרנע פון דער דזשעלנע גאַס, לאָדזש, פוילן, וויל מיך ניט זען . . .“

האָט מאָטעק געטראַכט און געטראַכט לאַנג אין דער נאַכט אַריין: פאַר־וואָס זאָל ער טאַקע ניט גלייך פאַרלאָזן אַלץ און פאָרן קיין ניו־יאָרק? וואָס וועט ער דאָ אויסוואַרטן אין דער טויטער שטאָט? די יוגנט אינטערעסירט אים ניט. זי געפינט זיך מערסטנס ביי די פּועלי־ציון און ער איז מיטן גאַנצן האַרצן אין דער פּראָגרעסיווער ביבליאָטעק, וואו די סאָציאַליסטן האָבן די אויבערהאַנט. נאָר דאָ זיינען קיין יידיש־ריידנדיקע יוגנטלעכע ניט פאַראַן. ניין, קומען קיין ניו־יאָרק וועט ער אַן אויסגעפּוצטער מיט אַ פולע קעשענע געלט. גאָלדע וועט וואַרטן. ער וועט פאַרלירן גאָלדען אויב ער וועט אויס־זען ווי אַ באַם.

מאָדנע, ווי פרויען קאָנען דערפילן זאַכן, האָט מאָטעק געטראַכט. ער האָט קיינעם ניט געהאַט דערציילט וועגן גאָלדען. ער האָט שטענדיק גע־רעדט וועגן זיין פריינט שימעק, וואָס איז געקומען מיט זיינע עלטערן קיין ניו־יאָרק. נאָר ליובאַ האָט אים איינמאָל געמאַכט אַ באַמערקונג.

— זאָגט נאָר, יונגערמאַן, אָבער אַרויס מיטן אמת, אפילו ווען עס איז שווער, — „זאַ פּראַוודו ביוט,“ זאָגט מען ביי אונדז אין דער היים — זאָגט מיר דעם אמת: בענקט איר ניט טשאַסאָם, נאָך אַ מיידל פון לאָדזש? זינט איר האָט דערהאַלטן בריוו פון אָט־דער משפחה, זייט איר געוואָרן אַן אַנדער מענטש. מיר דוכט זיך, אַז איר זייט אין עמיצן פאַרליבט. ס'איז ניט מיינע ביזנעס, זאָל עס אייך זיין מיט גליק. נאָר איר ווייסט דאָך, מען איז ניט מער

ווי אַ יידענע, ווייל מען וויסן: ווי הייסט זי, ווי קוקט זי אויס, איז זי שענער פון מיר?

ליובאַ האָט אָנגעשטעלט אויף זיין פּנים איר דורכדרינגענדיקן בליק און אים נאָכגעפאָלגט. מאָטעק האָט זיך געמוזט פאַררויטלען. ליובאַ האָט זיך צעלאַכט מיט איר זילבערנעם געלעכטער, אַז עס איז געוואָרן ליכטיקער אין שטוב דערפון.

— ליובאַ, אַז איר וועט אַלץ וויסן, וועט איר גיך אַלט ווערן און איר וועט באַקומען קנייטשן אַרום אייערע שיינע ליפּן.

— מענטשן, איך האַלט עס ניט אויס! דער יונג מאַכט מיר קאָמפּלי־מענטן! איך מוז שוין, די מינוט, צולויפן צום גרויסן שפּיגל און אָנקוקן מיינע שיינע ליפּן . . .

נאָר מאָטעק איז געבליבן איינגעשפּאַרט. ער האָט קיינעם ניט דער־ציילט וועגן גאָלדען.

דערווייל האָט זיך אים איינגעגעבן צו באַקומען אַרבעט. געקראָגן האָט ער דאָס דורך אַ סטודענט, מיט וועלכן ער איז צוזאַמען געגאַנגען אין אָוונט־סקול. יענער האָט געאַרבעט אין אַ פאַבריק פון אָפּטישע גלעזער. אַן אַר־בעטער איז געשטאָרבן און דער פאָרמאַן האָט געזאָגט, אַז מען קאָן ברענגען אַ באַקאַנטן וואָס איז אַרבעטלאָז.

מאָנטיק אין דער פרי איז מאָטעק מיטגעגאַנגען מיט זיין שול־חבר צו דער אַרבעט און מען האָט אים גלייך געהייסן צוגיין צו דער מאַשין. מאָטעק האָט זיך שוין געלערנט אַ ניי פאַך — פאָלירן גלעזלעך פאַר אויגן־גלעזער.

## קאַפּיטל צען

# פּראָספּעריטי

.1

די שמחה איז געווען גרויס. דער פאַרמאַן האָט מאָטעקן געלאָזט וויסן, אַז ער וועט באַקומען צוועלף דאָלער אַ וואָך פאַר דער אַרבעט. עס איז אויך פאַראַן אַ סך איבערצייט, פאַר וועלכער מען באַקומט באַזונדער באַצאָלט.

אַהיים געקומען איז מאָטעק אין אַ געהויבענער שטימונג.

— ליובאַ, איך ווער אַ גביר. צוועלף דאָלער אַ וואָך און טיילמאָל נאָך מער.

— זאָל אייך זיין מיט גליק, מאָטעק, — האָט ליובאַ געזאָגט און אים באַקוקט, — זעט נאָר ווי איר זייט אויסגעשמירט, ביי אייך די אויערן זיינען אינגאַנצן גרין און רויט. איר האָט זיך ניט גוט אַרומגעוואַשן נאָך דער אַרבעט . . .

מאָטעק איז אַריין אין וואַשצימער און ערשט דאַן האָט ער דערזען ווי זיין האַנטוך איז געוואָרן אינגאַנצן פאַרשמירט. דאָס הייסע וואַסער מיט זייף האָט ניט געהאָלפן.

געאַרבעט האָט ער ביי אַ קליינער מאַשין. יעדעס גלעזל האָט געדאַרפט דורכגיין אַ צאָל פּראָצעסן פון רייבענישן מיט פאַרביקע שטאָפן. די פאַרב איז אַריין אין די נאָזלעכער, אין די האָר, אין די אויערן און אין די קליידער. דאָס גלעזל האָט געדאַרפט באַפרייט ווערן פון פאַרשיידענע לעכלעך און שפּאַרונעס. די פאַרביקע שטאָפן האָבן זיך איינגעגעסן אין גלעזל, וואָס האָט זיך געדרייט, געדרייט, ביז עס איז געוואָרן אינגאַנצן גלאַט. עס איז געווען אַ לאַנגזאַמער פּראָצעס און מען האָט זיך די אויגן דערביי אַרויסגענומען. אַלץ איז געטאָן געוואָרן ביי אַן עלעקטריש לעמפּל. די מאַשין האָט פון זיך אַרויסגעגעבן אַ היץ. די פענצטער האָבן געדאַרפט זיין פאַרמאַכט.

ווען מאָטעק איז אויפגעשטאַנען אין דער פרי און אַ קוק געטאָן אויף זיינע הענט האָט ער דערזען, אַז די פאַרב איז פון זיי ניט אַרונטער. ווען ער איז אַהיימגעקומען פון דער אַרבעט, האָט אים ליובאַ אַריינגעפירט אין זיין

צימער און אים געוויזן ווי זיין קישן איז געווען פאַרשמירט פון אַלערליי קאָלירן. די פאַרב־שטאָפן האָבן געלאָזט זייער שטעמפּל.

— איצט שטעלט זיך פאַר, וואָס עס טוט זיך אין אייערע לונגען און אין אייער האַלדז, מאַטעק, — האָט ליובאַ געזאָגט, — מען צאָלט אייך ניט אומ־זיסט די צוועלף דאָלער. איך ווייס ניט וואָס איך וועל טאָן מיט די ציכלעך און מיט די האַנטיכער. דער שטאָף גייט ניט אַרויס.

די צוועלף און די פערצן דאָלער אַ וואָך, וואָס מאַטעק האָט געקראָגן, האָבן אים אָנגעפילט מיט אַ מונטערקייט. די פּאָר אָפּגעשפּאָרטע דאָלער אַ וואָך האָבן זיך שטאַרק אָנגעזען. נאָר ליובאַ איז געווען באַזאָרגט. אויך איסאַק האָט געעצהט מאַטעקן צו זוכן אַן אַנדער דזשאַב. ביי יעדער אַרבעט איז געווען שטויב און אומגעזונטקייט, נאָר ביי די דאָזיקע אָפּטישע גלעזער האָט מען זיך פּשוט אָנגעגעסן מיט פאַרב־שטאָפן און די אויגן זיינען ביי מאַ־טעקן געוואָרן רויט פון אָנשטרענגונג און פון שטויב. עס האָבן ניט גע־האָלפן איסאַקס וואָרנונגען. מאַטעק האָט געוואָלט פאַרדינען מער געלט, צו קאָנען פאָרן קיין ניו־יאָרק און זיך דאָרט איינאָרדנען.

נאָר מער ווי עטלעכע חדשים האָט מאַטעק ניט אויסגעהאַלטן. דער פאָר־מאַן האָט פון אים פּשוט די נשמה אַרויסגעיאָגט. איז עס געווען מאַטעקס שולד וואָס טייל גלעזלעך האָבן געהאַט טיפע לעכער און מען האָט זיי גע־דאַרפט פאָלירן אַן אַ שיעור ביז זיי זיינען אַרויס? יעדן טאָג האָט דער פאָרמאַן אים פאָרגעוואָרפן, אַז ער „שלאָפט אויפן דזשאַב", אַז ער אַרבעט ניט גענוג שנעל, אַז ער איז הינטערשטעליק אין זיין טעגלעכער קוואָטע. די אויגן האָבן מאַטעקן אַזוי וויי געטאָן נאָך דער אַרבעט, אַז ער האָט וואָכן לאַנג ניט געקאָנט לייענען אַ בוך. ער האָט אויך געפילט ווי זיין גאַנצער גוף איז אָנגעפילט מיט די שעדלעכע פאַרב־שטאָפן. זיין האַלדז איז געווען אָנגעגריפן און ער האָט געהאַלטן אין איין כראַקען, אַרויסכראַקען קאָלירטע לייכעך. די נאָז איז געוואָרן פאַרלייגט און עס איז אָנגעקומען שווער דאָס אָטעמען.

ליובאַ און איסאַק האָבן זיך אַ נעם געטאָן צו זיינע בייגער. זיי האָבן אים דאָקוטשעט, געגעבן צו פאַרשטיין, אַז ער וועט די לונגען אויסשפּייען ביי דער אַרבעט.

— זייט ניט קיין גאַליציאַנער, — האָט ליובאַ אים געמוסרט, — איר דאַרפט ניט אויסהאַלטן קיין ווייב מיט קינדער. איר זייט אַ יונגער בחור. גיט אַ שפּיי אויף דעם דזשאַב און געפינט זיך אַ מער לייטישע אַרבעט. איר מאַכט מיר אַ תל אַלע ציכלעך און האַנטיכער. איך וועל מיר געפינען אַ ריינערן באָרדער.

האָט מאַטעק אויפגעגעבן די אַרבעט. עס איז געווען זומער צייט. די

היצן זיינען געווען גרויס. ליובאַ האָט אַ גאַנצן טאָג פאַרבראַכט מיט די קינדער אין פאַרק. מאָטעק האָט זיך ניט פאַרגונען דעם פאַרגעניגען צו זיצן אין פאַרק.

— ישיבה־בחור, בטלן, כניאָק איוואַנאָוויטש, — האָט ליובאַ געשריען אויף מאָטעקן, — פאַרוואָס פאַרברענגט איר ניט מיט מיר אין פאַרק ?

נאָר מאָטעק איז אַרומגעלאָפן זוכן אַרבעט. ער איז צוריק אַוועק צום אָנקל ווילי און פאַרבראַכט אין זיין סטאָר שעהן לאַנג, אים אַרויסגעהאָלפן, זיך צוגעקוקט צו די מענטשן, וואָס זיינען אַריינגעקומען און זיך איינגעהערט צו זייערע רייד. שווערע אַרבעטער, שיכורים וואָס זיינען געווען גוטע פאַכ־לייט, נאָר וואָס זיינען אַנטוישט געוואָרן פון דער אַרבעט. טראַגישע פאַלן — דער האָט פאַרלוירן אַן איינציק קינד און זיך גענומען צום טרונק, יענער האָט פאַרלוירן אַ דזשאָב און ניט געקאָנט קריגן אַן אַנדערן און דערפאַר פון פאַרצווייפלונג פאַרבראַכט די מערסטע צייט אין סאַלון.

איינמאָל איז אָנקל ווילי אַריינגעקומען אין קראָם און געזאָגט צו מאָטעקן :

— מאָו, איך האָב פאַר דיר אַ דזשאָב. פרישע לופט פלענטי און עסן איבערן האַלדז. ווילסט פאָרן אין אַ סאָד־פאַרם און רייסן פיטשעס ? זיי דאַ מאַרגן פינף פאַרטאָג, פון דאַנען גייט אָפּ אַ טראָק מיט אַרבעטער. ווילסט ? וועל איך זאָגן דעם מאַן. ער קלייבט צונויף אַרבעטער. וועסט אָפּאַרבעטן אַ פּאָר טעג, יאָ — יאָ, ניט — ניט.

איז מאָטעק געפאָרן רייסן פיטשעס. דער טראָק איז געווען געפּאַקט מיט מיטלעריקע און יונגע אַרבעטער. מען איז געפאָרן אַ דריי שעה צייט. מען האָט כמעט נישט אויסגערעדט קיין וואָרט צווישן זיך. געקייט טאַבאַק און אויסגעגאָסן די ברוינע סלינע און וויטער געקייט און געקראַצט זיך און געשאָלטן דעם טראָק און זיך אַליין און דעם „פאַרדאַמטן דזשאָב".

מאָטעק האָט באַקומען אַ לייטער און אַ קאָרב און מען האָט אים געוויזן די ריי ביימער וואָס ער דאַרף אָפּפליקן. די פיטשעס זיינען געווען רייף און זיי האָבן געשמעקט און פאַרשיכורט די לופט. עס איז אַלץ צוגעגאַנגען אַזוי שטיל און גיך. אין אָנהויב איז מאָטעק געווען זייער צופרידן פון דער אַרבעט. ער האָט זיך ניט געקאָנט צוריקהאַלטן און פאַרזוכט אַ פּאָר פיטשעס — אַזוי באַטעמט איז געווען זייער אויסזען. נאָר ווען די זון האָט זיך אַרונטערגע־לאָזט אויף זיין קאָפּ און אָנגעהויבן בריען זיין נאַקן, האָט ער דערפילט אַ מידקייט אין אַלע גלידער און דאָס שלעפן דעם לייטער איז געוואָרן אַלץ שווערער און דאָס פליקן — לאַנגזאַמער.

צוועלף אַזייגער — עסן. אַ לאַנגער טיש מיט לאַנגע בענק. אויפן טיש אָנגעשטעלט בערג מיט ווייסע ברויט, וואָס מאָטעק האָט ניט געקאָנט אין

מויל אַריינגענומען. באַלד האָט מען דערלאַנגט חזיר־פלייש — פּאַרק און בעב־לעך. דער עולם האָט זיך אַ לאָז געטאָן צו די טיפע טעלער און שווייגענדי־קערהייט האָט מען זיי אויסגעליידיקט נאָך איידער מאַטעק האָט געקאָנט צו־קומען צו זיי. באַלדעם האָט מען דערלאַנגט בלעכענע קענדלעך קאַווע, וואָס האָט געהאַט אַ ברודנעם אויסזען.

געאַרבעט האָט מען צען שעה אַ טאָג. נאָך דער אַרבעט האָבן זיך אַ צאָל פּליקער אַ לאָז געטאָן אין שטעטל אַריין, וואָס איז געווען אַ פּאָר מייל פון דער פאַרם.

— אַ טרונק און אַ נקבה, קום יונגערמאַן, — האָט אים געזאָגט זיין שכן.

נאָר מאַטעק איז געווען טויט־מיד און ער האָט זיך אויסגעצויגן אין שטאַל, וואו אַלע האָבן געדאַרפט שלאָפן און ער האָט זיך אויפגעכאַפּט ערשט אין אַ שטאָק־פינצטערניש, ווען ער האָט דערהערט שיכורע קולות. דאָס זיי־נען אַ פּאָר אַרבעטער צוריקגעקומען פון שטעטל. זיי האָבן געפּרואווט זינגען און געשאָטן קללות, ווי מעל פון אַ זאַק. זיי האָבן דערציילט, אַז אין שטעטל זיינען איינגאַנצן דאָ צוויי נקבות און „מען דאַרף שטיין אין ליין אַ לאַנגע צייט".

— זיי מוזן שוין זיין באַבעס, — האָט איינער צוגעגעבן און הויך אויס־געשפּיגן.

אין דריי טעג אַרום איז מאַטעק צוריקגעקומען אין שטאָט אַן אָפּגע־ברענטער, אַ ברוינער און אַ צופרידענער.

.2

עס איז שוין געווען דריי יאָר צייט זינט מאַטעק האָט זיך גע־פונען אין נייעם לאַנד. די בריוו וואָס ער האָט באַקומען פון די שוועסטער און פון די אָנקלס זיינען געווען פון זעלבן נוסח — די צייט איז שלעכט, מענטשן הונגערן, מען רעדט וועגן אַ מלחמה. האָסט געטאָן אַ גוטע זאַך, מאַטעק, וואָס דו ביסט אַוועק אין צייט.

אפילו גוטשיאַ, האָט שוין איצט אויך אָנערקענט, אַז ער איז געווען גע־רעכט. מאַטעק האָט געשיקט אַ פּאָר דאָלער צו לאָטשיאַן. פּאַר איר האָט דאָס געמיינט אַ סך. זי האָט נאָך שטודירט און זי האָט געדאַרפט כסדר אָנקומען צו דער טאַנטע רעגינטשאַ. מאַטעק האָט אויך געשיקט אַ פּאָר דאָלער פּאַר די קלענסטע צוויי שוועסטער — פּאַר מלכהן און אַנדזשיאַן. מיט דעם האָט ער געוויזן, אַז ער איז דער איינציקער ברודער וואָס טראַכט וועגן זיי, וואָס הויבט זיך אָן זאָרגן וועגן זיי. אמת, עס איז געווען אַ קליינע סומע, נאָר ער איז דאָך נאָך אַזוי יונג און קיין פּאַך אין האַנט האָט ער ניט און ער געפינט

זיך צווישן פרעמדע מענטשן, מיט אַ פרעמד לשון. מיטן אַנקל וועלוול, ווייזט אויס, איז ער אויס.

ערגעץ־וואו איז אַרויס דער סוד אַז מאַטעק האָט אויך געשיקט געלט צו סאַלטשען. סאַלטשע האָט וועגן דעם געשוויגן, ווען גוטשיאַ האָט איר דערציילט אַז זי האָט געהערט, אַז מאַטעק האָט איר געשיקט געלט. דאָס שווייגן אירס און גוטשיאַס דורכדרינגענדיקער בליק האָבן נאָך פאַרשטאַרקט דעם חשד, אַז צווישן מאַטעקן און סאַלטשען קומט עפּעס פּאָר. גוטשיאַ איז ניט געווען פון די שווייגנדיקע. האָט זי אין אַ בריוו זיך נאָכגעפרעגט:

— מאַטעק, איז דאָס אמת, ווי עס גייט אַרום אַ סלוך, אַז דו שיקסט סאַלטשען געלט? ס׳איז טאַקע דיין געלט און קיינער האָט אויף דעם ניט קיין דעה, נאָר וויסן זאָלסטו, טייערער ברודער, אַז דיינע פיר שוועסטער יתומות קומען פריער פון יעדן איינעם. סאַלטשע לעבט טאַקע אין גרויס אָרעמקייט אין באַלוט, נאָר איך האָב זי געזען אויסגעפּוצט אין אַ זיידענער בלוזע, מסתם האָט זי עס געקויפט און דאָס קאָסט אַ סך געלט. איך קאָן זיך אַזאַ לוקסוס ניט דערלויבן".

האָט מאַטעק ניט געענטפערט אויף דער אָנפראַגע, ווי ער האָט בכלל ניט געענטפערט אויף אַ סך פראַגעס, וואָס גוטשיאַ האָט אים אין יעדן בריוו געשטעלט, אויף פראַגעס וואָס דער אָנקל גוסטאַוו האָט אים געפרעגט. מאַ־טעק איז געוואָרן פויל אויף שרייבן בריוו. ס׳איז אין דער אמתן ניט געווען קיין פוילקייט, נאָר ער האָט ניט געהאַט וואָס צו שרייבן. געשריבן האָט ער איין זאַך און געפרעגט האָט מען ביי אים אַנדערע זאַכן, וואָס ער האָט גע־וואָלט פאַרשווייגן. גוטשיאַ האָט געוואָלט וויסן, וואָס ער עסט, צי ער היט אָפּ יידישקייט, צי ער באַהאַנדלט גוט דעם אָנקל וועלוול, — צי ער פאַר־שווענדט ניט צופיל געלט. דער אָנקל גוסטאַוו האָט געוואָלט וויסן, צי ער שפּאָרט אָפּ געגוג געלט, צי ער גייט אָנגעטאָן ווי אַ מענטש, צי ער פאַרווײלט אין אָנשטענדיקער געזעלשאַפט, צי ער טראַכט וועגן אַ צוקונפט. אין יעדן בריוו אים געראָטן צו אַנטלויפן פון פאַבריק און נעמען זיך צו קאָמערץ, אָדער שטודירן אין אָוונט און אויסשטודירן אויף עפּעס רעכטס.

עס איז געווען אָנהויב אויגוסט 1914. אין איראָפּע האָט זיך צעפלאַ־קערט אַ בראַנד־פייער, וואָס מען האָט געלאָשן מיט מענטשלעך בלוט. די ערשטע וועלט־מלחמה האָט אַריינגעדונערט אין די מוחות און הערצער פון אַלע פעלקער, אין יעדן מענטשן. אין אַמעריקע האָט „ביזנעס" זיך גע־וואָרעמט די הענט ביים פרעמדן פייער, זיך געריבן די הענט פון געלט־דורשט, אַז דאָס וועט מיינען פראָספּעריטי. נאָר די אימיגראַנטן וואָס האָבן געלאָזט זייערע אייגענע אין דער אַלטער היים, זיי האָבן ניט געקאָנט מער רואיק

זיך. פֿאַר זיי האָט דאָס געמיינט — זאָגן קדיש, רייסן קריעה, זיצן שבעה.

ביי ליובאַן אין הויז האָט זיך געטאָן חושך. איסאַק איז געווען פֿאַר די דייטשן, ליובאַ איז געווען פֿאַר די רוסן. אין דער פּראָגרעסיווער ביבליאָטעק, וואו עס זיינען זיך צונויפגעקומען מיטגלידער פֿון אַרבעטער־רינג און יידישע סאָציאַליסטן, איז געווען חושך. דאָרט איז מען געווען צעטיילט אין דריי צדדים: אַ מפּלה פֿאַר די רוסן וועט מיינען אַ זיג פֿאַר דער רוסישער רעוואָלוציע, דאַרף מען דערפֿאַר זיין מיט די דייטשן. האָט דאָך די סאָציאַליסטישע באַוועגונג אין דייטשלאַנד אַזאַ אָנזען, אַזוי פֿיל דעפּוטאַטן אין רייכסטאַג. זיינען אָבער געווען די וואָס האָבן געטראָגן אַ שנאה אויף די דייטשן, וואָס ווילן איינגעמען די גאַנצע וועלט, וואָס זיינען בלוט־דורשטיקע יונקערס און וואָס וועלן אַריינדרינגען אין רוסלאַנד און חרוב מאַכן די יידישע שטעט, וואו עס וואוינען די אייגענע, די ברידער און שוועסטער. דער דריטער צד איז געווען איינגאַנצן קעגן דער מלחמה, קעגן יעדער מלחמה, קעגן מענטשן־מאָרד.

מאַטעק האָט פֿאַרגעסן, אַז ער איז אַרבעטלאָז. טאָג און נאַכט זיינען זיינע געדאַנקען געווען אָנגעשטרענגט אויף דער לאַגע אין דער וועלט. ווי האָט ער געקאָנט טראַכטן וועגן געפֿינען אַ דזשאָב, ווען מיט יעדן טאָג האָט דער קאַניבאַלישער יונקער זיך דערנעענטערט צו לאָדזש, האָט דער ווילדער טויט געלויערט אויף מאַטעקס שוועסטער, אויף זיינע אָנקלס און מומעס, אויף זיינע נאָענטע און באַקאַנטע?

געזאָגט האָט מען, אַז איצט וועט זיך אָנהויבן אַ פּראָספּעריטי איבערן לאַנד. דאָרט אין איראָפּע וועט מען פֿאַלן ווי די פֿליגן, און ביי אונדז אין לאַנד וועט מען אַרבעטן איבערצייט. מיר וועלן זיין נייטראַל. מיר וועלן אָבער העלפֿן די עלאַיס מאַטעריעל. זיי וועלן זיין אונדזערע גוטע קונים.

עס האָט זיך אָבער באַלד אַרויסגעוויזן, אַז דאָס אַמעריקאַנער פֿאָלק איז געווען קעגן מלחמה. די אַמעריקאַנער היים, די הויז־פֿרוי, די מאַמע, דער פֿאָטער, דער פּשוטער מענטש — אַלע האָבן געפֿילט, אַז מיר וועלן אַריינגעשלעפּט ווערן אין בלוטיקן קריג און ער האָט געשטימט קעגן דעם און פּרעזידענט ווילסאָן האָט געערעדט קעגן דעם. נאָר מלחמה איז געווען אַ גלענצנדיק געשעפֿט פֿאַר די אַמוניציע־פֿאַבריקאַנטן, פֿאַר די שטאָל־גיסערייען.

באַלד האָבן אויסגעפֿעלט הענט אין געוויסע פֿאַבריקן. אויך מאַטעק האָט געקאָנט קריגן אַרבעט אין אַן אַמוניציע פֿאַבריק. ער האָט זיך אָפּגעזאָגט דערפֿון.

ביי איסאַקן אין דער פֿאַבריק זיינען אַרבעטער אַוועק — פֿאַרדינען מער געלט אין אַמוניציע פֿלעצער. מאַטעק האָט באַקומען אַרבעט אין איסאַקס

אָפּטייל. מען האָט אים געלערנט שניידן די „לאַינינג" פאַר די „נעקטאַיס".
ער האָט אָנגעהויבן מיט צוועלף דאָלער די וואָך. באַלד האָבן פּרייזן גענומען
שטייגן. עסן איז געוואָרן טייערער. קליידער זיינען געוואָרן טייערער. דאָך
האָט מאָטעק געקאָנט אָפּשפּאָרן מער ווי תמיד. נאָר וואָס איז אים אַרויסגעַ־
קומען, אַז ער האָט ניט געקאָנט אַהיים שיקן קיין געלט, אַז ער האָט מער מיט
דער היים ניט געהאַט קיין פאַרבינדונג. אין פּוילן זיינען אַריין די דייטשן,
לאָדזש איז באָמבאַרדירט געוואָרן פון דייטשע עראָפּלאַנען. וועד ווייסט, צי
זיי לעבן?

די דייטשן האָבן געהאַלטן אין איין געווינען. מאָטעק איז געווען אַנט־
שלאָסן קעגן קריג. ער האָט נאָכגעפאָלגט די דיסקוסיעס און די האַנדלונגען
פון די פאַרשידענע פּאַרטייען. זיין גלויבן אין דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער
באַוועגונג האָט באַקומען אַ צוריקשטויס, ווען ער האָט געלייענט, אַז די דייטשע
סאָציאַליסטישע דעפּוטאַטן האָבן געשטימט פאַר מלחמה, פאַרן קייזער. די
נעמען פון די דייטשע קעמפער קעגן דער מלחמה זיינען ביי אים געוואָרן
וועג־ווייזער. ער האָט מיט ליבשאַפט נאָכגעפאָלגט אַלץ וואָס ער האָט געקאָנט
אויסגעפינען וועגן קאַרל ליבקנעכט, ראָזאַ לוקסעמבורג און קלאַראַ צעטקין.
ער האָט זיך פאַרטיפט אין דעם ענין מלחמה בכלל און ער האָט זיך געוואָלט
אָנשליסן אין יעדער באַוועגונג וואָס האָט געקעמפט קעגן קריג.

אָנקל ווילי האָט זיך אויסגעלאַכט פון אים.

— אַמעריקע וועט אָפּלעקן אַ ביין פון דער מלחמה, — האָט ער איינ־
געטענהט מיט מאָטעקן, — מיר וועלן פאַרקויפן סחורה אי צו די עלאַיס, אי
צו די דייטשן. מיר זיינען אין ביזנעס. זאָלן זיי זיך דאָרט די קעפּ אַרונטער־
נעמען. מיר וועלן דאָ האָבן פּראָספּעריטי. ווען ניט די מלחמה, וואָלט דאָ
געווען אַ קריזיס. זעסט, האָסט באַקומען אַרבעט. מיט אַ יאָר צוריק ביסטו
געווען צופרידן צו קריגן זיבן דאָלער אַ וואָך און אַרבעטן 54 שטונדן. היינט
קריגסטו צוועלף דאָלער אַ וואָך און אַרבעטסט 48 שטונדן. נאָר דו ביסט
אַ נאַר. ווען דו גייסט אָבער אַריין אין אַן אַמוניציע פאַבריק, וואָלסטו גלייך
באַקומען דיינע 25 דאָלער אַ וואָך און וואָלסט געאַרבעט גענוג אָווערטאַים.
אין אַ צוויי יאָר צייט וואָלסטו אָפּגעשפּאָרט גענוג געלט אַראָפּצוברענגען איינע
אָדער צוויי שוועסטער. איך וועל דיר זאָגן דעם אמת, ווען איך האָב עמיצן
וואָס זאָל אויפּפּאַסן אויף דער סטאָר, וואָלט איך אַליין אַוועק אַרבעטן אין
אַן אַמוניציע פאַבריק.

אין אייראָפּע האָט זיך יעדן טאָג געגאָסן דאָס בלוט פון יונגע בחורים.
אין אַמעריקע האָט מען געהאַלטן אין איין דעבאַטירן פאַר און קעגן קריג. אין
אַמעריקע האָט מען געאַרבעט אָווערטאַים און מען האָט זיך גענומען פּוצן

אין זיידענע העמדער. מאָטעק האָט געבענקט נאָך די שוועסטער. נאָר פון דאָרט איז קיין איין וואָרט ניט אָנגעקומען.

צו מאָטעקן האָבן זיך דערטראָגן רייד און נעמען וואָס האָבן אים פאַר־כאַפּט, נאָר ניט איסאַק און ניט ליובאַ האָבן אים געקאָנט אויפקלערן, מחמת זיי זיינען ניט געווען אַליין גענוג פאַראינטערעסירט אין דעם קאַמף וואָס איז אָנגעגאַנגען אין דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי פון לאַנד פאַר און קעגן מלחמה. אין דער פּראָגרעסיווער ביבליאָטעק וואו מאָטעק האָט דערוואָרט צו באַקו־מען אַן ענטפער אויף זיינע פראַגעס, איז אויך אָנגעגאַנגען אַ טאָג־טעגלעכער שטרייט צווישן ריכטונגען אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. מאָטעק האָט געהערט כסדר די נעמען פון די פירער: וויקטאָר בערגער, מאָריס הילקוויט, מאיר לאָנדאָן, ביל העיוואוד און יודזשין דעבס — און שפּעטער טשאַרלס רוטענבערג.

עס האָט מאָטעקן געצויגן קיין ניו־יאָרק. אין דער זאַטער אַטמאָספערע פון דעם שטענדיק־זאָרגלאָזן איסאַקן און דער שטיפערישער ליובאַ, וואָס האָט אויף אַ מאָמענט ניט געקאָנט פאַרגעסן איר ווייבלעכקייט, איז מאָטעקן געוואָרן איבערדריסיק. די מלחמה האָט פאַר אים געמיינט — טראַגעדיע. אַמעריקע האָט זיך מיט גיכע טריט אַליין דערנעענטערט צו די טראַנשייען און צו די מיליטערישע קברים. מאָטעק האָט ניט געקאָנט באַגרייפן די מענטשן אַרום אים. אַבי מען האָט געהאַט „סטעדי״ אַרבעט, אַבי מען האָט פאַרדינט מער ווי מיט אַ יאָר פריער, אַבי מען האָט געקאָנט אַרויסוואַרפן די אַלטע מעבל און זיך איינקויפן שפּאָגל נייע בעטן און קאָמאָדן און ווייכע שטולן.

ווי לאַנג וועט די מלחמה אָנהאַלטן? מאָטעק האָט געפרעגט יעדן איינעם. נאָר דער עולם איז געווען גלייכגילטיק צו דער פראַגע. אַנקל ווילי איז געווען אָפנהאַרציק: זאָל זי אָנהאַלטן. דערווייל איז פּראָספּעריטי אין לאַנד.

— דו ווייסט ניט, מאָו, וואָס מיינט אַ קריזיס. איך בין דאָ געווען, ווען מענטשן זיינען געגאַנגען פון מיסט־קאַן צו מיסט־קאַן און געגעסן דעם אָפּפאַל. ווען די מלחמה זאָל אָנהאַלטן וואָס לענגער דאָרט, וועלן מיר זיך דאָ שטעלן אויף די פיס. אַמאָל פלעג איך דאַרפן צאָלן פאַר מיין וואָרע. היינט קלינגט מען מיר אָן: „קום, נעם עס צו. מיר דאַרפן האָבן דאָס פלאַץ פאַר נייע זאַכן״. איך קום און נעם־צו אָנצוגן, וואָס מען וואָלט אַמאָל נאָך געטראָגן און גע־טראָגן. איצט גיט מען זיי מיר פריי. אפילו מיינע קאַסטאָמערס קויפן אויך ביי מיר צוויי סוטס אויף אַמאָל. פּראָספּעריטי איז גוט פאַר אַלעמען, אפילו פאַר מיינע ביזנעס.

מאָטעק האָט געשריבן לאַנגע בריוו צו שימעקן. גאָלדע האָט אויפגע־הערט שרייבן צו מאָטעקן אַזוי אָפט ווי אַמאָל. כאָטש ער האָט צו איר גע־

שריבן יעדע וואָך און ער האָט געבענקט נאָך אירע בריוו. נאָר עפּעס איז פאָרגעקומען אַן ענדערונג אין איר, האָט זיך אים אויסגעדוכט. זיינע בריוו זיינען געווען ערנסטע. די מלחמה־געפאַר האָט אים באַאומרואיקט. ער האָט זיינע געפילן אויסגעדריקט פאַר איר. אויב אַמעריקע וועט אַריין אין קריג, וועט ער און שימעק מסתּם אַריינגעצויגן ווערן. ער וועט האַלטן אַ ביקס אין דער האַנט און זיך לערנען שיסן, טרעפן יענעם אין בויך אַריין, אין האַרץ אַריין. ניין, וואָס עס זאָל ניט פּאַסירן — ער וועט זיין לעבן ניט אָפּגעבן פאַר אַ קאַפּיטאַליסטישן קריג. די ערשטע וועלט־מלחמה איז אין די אינטערעסן פון וועלט־קאַפּיטאַליזם, האָט ער געשריבן שימעקן און גאָלדען. ווילסאָן רעדט קעגן מלחמה, נאָר דאָס לאַנד גרייט זיך צו מלחמה. מלחמה צוליב וואָס, צוליב וועמען ?

גאָלדע האָט מאָטעקן ניט געענטפערט אויף זיינע צווייפלען און מיינונגען. זי האָט אַנגעהאַלטן איר שטענדיקן טאָן פון קליגלען זיך און שפּאַסן וועגן איר היים, וועגן בחורים וואָס פאַרפאָלגן זי, וועגן פּערזענלעכע קלייניקייטן. מאָטעק איז אין אַמעריקע געוואָרן אַן ערנסטער יונגערמאַן, האָט זי געשריבן, און דאָס קליידט אים ניט. עס וועט אים שאַטן צום שידוך.

אַנדערש איז געווען שימעק. ער האָט אין זיינע בריוו ערנסט אויפגענומען דעם ענין קריג. ער האָט מאָטעקן געראַטן קומען נאָך ניו־יאָרק און ביידע וועלן זיי זיך בעסער צופּאַסן צו די באַדינגונגען. שימעקס פאָטער איז געווען קעגן קריג. נאָר שימעקס ברודער איז געווען אויף דער זייט פון די עלאַיס און ער איז געוואָרן אַ שטאַרקער אַמעריקאַנער פּאַטריאָט. ער האָט געגלויבט אין „פּריפּעירידנעס“.

עס איז אַוועק אַ צייט לאַנג. אַן אומרו האָט באַוועלטיקט מאָטעקן. ער האָט מער ניט געקאָנט פאַרטראָגן די אַטמאָספערע פון דער רואיקער שטאָט מיט די רואיקע איינוואוינער, וואָס האָבן מיט אַ שמייכל געלייענט די נייעס, אַז די מלחמה האַלט נאָך ניט ביים סוף.

אַנקל ווילי האָט זיך געקויפט אַן אויטאָמאָביל און זיך אויפגעבויט אַן אייגן הויז אויף אַ נייער גאַס, וואָס מען האָט אַ נאָמען געגעבן די „אָ. קעי. סטריט“. די טאַנטע דזשעני האָט געטראָגן דימענטענע אוירינגלעך. אויף מאָטעקן האָט זי געקוקט ווי אויף אַ גרינהאָרן, וואָס קאָן זיך ניט צופּאַסן צו אַמעריקע.

— אויב דו קאָנסט איצט ניט שאַרן קיין גאָלד, ביסטו שוין האָפּנונגסלאָז, — האָט זי אַ מאַך געטאָן אויף אים מיט דער האַנט.

ליובאָס שוועסטער וויערא, וואָס האָט מיט אַ צייט פריער גענומען זיך דערנעענטערן צו מאָטעקן און וואָס איז מיט אים עטלעכע מאָל געגאַנגען

שפּאַצירן אין גאַרפילד פּאַרק, האָט געלאָזט וויסן ליובאַן, אַז זי האָט שוין אַ באַי וואָס וויל חתונה האָבן, איידער אַמעריקע וועט אַריינגעצויגן ווערן אין קריג. ער איז גרייט איר צו קויפן אַ רינג. ער איז מיט אַ זעקס יאָר עלטער פון איר. נאָר ער איז אַ פּראַקטישער בחור און טראַכט וועגן עפּענען אַ ביזנעס.

עפּעס איז מאַטעקן געוואָרן דערווידער די גאַנצע אַטמאָספערע מיט דאָס פאַרכלינען זיך פון דער פּראָספּעריטי אויפן חשבון פון דער מלחמה אין איי־ראָפּע. אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז אין ניו־יאָרק איז אַנדערש. האָט ער אַוועקגעשיקט אַ בריוו צו שימעקן, אַז ער קומט צו פאָרן אין ניו־יאָרק.

אין די שפּעטע אָוונטן האָט מאַטעק שפּאַצירט איינער אַליין איבער די גאַסן און געפּרוואווט זיך אָפּגעבן אַ דין וחשבון פון זיין יונג לעבן. ער האָט זיך דערמאָנט אין היימישן שטעטל, ווי מען האָט אים אַריינגעזעצט אין אַ קאָטש, וואָס האָט אים מיט דער פאַמיליע געבראַכט קיין קאַליש און פון דאָרט האָט די באַן זיי דערפירט צום הויפּט־ציל — לאָדזש. ער האָט גע־דענקט ווי זיין פאָטער איז געוועזן אומצופרידן פון בייט און ביי יעדער גע־לעגנהייט האָט אים געצויגן צוריק צום שטעטל, נאָר די מאַמע, וואָס האָט געשטאַמט פון די קאַלינסקיס, פון די אונטערנעמער און וואַגער, האָט אים צוגערעדט, אַז מען זאָל פאַרבלייבן אין דער גרויסער שטאָט.

עס איז פאָרגעקומען אַ רעוואָלוציע ביים טאַטן אין האַרצן, ווען ער האָט געמאַכט דעם בייט, האָט מאַטעק אַצינד געטראַכט. און אַן ענלעכע איבער־קערעניש איז פאָרגעקומען ביי אים, מאַטעקן, אין זיין מוח, אין זיין האַרץ, ווען ער האָט באַשלאָסן צו פאַרלאָזן לאָדזש און זיך באַזעצן אין אַמעריקע. און איצט, ווען ער פאַרלאָזט זיין ערשט וואוינ־אָרט אין אַמעריקע און פאָרט זיך איינאָרדנען אין ניו־יאָרק, קומט דאָך ביי אים אויך פאָר אַ בורעניגע אין האַרצן. עס איז דאָך ניט בלויז דער געדאַנק וועגן זיין מיט די יאַקובאָוויטשעס, דער געדאַנק וועגן קריגן אַ בעסערן דזשאָב — עס איז דאָך אַ סך, אַ סך מער. עפּעס איז דאָ אין מענטשן, אין זיין בלוט, וואָס גיט אים אַ רויש אויף און זאָגט אים: „פאָר, מאַך אַ בייט". דער בייט קומט דאָך פאָר נאָך איידער מען רירט זיך פון אָרט. ער פילט עס דאָך אין זיך, מאַטעק, שוין. אָט גייט ער איינער אַליין איבער די שטילע גאַסן. זעלטן זעט מען דאָ אַ מענטשן אַצינד. וועט ער בענקען נאָך די גאַסן? נאָך ליובאַן און איסאַקן? פון וואַנען ווייסט ער, אַז עס וועט אים זיין בעסער אין ניו־יאָרק? אַנטלויפט ער פון דער מלחמה? אַנטלויפט ער בכלל פון דעם וועלטל, וואָס האָט אים דאָס גאַנצע לעבן זיינס בלויז געגעבן אומגליק און פּיין און געוויזן פאַרגאָסן מענטשלעך בלוט פון זיינע יונגע יאָרן אויף די גאַסן פון דער פאַבריק־שטאָט לאָדזש . . . אפשר צווינגט אים די נייע בלוט־פאַרגיסונג צו אַנטלויפן קיין

ניו־יאָרק... עס איז דאָך ניט ניו־יאָרק, וואָס ער וויל. ער וויל אַ נייע וועלט, אַ וועלט פון פריינטשאַפט, ברידערשאַפט, אַ וועלט וואָס איז נאָך דערווייל ניטאָ, נאָר אָן וועלכער ער קאָן ניט אויסקומען.

שפּעט אין דער נאַכט איז מאָטעק צוריקגעקומען אַהיים. די שטילקייט האָט אים באַרואיקט, פאַרוויגט אין טרוימען פון שלום און שלוה.

## קאַפּיטל עלף

# די נייע היים

1.

די נייעס אַז מאַטעק פאָרט זיך באַזעצן אין ניו־יאָרק האָט ביי ליובאַן אַרויסגערופן אַ געפיל פון אומצופרידנקייט.

— מאַטיאַק, זאָגט דעם אמת, — וואָס ציט אייך קיין ניו־יאָרק? איר קאָנט דאָך דאָ אויך פאַרדינען אייער ברויט. מיט איסאַקן אין איין פאַבריק וועט איר זען ווי איר וועט זיך אַרויפאַרבעטן. ס'איז דאָך ניט די געלט־פראַגע וואָס טרייבט אייך צום סעטשל. אפשר באַהאַנדלען מיר אייך ניט גוט. זאָגט, אייך איז דאָ אומעטיק ביי אונדז? אין ניו־יאָרק וועט אייך זיין נאָך ערגער. דאָרט קוקט מען זיך ניט אַרום אויף קיינעם. איר וועט זען, עס וועט אייך באַנג טאָן. און ווידער — וואָס איז דאָס געאייל? זאָל די מלחמה זיך ענ־דיקן, וועט איר דאַן זען וואָס איר האָט צו טאָן. פאַר אייערע שוועסטער איז אַוודאי גלייכער, אַז זיי זאָלן וואוינען אין אַ קלענערער שטאָט. מאַטעק, איך נעם זיך אונטער צו קריגן פאַר אייך אַ כלה. איך שפּאַס ניט. איך האָב חתונה געהאַט גאָר יונג. די בעסטע זאַך איז חתונה האָבן וואָס פריער. איך האָב אינזינען עטלעכע מיידלעך וואָס וואָלטן זיך געפּאַסט פאַר אייך. באַלד וועט דאָ זיין זלאַטע. זי האָט דערהערט, אַז איר מיינט טאַקע ערנסט מיטן אַוועקפאָרן, האָט זי זיך אָנגעכאַפּט פאַרן קאָפּ. זי וועט אייך ניט לאָזן באַגיין קיין נאַרישקייט, זאָגט זי. איר ווייסט דאָך, אַז זלאַטע איז אַ קלוגער מענטש, קליגער פון מיר. אַזוי זאָלן מיר אַלע האָבן אַלדאָס גוטס, ווי איך זאָג אייך ניט קיין ליגן: איסאַק איז אויפגעבראַכט פון אייער פּלאַן. ער זאָגט: „דער יונג איז משוגע. אפשר איז דאָס דיין שולד? אפשר האָסטו אים באַליידיקט?“ איסאַק קאָן זיך ניט פאָרשטעלן, אַז גראַד איצט זאָלט איר וועלן פאַרלאָזן. אַ דזשאַב האָט איר, אָפּזאָגן וועט מען אייך ניט. איר האָט אַ געלעגנהייט זיך אַרויפצואַרבעטן. אַ היים האָט איר. אפשר גיב איך אייך ניט גענוג עסן? אפשר איז צו־טומלדיק פון די קינדער אין הויז? איך ברעך זיך דעם קאָפּ

צו פאַרשטיין פאַרוואָס איר ווילט אַנטלויפן. איך האָב געזאָגט איסאַקן — מיר האָבן אַ האַלבע נאַכט גערעדט וועגן אייך, יאָ, יאָ, — אַז מיין פרויען־אינסטינקט נאַרט מיך קיינמאָל ניט אָפּ. איך האָב געזאָגט, אַז איר מוזט האָבן אַ מיידל אין ניו־יאָרק. איז הערט־זשע זיך איין: פאָלגט מיך — איך רעד צו אייך ווי אַן אייגענע שוועסטער, — שרייבט איר, אַז זי זאָל קומען אַהער. מיר וועלן אייך געפינען רומס און מיר וועלן זי באַהאַנדלען ווי אַן אייגן קינד. פאָרט ניט אַוועק, מאַטעק. מיר וועלן בענקען נאָך אייך. איך מיין עס ערנסט, זיך צוגעוואוינט צו אייך. ווען איר קומט אַהיים אַביסל שפּעט, קוק איך אויפן זייגער. כ׳ווער אומרואיק. און מיין איסאַק האָט אייך ליב. איך שפּאָס ניט. ער לאָזט אויף אייך ניט פאַלן קיין שטויבעלע. וואָס וועט איר האָבן אין ניו־יאָרק?

די אמתע חתונה האָט זיך ערשט אָנגעהויבן, ווען זלאַטע איז אָנגעקומען.

— ליובאָ, איך וועל דיר די ביינער צעברעכן, אויב דו וועסט אים אַרויס־לאָזן פון הויז. קוים מיט צרות דיר פאַרשאַפט אַ היימישן באָרדער, פאַר־טרייבסטו אים. מאַטל, איך וועל הייסן מיינעם מופן און איך וועל אייך אַריינ־נעמען צו זיך. נעווער מאַינד ניו־יאָרק. זי̇ר האָט ניט צוליב־וואָס צו פאָרן אַהין. זעט ווי מיר האָבן זיך דאָ איינגעאָרדנט. איר זייט ניט בעסער פון אונדז. איר קאָנט דאָ ביינאַכט גיין אין היי־סקול. איר קאָנט דאָ קריגן וואָס פאַראַ ביכער איר ווילט־נאָר פון דער פּראָגרעסיווער לייברערי. איר קאָנט דאָ זיין אַ סאָשיעליסט, צי אַ נעשיאָנעליסט, קיינער מישט זיך ניט אין אייערע ביזנעס. ליובאָ, וואָס האָסטו געטאָן צום יונגענמאַן?

די איינציקע רייד וואָס האָבן געווירקט אויף מאַטעקן זיינען געווען די רייד פון איסאַקן. איסאַק איז דאָס מאָל געווען פּראַקטיש. גערעדט וועגן שאָפּ, וועגן אַרויפאַרבעטן זיך, וועגן אויסלערנען זיך אַ מלאכה און דאַן פאַרלאָזן, ניט פריער. די אַנטי־מלחמה שטימונג איז די זעלבע אומעטום און ניו־יאָרק וועט גאָר ניט אויפטאָן אין דעם פּרט. מאַטעק קאָן זיך דאָ פּונקט אַזוי באַ־טייליקן אין אַן אַנטי־מלחמה דעמאָנסטראַציע, ווי אין ניו־יאָרק. ס׳וועט זיין קינדעריש, ניט פּראַקטיש, ניט צוועקמעסיק גראָד איצט צו פאָרן.

דער אָנקל ווילי האָט פאָראויסגעזאָגט, אַז אין אַ פּאָר חדשים אַרום וועט מאַטעק זיין צוריק.

— טאָמער ווילסטו זיך פאַרשאַפן קאָפּ־ווייטאָק און בויך־ווייטאָק, טאָ פאָר נאָך ניו־יאָרק. דער עלעוועיטעד און די סאָבוועי וועלן דיר געבן קאָפּ־ווייטאָק און די רעסטאָראַנען — בויך־ווייטאָק. פאָר, פאָר, ברודערל, וועסט זיך רעכט אָנפלאָגן און דאַן וועסטו צוריקקומען און זאָגן, אַז דאָרט איז גוט וואו איך בין ניטאָ, ווי מען זאָגט ביי אונדז אין דער היים.

ס'איז אָנגעקומען שימעקס ענטפער. אַ צימער וואַרט אויף אים. וועגן אַ דזשאָב דאַרף מען זיך איצט ניט זאָרגן. מען דאַרף עלעקטרישנס ווי מיט ליכט. די מאַמע איז זייער צופרידן וואָס ער קומט, דער טאַטע אויך. מיט גאָלדען שרייבט ער זיך דאָך אַליין דורך. און ער, שימעק, וויל טאַקע האָבן זיין אַלטן חבר לעבן זיך.

איינגעפּאַקט זיין אַלט רענצל, איבערגעלאָזט שפּילצייג־לעצטגעלט פאַר די קינדער, האָט מאַטעק זיך גענומען געזעגענען. אין דער פּראָגרעסיווער ביבליאָטעק איז אים געוואָרן באַקענט איינער פון די טוער דאָרט, דער יונגער־מאַן שטיין, וואָס איז געווען שטאַרק קעגן מלחמה און האָט מאַטעקן געראָטן וואָס צו לייענען. שטיין איז געווען אַ בחור פון אַ יאָר צוויי־און־צוואַנציק, גע־אַרבעט אין אַ שניידער־שאָפּ. ער איז געווען אַ קעגנער פון הילקוויטן און אַן אָנהענגער פון דעבסן, נאָר איבערהויפּט האָט ער געהאַלטן פון קלאַראַ צעטקין. ער האָט געלייענט פליסיק רוסיש און פון זיינע קעשענעס האָט תמיד אַרויסגעשטעקט אַ רוסישע בראָשורע. שטיין האָט געראָטן מאַטעקן זיך אַריינוואַרפן אין דער באַוועגונג אין ניו־יאָרק.

ביי ליובאַן האָט זיך פאַרזאַמלט אַ פול הויז. זלאַטע איז געווען די טאָן־געבערין. זי האָט געהייסן ליובאַן האַלטן דעם צימער פאַר מאַטעקן פאַר אַ חודש צייט.

— איך קאָן שוין מיינע קאַסטאַמערס, — האָט זי הילכיק געזאָגט, — ער וועט אַנטלויפן פון ניו־יאָרק ווי פון אַ פייער. ער וועט צוריקקומען און דאַן זאָלסטו אים העכערן די רענט, הערסט וואָס מען זאָגט דיר, דאַמבעל?

ליובאַ איז געווען פאַרכמורעט. מאַטעק האָט זי זעלטן געזען אַ פאַר־וואָלקנטע. אָן איר ליכטיקן שמייכל האָט זי אויסגעקוקט פאַרמאַטערט, על־טער. זי האָט וויינציק־וואָס גערעדט. איסאַק האָט מאַטעקן באַגלייט צו דער באַן־סטאַנציע.

— מאַטעק, איך מיין עס גאַנץ ערנסט, — האָט איסאַק געזאָגט, — טאָמער וועט אייך אויספעלן אַ פאַר דאָלער, זאָלט איר מיר שרייבן. טאָמער וועט אייך ניט געפעלן ווערן אין ניו־יאָרק, זאָלט איר גלייך פאַרפאָרן צו אונדז. מיר וועלן שטענדיק געפינען פלאַץ פאַר אייך. פילט זיך היימיש מיט אונדז. איר זעט דאָך, מיר זיינען פּשוטע מענטשן און איר זייט אַ פּשוטער בחור. שרייבט, איך וועל אייך ענטפערן. און די הויפּט־זאַך — מישט זיך ניט אין קיין פּאָ־ליטיק. ס'איז ניט געזונט.

דער שנעל־צוג האָט זיך געיאָגט, ווי געטריבן פון אַן עלעקטרישער בייטש. „גיכער, גיכער, גיכער!" — האָט מאַטעק אימיטירט די רעדער. עס האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז זיין גאַנץ לעבן איז אַ געיעג אין אַ שנעלצוג.

פּאַראַויס — דאָס גרויסע, זייער ליכטיקע אויג פון לאָקאָמאָטיוו, וואָס שניידט דורך די פינצטערניש, צעטרייבט די שטאָק־שוואַרצקייט פון דער נאַכט און דערפרייט זיך מיטן העלן פרימאָרגן, וואָס קומט אים אַנטקעגן פון בײדע זייטן, פון די רחבותדיקע פעלדער, אָדער נידערט אַראָפּ פון די בערג־שפּיצן. מאָטעק האָט זיך דערפילט ווי אַ טייל פון צוג, ווי איינער פון די וואַגאָנען.

.2

מאָטעק האָט זיך פאַרגעשטעלט, אַז ניו־יאָרק איז אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן מיט ריזיקע געביידעס פון צענדליקער שטאָק, מיט הימל־קראַצערס. מען בויט וואָס העכער, כדי ס׳זאָל זיין וואָס ליכטיקער. דער ניו־יאָרקער האָט ליב ליכט. מאָטעק וועט זיך פילן היימיש אין ניו־יאָרק. אים וועט ניט אַרן, אויב ער וועט זיך געפינען אויפן צענטן שטאָק, אַבי עס זאָל זיין ליכטיק.

ווען ער האָט זיך, ביי זיין אָנקומען, אַריינגעזעצט אין דריטן עווענױ עלעוועיטעד, וואָס האָט אים געדאַרפט ברענגען אין די בראָנקס, אין שימעקס דירה, — איז ער איבערראַשט געוואָרן פון דעם וואָס ער האָט געזען. און געזען האָט ער פון בײדע זייטן הייזער — וואוינונגען, פאַרהענגלעך, בעטן, וועש אין דרויסן אויף שטריק, קינדער אויף די אייזערנע פייער־טרעפּ; פרויען וואָס האָבן געוואַשן שויבן; פרויען וואָס האָבן אַרויסגעקוקט פון די פענצטער מיט האַלב־אַנטבלויזטע בוזעמס. עפּעס אַ היימישקייט האָט אָנגעווייעט אויף אים פון דעם וואָס ער האָט אויף גיך געזען. מענטשן, מענטשן, מענטשן, אַזוי פיל מענטשן — אין וואַגאָן, אין די הייזער, אונטן אין גאַס. האָט אים געשווינדלט אין קאָפּ פון צופיל פנימער, פון צופיל פיגורן. ער האָט דערזען אין וואַגאָן אַ יידן מיט אַ ברייטער שוואַרצער באָרד און עס האָט אים געגעבן אַ צופּ ביים האַרצן. אַזוי ענלעך צום טאַטן! און גלייך איז דער פאָטער געקומען אויפן געדאַנק. ווי גוט וואָלט אים, מאָטעקן, געווען, ווען דער טאַטע וואָלט געלעבט און ער וואָלט אים געבראַכט קיין אַמעריקע. דאָ וואָלט ער דאָך אויך געקאָנט דאַוונען אין בית־מדרש און זיצן און לערנען.

עס איז געווען נאָכמיטאָג, ווען מאָטעק האָט אָנגעקלאַפּט ביי די יאַקובאָוויטשעס אין טיר.

— ווער איז? — האָט ער דערהערט פרוי יאַקובאָוויטשעס אַנגענעם קול.

— מאָטעק, — האָט ער מיט האַרצקלאַפּעניש געענטפערט.

— אָ, וואָס פאַרא ליבער גאַסט! לאָמיר זיך צוקוקן. דו ביסט אויסגעוואַקסן, ביסט געוואָרן מענערישער, דו ביסט געוואָרן אינגאַנצן אַנדערש.

ניט דער זעלבער מאַטעק. קום אַריין, איך וועל דיר געבן עפּעס עסן. אין אַ קורצער צייט אַרום וועלן די הערשאַפטן אַנהויבן אַהיים קומען, וועסטו עסן קאָלאַציע מיט אונדז.

פרוי יאַקובאָוויטש האָט זיך קיין סך ניט געענדערט. זי איז געווען די זעלבע געלאַסענע, ליבע פרוי, וואָס האָט זיך ניט געוואָלט עלטערן. זי האָט אויסגעקוקט ווי גאָלדעס עלטסטע שוועסטער.

איז מען געזעסן אין קיך. פרוי יאַקובאָוויטש האָט געקאָכט און מאַטעק האָט גערעדט און זיך אויסגעפרעגט וועגן דער היים, וועגן זיינע אייגענע, וועגן דער שטאָט.

— דו וועסט זיך דאָ איינאָרדנען, מאַטעק. מיר וועלן דיר העלפן, — האָט זי מיטאַמאָל זיך געווענדט צו אים. — שימעק האָט די גאַנצע צייט ניט אויפ־געהערט רעדן וועגן דיר. ער קאָן זיך ניט צופּאַסן קיין פריינט. דאָס גייט מיך זייער שטאַרק אָן. ער איז צו־ערנסט פאַר זיין עלטער. מיט קיין מיידלעך וויל ער ניט אַרומגיין. צו גאָלדען קומען אַריין אַ סך חברטעס, נאָר ער וויכט פון זיי. פאַרוואָס — ווייס איך ניט. איך וויל דיך טאַקע בעטן, מאַטעק טייערער, אַז דו זאָלסט אים נעמען אין די הענט אַריין און אים אויסמענטשלען אַביסל. דיך וועט ער פאָלגן. דו ווייסט דאָך, מאַטעק, אַז ביי אונדז וועסטו זיך פילן ווי אין אַן אייגענער היים. דאַרפסט אפילו ניט קלערן וועגן אַן אַנדער צימער. דו וועסט שלאָפן מיט שימעקן אין איין צימער. וואָס מיר וועלן עסן, וועסטו אויך עסן. גאָלדע איז אַ צירונג. זי שיינט ווי די זיבן זונען. די באָיעס לאָזן איר די גאַס ניט דורכגיין, נאָר איך וועל דיר זאָגן דעם ריינעם אמת, אַז די אַמעריקאַנער יינגלעך הויבן מיר ניט אָן צו געפעלן. עס איז צייט צו שטיין אין שידוכים. וועסט זיך איינאָרדנען, קריגן אַ גוטע שטעלע, וועט דיר דאָ זיין גוט. ביסט דאָך אַזוי ווי איינער פון אונדזער פאַמיליע, מאַטעק. אַ שאָד וואָס דיינע עלטערן זיינען אַזוי פרי פון דער וועלט אַוועק. אַז עס טרעפט אַן אומגליק, טרעפט עס דעם ערלעכן פריער פון אַלע. נאָר מיר וועלן אויפפּאַסן אויף דיר, מאַטעק. ביסט אַזוי ווי מיין אייגן קינד. איך בעט דיך, פּאַס אויף אויף שימעקן. איך בין אַביסל באַזאָרגט וועגן זיין אַנטלויפן פון מענטשן. ער איז דער געגנזאַץ פון אַלע מיינע קינדער. גאָלדע טראָגט אַנטקעגן איר ליכטיקן שמייכל, איר זיס פנים, און שימעק איז שטענדיק אַנגעדרודלט.

די ערשטע אַריינצוקומען אין הויז איז געווען גאָלדע. זי האָט געעפנט די טיר און אויסגערופן:

— מאַמעשי, דיין טאָכטער איז דאָ, — געזאָגט האָט זי עס אויף יידיש און מאַטעק, וואָס האָט זיך דאַן געפונען אין שימעקס צימער און זיך איבער־

געטאָן, האָט אין איר קול דערקענט איר געזונטן שמייכל.

— טאָכטערשי, מיר האָבן אַ גאַסט, האָבן מיר. טרעף ווער דאָס איז?

— אויב עס איז ניט מאַטעק, וועל איך זיך לאָזן אָפּשערן דעם צאָפּ.

— אַ געזונט דיר אין דיין קעפל, ווי דו האָסט געטראָפן.

מאַטעק איז אַרויסגעקומען פון צימער. גאָלדע איז אָן ווערטער צוגעלאָפן צו אים און אים אַרומגעכאַפּט מיט אויסגעשטרעקטע אָרעמס און אים גע־קושט אין מויל אַריין. מאַטעק איז געווען אַזוי צעשטריט פון איר אָנוועזנ־קייט, אַז ער האָט די ערשטע מינוט קיין וואָרט ניט געקאָנט אויסרעדן.

— מאַטוש, דו ביסט דאָך ניט דער זעלבער לאָדזשער מאַטוש. דו ביסט דאָך געוואָרן העכער און אויסגעפּאַשעטער. קוקסט דאָך אויס עלטער אַ סך. ביסט אַוודאי אַלט געוואָרן פון בענקעניש נאָך מיר. קום, לאָמיר זיך אָוועק־זעצן. ניין, איך וויל זיך אויספּוצן לכבוד דיר. מאַמע, גרייט צו דעם וויש־ניאַק. איך קום באַלד אַריין. איך וועל דיר העלפן גרייטן דעם טיש. מאַטוש, איך בין אַזוי צופרידן וואָס דו ביסט דאָ. טראַלאַלאַ, לאַ־לאַ.

האָט מאַטעק אינגאַנצן געפיבערט פון פרייד, פילנדיק גאָלדען לעבן זיך. ער האָט ניט אַרונטערגעלאָזט די אויגן פון איר און זיך ניט געקאָנט אָפּ־וואונדערן פון גאָלדעס אויגן, וואָס זיינען איצט געווען אַזוי העל־גרין און זיי האָבן שעמערירט און גערעדט צו אים און געזאָגט: „שפּיגל זיך אין אונדז, מאַטעק".

ווי שיין גאָלדע איז איצט געווען! אַלץ האָט אַרויסגעשטראַלט פון איר. אירע באַקן האָבן געלאַכט, אירע גלייכע ווייסע ציין האָבן געבלישטשעט, אירע האָר, די טונקל־בלאָנדע, זיינען געלעגן אַזוי ווייך און געבעטן זיך, אַז מען זאָל זיי אַ גלעט טאָן. איר לאַנגער צאָפּ איז געווען דיק און געזונט. גאָלדע האָט אַרומגעטאַנצט, זיך ניט געקאָנט קיין אָרט געפינען. עס האָט איר איצט געפעלט די רואיקייט פון אַמאָל, זי האָט כסדר געוואָרפן וואַרעמע בליקן אויף מאַטעקן. זי איז געווען באַרוישט פון פרייד.

באַלד איז אָנגעקומען שימעק. מאַטעק איז שאָקירט געוואָרן פון זיין אויסזען. אַ גרויער נעפּל האָט באַדעקט זיין פּנים. ער איז געווען ערנסט. מאַטעקס נאָענטקייט האָט אַריינגעבראַכט אַביסל קאָליר אין זיינע באַקן. אויך זיין קול איז געווען געענדערט. עפּעס האָט געפעלט אין אים די יוגנטלעכקייט. עפּעס איז ער געווען פאַרזאָרגט. מאַטעק האָט אים באַאָבאַכט, נאָר ניט אויס־געפרעגט.

דער לעצטער איז געקומען שימעקס פאָטער. ער האָט ביים עסן כסדר גערעדט מיט מאַטעקן און אים דערציילט וועגן זיינע אויפטואונגען אין ניו־יאָרק. מאַטעק האָט זיך געפילט באַרוישט זיצנדיק ביים טיש, אַרומגערינגלט

מיט דער יאַקובאָוויטש משפּחה. זיי האָבן אים דערמאָנט אין לאָדזש. גאָלדע איז דאָך געווען לאַטשיאַס חברטע.

אין אָוונט האָט גאָלדע איינגעלאַדן מאַטעקן אויף אַ שפּאַציר, אים צו ווייזן די געגנט. געוואוינט האָבן די יאַקובאָוויטשעס אויף בעטגעיט עוועניו, לעבן קלערמאָנט פּאַרק, אין די בראָנקס. די גאַס איז געווען פול מיט שפּאַצירער, פול מיט יוגנט, וואָס האָט זיך געלאָזט צום פּאַרק. גאָלדע האָט געהאַלטן איר האַנט אין מאַטעקס און איר שמייכל האָט דורכגעדרונגען זיין גאַנצן וועזן. מאַטעק האָט געפילט, אַז גאָלדע איז געווען אויסגעבענקט נאָך אים און אַז זי האָט זיך געפילט גליקלעך וואָס ער איז דאָ. ער האָט אַריינגעאָטעמט אירע רייד, איר פרייש און שמעקענדיק לייב, איר יעדן ווענד און קער.

— מאַטוש, איך בין אַזוי צופרידן וואָס דו ביסט דאָ, — האָט זי געזאָגט און שטאַרק געדריקט זיין האַנט.

— גאָלדע, דאָס איז מיין גליקלעכסטער טאָג אין אַמעריקע, — האָט מאַטעק געענטפערט און זי צוגעדריקט צו זיך און איר אָפּגעפּרעסט אַ קוש אויף דער באַק.

זיי זיינען אַריין אין פּאַרקל. אַלע בענק זיינען געווען פאַרנומען. האָבן זיי געפונען אַ שטיק און זיך צוגעזעצט. גאָלדע האָט אים דערציילט וועגן אירע לעצטע וואָכן מיט לאַטשיאַן, וועגן דעם אַז לאַטשיאַ האָט געהאָפט אַז מאַטעק וועט זי אַריבערנעמען קיין אַמעריקע. מאַטעק האָט געערדט און געשלונגען יעדעס וואָרט און ער איז געוואָרן ערנסט פון גאָלדעס גרוס. זי האָט עס באַמערקט און געזאָגט:

— אַנטשולדיק מיר, טייערער, וואָס איך האָב דיך געמאַכט ערנסט. היינט איז ביי אונדז אַ יום־טוב. וואָס איז היינט? וועלכער יום־טוב האָט צו טאָן מיט ליבע? שבועות לייענט מען די געשיכטע פון רות. ווען לייענט מען שיר־השירים? פּסח? וואָס איז דער אונטערשיד? היינט איז אונדזער ספּעציעלער יום־טוב, דער יום־טוב פון גאָלדען, וואָס האָט געפונען מאַטושן.

זיי האָבן פאַרגעסן אַ קוק צו טאָן אויפן זייגער. עס איז שוין געווען נאָך צוועלף ביינאַכט, ווען זיי זיינען אַרויף אין הויז. אַלע זיינען געשלאָפן. מאַטעקס בעט איז געווען געמאַכט.

צום ערשטן מאָל אין אַמעריקע איז מאַטעק איינגעשלאָפן מיט אַ שטראַלנדיק פּנים.

.3

שימעק האָט צוגעזאָגט צו רעדן מיט זיין באַלעבאָס וועגן אַריינ־נעמען מאָטעקן צו דער אַרבעט. מאָטעק האָט שטאַרק געוואָלט קריגן באַ־שעפטיקונג ביים עלעקטרישן פאַך. און עס איז אים געלונגען. דאָס וואָס מאָטעק האָט געלערנט אין יאַראָטשינסקיס פאַך־שול אין לאָדזש איז אים דאָ צונוץ געקומען. שימעק האָט אים טאַקע אַרויסגעהאָלפן. זיי זיינען ביידע געשיקט געוואָרן אין אַ געביידע אַלס אַרויסהעלפער צו אַן עלעקטריקער. דאָ האָט מאָטעק באַמערקט, אַז די איבעריקע אַרבעטער קוקן אויף שימעקן מיט חוזק־בליקן. ער איז געווען דער איינציקער ייד צווישן דער גרופּע אַרבעטער. די איבעריקע זיינען געווען אַמעריקאַנער געבאָרענע דייטשן און אירלענדער. מאָטעק האָט געהערט אַנטיסעמיטישע באַמערקונגען אויף שימעקס חשבון. איצט ווען מאָטעק איז צוגעקומען און ער האָט מיט שימעקן גערעדט יידיש, האָבן די אַנדערע אָפּגעלאַכט פון זיי.

עפּעס האָט געמוזט פריער פּאַרקומען צווישן שימעקן און אַ יונגן דייט־שן אַרבעטער, וואָס איז געווען מיט אַ צוויי יאָר עלטער פון שימעקן. שימעק האָט יענעם אויסגעמידן און דער פּאַרמאַן האָט זיי אויך געהאַלטן אָפּגעטיילט.

אַהיים פאָרנדיק האָט מאָטעק פון שימעקן אַרויסגעקראָגן די איינצלהייטן. שימעק האָט ניט גערן גערעדט וועגן דעם, נאָר זיך ענדלעך אַראָפּגערעדט פון האַרצן, בעטנדיק מאָטעקן, אַז ער זאָל קיינעם אין הויז ניט דערציילן, וואָס עס איז פאָרגעקומען. די אַרבעטער האָבן ניט באַלאַנגט צו קיין יוניאָן. דאָך האָבן זיי זיך געהאַלטן צוזאַמען און ניט געלאָזט, אַז אַ פרעמדער, ניט פון זייערע באַקאַנטע, אָדער ניט פון זיי רעקאָמענדירטע, זאָלן אַרויפגענומען ווערן צו דער אַרבעט. שימעק איז געווען אַ פרעמדער. זיין ברודער האָט אים געקראָגן די שטעל דורך זיין באַקאַנטשאַפט מיט אַ בוי־קאָנטראַקטאָר. די אַרבעטער האָבן ניט געקאָנט דערווידערן דעם באַלעבאָס, נאָר דערפאַר האָבן זיי באַשלאָסן שימעק׳ן צו מאַכן ענג. ערשטנס, האָבן זיי אים ניט גע־וואָלט העלפן, ווייזן עפּעס אָדער אפילו אויסלייען מכשירים, וואָס האָבן אים געפעלט. צווייטנס, האָבן זיי אים אונטערגעשטעלט אַ פיסל ביי דער אַרבעט, אַז דער פאָרמאַן זאָל ווערן אומצופרידן מיט אים. דריטנס, האָבן זיי אים פּראָוואָצירט צו אַ געשלעג דורך באַליידיקן אים, דורך מאַכן אַנטיסעמיטישע באַמערקונגען.

שימעק איז געווען צו שטאָלץ צו דערציילן דעם ברודער. ער איז געווען פּייניק און אַליין יעדן טאָג געוואונען מער דערפאַרונג אין וויסן. דער פאָר־מאַן איז געווען צופרידן פון אים. דאָס האָט נאָך מער געקרענקט די אַנדערע

אַרבעטער. זיין שווייגן און איגנאָרירן זייערע באַמערקונגען האָבן זיי נאָך מער אויפגעבראַכט. איינמאָל, ווען שימעק איז געשטאַנען אויפן לייטער און איבער אים אויפן העכערן שטאָק איז געשטאַנען אויף אַ לייטער דער יונגער אַרויסהעלפער דזשערי, איז אַ האַמער אַרויפגעפאַלן שימעקן אויפן קאָפּ. עס איז געווען קלאָר, אַז מען האָט דעם האַמער ניט געוואָרפן דירעקט אויף שימעקן מיט אַ שוואונג, נאָר דער האַמער האָט זיך אומגערן אַרויסגעגליטשט פון דזשעריס האַנט און געטראָפן שימעקן אין קאָפּ. שימעק איז אַרונטער פון לייטער און זיך געהאַלטן פאַרן קאָפּ. דער פאָרמאַן איז צוגעקומען. מען האָט צוגעלייגט אַן אייז־פּענכער. עס איז געווען אַ גרויסער בייל. נאָר דזשערי האָט זיך אַנטשולדיקט און געגעבן אַ דערקלערונג ווי אַזוי דער האַמער האָט זיך אַרויסגעגליטשט פון זיינע הענט. שימעק איז געווען צו־שטאָלץ עפּעס צו טאָן דערוועגן. סיי ער, סיי די אַנדערע אַרבעטער האָבן געוואוסט, אַז דאָס איז ניט געווען קיין אומשולדיקער צופאַל, נאָר אַז מען האָט צווישן זיך גע־רעדט וועגן „פּיקסן" דעם גרינהאָרן.

---

פון יענעם צופאַל האָט שימעק געליטן פון שטאַרקע קאָפּ־ווייטיקן. ער איז געוואָרן מעלאַנכאָליש, אויסגעמידן צו רעדן צו מענטשן. אַהיימגעקומען און זיך געלייגט מיט דער צייטונג אין די הענט און קיין וואָרט צו קיינעם ניט אַרויסגערעדט. די מוטער זיינע האָט באַמערקט די ענדערונג אין אים און ניט גע־קאָנט פאַרשטיין די אורזאַך דערפון. ווען זי האָט געפּרואווט רעדן מיט אים וועגן זיין צושטאַנד, איז ער געוואָרן אַן אויפגעקאָכטער און אַרומגעגאַנגען אַן אָנגעבלאָזענער. עס איז ניט געווען מער דער גוטמוטיקער שימעק פון אַ חודש צוריק.

מאַטעק האָט מיט גוטן גענומען איינרעדן שימעקן, אַז ער זאָל זיך לאָזן אונטערזוכן פון אַ דאָקטאָר, נאָר שימעק האָט דערפון ניט געוואָלט הערן. די מלחמה האָט אים אינגאַנצן דערדריקט. ער האָט זיך רק געשראָקן, אַז אַמעריקע וועט אַריין אין קריג און ער וועט דאַרפן זיין אַ זעלנער. שימעק האָט מער ניט הנאה געהאַט פון קיין זאַך. דאָס עסן האָט פאַר אים קיין רייץ ניט געהאַט. די פריינט און באַקאַנטע זיינען אים מער ניט אָנגעגאַנגען. די שיינע, פריילעכע מיידלעך פון זיין עלטער וואָס זיינען אַריינגעקומען אין הויז צו גאָלדען און געוואָלט פאַרברענגען מיט אים, האָבן ביי אים ניט אַרויסגע־רופן קיין אינטערעס. דער טאַטע האָט געזאָגט, אַז זיין צושטאַנד איז אַן אי־בערגאַנג. מען דאַרף אים נאָר צורו לאָזן. די מאַמע האָט זיך אָבער גע־

שראָקן. איר האָט דאָס האַרץ געוואָרנט, אַז קיין גוטס וועט פון שימעק׳ס גענג ניט אַרויסקומען.

מאַטעק האָט אויסגענוצט אַ געלעגנהייט און דערציילט שימעקס מאַמע וואָס עס האָט מיט שימעקן פּאַסירט. עס איז פאַרשטאַנען געוואָרן, אַז אויסער דעם מאַן זאָל מען קיינעם ניט דערציילן. נאָך אַ באַראַטונג מיטן מאַן איז מען אַוועק צו אַ דאָקטאָר, נאָר ער האָט דערקלערט, אַז אַן שימעקן קאָן ער גאָר ניט טאָן. שימעק האָט זיך אָפּגעזאָגט אָפּצורוען אַ צייט פון דער אַרבעט און אַוועקפאָרן אויפן לאַנד. דאָס איז געווען דעם דאָקטאָרס עצה.

מאַטעק האָט גענומען אויפפּאַסן אויף שימעקן. געגאַנגען שפּאַצירן מיט אים אין די אָוונטן, ניט אַרויסגעלאָזט אים פון אויג. גאָלדע האָט געמיינט, אַז מאַטעק פאַרנאַכלעסיקט זי און איז געווען אָנגעשטויסן אויף אים.

שימעקס לאַגע איז פאַר מאַטעקן געווען ווי די זאָרג פאַר אַ נאָענטן חבר. וויפל האָט געפעלט, האָט ער געטראַכט, אַז מעקענזי זאָל אים דערלאַנגען מיט אַ ברעט איבערן קאָפּ? דער אַנטיסעמיטיזם האָט געבושעוועט גראַד איצט, וואו מאַטעק האָט אים צום ווינציקסטנס דערוואַרט — צווישן אַרבעטער אין שאָפּ, אין פאַבריק. אויב ער האָט אַלס קינד בייגעוואוינט אַנטי־יידישע אויס־ברוכן אין פּוילן, האָט מען דאָס געהאַט אָנגענומען ווי אַ געוויינטלעכע זאַך. דער צאַריזם מיט זיין צעפּוילטקייט האָט געהאָלפן פאַרשפּרייטן יידן־האַס, ווי אויל אויפן פייער. דער פּאָליאַק איז געוואָרן אָנגערייצט פון זיין גלח קעגן יידן. וואָס האָט אָבער דערבראַכט צום אַנטיסעמיטיזם אין אַמעריקע, אין אַזאַ יידישער שטאָט ווי ניו־יאָרק? פאַרוואָס זאָל דער אירלענדער פיינט האָבן דעם יידן? פאַרוואָס זאָל אַמעריקע, דאָס לאַנד פון אימיגראַנטן, דערלאָזן צו אַ צושטאַנד, וואו אַנטיסעמיטיזם איז אַ דערלויבטע זאַך, — אַ מין נאַ־טירלעכע דערשיינונג?

דער ענין ייד און ניט־ייד האָט מאַטעקן אַלץ ווייטער געעגבערט. ער האָט געלייענט דערוועגן, ער האָט זיך געקליבן הערן וואָס געלערנטע האָבן וועגן דעם צו זאָגן.

— ניט אַזוי דאַרף אַמעריקע אויסזען, — האָט ער איינגעטענהט מיט גאָלדען, מיט אירע עלטערן, מיט זיך אַליין. — דאָס לאַנד איז דאָך צושטאַנד געקומען ווי אַ רעטונג־פּלאַץ פאַר פאַרפאָלגטע צוליב זייער גלויבן, זייערע אי־בערצייגונגען. מען איז דאָך געקומען אַהער כדי אָנצוהויבן אַ ניי לעבן, אַ לעבן אָן באַליידיקונגען. און דאָך שילט דער אַמעריקאַנער דעם איטאַליענער און דער איטאַליענער דעם פּאָליאַק און דער פּאָליאַק דעם יידן. דעם ווייס־הויטיקן שטייט ניט אָן צו עסן ביי איין טיש מיטן שוואַרץ־הויטיקן און דער שוואַרץ־הויטיקער לאַכט אָפּ פון געל־הויטיקן. עס קוקט אויס, ווי עמיצער

שטייט הינטער דעם אַלעם און רייצט זאָן איינעם אויפן אַנדערן צוליב אַ געוויסן צוועק.

מאַטעק האָט באַשלאָסן אויסצוגעפינען דעם אָנרייצער, דעם שעדיקער, דעם שונא פון אמתן אַמעריקאַניזם.

## קאַפּיטל צוועלף

# אין ניו־יאָרק

מאָטעק האָט געהאַלטן אין איין לייענען אַמעריקאַנער געשיכטע ביכער. די רעוואָלוציע פאַר אומאָפּהענגיקייט און אירע קעמפער זיינען פאַר מאָטעקן געווען פאַרכאַפּנדיקער און אינטערעסאַנטער, ווי דער שפּאַנענדיקסטער ראָמאַן. דער געדאַנק, אַז די אָרעמע דרייצן קאָלאָניעס האָבן זיך אַקעגנגעשטעלט דער גרעסטער מאַכט אין דער וועלט — ענגלאַנד, בלויז דערפאַר וואָס זיי האָבן נישט געקאָנט פאַרטראָגן קיין אונטערדריקונג — אָט־דער געדאַנק האָט אים באַוועלטיקט.

— וואָס האָט די קאָלאָניסטן געבראַכט אַהער? — האָט מאָטעק איינגעטענהט מיט שימעקן, וועלכער האָט זיך איינגעהערט גערולדיק און געשוויגן, — די ליבע צו פרייהייט; דער פאַרלאַנג אָנצוהויבן אַ ניי לעבן, אַ לעבן אָן קעניגן, קייסערס און האַרן, אַ לעבן פון ערלעכער מי און פראַצע. זיי זיינען דאָך געווען מערסטנס ערד־אַרבעטער, די קאָלאָניסטן. אויב צווישן זיי האָבן זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן שוואַרצע שקלאַפן־האַלטער, באַרויבער און מערדער פון די פרימיטיווע אינדיאַנער, אויב אפילו ערב דער רעוואָלוציע זיינען געווען אַ דריטל וואָס זיינען געווען געטריי צו ענגלאַנד — נו, זיינען אָט־די עלעמענטן דאָך נישט געווען די גרונטלייגער פון דער רעפּובליק. די דעקלאַראַציע פון אומאָפּהענגיקייט איז דאָך צושטאַנד געקומען פון מענטשן, וועמעס קעמפערישער גייסט פאַר גערעכטיקייט האָט איבערגעוואויגן זייערע פּערזענלעכע נויטן און באַקוועמלעכקייטן. אָט־די קעמפער האָבן דאָך געוואוסט, אַז ענגלאַנד איז הונדערט מאָל שטאַרקער פון זיי. עס איז דאָך געווען דער גייסט פון „גיב מיר פרייהייט, אָדער גיב מיר טויט״, וואָס האָט דערבראַכט צו דער רעוואָלוציע. דערפון קאָנען מיר, שימעק, לערנען, אַז דער וואָס גלויבט אין עפּעס, דער וואָס איז איבערצייגט אַז ער דאַרף קעמפן פאַר דער גערעכטער זאַך, דען קאָן אַנדערש ניט לעבן. מעג דער צאַר אויפבויען נאָך אַ מיליאָן תליות, וועט עס אים עפּעס העלפן? איך בין דאָך דערצויגן געוואָרן אין דער רעוואָלוציאָנערער לופט און איך ווייס, אַז דאָס פאַרשטעלטע חסידל מיט די

לאַנגע פּאות, וואָס האָט קיין פליג נישט געקאָנט פּאַרטשעפּען, איז געווען שטאַרקער פון שטאַרקסטן קאָזאַק מיט זיין לאַנגער פּיקע. דאָס אויסגעוויקטע יידעלע האָט זיך אָנגעשלאָסן אין „אחדות", וויסנדיק, אַז זיין לעבן איז קיין שמעק טאַבעק נישט ווערט. פאַרוואָס האָט ער דאָס געטאָן? דערפאַר, שימעק, וואָס ער איז איבערצייגט געוואָרן, אַז דער סאָציאַליזמוס איז דער באַפרייער פון אַלץ וואָס איז שלעכט אויף דער וועלט . . . איצט פאַרטראַכט זיך אין דער אַמעריקאַנער רעוואָלוציע פון 1776. די קאָלאָניסטן זיינען אָנגעפירט געוואָרן פון גרויסע אידעאַליסטן. דער סטעמפּ אַקט, וואָס האָט די אַמערי־קאַנער באַשטעמפּלט ווי נישט קיין גלייכע בירגער, האָט אַרויסגערופן ביי זיי אַ ווידערגעפיל נישט צוליב דעם שטייער, נאָר ווייל דער מענטש אין זיי איז דערנידעריקט געוואָרן.

אַבי ער האָט נאָר געהאַט מיט וועמען צו ריידן, האָט מאָטעק זיך אַריינ־געלאָזט אין לאַנגע ווידערהאָלונגען פון דעם וואָס ער האָט אַריינגעזאַפּט אין זיך לייענענדיק. עס זיינען אָבער געווען מאָמענטן, ווען מאָטעק האָט נישט געפונען פאַר נויטיק מיט עמיצן זיך צו טיילן זיינע געדאַנקען. דאַן האָט ער זיך געגריבלט אין זיך און זיינע ספקות געטראָגן ווי אַ סוד און מען האָט פון אים קיין וואָרט ניט געקאָנט אַרויסבאַקומען.

פאַר דער צייט וואָס ער איז געווען אין נייעם לאַנד האָט זיך מאָטעקן אויסגעוויזן, אַז ער האָט נאָך קיין אמתן אַמעריקאַנער נישט באַגעגנט. זיך פאַרגעשטעלט האָט ער, אַז אַן אַמעריקאַנער איז אַ פרייהייט־ליבנדיקער מענטש, אַ מענטש וואָס באַציט זיך צום צווייטן מיט גלויבן און צוטרוי, אַ מענטש וואָס וויל העלפן דעם אַנדערן, דערפאַר וואָס אַזוי האָט דאָס לאַנד אים דערצויגן, ווייל עס איז אין זיין בלוט איינגעזאַפּט געוואָרן די דעקלאַ־ראַציע פון אומאָפּהענגיקייט. פאַר אים איז די דעקלאַראַציע נישט בלויז געווען אַ דאָקומענט וואָס איז געוואָרן דער וועגווייזער פאַר דער רעפּובליק, נאָר דאָס איז געווען דער וועגווייזער פאַר יעדן יחיד. דער נייער מענטש וואָס האָט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די אַלטע גרויסהאַלטערישע מנהגים און שלעכטע באַציאונג צו זיין מיט־מענטש, און איז דאָ דערצויגן געוואָרן אין אַ נייעם גייסט, אין גייסט פון דער רעוואָלוציע און אירע פירער — אָט־דער מענטש איז דאָס דער אַמעריקאַנער.

אויך האָט זיך אויסגעוויזן מאָטעקן, אַז יעדער אימיגראַנט וואָס קומט אַהער, ווערט דאָ איבערגעפאַרמירט, וואַרפט אַראָפּ פון זיך נישט בלויז די אַלטמאָדישע קליידער, נאָר, נאָך מער, וואַרפט אַראָפּ פון זיך די היימישע קליינ־שטעטלדיקייט, דעם „פאָן" און „פאַניע", דעם „הער" און „דאַמע". מער ווי אַלץ האָט מאָטעק געטרוימט צו געפינען אין אַמעריקע דעם נייעם מענטשן,

וואָס האָט זיך שוין דערהויבן צום סאָציאַליזם, ווייל אַמעריקע איז דאָך דאָס לאַנד וואָס איז אַזוי רייך אין אַלץ און איין מענטש דאַרף דעם צווייטן נישט פאַריאָכן. אַמעריקע איז דאָך דאָס לאַנד פון דער מאַשין. זאָל די מאַשין טאָן די אַרבעט און דער מענטש זאָל געניסן פון לעבן. דער באַגריף אַמעריקאַנער איז פאַר מאָטעקן געווען אַ צויבער־וואָרט, אַ ציל צו וועלכן ער האָט געפּרואווט זיך דערהויבן.

נאָר פון דער ערשטער וואָך וואָס ער איז געווען אין אַמעריקע האָט מאָטעק באַקומען איין אַנטוישונג נאָך דער צווייטער אין דעם באַגריף אַמעריקאַנער. עס איז אים גלייך קלאָר געוואָרן, אַז זיין אָנקל ווילי און די טאַנטע דזשעני און די טיפּן וואָס ער האָט געזען אויף פּעיר סטריט — די שיכורים, די קרעמער, די קויפער פון די אַלטע בגדים — דאָס זיינען נישט קיין אמתע אַמעריקאַנער. זיי זיינען דער קעגנזאַץ פון דעם וואָס האָט אַמעריקע געמאַכט גרויס.

אויך אַנדערע מענטשן מיט וועמען ער איז געקומען אין פאַרבינדונג זיינען פאַר אים נישט געווען קיין מוסטער פון אַמעריקאַניזם. נאָר צו זיין דערשטוינען האָט ער אויסגעפונען, אַז גראָד די אומאַמעריקאַנישע עלעמענטן — די קרעמער, די שענקערס, די שיכורים — האָבן זיך געהאַלטן פאַר די עכטע אַמעריקאַנער און זיי האָבן אַראָפּגעקוקט אויף די מער אינטעליגענטע מענטשן, אויף מענטשן, וואָס האָבן געלייענט אַ בוך, אויף מענטשן וואָס האָבן געקאָנט קריטיקירן די פירונגען פון לאַנד און פון דער וועלט. אים האָט זיך געדאַכט, אַז דער אמתער אַמעריקאַנער דאַרף זיך שטאַרק אינטערעסירן מיט דער וועלט און דאַרף טראַכטן ווי זי אויסצובעסערן.

— שימעק, — האָט ער אַמאָל זיך פּלוצלינג אָנגערופן צו זיין חבר, — דו קאָנסט ניט די תורה פון בעיזבאָל? זייער שלעכט. דערפאַר נעמסטו נישט אויס ביי דיינע מיטאַרבעטער. אויב דו ווייסט נישט ווי עס האַלט מיט די „וואָירלד סעריעס“, ביסטו אַ פאַרפאַלענער. פאַרשטייסט, איך האָב אָפּגעלעבט אַ פּאָר יאָר אין אַ שטילער שטאָט, וואו עס לעבן מערסטנס היגע געבוירענע, נישט אַריבערגעקומענע און דו האָסט געדאַרפט זען ווי קיין זאַך אַרט זיי, דוכט זיך, נישט. נאָר אָט איז געקומען דער בעיזבאָל־סעזאָן און איך האָב די מענטשן נישט דערקענט. זיי זיינען געוואָרן אימפּולסיוו, זיי האָבן באַקומען לשון און עס האָט זיי געאַרט. זיי האָבן אַרויסגעוויזן טעמפּעראַמענט. דערפאַר אָבער זיינען זיי געווען טעמפּ און טויב און שטום און בלינד, ווען עס האָט זיך געהאַנדלט אין די אינטערעסן פון כלל. מענטשן האָבן געאַרבעט פיר־און־פופציק שעה אַ וואָך פאַר זיבן דאָלער. דער פאָרמאַן האָט זיי באַהאַנדלט ווי שאָף. איך האָב געזען געצייילטע סטרייקערס וואָס האָבן געהאַט דעם מוט צו קעמפן פאַר אַ מענטשלעך לעבן. נאָר טויזנטער אַנדערע האָבן

אויף די בראַווע סטרייקערס געקוקט, ווי אויף מענטשן פון אַן אַנדער לאַנד, פון אַן אַנדער וועלט. קאָנסטו דאָס פאַרשטיין?

שימעקן האָבן די רייד געטראָפן. ער האָט געוואָלט ריידן, נאָר ער האָט מורא געהאַט, אַז מאָטעק וועט אים באַוויזן, אַז ער איז אַ טרוס, אַז ער וועט אים זאָגן, אַז ער פאַרשטייט נישט וואָס אַמעריקע איז. האָט ער געשוויגן.

האָט זיך מאָטעקן אויסגעוויזן, אַז ניו־יאָרק איז אַנדערש. אין ניו־יאָרק וועט ער טרעפן גאָר אַן אַנדער סאָרט מענטשן. דאָ האָט זיך אויסגעפורעמט אַן אמתער אַמעריקאַנער, אַזאַ איינער וואָס האָט אין זיך אַלע מעלות פון דער אַלטער היים מיטגעבראַכט און אויסגעוואָרצלט פון זיך די חסרונות.

ניו־יאָרק האָט מאָטעקן באַוועלטיקט.

אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז ער לעבט אין אַ וואונדער־וועלט. ער האָט זיך נישט געקאָנט זעטיקן מיט די פנימער וואָס ער האָט געזען. אַלץ איז אים דאָ געווען אַזוי ניי. דאָרט, ביים אָנקל ווילי, האָט ער שוין געקענט די פאַרגליווערטע, זאַטע געזיכטער. ער האָט אין פאָראויס געוואוסט וועמען ער וועט באַגעגענען און וואָס פאַרא באַמערקונגען די מענטשן וועלן מאַכן. אַלץ איז דאָרט געווען ווי אויסגעמאָסטן. איין גרויסער געניץ האָט אַרויסגעקוקט פון די הייזער, פון די קראָמען, פון די טראָטואַרן.

אין ניו־יאָרק האָט אים יעדע גאַס איינגעשלונגען. אים האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז ער דאַרף זיך אָנהאַלטן פאַר עפּעס מיט אַלע כוחות נישט פאַרשלעפּט צו ווערן פון שטראָם, פון מאַסן־שטראָם וואָס האָט זיך געטראָגן, ווי נאָך אַ מבול, פון אַלע זייטן. ער האָט זיך דערשראָקן פאַרן געאייל, פאַרן געלאַף, נאָר ער איז אויך פאַרלאָקט געוואָרן פון אים. ער איז ניט איינמאָל מיטגעגאַנגען מיט אַ געדיכטער מאַסע, וואָס האָט געשפּאַנט איילּיק אויפן טראָטואַר. ער האָט נישט געוואוסט צוליב וואָס ער גייט, נאָר ער האָט דערפילט דעם פּולס פון דער באַוועגונג און ער איז געוואָרן אַ טייל פון עפּעס גאַנצעס.

נאָר מער פון אַלץ איז מאָטעק אָנגעצונדן געוואָרן פון דעם וואונדערלעכן בילד וואָס ער האָט באַגעגנט דאָ אויף טריט און שריט. דאָס איז געווען דאָס בילד פון פיל־פעלקערשאַפט. ווען ער איז צום ערשטן מאָל אָנגעקומען, אין באַגלייט פון שימעקס פאָטער, אויף קאַנאַל סטריט, לעבן איסט בראָדוועי, האָט ער געמיינט, אַז זיין קאָפּ פאַרדרייט זיך אים פון איבערראַשונג. יאַקובאָוויטש האָט זיך געאיילט, אים איבערגעלאָזט אַליין און אים בלויז אָנגעוויזן די קוואַרטאַלן. מאָטעק האָט זיך שוין אַליין געלאָזט וואַנדערן. עס איז געווען צום ערשטן מאָל וואָס ער האָט דערזען כינעזער. און מיטאַמאָל — אַ גאַנצער קוואַרטאַל פון כינעזער. ער גייט דורך פאַרדרייטע, שמאָלע, מיסטעריעזע

געסלעך און אַלץ וואָס ער זעט איז כינעזער. אַלע שילדן זיינען אין כינעזיש.

און אַט קומט ער אַרויף אויף דער באוערי און ער דערקענט אָנקל ווילי'ס פעיר סטריט, נאָר די פּנימער זיינען דאָ אינגאַנצן אַנדערע. ווי די שיכורים פון גאַנץ אַמעריקע וואָלטן אַהער געשיקט זייערע פאָרשטייער. און די הויך־באַן איבערן קאָפּ שיסט און האַקט און די גרויסע טראָקס, ווי די ווילדע חיות, יאָגן זיך ברומענדיקע צווישן די אייזערנע סלופּעס און מענטשן פּרואוון אַריבערלויפן די גאַס — צעשראָקענע פּנימער און פּנימער פון פאַר־שיידענע פאַרמען, וואָס ער זעט דעם ערשטן מאָל אין זיין לעבן.

און אויף די טראָטואַרן ליגן אויסגעצויגן גופים אין טראַנטעס, גופים מיט צעבלוטיקטע פּנימער און שוימיקע מיילער און דער עולם גייט זיי פאַר־ביי און קוקט זיך אויף זיי אפילו נישט אום. שענקען און פאָרצעליי־קראָמען, קראָמען פון טייערער צירונג און טיפע קעלערס מיט שמאַטעס; ביליקע „הייז־לעך" און דערנעבן מיסיאָנערסקע זאַלן; בלינדע בעטלערקעס און פאַרקויפער פון ווייסע טאַשנטיכלעך . . .

עס איז אַזוי פיל צו זען און צו באַאָבאַכטן. מאָטעקן האָט זיך אויסגע־וויזן, אַז ער האָט דאָ אין איין קורצן שפּאַציר געזען מער ווי ער האָט געזען אין דער גאַנצער שטאָט די עטלעכע יאָר, וואָס ער האָט געוואוינט מיט אָנקל ווילין.

אַ טריט פון דער באוערי, אויפן וועג צו איסט בראָדוועי, און מאָטעק איז אַריינגעפאַלן אין סירישן געגנט און דערנעבן צווישן אַראַבער און גריכן און טערקן. אַזוי פיל פרעמדע, רייצנדיקע לשונות און נאָך רייצנדיקערע פּנימער, צוליב זייער נייקייט.

און גאָר האַרט לעבן עכט יידישן ישוב האָט זיך פאַרקליבן אַ גאַס צי־ גיינער, מיט ברודיקע קאָלירטע פאָרהאַנגען און פּזורכישופטע, ברענענדיקע גרויסע שוואַרצע אויגן און ציגיינערישע פרויען מיט פּנימער און קליידער וואָס האָבן געדעגט מאָטעקס בלוט און די קינדערלעך זייערע, די באָרוועסע און פאַרמורזשעטע, וואָס זיינען געווען אַזוי אַנדערשדיק ווי אַלץ וואָס מאָטעק האָט ביז איצט געהאַט געזען אין דער וועלט.

די יידישע איסט סאַיד האָט אים אינגאַנצן פאַרכאַפּט. ער האָט זי גע־וואָלט פאַרגלייכן מיט דער יידישער לאָדזש און דער פאַרגלייך האָט זיך נישט איינגעגעבן. אין לאָדזש האָבן אַלע אידן געהאַט איין פּרצוף, סיי דער חסיד אין דער לאַנגער קאַפּאָטע, סיי דער ליטוואַק אין זיין דייטשן רעקל, צי אין דער רוסישער קורטקע. דאָ, אויף הענרי סטריט, אויף מעדיסאָן סטריט, אויף איסט בראָדוועי, צי אויף אָרטשאַרד סטריט — אויף יעדער גאַס, האָט ער געזען בלויז יידן און יעדער ייד האָט זיך געהאַט זיין באַזונדער

אויסזען, זיין באַזונדער גאַנג. דאָ זיינען געווען יידן וואָס האָבן זיך געקאָנט אויסלעבן אויף זייער היימישן שטייגער. לאָדזש האָט טאַקע געהייסן קליין־אַמעריקע, נאָר אין אַמעריקע, אויף דער איסט סאַיד פון ניו־יאָרק, איז יעדער ייד געווען אַ באַזונדער וועלט. עס איז געווען דאָס קליינע שטעטל און דאָך איז עס געווען די גרעסטע שטאָט אויף דער וועלט. עס איז געווען עפּעס ריזיקס. לאָדזש האָט אויסגעזען ווי אַ חוזק, ווי אַן אָפּגעלעבט שטעטל קעגן אַ גאַס פון דער איסט סאַיד און דאָך האָט לאָדזש געהאַט אין זיך עפּעס גאַנצעס, וואָס עס האָט געפעלט דער גאַנצער איסט סאַיד.

מען האָט אין דער היים געזאָגט, אַז אַזאַ אָרעמקייט ווי עס הערשט אויף באַלוט איז נישטאָ אויף דער גאַנצער וועלט. מאַטעקן האָט זיך אויסגעוויזן, אַז אַזאַ אָרעמקייט וואָס האָט אַרויסגעקוקט פון די פּנימער, פון די פענצטער פון דער איסט־סאַיד, קאָן שוין אין ערגעץ נישט זיין שרעקלעכער. און דאָך זיינען די יידן דאָ אַרומגעגאַנגען מיט פאַררייסענע קעפּ, פאַר קיינעם קיין מורא נישט געהאַט און אַלעמען געהאַט אין דער אדמה.

— ווי וואָלט זיך דער טאַטע דאָ אַריינגעפּאַסט? — האָט מאַטעק זיך אַליין געפרעגט און ער האָט זיך קיין ענטפער נישט געקאָנט געבן. איין זאַך איז אים יאָ געווען קלאָר, אַז ער, מאַטעק, קאָן זיך דאָ ניט אַריינפּאַסן. ער וויל אַנטלויפן פון דאַנען. די איסט סאַיד האָט אים יאָ דערמאָנט אין באַלוט, און באַלוט האָט ער געוואָלט פאַרגעסן. די יידן מיט בערד און פאות און די קליין־קרעמער וואָס האָבן געריסן פאַר די פּאַלעס, אַז מען זאָל ביי זיי קויפן — האָבן ביי מאַטעקן אַרויסגערופן געפילן פון ביטערקייט. ער האָט געוואָלט אַנטלויפן פון דער אַטמאָספערע.

— אָט דאָס איז די גרויסקייט פון אַמעריקע, די פיל־פאַרביקייט, — האָט ער דערקלערט שימעקן, — נאָר ליכטיק איז מיר דערפון נישט געוואָרן. מיך ציט צו די ליכטיקע וועגן.

צו דער אַרבעט זיינען מאַטעק מיט שימעקן געפאָרן מיט דער הויך־באַן. נאָר איינמאָל האָט מאַטעק געוואָלט אויספּרואוון די סאָבוועי. זי איז געווען שרעקלעך געפּאַקט און זיי האָבן זיך קוים געקאָנט אַריינקוועטשן אין וואַגאָן. מען האָט געדאַרפט שטיין די גאַנצע צייט. שימעק האָט זיך געגעבן אַ וואָרט מער נישט צו פאָרן מיט דער סאָבוועי. מאַטעק האָט געלאַכט פון אים.

— איך האָב ליב צו שטיין צווישן מענטשן, שימעק, — האָט מאַטעק באַגייסטערט אויסגערופן, — האָסטו באַמערקט וויפל שפּראַכן מען האָט דאָ געקאָנט הערן? אין אַ שטח פון אַ פּאָר פוס האָסטו געהאַט אַ גאַנצע וועלט פאַר דיינע אויגן. צו מיין רעכטן עלנבויגן איז געשטאַנען אַ שפּאַניער און גערעדט היציק צו אַ שפּאַניערן, וואָס איז געזעסן און געהאַלטן אין איין לאַכן

מיט אירע ווייסע ציין. צו מיין לינקער זייט האָט אַן אירלענדער געלייענט אַן אירלענדישע צייטונג. הינטער מיר זיינען געשטאַנען אַ פּאָר איטאַליע־נער און אַרום זיי האָבן זיך געטראָגן קולות פון אַ פּאָר גאַליציאַנער און לעבן דיר איז געשטאַנען אַ ריזיקער נעגער, וואָס האָט געגעבן זיין פּלאַץ פריער צו אַ יידישער באָבעטשקע... די סאָבוועי, שימעק, איז אַ שרעקלעכער פּלאַץ פאַר שוואַכע מענטשן. דער געדרענג איז נישט דערלויבבאַר, נאָר פאַר מיר איז דאָס גאָר אינגאַנצן אַנדערש. מיר דאַכט זיך, אַז די שנעלקייט איז דער טעמפּ פון אַמעריקע און דער פאַרשיידנאַרטיקער מענטשן־מאַטעריאַל איז דער אויסדרוק פון אַמעריקע. נאָר דאָס נישט צושטעלן גענוג וואַגאָנען, אַז אַלע זאָלן האָבן פּלעצער — דאָס איז אַ מכה פאַראורזאַכט פון אַמעריקאַנער קאַפּיטאַ־ליזם. דאָס איז די שולד וואָס עס איז נישטאָ קיין שטאָטישע סאָציאַליסטישע רעגירונג.

שימעק האָט אויף דעם געענטפערט:

— זינט איך קען דיך, מאָטעק, האָסטו ליב געהאַט צו דרייען מיטן גראָבן פינגער, האָסטו ליב צו חקרענען. זינט איך בין אין ניו־יאָרק איז עס ס׳ערשטע מאָל וואָס איך הער אַז עמיצער האָט אַ גוט וואָרט פאַר דער סאָב־וועי. ווען איך זאָל וויסן, אַז עס וועט מיר דויערן אַ האַלבע שעה לענגער צו פאָרן מיט דער אויבער־באַן, וועל איך די סאָבוועי נישט וועלן אָנזען פאַר מיינע אויגן. איך ווער דאָך אויס מענטש, ווען מען שטופּט מיך אַריין אין דעם שוואַרצן קעסל. דער רויש פון די רעדער, דער טומל פון די מענטשן און זייער שטופּן זיך צו קריגן אַ פּלאַץ — דערמאָנט מיך אין עפּעס אַ פּאַניקע, אַ געלאַף פון אַ שרעקלעך פייער, צי דאָס אַנטלויפן פאַר אַ משוגענעם, וואָס האַלט אַ מעסער אין האַנט. איך ווער אויסגעמאַטערט פאָרנדיק אין סאָבוועי, איך ווער גייסטיק צערודערט. איך האָב פיינט צו זיין צווישן אַזוי פיל מענטשן.

האָבן זיי לאַנג גערעדט וועגן דעם און מאָטעק האָט איינגעזען, אַז ער קאָן זיך מיט שימעקן נישט פאַרשטענדיקן.

אומעטום אין ניו־יאָרק האָט זיך מאָטעק דערפילט היימיש. די וואָלקנ־קראַצערס האָבן אויף אים קיין פחד נישט אָנגעוואָרפן. פאַרקערט. ער האָט גע׳חלומ׳ט, אַז מען וועט אים אַמאָל שיקן איינפירן עלעקטריע אויפן העכסטן שטאָק פון אַ וואָלקנקראַצער. זיי זיינען פאַר אים געווען ווי פאַקלען פון ליכט וואָס באַלויכטן אַ ברייטן אַרום. ווען ער איז איינמאָל צוגעגאַנגען צו דער „בעטערי" און דערזען פון דאָרט די סטאַטוע פון פרייהייט אויפן ניט ווייטן אינדזל, האָט ער זיינע אויגן נישט געקאָנט אַראָפּנעמען פון דעם הערלעכן בילד.

— די וואָלקנקראַצערס — דאָס זיינען אַלע סטאַטועס פון פרייהייט, —

האָט ער געפּרוּווט דערקלערן גאָלדען, — דו פאַרשטייסט וואָס איך מיין?

— מאָטוש, דו ביסט אַליין אַ סטאַטוע פון פרייהייט, — האָט גאָלדע ערנסט געזאָגט, — שטענדיק האַלטסטו דיין אָרעם אויסגעשטרעקט אין דער לופטן, שטענדיק ביסטו גרייט צו רעדן וועגן דעם וואָס עס וועט זיין, וועגן דעם ווי עס וועט אומעטום ווערן ליכטיק. דיר ווייזט זיך אויס, אַז מיר לעבן אין אַ פינצטערע וועלט, מאָטוש?

— נאַר, גאָלדע, דו לאָזט מיך נישט אויסרעדן. אַ נאַר ווייזט מען נישט קיין האַלבע אַרבעט.

— ביסט אַליין אַ נאַר און נישט קיין קליינער און אפשר ביסטו גערעכט: בלויז אַזאַ נאַר ווי איך קאָן אויסהערן דיינע פּלענער פאַר אַ נייער וועלט, ווען דו אַליין האָסט נאָך פאַר זיך אַליין קיין נייעם פּלאַן נישט אויסגעאַרבעט.

— הער, גאָלדע, וואָס איך מיין, אַ שפּאַס אין אַ זייט . . . די וואָלקנ־קראַצערס זיינען קאַפּיטאַליסטישע געביידעס. זיי באַלאַנגען צו די רייכסטע מענטשן פון לאַנד, נאָר פאַר מיר איז אַ וואָלקנקראַצער אַ סימבאָל, פאַר־שטייסט, אַ סימבאָל פון שטייגן הויך און העכער, איבער די נידעריקע הייזער, וואו עס איז פינצטער, וואו עס איז ענג און דושנע. אויבן איז דאָ לופט און ליכט און זונשיין. פון וואַנען איז געדרונגען, אַז ניו־יאָרק מוז זיין אַ קאָך־קעסל, וואו מענטשן דאַרף אויספעלן לופט. אפשר קאָן איך זיך נישט גוט אויסדריקן, נאָר דו פאַרשטייסט וואָס איך מיין. איך מיין גוט. די סטאַטוע פון פרייהייט זאָגט צום אימיגראַנט וואָס קומט אַהער: „שלום עליכם, ברודער־לעבן, מיין טיר איז אָפן פאַר דיר!“ דער פאַקל וואָס זי האַלט הויך און שטאַרק אין האַנט, איז דער פאַקל פון סאָציאַליזם. אַזוי וואָלטן מסתם געפילט דזשעפערסאָן און סעמיועל עדעמס און פּעטריק הענרי און טאָמאַס פּעין און בנימין פרענקלין. בקיצור, גאָלדע, איך האָב ליב די סטאַטוע פון פרייהייט און איך האָב ליב יעדן וואָלקנקראַצער, פּונקט ווי איך האָב ליב דעם המון פון דער סאָבוועי. אפשר מיינסטו, אַז עס פעלט מיר אַ קלעפּקע אין קאָפּ, נאָר איך האָב ליב צו וואוינען מיט אַנדערע פעלקער בשכנות. אין ניו־יאָרק האָב איך אַלץ. דאָ איז די גאַנצע וועלט און פון דאַנען וועלן מיר שאַפן די נייע וועלט, אַ מוסטער פאַר אַלע איבעריקע לענדער. אַמעריקע איז דאָס לאַנד פון אַלע פעלקער, וואָס שאַפט איין ניי־אַלוועלטלעך פאָלק, מאַכט נישט אויס אויף וויפל שפּראַכן מיר רעדן און וואָס פאַר אַ קליידער מיר טראָגן און וואָס פאַר אַ מאכלים מיר עסן.

נאָר וואָס מער מאָטעק האָט געוואַנדערט איבער די אָרעמע קוואַרטאַלן פון ניו־יאָרק, אַלץ אַנטוישטער איז ער געוואָרן מיט די פירונגען פון לאַנד. ער האָט דאָס ניט געקאָנט באַגרייפן. ניט ווייט פון זיין באַליבטן „זינגער“

וואָלקנקראַצער, מיט זיינע ליכטיקע זאַלן און באַקוועמלעכקייטן, האָבן זיך געפונען די אָפּגעלאָזנסטע און פאַרפעסטיקסטע טענעמענט הייזער, וואָס האָבן ניט געהאַט די עלעמענטאַרסטע נויטווענדיקייטן פון באַהייצונג און באַלייכ־טונג. דאָרט האָבן מענטשן געוואוינט אין געשטאַנק, אין שמוץ, אין שאָטן פון עפּידעמיעס. דאָרט האָבן געוואוינט פיל פאַמיליעס מיט זייערע קליינע קינדער. אויך דאָרט איז געווען איין וועלט — אין זעלבן פינצטערן בנין האָבן געלעבט יידן, איטאַליענער, רוסן, סקאַנדינאַוויער, איירישע און דייטשן. פאַר זיי איז די זינגער־געביידע געווען אַן אַנדער סימבאָל, אַ סימבאָל פון פאַרשקלאַפונג.

— אָט די וואָס בויען פאַר זיך וואָלקנקראַצער, גראָבן פאַר אונדזערע האָפענונגען קברים, — האָט אַ רוסישער אַרבעטער אין בלויע אָוועראָלס גע־זאָגט צו מאָטעקן, ווען מאָטעק האָט זיך מיט אים פאַנאַנדערגערעדט.

און אפשר האָט מאָטעק געהאַט אַזוי פיל גלויבן אין די וואָלקנקראַצערס דערפאַר, וואָס זיי זיינען געווען אַזוי ווייט פון דער ערד, פון זייןווירקלעכ־קייט. מחמת אַרום אים האָט ער רק געזען נויט און פאַרצערונג פון מענטש־לעכער ענערגיע און דאָס אומאויפהערלעכע מורא האָבן פאַרן מאָרגן.

געווען מאָמענטן ווען מאָטעק האָט געוואָלט אַנטלויפן פון זיך אַליין און ניט געקאָנט. פאַר די אויגן איז אים געשטאַנען די סטאַטוע פון פרייהייט, אַרומגערינגלט פון וואַסער, ווי אויף דער גרענעץ צווישן יבשה און דעם אַטלאַנטישן אָקעאַן. אָט איז זי געווען אין זיינע אויגן די ברייט־האַרציקע מאַמע — אַמעריקע, וואָס איז מעכטיק און גוט אין דער זעלבער צייט. „קומט, קינדערלעך, קומט, איך וועל אייך געבן פון אַלדאָס גוטס“ און אָט איז זי געוואָרן אַליין אַ פליכטלינג, וואָס האָט אויסגעשטרעקט איר אָרעם און געבעטן, אַז מען זאָל זי ראַטעווען, דערפאַר וואָס זי טרינקט זיך אין דעם ים פון רשעות, וואָס הייסט קאַפּיטאַליזם, וואָס מאַכט פון מענטשן לוין־שקלאַפן און נעבעכדיקע, געהאַרכזאַמע, מיזעראַבלע באַשעפענישן.

דאָס איז געווען דאַן, ווען מאָטעק האָט זיך פאַרטראַכט וועגן זיין איי־גענעם שיקזאַל, ווען אויפן זינען איז אים געקומען זיין קינדהייט, זיינע על־טערן, זיינע שוועסטער און די אָרעמע סאַלטשע, וואָס האָט אויף איר לעבן קיין גוטן טאָג ניט געהאַט. אין זיין גאַנץ יונג לעבן, האָט מאָטעק באַשלאָסן ביי זיך, האָט ער געזען מער אומגערעכטיקייט ווי יושרדיקייט. און די מענטשן זיינען געווען כסדר איבערגעשראָקן און מורא געהאַט צו פאָדערן גערעכ־טיקייט און די וואָס זיינען געשטאַנען פאַרן אמת האָבן געליטן נויט, און זיינען געגאַנגען אין טורמע און זיינען אומגעקומען פאַר זייער צייט. אַזוי האָט ער דאָס געזען אין לאָדזש, אַזוי האָט ער דאָס געזען אין אַמעריקע.

נאָר ווּיפל דער אַרום האָט אים ניט געפּרואווט דערדריקן, וויפל זיין טרוים — אַמעריקע — האָט זיך אַלץ מער אַרויסגעוויזן אין זיין ברוטאַלער ווירקלעכקייט, האָט מאַטעק זיך ניט געלאָזט אַנטמוטיקן.

— די סאָלטשעס און די לייבטשעס און די קעלערס און ליבקנעכטס און די וואָס האָבן ניט מורא אַרויסצוקומען קעגן דער איצטיקער מלחמה — די זיינען מיינע מענטשן. אין זיי גלויב איך, אויף זיי שטייט די וועלט, — האָט מאַטעק זיך אַליין געפּרואווט טרייסטן.

און ווען ער איז אין דער פרי אַרויסגעגאַנגען אויף די גאַסן פון ניו־יאָרק און דערזען אַזוי פיל מענטשן, וואָס האָבן זיך געאיילט צו דער אַרבעט און קינדער וואָס האָבן מיט לייכטנדיקע פּנימער שפּאַצירט אין שול אַריין — דאַן האָט אים אַרומגענומען אַ גלויבן אין מענטשן, אַ גלויבן אין דער צו־קונפט, אַ גלויבן אין נייעם לאַנד, וואָס האָט אים אַלץ מער שאָקירט און דאָך פאַרכישופט.

### קאַפּיטל דרייצן

# אַ נ ק ל ק י ו ו ע

.1

שימעקס פּאַטער האָט פאָרגעשלאָגן, אַז שימעק און מאַטעק זאָלן פאָרזעצן זייער טעכנישן וויסן, וואָס זיי האָבן באַקומען אין דער יאַראָטשינסקי פאַך־שול אין לאָדזש. אין ניו־יאָרק זיינען פאַראַן אַ סך אויסגעצייכנטע שולן. אין דער באַראָן־דע־הירש פאַך־שול קאָן מען ענדיקן דעם עלעקטראָ־טעכנישן קורס, און אין אַ צאָל פּריוואַטע שולן קאָן מען ענדיקן אַלס עלעקטריקער און נישט דאַרפן פאַרברענגען עטלעכע יאָר אויף דער לער ווי געהילפן און דאַרפן אויסשטיין פון די מער־קוואַליפיצירטע אַרבעטער.

דער פאָרשלאָג האָט אויסגענומען ביי די בחורים און מען איז אויף גיך אַוועק און זיך פאַרשריבן אין אַ פּריוואַטער שול. אמת, עס האָט געקאָסט אַ סך געלט, נאָר מאַטעק האָט געהאַט אָפּגעשפּאָרט און איצט האָט ער פאַרדינט מער ווי אַלע מאָל. ער האָט איינגעצאָלט פאַרן ערשטן קוואַרטל. אויב עס וועט אים געפעלן ווערן, וועט ער דאַן אָנגיין.

באַלד האָט זיך אָבער אַריינגעמישט עפּעס, וואָס האָט מאַטעקן אָפּגעקילט פון גאַנצן פּלאַן. דער עפּעס איז געווען די אַנטי־מלחמה שטימונג, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט די יוגנט פון לאַנד און די ראַדיקאַלע און ליבעראַלע עלעמענטן צווישן די אַרבעטער און דער אינטעליגענץ.

אַהיימקומענדיק פון דער אַרבעט האָט זיך מאַטעק אָפּגעשטעלט אויף אַ גאַס־ראָג און זיך איינגעהערט צו אַן אַנטי־מלחמה רעדנער. דעם גאַנצן אָוונט האָט שוין מאַטעק געפיבערט מיט די פלאַמענדיקע רייד פון רעדנער. ער האָט איינגעלאַדן גאָלדען אויף אַ שפּאַציר. זי האָט זיך אָנגעכאַפּט אין דעם, נאָר מאַטעק איז דעם גאַנצן וועג געווען ערנסט און גערעדט וועגן דער מלחמה־געפאַר און וועגן די דזשינגאָאיסטן, וואָס ווילן אַריינציען אַמעריקע אין דער מלחמה פאַר די קאַפּיטאַליסטישע אינטערעסן. גאָלדע איז געוואָרן אומגעדולדיק. איר איז דער גאַנצער ענין ווינציק־וואָס אָנגעגאַנגען. זי האָט

געפיבערט מיט ליבע־פיבער און זי איז געווען אויסגעדורשט נאָך מאַטעקס ליבע־דערקלערונגען. ער האָט איר נייע בלוזע נישט באַמערקט, נישט געזען, אַז זי טראָגט נייע שיך, נישט געגלעט און נישט געקושט זי.

— גאָלדע, ס'איז אַ פראַגע וואָס דאַרף אונדז אַלעמען אַנרירן. שימעק און איך און אפילו דיין עלטערער ברודער קאָנען אומקומען אין קריג. נאָר עס האַנדלט זיך נישט וועגן אונדזערע יונגע לעבנס. עס האַנדלט זיך וועגן דער צוקונפט פון לאַנד, וואָס איז געוואָרן אונדזער היים. ווער זאָל ווערן אונדזער פירער: דער בלוט־דורשטיקער מלחמה־העצער, צי דער ציוויליזירטער מענטש, וואָס וויל אַז עס זאָל הערשן שלום אויף דער וועלט? — גאָלדע האָט אים אויסגעהערט געדולדיק־אומגעדולדיק און ענדלעך זיך אָפּגערופן:

— אָבער, מאַטוש, דו ביסט צו־ערנסט. אַזעלכע רייד פּאַסן פאַר עלטערע מענטשן וואָס האָבן שוין זייער לעבן אָפּגעלעבט און האָבן נישט וואָס צו־טאָן מער ווי צו פאַרזאָרגן די וועלט. מיר, איך און דו, דאַרפן ערשט אָנהויבן לעבן. וואָס ווינציקער מיר וועלן טראַכטן וועגן דעם, וואָס בעסער וועט זיין פאַר אונדז. איך קאָן נישט לייענען די נייעס וועגן מלחמה. איך וויל נישט וויסן וויפל מענטשן זיינען די וואָך דערהרגעט געוואָרן אויף די שלאַכטפעלדער. איך אינטערעסיר זיך מיט די לעצטע מאָדעס אין קליידער, אין שיך, אין פריזור, אין היט. דו ווייסט, מאַטוש, אַז היינט אָוונט גייסטו מיט מיר און פירסט זיך אויף ווי אַן אַלטער מאַן, ניט ווי אַ יונגער בחור. דו מאַכסט מיך טרויעריק. איך האָב דיך נישט ליב ווען דו ביסט אַזוי.

ערשט דאַן האָט זיך מאַטעק אויפגעכאַפּט ווי פון אַ שווערן חלום און זי אָנגענומען פאַרן אָרעם און אים שטאַרק אַ קוועטש געטאָן, — אַ סימן אַז ער איז צוריק מאַטעק, וואָס קאָן זי אויפעסן אַ לעבעדיקע פון ליבשאַפט.

— ווען דו רעדסט נאָך אַ האַלבע שעה וועגן דער מלחמה, וואָלט איך זיך צעוויינט, דו שלעכטער יונגאַטש דו, — האָט גאָלדע זיך געפּעשטשעט.

עס האָט אָבער נישט געדויערט קיין וואָך צייט און מאַטעק איז שוין געווען אָנגעשלאָסן אין די איפּסלס, אין דער יוגנט־ליגע פון די סאָציאַליסטן. דאָרט האָט מען אים גלייך באַשטימט אַרבעט — העלפן ביי די גאַסן־פאַרזאַמלונגען, אויסטיילן פלוג־בלעטלעך, היטן די רעדנער־פּלאַטפאָרמע, פאַרקויפן ליטעראַטור. דאָס האָט פאַראורזאַכט, אַז מאַטעק זאָל אָנהויבן פאַרפעלן זיינע קלאַסן אין דער פאַך־שול. שימעק איז געווען אויף אים אין כעס און דערציילט זיינע עלטערן וועגן דעם. זיי, ווידער, האָבן אין מאַטעקן אַריינגערעדט, אַז ער זאָל נישט טאָן וואָס ער האָט געטאָן אין לאָדזש. מילא, דאָרט האָט ער באַלאַנגט צום קליינעם בונד. דאָרט איז ער נאָך געווען אַ

קינד. דאָ דאַרף ער דאָך זיין זעלבסטשטענדיק און ער איז דאָך געקומען אַהער אַריבערברענגען זיינע פיר שוועסטער־יתומות. ער וועט צייט האָבן זיך צו קהלען, ווען ער וועט זיך האָבן גוט איינגעאָרדנט מאַטעריעל. דאָס קומט פריער פון אַלץ. וואָס איז זיינע דאגות ווער עס וועט געווינען די וואַלן אין אַ יאָר אַרום? וואָס דאַרף ער זיך אַזוי זאָרגן וועגן דער לאַגע פון לאַנד? דער פּרעזידענט זאָרגט זיך עפּעס אַ סך פאַר אים, ווען ער איז אַרבעטלאָז און קראַנק?

נאָר מאָטעקן איז געווען ניט צו דערקענען. די נייעס אין דער צייטונג האָט אים אויפגערודערט און ער האָט ביים עסן פאַרפירט לאַנגע דיסקוסיעס מיט די אַרומיקע. ער האָט געהאַלטן, אַז מען דאַרף אַרויסגיין אין די גאַסן און שרייען, אַז מען איז קעגן מלחמה. אויב די מיליטאַריסטן פירן דורך פּאַראַדן פאַר מלחמה, אויב דאָס גאַנצע לאַנד ווערט פאַרפירט פון דעם „פרי־פּעירעדנעס" גייסט, דאַן דאַרף יעדער מענטש וואָס וויל ניט קיין קריג, טאָן די זעלבע זאַך: לאָזן הערן זיין שטים קעגן קריג.

— דו וואַקסט שוין איינמאָל אַ פייערדיקער סאָציאַליסט! — האָט גאָלדעס טאַטע געזאָגט צו מאָטעקן, — ווען דו וואָלסט געקענט גענוג ענגליש, וואָלסטו זיכער געוואָרן אַ גאַסן־רעדנער.

מאָטעק האָט געענטפערט:

— מר. יאַקובאָוויטש, אַז מען וועט דאַרפן, וועל איך רעדן אויף יידיש, אויף פּויליש און אויף דייטש און אפילו אויף רוסיש. נאָר אויב די פּאַרטיי וועט מיך הייסן רעדן ענגליש, וועל איך האַלטן אַ רעדע אויף ענגליש. איך גלויב, אַז עס איז נישטאָ קיין וויכטיקערע זאַך היינט צו טאָג, ווי אויסהיטן אַמעריקע פון קריג. אין אַ יאָר אַרום צי ווינציקער וועל איך און אייער זון שוין טראָגן סאָלדאַטסקע מונדירן און מען וועט אונדז לערנען ווי צו מאָרדן די אַרבעטער פון אַנדערע לענדער.

און אַזוי טאָג־איין, טאָג־אויס איז דאָס יאַקובאָוויטש־הויז פיל געוואָרן מיט דיסקוסיעס, וואָס מאָטעק האָט פאַרפירט וועגן דער מלחמה־געפאַר. יעדער טאָג האָט געהאַט זיינע נייע אַנטוויקלונגען אין דער מלחמה־לאַגע. די כוחות פאַר און קעגן מלחמה האָבן דערקלערט מלחמה צווישן זיך און די ווערטער־שלאַכטן זיינען געוואָרן אַלץ הייסער און שאַרפער.

ווי אַ מיטגליד פון די איפּסלס איז מאָטעק געוואָרן אַלץ טעטיקער אין זיין אָרגאַניזאַציע, ביז מען האָט אים איבערגעגעבן אַן אַמט מיטן פאַרוואַלטן דאָס אויסטיילן און צעשפּרייטן פלוג־בלעטלעך אין זיין געגנט. ער האָט יעדן אָוונט געדאַרפט זיין אין פּאַרטיי־לאָקאַל. מער איז ער שוין אין דער פאַך־שול נישט געגאַנגען.

אין הויז האָט פרוי יאַקובאָוויטש געפּרואווט אַפּעלירן צו אים. זי האָט אָנגעוויזן אויף שימעקן, ווי ער ווערט אַ לייט, ווי ער לערנט זיך דאָס פאַך און ביי דער אַרבעט האָט מען שוין אָנערקענט זיינע קענטעניש, נאָר מאַטעק איז נאָך אַלץ געבליבן הינטערשטעליק. שימעק באַקומט אַ העכערונג אין געהאַלט. מאַטעק באַקומט אַ פּייג.

— אָבער איך האָב צו זאָגן איבער אַ געגנט, וואו עס וואוינען צענדליקער טויזנטער מענטשן און איך טייל אויס פלוג־בלעטלעך, וואָס קלערן די מענטשן אויף די געפאַר פון מלחמה. איך וויל זיי ראַטעווען פון אומגליק. דאָס איז ביי מיר וויכטיקער ווי פאַרדינען נאָך פינף דאָלער אַ וואָך, — האָט מאַטעק גערעדט מיט היץ.

מאַטעקן האָט געקרענקט וואָס אַזעלכע וואוילע מענטשן ווי די יאַקובאָוויטשעס זאָלן זיין אַזוי אָפּגעשטאַנען ווי זיין אָנקל ווילי. אים האָט איבערהויפּט פאַרדראָסן וואָס גאָלדע איז געווען אַזוי ווייט פון אים גייסטיק. ווי גוט וואָלט אים געווען, ווען גאָלדע וואָלט נאָך דער אַרבעט גלייך מיט אים אַוועק אין לאָקאַל און געהאָלפן אים אויסטיילן די ליפלעטס צו די בחורים און מיידלעך סטודענטן און יונגע אַרבעטער וואָס קומען נאָך זיי. אַ, דאַן וואָלט זייער ליבע געהאַט גאָר אַן אַנדער האַפט. זי איז אַזוי פריש און רייצנדיק און ליב און אָנגענעם, נאָר איר שיינקייט ווערט דאָך די שיינקייט פון אַ ליאַלקע, ווען זי נוצט נישט איר געהירן, איר שיינעם קאָפּ, — האָט מאַטעק מיט זיך אַליין אַרגומענטירט. דערפון האָט זיך גענומען זיין אָפּגעקילקייט צו איר גאַנץ אָפּט.

.2

ער אַליין האָט נישט געוואוסט פאַרוואָס, נאָר מאַטעקן איז איינמאָל ביי דער אַרבעט איינגעפאַלן אַ געדאַנק צו זען זיין אָנקל קיווע, דעם טאַטנס ברודער. צי דאָס איז געווען פון בענקשאַפט נאָך זיינע שוועסטער, צי גלאַט נייגעריקייט, נאָר ער האָט אַהיים קומענדיק אויסגעזוכט דעם אַדרעס, וואָס ער האָט מיט זיך געבראַכט פון איראָפּע, אַן אַדרעס וואָס איז ביי דער משפחה געווען נאָך איידער ער, מאַטעק, איז געבוירן געוואָרן.

מאַטעק האָט דאָך אויף דעם אַדרעס אָנגעשריבן אַ בעטנדיקן בריוו צום אָנקל קיווע אַז ער זאָל אים, דעם פרישן יתום, אַריבערנעמען אין זייעם לאַנד. אמת, דער אָנקל האָט קיינמאָל נישט געענטפערט. מען האָט געזאָגט דאַן, אַז דער בריוו האָט דערגרייכט דעם אָנקל, אַניט וואָלט די פּאָסט אים צוריקגעקערט. ער האָט דאָך אָנגעשריבן אַ בריוו צום אָנקל און ער האָט זיך

געקליבן קומען קיין ניו־יאָרק. דער אָנקל האָט נישט געענטפערט.

— נו, — האָט ער באַשלאָסן ביי זיך, מאָטעק, — ער וועט אָנוווערן קאָרפּעיר און צופּאָרן אויף יענעם אַדרעס. וועט ער פאַרלירן צען סענט און שטילן זיין נייגעריקייט. דערפאַר וועט ער אָבער זען דעם פאָטערס ברודער וועגן וועלכן מען האָט אַזוי פיל שלעכטס אָנגערעדט אין דער היים. ער וועט זען „קורחן", ער וועט זען „ירבעם בן נבט".

מאָטעק האָט געלאַכט צו זיך אַליין. פון קאַלינסקי איז אין אַמעריקע גע־וואָרן קעלי. דער אָנקל קיווע, וואָס האָט אין דער היים געהייסן סאַרנע, אָדער סאַרנאָווסקי, האָט זיך דאָ אַ נאָמען געגעבן סאַרדזשענט, — ניק סאַרדזשענט.

האָט זיך מאָטעק געלאָזט פון גאַלדען אויספּוצן אין אַ ביי העמד, מיט אַ נייעם קראַוואַט, מיט נייע שיך, אין זיין זונטיקדיקן אָנצוג און זיך געלאָזט צום אָנקל קיווע. געוואוינט האָט דער אָנקל אין האַרלעם, וואָס איז נאָך אין יענער צייט געווען איינגאַנצן אַ יידישע געגנט. דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס מאָטעק איז פאַרפאָרן אין דער טייל שטאָט. ער האָט זיך געוואונ־דערט. דער אָנקל איז זייער רייך, האָט מען געזאָגט אין דער היים. דער אָנקל האָט גרויסע הייזער. ווי קומט עס, וואָס דער אָנקל וואוינט אין אַ געגנט וואָס איז היבשלעך אָרעם?

איבערן קאָפּ האָט געדונערט דער „עלעווייטעד". עס איז געווען פינצ־טער, הגם די פרילינג־זון האָט העל געשיינט. אויף דער זייט גאָס, וואו דער אָנקל האָט געדאַרפט, לויטן אַדרעס, וואוינען, זיינען געשטאַנען פושקאַרט־פּעדלער מיט גרינצייגן, מיט פיש, מיט טאַשנטיכלעך און זאָקנבענדלעך. איז דאָס מעגלעך, אַז דאָ זאָל זיך געפינען דער אָנקל קיווע? ער האָט זיך שוין זיכער לאַנג אַרויסגעקליבן פון דאַנען, האָט באַשלאָסן מאָטעק. נאָר צוגיין דאַרף מען און איינמאָל פאַר אַלעמאָל זיכער מאַכן ביי זיך.

אָט איז דער אַדרעס. אָט איז דאָס הויז. ער גייט אַריין און גלייך דערזעט ער ביים אַריינגאַנג, אין פאָדער־ווינקל אויפן דיל, דעם אָנקלס איניציאַלן, נ. ס. — ניק סאַרדזשענט, הייסט עס. צווישן די נעמען אין די בריוו־קעסטלעך איז דעם אָנקלס נאָמען נישטאָ. אַ פרוי קומט אַרונטער פון די פינצטערע שטיגן.

— וועמען זוכט איר, מישטער? — פרעגט זי אין אַ ליטווישן יידיש.

— איך זוך דעם מר. סאַרדזשענט.

— אָ, דעם „לענדלער"? ער וואוינט אויפן צווייטן גאָרן, נאָר ער ליגט גאַנצע טעג אין סאַלון, אין זיין סאַלון, טאַקע דאָ אין דרויסן. איר האָט נישט געזען די סאַין? אַ בלינדער קאָן זי אויך דערזען.

מאָטעק האָט זיך פאַרשעמט פון זיין צעטראָגנקייט. ער איז אַרויס און

טאַקע דערזען אַ גרויסע שילד איבער אַ סאַלון מיטן פעטן שריפט: „ניק סאַרדזשענטס סאַלון״.

דער זויערער ריח פון ביר און דער ביטערער געשטאַנק פון טוכלער לופט האָבן שווער געמאַכט זיין אָטעם, ווען מאַטעק איז אַריין אין שענק. מענער זיינען געשטאַנען מיט גלעזער ביר איבער „ספיטונס״ און גערעדט ווי צו טויבע און נאַריש געלאַכט.

אַ גראָבער יונגערמאַן הינטער דעם קאָונטער האָט דערזען מאַטעקן און חוצפּהדיק געפרעגט:

— יאָ, דאָס איז דאָס פּלאַץ. וואָס ווילט איר?

די מענער האָבן אויסגעדרייט זייערע העלדזער צו מאַטעקן. אַלע האָבן אים באַקוקט ווי אַן אַריינדרינגער.

— איך זוך מר. סאַרדזשענט, — האָט מאַטעק געענטפערט.

ער האָט דערהערט אַ חוזק־געמורמל: „מיסט־ער סאַר־דזשענט. נישט אַנדערש, ווי מיס־טער!

— אין די בעק! — האָט דער באַרטענדער אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט.

— ניק, עמיצער וויל אייך זען! — האָט איינער פון די מענער אויס־געשריגן.

— ווער עס וויל מיך זען, איז נישט חולה אַריינצוקומען. איך וויל קיינעם נישט זען, — האָט מאַטעק דערהערט אַ טראַציק קול פון פינצטערן אינווייניק.

מאַטעק איז אַריינגעגאַנגען. לעבן אַ נישט־געהייצטן אויוון, אויסגעלייגט אויף אַ שטול און די פיס צעשפּרייט אויפן צווייטן שטול, איז געזעסן אַ האַלב־דרימלענדיקער פּליכעוואַטער מאַן מיט אַ רויט פּנים און אַ פּאָר קאַלטע שוואַרצע אויגן.

— וואַטאיזיט? — האָט ער בייז און פויל אַרויסגעשפּיגן דריי ווערטער אינאייגעם.

— זייט איר מר. סאַרדזשענט? — האָט מאַטעק געפרעגט אויף יידיש.

— יאָ, יאָ, לאָמיר הערן, „וואַטאיזיט״?

— איך בין ליפּע סאַרנעס זון.

דער מאַן האָט זיך געגעבן אַ שטעל אויף פריער אויף די צוויי עלנבויגנס און נאָכדעם, מיט אַנשטרענגונג, אויף די פיס.

— וואָס? דו ביסט מיין ברודער ליפּעס זון? דו ביסט מאַטעק, וואָס האָט מיר אַמאָל געשריבן אַ בריוו?

— יאָ, אַנקל, — האָט מאַטעק שטיל געענטפערט.

— כ׳וועל מאַכן ליכטיק, וועל איך דיך אָנקוקן. זע נאָר, זע — ליפּעס זון, מיין ברודערס זון! — האָט ער גערעדט מיט די ליפּן און זיך געשאַרט מיט

די פיס צום עלעקטרישן לעמפּל.

עס איז געוואָרן אַביסל ליכטיק, מחמת דאָס לעמפּל איז געווען זייער קליין.

— אויב אַזוי, קומט דיר, קודם־כּל, אַ שלום עליכם. ווען ביסטו געקומען און וואָס טוסטו? ביסט אַ גרויסער בחור. דו מוזט מסתּם אַלט זיין אַוודאי אַ צוואַנציק יאָר. האָב איך געטראָפן? ווי קומט צו דיר רויטע האָר? ביסט נישט געראָטן אין די סאַרנעס, ביסט געראָטן מסתּם אין דער מאַמעס צד, ווי האָבן זיי געהייסן? יאָ, די קאַלינסקיס. רייכע מענטשן געווען. וואַרט, דו מוזט אַוודאי זיין הונגעריק, כ'וועל אַרויפקלאַפּן צו דער יידענע, זי זאָל דיר צוגרייטן עסן. ביסט געקומען נאָך מיטאָג, נאָר ביי אונדז איז שטענדיק דאָ וואָס צו עסן. ביי אונדז עסט מען, ברוך השם, דעם גאַנצן טאָג, דאָס איז ביי אונדז די הויפּט־אַרבעט.

ער איז צוגעגאַנגען צו אַ לאַנגער שטייענדיקער רער ביי דער וואַנט, וואָס האָט אַריינגעגרייכט אין באַלקן און ער האָט מיט אַ שטעקל געקלאַפּט אין איר.

— דאָס איז אַ סיגנאַל, אַז זי זאָל אַרונטערקומען.

— וואָס שטייסטו? פאַרן זעלבן געלט קענסטו דאָך זיצן. זאָג מיר נאָר, מאָטעק, ווען איז דער טאַטע געשטאָרבן? פון וואָס איז ער געשטאָרבן? אַזאַ יונגער מענטש — נאָך קיין פיר־און־פערציק יאָר נישט אַלט געווען. אָוואַ, אָוואַ, אַזאַ געלערנטער מענטש געווען!

ער האָט דערהערט טריט הינטער זיך.

— פעני, דאָס ביסטו?

— וואָס איז ווידער פאַר אַ קלאַפּעניש אויף מיין קאָפּ? — האָט זיך דערהערט אַ גראָב קול פון אַ פרוי.

— יידענע, מיין פאַרשטאָרבענעם ברודערס זון איז דאָ. קום אַריין, באַקען זיך מיט אים. דו ווייסט דאָך, אַז איך האָב געהאַט אַ ברודער ליפּע, אַ גרויסער לערנער. ער איז, נעבעך, געשטאָרבן מיט עטלעכע יאָר צוריק. דאָס איז זיין זון. ער איז אַ בן־יחיד. מאָטעק הייסט ער.

און צו מאָטעקן:

— דאָס איז די מומע פעני. שעיק הענדס.

מאָטעק האָט פאַר זיך דערזען אַ דיקלעכע פרוי פון מיטלוואוקס, מיט אַ שמאַלציק פּנים און רויטלעכע אויגן (ווען ער האָט שפּעטער דערציילט די יאַקובאָוויטשעס וועגן איר, האָט ער געזאָגט: „די גראָבקייט איז איר געלעגן אויסגעגאָסן אויף דעם פּנים”).

— ער מוז דאָך זיין הונגעריק. גיי אַרויף און גיב אים אַ זופּ, פעני.

— אַ דאַנק, אָנקל, מומע. איך בין נישט הונגעריק. באַר־וואָס געגעסן.

— דאַן קום אַריין אין די פראָנט און נעם אַ גלאָז ביר. ווין טרינקסטו?

ער האָט זיך געלאָזט גיין אין שענק אַריין און מאַטעק איז אים נאָכגעגאַנגען.

— באַיס, דאָס איז מיין נעפיו, אַ גרינער, אַ פּאָר יאָר פון יוראָפּ, נאָר אַבעטשע ער קאָן בעסער ענגליש פון איך אַלעמען. זיין טאַטע, מיין ברודער, זאָל ער דאָרט רוען אין גן־עדן, איז געווען אַ גרויסער קאָפּ־מענטש. ער האָט געהאַט סמיכה אויף שחיטה. נאָר ער האָט נישט געקאָנט שעכטן אַ טייבעלע, איז ער נישט געוואָרן קיין שוחט, איר הערט?

— נו, מאַטעק, קום אַרויף אין הויז, וועל איך דיר ווייזן וואו איך וואוין. די קינדער זיינען נישטאָ איצט.

דער אַנקל האָט געסאָפּעט אַרויפקריכנדיק די צוויי פינצטערע שטאָק. דער אַנקל האָט געעפנט די טיר און מען איז אַריין אין אַ קיך, וואָס איז געווען באַלויכטן פון אַ גאַז־פלעמל. דער עלעוועיטעד האָט כמעט ווי אָנגע־שפּאַרט אין פענצטער און יעדע ווייל האָט מען געמוזט אויפהערן ריידן צוליבן באַן־געררודער.

די מומע האָט צוגעשטעלט קאַווע. אויפן טיש איז געלעגן אַ גרויסער אָנגעהויבענער פּאָמפּערניקל ברויט און אַ לאַנגער מעסער. אויך זיינען גע־שטאַנען נישט אָפּגעוואַשענע טעלער מיט ביינדלעך פון הערינג און עס זיינען געלעגן צעשפּרייט פאַרטריקנטע גאָפּל־מעסער.

די מומע האָט באַקוקט מאַטעקן און גענומען רעדן צו אים.

— ווי הייסטע? מאָטל? מאָטל, ביי אונדז עסט מען קיין עין־הרע אַ גאַנצן טאָג. מען נעמט קיינמאָל די דישעס נישט אַראָפּ. דאָס ברויט ענדיקט זיך קיינמאָל נישט, קיין עין־הרע. באַלד קומען די קינדער, זאָלן לעבן, הייבט זיך אָן אַן אכלען. דערפאַר קוקן מיר טאַקע אויס אַזוי, נישט אַזוי ווי דו, וואָס קוקסט מיר אויס שטשופּלע. אין אַמעריקע האָט מען נישט ליב קיין איידעלע מענער. דאָ דאַרף מען אַרבעטן שווער, דאַרף עס זיך אָנזען אויפן לייב.

זי האָט אָנגעשמירט פּוטער אויף אַ גראָב שטיק ברויט און דאָס דער־לאַנגט מאַטעקן.

— ביי אונדז טרינקט מען קאַווע מיט ציקאָריע, ווי אין דער אַלטער היים.

— האָט דער אַנקל זיך באַרימט און דערלאַנגט מאַטעקן אַ טאָס קאַווע, וואָס איז געווען אַביסל צעשפּאָלטן.

דער אַנקל האָט געוואָלט וויסן, וואו מאַטעק האַלט זיך אויף און וואָס ער טוט און ווי לאַנג איז ער אין ניו־יאָרק. מאַטעק האָט אים אַלץ דערציילט, זייער קאַלטבלוטיק און מיט אַ חוזק־בליקל אין אויג.

דער אַנקל איז צוגעקומען נאָענט צו מאַטעקן און געזאָגט:

— אַז דו וועסט וועלן, וועסטע קאָנען ביי אונדז איבערנעכטיקן אַ נאַכט. קיין צימער האָבן מיר נישט, ווי דו זעסט, נאָר אויפן קאָוטש קאָן מען מאַכן

פלאַץ פאַר דיר פאַר אַ אַכט. איך וויל דיך באַקענען מיט די קינדער. איך האָב אַ זון און אַ טאָכטער, זאָלן לעבן. וועסט אָנקוקן צוויי ריזן, דעמבעס, גאָר געראָטענע קינדער. ביידע „סטעדן" (שטודירן). ער וויל זיין אַ יאָקטער, וויל ער זיין. אַ דאָקטער, הייסט עס, און זי ווייס נאָך אַליין נישט וואָס זי וויל. דערווייל האָט זי ליב צו ליגן אין בעט און עסן קרים־קעיקס.

— וואָס פלוידערסטע דאָרט? אַ מענטש זאָל האָבן אַ מיאוסע טבע פון פלוידערן, — האָט די מומע אַריינגעשריגן פון אַן אַנדער צימער.

— אַן עלעקטרישן איז אַ גוטע טרעיד אין אַמעריקע. וויפל פאַרדינסטע?

— האָט דער אָנקל געוואָלט וויסן.

מאָטעק האָט אים געזאָגט מיט צען דאָלאַר מער וויפל ער האָט באַקומען.

— ס'איז נישט שלעכט פאַר אַזאַ גרינעם באָי ווי דו ביסט. גייסט אין נאַיט־סקול?

פלוצלינג איז מאָטעקן איינגעפאַלן אַ געדאַנק אַרויפצופירן דעם שמועס אויף זיינע שוועסטער.

— אָנקל —

— רוף מיך „אָנקל קיווע", נאָר אַלע רופן מיך „ניק". ווי קום איך צו ניק? פונקט ווי קום איך צו סאַרדזשענט? וועסטע דאָך פרעגן ווי קום איך צו אַ סאַלון? איך האָב אין דער היים געוואוסט פון אַ סאַלון? ביי אונדז אויף דער זשעלאָנע האָבן זיך דאָך געפיטערט ציגן. מיין מאַמע, דיין באָבע, איז דאָך געווען אַ טעפערקע, אויסגעפאָרן איבער גאַנץ קרוין־פוילן אויף אַלע יאַר־מערק, געפירט גרויסע מסחרים, געהאַנדלט מיט דרעזדענער גלאָזוואַרג, אַ יידענע אַ קאָזאַק געווען. דער טאַטע, זכרונו לברכה, איז געווען אַ וואָזשנער ייד, אַ לץ, די פריילעכקייט אַליין, נאָר די ברידער און שוועסטער געדענק איך קוים. כ'בין דאָך אַוועק פון דער היים אַ קליינער, אַ ראָצער. אין אַמע־ריקע בין איך געוואָרן אַ סאַלון־קיפער. מיינסט, ס'איז שלעכט? מאַכסטע אַ גרויסן טעות, מיין נעפיו. דו האָסט געזען די יידן, וואָס האָבן געזופט ביר? מיינסט, זיי זיינען שלעכטע מענטשן? טייערע באָיס. זיי וועלן פאַר מיר גיין אין פייער און אין וואַסער. אויף דער גאַנצער גאַס ווייסט מען ווער ניק איז. פרואוו רעדן אַ שלעכט וואָרט אויף ניקן, וועסטע שלעכט אָפשניידן. אַלע — יידן, גוים, איטאַליענער, נאָר איבערהויפט איירישע, זיינען פאַר מיר די כפרה. צו מיר קומען אַריין אַלע פאָליסלייט און דעטעקטיוווס, ווער ס'איז אין טראָבל, ווייסט אַז ס'איז דאָ אַ ניק אויף דער וועלט.

„ניק, מיין זון איז אין טראָבל. מען האָט אים צוגענומען אין סטעישאָן".

„אָלראַיט, מרס. אַזאַ יאָר אויף דיר, איך וועל באַלד צוגיין אין סטעי־שאָן און זען וואָס מען קאָן טאָן".

— מיינסט, אַז איך שפּאַס ? ווערסט אַמאָל אַריינקומען אין אַ דאַנגערשטיק פאַרנאַכט, ווען די דעטעקטיוס קריגן זייער געהאַלט און קומען קעשן די טשעקס ביי מיר, וועסטו זען וואָס דאָ טוט זיך אָפּ.

— אָנקל קיווע, איך בין געקומען קיין אַמעריקע נישט אַזוי צוליב זיך, ווי צוליב מיינע שוועסטער. עס איז פאַר זיי נישט קיין תכלית צו בלייבן אין לאָדזש, צעזייט און צעשפּרייט אין פאַרשיידענע היימען. איך וויל זיי אַריבער־ברענגען אַהער.

— וואָס דאַרפסטע וועגן דעם רעדן איצט, אַז אַלע טירן זיינען פאַרמאַכט. זאָל די מלחמה זיך ענדיקן, וועסטע דאַן האָבן צייט צו טראַכטן. ס'איז דאָך מלחמה. ווער ווייסט וואָס מיט זיי וועט פּאַרקומען. איך בין אַ פּראַקטישער מענטש, ווי דו זעסט. אויב עס וועט זיין מיט וועמען צו גיין צום טיש . . . ווען דו פאָלגסט מיך, וואָלט איך דיר געגעבן אַן אַנדער עצה. ווי דו קוקסט מיך אָן בין איך שוין אין אַמעריקע גאָר אַ לאַנגע צייט. כ'האָב אסור צוגע־לייגט צו אַמעריקע. זי האָט צו מיר אויך נישט צוגעלייגט, איז דערפאַר —
מיטאַמאָל האָט זיך דערהערט אַ זעצן אין אַ רער. דאָס האָט מען פון אונטן אַרויפגעקלאַפּט. דריי קלעפּ, נאָך אַמאָל דריי קלעפּ.

— דאָס דאַרף מען מיך האָבן, — האָט דער אָנקל געזאָגט. — דריי קלעפּ מיינט, אַז עס איז „אימפּאָרטענט“.

מאַטעק האָט זיך געזעגנט מיט דער מומען, צוגעזאָגט צו קומען אַ צווייטן מאָל, זיך צו באַקענען מיט די קינדער. ער איז אַרונטערגעגאַנגען מיטן אָנקל אין סאַלון.

דער אָנקל איז אַריין דורך דער הינטערשטער טיר. גלייך ביי דער טיר איז געשטאַנען אַ יונגע פרוי אין אַ שאַל און געוויינט. דער אָנקל איז צו איר צוגעגאַנגען, נאָר מיטאַמאָל זיך אויסגעדרייט צו מאַטעקן און געזאָגט:

— ווערסט דאָ זיין אַ צווייטן מאָל, וועלן מיר רעדן וועגן מיין פּלאַן. איך האָב אַ פּלאַן פאַר דיר. איצט, ווי דו זעסט, דאַרף איך אַטענדן ביזנעס. גוד־באַי, קאָל עגען.

מאַטעק האָט זיך געלאָזט שפּאַצירן איבער דער עוועניו. ער האָט געוואָלט, אַז דער טשאַד זאָל אים אַרויס פון קאָפּ, איידער ער וועט זיך אַריינזעצן אין עלעוועיטעד אַהיים צו פאָרן.

## קאַפּיטל פערצן

# זיין פּלאַן

### 1.

אַ גאַנצע וואָך איז אים דער אָנקל קיווע ניט אַרויס פון קאָפּ. מאָטעק האָט אין אים געפונען אַן ענלעכקייט צום אָנקל ווילי, הגם זיי זיינען געווען פאַרשיידן, ווי טאָג פון נאַכט. אין בריוו צום אָנקל ווילי האָט מאָטעק טאַקע געשריבן, אַז ער איז געווען ביים אָנקל און ער זעט איין ווי דאָס לאַנד האָט זיינעביידע אָנקלס אַריינגענומען אין אירע הענט און זיי אַמעריקאַניזירט אַנדערש ווי ער האָט זיך פאָרגעשטעלט.

די פרוי יאַקובאָוויטש האָט ליב געהאַט, אַז מאָטעק זאָל זיך אין איר אָנפאַרטרויען. ווען ער איז צוריקגעקומען פון אָנקל קיווע, האָט זי אין זיין פנים דערקענט, אַז ער איז אָנגעזאָפּט מיט איינדרוקן און אַז ער וואַרט נאָר אויף דער געלעגנהייט פאַר עמיצן זיך אַראָפּרעדן. זי האָט באַמערקט, אַז ער איז ניט זייער נייגעריק צו רעדן וועגן דעם מיט שימעקן, אָדער מיט גאָלדען.

— מיינט דאָס, — האָט זי געזאָגט צום מאַן, — אַז ער וועט מיר אַלץ דערציילן. צו מיר קומט ער מיט אַ שווער הערצל.

און אַזוי איז טאַקע געווען. זי האָט אָנגעהויבן:

— מאָטעק, ביסט געווען ביים אָנקל? עפּעס אַ רייכער אָנקל?

און מאָטעק האָט איר אַלץ דערציילט און איבערהויפּט פאַרלאַנגט פון איר אַן ענטפער אויף פראַגעס:

— מרס. יאַקובאָוויטש, פאַרוואָס דאַרף אַזאַ חזיר האָבן אַזוי פיל געלט? ער פאַרמאָגט צוויי גרויסע טענעמענט הייזער, נאָר ער וואוינט אין אַ פינצטערער דירה און דאָס געשיר איז ניט אָפּגעוואַשן און דאָס טעפּל פון קאַווע איז געווען צעשפּאָלטן און ווען מען צאָלט מיר צו, וואָלט איך דאָרט קיין נאַכט ניט געקענט איבערשלאָפן, אי פון גערויש פון עלעוועיטעד, אי פון דער זאַטער אָפּגעלאָזנקייט. פאַרוואָס קאָן אַזאַ מענטש ניט לעבן ווי ס׳געהער צו זיין? אין מיין זיידנס הויז, דעם אָנקלס פאָטער, איז געווען לייטישער

און ציוויליזירטער און דאָס איז דאָך געווען אין קליינעם שטעטל, אויף דער זשעלאָנע גאַס, די אָרעמסטע גאַס אין שטעטל. האָט ער באַדאַרפט קומען קיין אַמעריקע, אין ניו־יאָרק, צו לעבן ווי אַ חזיר? וואָס טויג אים זיין געלט? און האָט ער געדאַרפט ווערן אַ שענקער? און צוליב וואָס האָבן ביידע אָנקלס געדאַרפט בייטן זייערע נעמען? איז דען „סאַרנע" מיאוסער פון „סאַרדזשענט?" איז דען „קאַלינסקי" ניט אַזוי שיין ווי „קעלי"? בלויז דערפאַר וואָס זיי האָבן זיך אַליין געוואָלט אָפּנאַרן, אויסוואָרצלען פון זיך זייער שטאַם, אַמעריקאַניזירן זיך? דאָס הייסט ניט אַמעריקאַניזירן זיך. ווי איך פאַרשטיי דאָס, מיינט אַמעריקאַניזירן זיך — שאַפן פון זיך אַ נייעם מענטשן וואָס זאָל אַרייננעמען אין זיך אַלע מעלות, וואָס די פיל פעלקער וואָס זיינען געקומען אַהער, האָבן מיטגעבראַכט מיט זיך. וואָס גיבן מיינע אָנקלס אַמעריקע? וואָס האָט זי זיי געגעבן? מיין ענטפער איז: גאָרנישט. אפשר דאָס ערגסטע וואָס זי פאַרמאָגט אין זיך — די לוסט נאָך געלט, דאָס וועלן ווערן רייך און — פאַראָרעמט ווערן אין גייסט.

— מאָטעק, פאַרקריכסט שוין אין די הויכע פענצטער. איך קאָן דיך שוין ניט פאַרשטיין, — האָט געלאַכט פרוי יאַקובאָוויטש, — אַז דו דערציילסט ווי עס איז, רעדסטו ווי אַ מענטש, נאָר אַז דו הויבסט אָן מיט דיינע סאָציאַליסטישע דרשות, ווערט שוין ביי מיר דער געדאַנק אַביסל דאָסיק. איין זאַך איז ביי מיר קלאָר, אַז אַזוי גיך וועסטו שוין צום אָנקל ניט גיין. ניט וואָר, מאָטעק?

— מרס. יאַקובאָוויטש, — האָט מאָטעקן ווי ניט געאַרט איר פאָרוואורף און ער האָט ווייטער פאָרגעזעצט זיינע אַרגומענטן, — און פאַרוואָס האָט דער אָנקל קיווע ניט געענטפערט אויף מיין בריוו, וואָס איך האָב אים געשריבן, ווען איך בין געוואָרן אַ יתום? ווילסטו מיך ניט אַראָפּברענגען צו זיך, ביסטו אַ רשע, נאָר ענטפערן מעגסטו דאָך. ניין, ס'איז אים מסתם אַ שאָד געווען אַ פּאָסט־מאַרקע. און קיין בעסערע זאַך ווי אַ טעלער זופּ האָט ער מיר ניט געהאַט צו טראַקטירן, ווען ער האָט מיך דערזען צום ערשטן מאָל? איז דאָס אַ מענטש? און ער האָט זיך נאָך באַרימט פאַר מיר, אַז ער איז אַ גאַנצער בעל־טובה. מען קומט צו אים פון גאַנצן געגנט, אַז ער זאָל זיך אָננעמען פאַר זיי. פאַר זיי — יאָ, נאָר פאַר זיין אייגענער משפחה האָט ער קיינמאָל קיין האַרץ ניט געהאַט. ביי דער משפחה האָט ער באַקומען דעם נאָמען קורח. זיין אייגענער טאַטע האָט אים אַזוי גערופן . . .

— עס זיך ניט אָפּ ס'האַרץ, מאָטעק, — האָט פרוי יאַקובאָוויטש ניט געקאָנט צוזען זיין צער, — דאַרפסט צו אים ניט אָנקומען. האָסט אַ שמעק געטאָן, איז עס דיר ניט געפעלן — און אויס.

ער האָט זיך אָבער ניט געקאָנט באַרואיקן. ווי פאַרנומען ער איז ניט געווען מיט זיין אַנטי־מלחמה טעטיקייט, מיט זיין אַרבעט אַלס אַ העלפער צו שימעקן, מיט זיין לערנען זיך ענגליש אין דער פרייער צייט, — איז אים דער אָנקל ניק־קיווע ניט אַרויס פון זינען. עס האָט אים געצויגן נאָכאַמאָל צו זען דעם אָנקל, באַקענען זיך מיט זיינע קינדער, רעדן מיט אים וועגן העלפן אַראָפּברענגען די שוועסטער און עס איז אים געווען טשיקאַווע צו וויסן וואָס פאַרא פּלאַן דער אָנקל האָט פאַר אים. ס׳איז דאָך געווען דער אָנקל, וואָס האָט דער ערשטער געזאָגט, אַז ער וויל אים געבן אַן עצה.

ער האָט ניט אויסגעהאַלטן, מאָטעק. אין צוויי וואָכן אַרום, בעת ער האָט געהאַט אַ פרייען פרימאָרגן, איז ער ווידער אַוועק צום אָנקל קיווע. דאָס מאָל האָט ער באַשלאָסן, וועט ער רעדן קלאָרע דיבורים מיטן אָנקל וועגן העלפן אים אַראָפּברענגען די שוועסטער. און אויב ער וועט זיך אָפּזאָגן, וועט ער אים זאָגן וואָס פאַר אַ מיינונג ער האָט וועגן אים.

— מאָטעק, דאָס ביסטע? — האָט דער אָנקל ניק אויסגעצויגן די ווער־טער, דערזעענדיק מאָטעקן, — וואָס האָסטע עפּעס אויפגעטאָן זינט כ׳האָב דיך געזען? געוואָרן אַ מיליאָנער אין אַמעריקע? דאַכט זיך מיר, ביסט מיר עפּעס אַראָפּ פון פּנים. אין אַמעריקע דאַרף מען אכלען, אַניט ציט מען אויס די פּיאַטעס.

דער אָנקל איז געזעסן אויף זיין שטול לעבן קאַלטן אויוון און געריכערט אַ פּאַפּיראָס.

— דו רויכערסט ניט? וועסט איינשפּאָרן אַ סך געלט. דער טאַטע האָט געריכערט? מיין משהלע ציט שוין אויך דעם רויך. דו קענסט ניט מיין משהלען? באַלד קומט ער אַהיים עסן. זיי דאָ, וועסט עסן מיט אונדז מיטאָג. מען דאַרף אַרויפקלאַפּן צו פעניק, אַז זי זאָל צוגיסן וואַסער אין דער זופּ, הע־הע. זיק, פאַרן זעלבן געלט. אַבי דו אַרבעטסט און דו האָסט די קליינגערס אין דער קעשענע, איז דיין אַמעריקע.

— אָנקל קיווע, איך שפּאָר געלט אַראָפּצוברענגען מיינע פיר שוועסטער. דער אָנקל ווילי וועט מיר געבן צושטייער און —

— איך האָב פאַר דיר אַן עצה, מאָטעק. איך האָב, דוכט זיך מיר, לעצטן מאָל מיט דיר שוין גערעדט וועגן דעם. ניין? רוק זיך צו אַביסל נעענטער. כ׳זאָל ניט דאַרפן זיך אָנשטרענגען צו רעדן הויך. כ׳בין געזונט ווי אַ ביק, נאָר כ׳רעד אַ גאַנצן טאָג און ס׳הויבט מיר אָן קראַצן אין האַלדז. איך האָב פאַר דיר אַזאַ עצה. וועסט ניט וועלן, זאָלסטע זיך ניט שעמען און זאָגן: „אָנקל ניק, איך בין קליגער פון אייך. מען פרעגט אייך נישט, מישט זיך ניט אין יענעמס געשעפטן". נאָר מיר דוכט זיך, אַז דו ביסט נאָך אַליין אַ

גרינער דאָ אין לאַנד און ווען אַנקל ניק זאָגט עפּעס, איז דאָ וואָס צו הערן. איז, אַלזאָ, ויאמר, האָט ער געדברט: פון אַלע דיינע גליקן, וועסטו בלייבן אַמאָל אָן הויזן. געדענק וואָס אַנקל ניק האָט דיר געזאָגט. ס׳איז ניט קיין תכלית צו אַרבעטן פאַר אַ שוואַרץ יאָר. מען דאַרף אַרבעטן פאַר אַ צוועק. וועסטו אָפּאַרבעטן הונדערט יאָר פאַר דער קאָמפּאַני, וועט די קאָמפּאַני זיין אַ קאָמפּאַני און דו וועסט זיין אַ פּגר, עקסקיוז מי פאַרן אויסדרוק. אויב אַרבעטן, איז ווערט צו שקלאָפן, צו פראַצעווען פון פאַרטאָג ביז אין דער נאַכט אַריין, נאָר ווען דו אַרבעטסט פאַר זיך, פאַר דיין צוקונפט. פאַרשטייסט? נעם מיך פאַר אַ ביישפּיל. איך האָב געאַרבעט אין אַ גראָסערי, ווען כ׳בין געווען אין דיין עלטער. כ׳האָב געטאָן כל עבודת פרך. פאַרוואָס? ווייל איך האָב אינזינען געהאַט צו עפענען אַליין אַ גראָסערי. איז ביי מיר אַלץ ווערט געווען. מיינסטע, אַז איך בין ניט געווען קיין גראָסערימאַן? הלוואי זאָל איך דאָס פאַרדינען יעדן טאָג וויפל די קאָסטאָמערס זיינען מיר געבליבן שולדיק. וואָס איך האָב ניט נאָר געטאָן, האָב איך עס געטאָן מיט איין כוונה — צו קריגן עקספּיריענס און אַליין ווערן דער באָס. ביז ס׳איז געקומען אַ צייט און איך האָב געבראָכן דעם קאָפּ. אַז עס ווערט אַ קריזיס אין לאַנד, איז מען אויס קאָפּעלושמאַכער. און אַז מען האָט מיך אַריינגעלאָזט אין אַ סאַלון זיך אַנוואַרעמען, האָב איך געפרעגט, צי איך קען קריגן אַרבעט. קיין שעמעוו־דיקער בין איך קיינמאָל ניט געווען. מיינע קינדער זיינען אין מיר געראָטן. האָט מיר דער באָס, דער פאַרד, אָנגעוויזן אויף די ספּיטונס, אַזוי ווי די און געזאָגט:

— איך האָב פאַר דיר אַ דזשאַב צו רייניקן ספּיטונס און אַלס אַ צוגאַב — די טאָילעטס. קאָנסט זיך גלייך שטעלן אַרבעטן.

— האָב איך געזאָגט: „אָלראַיט, באָס״, איך וועל אים ווייזן, אַז קיווע איז ניט קיין גרינער יאָלד. קיין גאַנצע הויזן האָב איך סיי ווי סיי דאָן ניט געטראָגן, האָב איך מיך אָוועקגעשטעלט רייניקן ספּיטונס. פאַרטיק געוואָרן מיט די חזירישע ביזנעס, האָב איך זיך אַ נעם געטאָן צו די טאָילעטס. וואָס זאָל איך דיר זאָגן: ס׳איז ניט געווען קיין איידעלע אַרבעט, נאָר איך האָב מיר געזאָגט: „קיווע, וועסט נאָך אַמאָל שטיין און אויסטיילן ציגאַרן אין דיין אייגענעם סאַלון״.

און דער באָס האָט געזאָגט צו מיר:

„באָי, אַזאַ איינעם האָב איך האָלט. דו וועסט גיין ווייט.״

אין פיר יאָר אַרום האָב איך מיט אַ פאַרטנער געעפנט אַ סאַלון אויף דער באָוערי.

„ער האָט געהאַט די מאָני און איך האָב געהאַט די טרעיד. וואָס זאָל

איך דיר לאַנג ברייען? ער האָט ניט געקאָנט אויסקומען מיט די באָמס, האָב איך אים אויסגעצאָלט זיין חלק — אַ מכה האָב איך אים געגעבן זיין פולן חלק. אַז אים איז ניט אָנגעשטאַנען צו שטיין אין די ביזנעס, איז מיר ניט אָנגעשטאַנען צו באַהאַנדלען אים אָנשטענדיק. פון דאַן אָן — נאָ מאָר פאַרטנערס, נאָר מאָר באָוערי. איך בין איצט דער באָס פון דער עוועניו. אַביסל ווייטער איז די אַריסטאָקראַטישע געגנט, נאָר זיי שטייט־אָן אַראָפּצו־קומען צו ניקן. ניק גייט ניט צו זיי. איך זאָג דיר דאָס אַלעס צוליב דעם, וואָס איך האָב דיר אָנגעהויבן געבן אַן עצה. מיין עצה איז, אַז דו זאָלסט אָנ־הויבן ווי איך האָב אָנגעהויבן. יאָ, יאָ, מיט ספּיטונס. קום אַריין צום אָנקל קיווע און זאָג:

— אָנקל קיווע, איך בין גרייט אָנצוהויבן אַרבעטן ביי אייך אין סאַלון. איך וועל אָנהויבן פון די באָטאָם און דו וועסט זען, מאָטעק, אַז אין אַ צען יאָר אַרום וועסטו ווערן דער אייגנטימער פון דעם סאַלון. מיינסט, איך שפּאָס? מער ווי צען יאָר וויל איך ניט זיין אין די ביזנעס, אפשר ווינציקער. מען דאַרף גיין העכער און העכער. צוויי הייזער פאַרמאָג איך. די קינדער וואַקסן אונטער, כ׳וויל גיין אין יידישן טעאַטער, כ׳וויל עסן אַ גוטן סטעיק אין אַ פּענסי רעסטאָראַן, כ׳וויל אַמאָל גיין אין אַ בורלעסק און זיצן אין די פראָנט־ראָו. אויף אַלעם קומט אַ צייט, זאָגט אונדזער תורה, וועט קומען אַ צייט אויף ניק סאַרדזשענט, אַז ער זאָל ענדזשאָיען לאַיף. איך מיין עס ערנסט, מאָטעק, אויב דו ווילסט אַרבעטן ביי מיר, וועל איך דיר געבן דעם טשאַנס.

מאָטעק איז געווען פאַרטראַכט. דער אָנקל האָט געקוקט אויף אים, שטודירט דעם אויסדרוק אויף זיין פּנים.

— מיר וואָלט ניט אויסגעמאַכט, ווען מיין משהלע נעמט איבער די ביזנעס. ער וואָלט ביי מיר געדאַרפט אָנהויבן פּונקט אַזוי ווי איך זאָג דיר. נו, האָט ער זיך אַריינגענומען אין קאָפּ דאָקטאָריע. אפשר וועט עפּעס דער־פון אַרויסקומען. צוליב וואָס האָרעוועט מען, אויב ניט פאַר די קינדער? משהלע איז דער עלטערער, ער איז באַלד דיין עלטער און עליסל ווערט זיבעצן אין אַ חודש אַרום. טייערע קינדער, וועסט אָנקוקן אַ גרויס, אַ שטעל.

דער אָנקל האָט זיך אויפגעהויבן און געהייסן מאָטעקן מיטגיין אין סאַלון אַריין.

עס איז דאָרט געווען האַלב־פינצטערלעך. אַ פּאָר אַרבעטער אין בלויע אָוועראָלס זיינען געשטאַנען אָנגעלענט איבערן באַר און זיך איינגעהערט, וואָס דער באַרטענדער האָט זיי דערציילט. דער באַרטענדער, אין אַ ווייסן פאַרטוך, האָט געווישט גלעזער. דערזעענדיק דעם אָנקל האָט ער זיך אַן אייל געטאָן.

— האַלאָ, טשאַרלע, האַלאָ, פּסח. וואָס עפּעס אַזוי פרי? — האָט דער אַנקל זיך געגריסט.

— פּאַרשטייסט, מאַטעק, צו מיר קומען אַריין אַלע פּלאָמבערס און אַלע קאַרפּענטערס פון געגנט. אין מיינע הייזער וואוינען באַלמעלאָכעס פון דער בילדינג טרעיד. איך קאָן יעדן איינעם ביי די נעמען און איך מיש זיך אין זייערע היימישע ביזנעס. אַז דער מאַן ברעכט אָן די ווייב די ביינער, צו וועמען קומט זי זיך באַקלאָגן? צו ניקן. איך זאָג אים: „באַהעיוו יורסעלף, יו באַם, אַניט וועסטו מער מיין קאַסטאָמער ניט זיין". אַזוי ווי דו הערסט. מיינסט, זיי בלאָזן זיך אָן? אַ נעכטיקער טאָג. פאַר מיר האָט מען דרך־ארץ. מיינס אַ וואָרט, איז אַ וואָרט. דו דאַרפסט מיך אָנקוקן פאַר עלעקשאָן. איך בין דער קעפּטן פון טעמעני אין דעם דיסטריקט. איך זיץ אין די העדקוואָרטערס, ווי אַ מלך, און אַרום מיר, פון ביידע זייטן, שטייען זעק מיט זילבער געלט און איך טייל אויס וועמען מען דאַרף. מען שטייט אין לאַין אַ בלאָק די לענג.

— העי, מאַיק, — זאָג איך, וואָס דאַרפסטע — אַ פּאָר שיך? נאַדיר אויף אַ פּאָר שיך און נאַדיר אַ גוטן ציגאַר. בי עי גוד באָי.

— העי, וואָפּ, קאַפּיש איטאַליאַנאָ, ספּאַגעטי־מאַקאַראָני, נאַדיר אַ פּאָר דאָלער און קוש די מזוזה.

— פּאַרשטייסט, מאַטעק, איך בין ניט קיין סאַלון־קיפּער. אין צען יאָר אַרום וועסטע קאָנען ווערן דער באָס פון דער נעיבאָרהוד, אַזוי ווי איך. עני טאַים וואָס דו וועסט זיין רעדי אָנצוהויבן אַרבעטן, וועלן מיר זיך אָוועקזעצן ביי אַ גלעזל ציקאָריע און איך וועל דיר איבערגעבן די גאַנצע תורה. נאָר וועסט דאַרפן אָנהויבן ווי איך האָב אָנגעהויבן — פון די ספּיטונס. אַזוי וועל איך דיך אויסלערנען די ביזנעס. דריי זיך אַרום דאָ, קוק זיך צו און ווען משהלע וועט קומען, וועלן מיר אַרויפגיין עפּעס אַ קיי טאָן. איך שטיי זעלטן הינטערן קאָונטער. צוליב דעם האָב איך אַ באַרטענדער. אַמאָל, אַמאָל, ווען עס קומען געהויבענע געסט, אַ ביזנעס עידזשענט פון אַ יוניע, אַ פּאָליס־קעפּטן, צי אַ הויכער דעטעקטיוו, אָדער אַ גרויסער פּאָליטישן — טו איך מיר אָן מיין גרינע פלושענע וועסט מיט דער גרויסער גאָלדענער קייט און איך אַטענד צו זיי. דאָס איז אַ ספּעשל טריט.

דער אַנקל איז צוריקגעגאַנגען צו זיין פּלאַץ לעבן אויוון. מאַטעק איז געבליבן שטיין ביים באַר און געקוקט אויף די ווענט, וואָס זיינען געווען באַקלעפּט מיט בילדער פון פּרייז־פּאַיטערס און האַלב־נאַקעטע פרויען.

דער באַרטענדער האָט זיך אָנגערופן צו מאַטעקן:

— ניקס נעפּיו? נאַדיר אַ שטיקל סולאַמי מיט אַ פּרעצל און אַ גרויסע

גלאָז ביר.

מאַטעק האָט געגעסן און געטרונקען. עס האָט אָנגעהויבן אַריינקומען אַן עולם. אַלע האָבן געריוכערט אָן אויפהער.

3.

ענדלעך האָט מאַטעק זיך באַקענט מיט דעם אַנקלס קינדער. משהלע און עליסל זיינען אַהיים געקומען. זיי האָבן שוין געהאַט געוואוסט וועגן זייער קאָזין מאַטעק. ער האָט פּאַר זיך דערזען אַ בחור מיט ברייטע, אויסגעפּילטע פּלייצעס, וואָס איז געווען איבגאַנצן ענלעך צו זיין מוטער, מיט זיין שמאַלציק פּנים. אַלץ אויף אים האָט געמאַכט דעם איינדרוק פון פעטקייט, אפילו זיין קול.

עליסל, וואָס איז געווען מיט צוויי יאָר ייִנגער פון ברודער, איז נאָך געווען צעגאָסענער פון אים. אירע באַקן זיינען געווען רויט, דאָס פּנים רונדיק, די אויגן קליין, נאָר גליענדיק שוואַרץ. די לאַנגע נאָז איז ווי אַראָפּ־געהאַנגען.

מאַטעק האָט צו זיי גערעדט ייִדיש. נאָר זיי האָבן אים געענטפערט אויף ענגליש. אַזוי ווי מען איז געווען פאַרטאָן אין דער אכילה, האָבן ביידע קינדער ווינציק גערעדט און געגעסן, מיט אַלץ וואָס זיי האָבן פאַרמאָגט — מיט די הענט, מיט די אַקסלען, מיט די אויגן, מיט די ברעמען. קיין אַנדער זאַך אַרום זיך האָבן זיי ניט געזען.

— מיר גרייטן זיך צו מלחמה, — האָט פּלוצלינג מאַטעק געוואָלט פאַר־פירן אַ שמועס.

— מיר גרייטן זיך אין סקול צו אַ פּריפּעירעדנעס פּאַראַד, — האָט משהלע אַרויסגעברומט מיט אַ פול מויל עסן, — איך ווייס ווי צו האַלטן אַ ביקס אין האַנט און איך וועל שפּאַלטן דעם קאָפּ פון יעדן „רעדיקל", וואָס וועט מיר זאָגן, אַז מען דאַרף זיין קעגן מלחמה.

— דעם ערשטן ווערסטו דאַרפן מיר שפּאַלטן דעם קאָפּ, — האָט מאַטעק געזאָגט מיט אַ שמייכל, — איך בין שטאַרק קעגן מלחמה.

— אָ, דו ביסט אַן איפּסל? אַ סאָשעליסט?

— יאָ, איך באַלאַנג צו די איפּסלס און איך בין טעטיק דאָרט.

— ער שפּאַסט, משהלע, גלויב ניט קיין איין וואָרט וואָס ער זאָגט, — האָט זיך אָפּגערופן דער אַנקל.

— די אַלע רעדיקלס וועלן באַלד זיצן אין דזשעיל, — האָט געזאָגט עליסל, אויך מיט אַ פול מויל.

— דזשעיל, שמעיל . . . וואָס האָט איר זיך אָנגעזעצט אויפן אָרעמען

גרינהאָרן? ער ווייסט ניט ווער ס'האָט אים געשליירערט, — האָט געוואָלט מאַכן אַ סוף צום רעדן די מומע פעני, — זע נאָר — ער נעמט דאָך גאָרניט אין מויל אַריין. מאָטל, אין אַמעריקע דאַרפסטו זיך אויסלערנען עסן.

— אַבעטשע אין יוראָפּ איז ניטאָ אַזאַ גוטער שמאַלץ־הערינג ווי ביי אונדז, — האָט זיך אָנגעהויבן באַרימען משהלע פאַר מאָטעקן.

— מען האָט מיר דערציילט, אַז דאָס ברויט האָט גאָר אַן אַנדער טעם אין יוראָפּ, איז דאָס אמת, קאָזין מאָטעק? — האָט זיך געחנדלט עליסל.

— ברויט ווי ברויט, נאָר קיין קרים־פּאָפּס עסט מען דאָרט זיכער ניט, — האָט איר געוואָלט אַ שטעך טאָן דער אָנקל.

— ס'איז אומעטום איין וועלט, — האָט געענטפערט מאָטעק, — פאַר רייכע איז אין אייראָפּע דאָ פון אַלדאָס גוטס און די אָרעמע ווערן געשוואָלן פון הונגער, פּונקט ווי אין אַמעריקע. נאָר איצט איז די מלחמה אין אייראָפּע און אַמעריקע האָט פּראָספּעריטי דערפון. ווען אַמעריקע וועט אַריין אין דער מלחמה, וועלן די רייכע שאַרן געלט און די אָרעמע וועלן שיקן זייערע קינדער אויסגעהרגעט צו ווערן אויף די שלאַכט־פעלדער פון אייראָפּע.

— העי, העי, רעדסט דאָך טאָקע ווי אַ סאָשעליסט, ווי אַ ביל העיוואוד, ווי אַ דעבס, — האָט זיך דער אָנקל געחידושט. — ווען די מלחמה וועט זיך ענדיקן, וועל איך מאַכן אַ רייזע אין יוראָפּ. דאַן וועט זיין ביליק צו פאָרן. מען וועט קאָנען פאָרן פון דער סאָסייעטי. מען וועט דאַרפן אויסטיילן געלט. איך ווייס וואָס איך רעד. וואָס מיינסטע איז געוואָרן פון אונזער שטעטל? דער דייטש איז אַריין, זיינען אידן געבליבן אָרעם און נאַקעט.

— יאָ, — האָט זיך אָפּגערופן מאָטעק, — די ערשטע זאַך וועט איר מיר העלפן אַראָפּברענגען מיינע שוועסטער. די משפחה קומט פריער פון אַלץ.

— איך פאַר נאָך ניט און די מלחמה ענדיקט זיך נאָך ניט און ס'איז ניטאָ וועגן וואָס צו דבר'ן, — האָט געמאַכט אַ סוף צום שמועס דער אָנקל, — איך מוז אַרונטערגיין אין סטאָר.

דער אָנקל האָט זיך מיט מאָטעקן געזעגנט גאַנץ קאַלט. אויך די מומע האָט אים אפילו ניט פאַרבעטן קומען נאָך אַמאָל. בלויז עליסל איז געווען העפלעך.

— קאָזין מאָטיק, קום אָפּט. איך האָב ליב צו הערן וועגן יוראָפּ. וועסט אונדז דערציילן וועגן דעם ווי מענטשן לעבן דאָרט. וועסט קומען?

ווידער האָט מאָטעק זיך ניט גלייך געלאָזט צום עלעוועיטעד, אַהיימצו־פאָרן. ער האָט געוואָלט גיין און גיין אַ לאַנגע צייט און פאַרטיפן זיך אין זיינע געדאַנקען וועגן דעם אָנקל און זיין עצה, וועגן זיינע קאָזינס און וועגן דעם וואָס אַמעריקע איז.

ביידע אָנקלס באַלאַנגען דאָך צום זעלבן שיכט, צום זעלבן קלאַס. ביידע האָבן דאָ פּאַר אים געהאַט די זעלבע עצה — ווערן אַ פּעדלער, ווערן אַ גע־שעפטסמאַן. ביידע זיינען דאָך אָנהענגער פון קאַפּיטאַליזם. ער, מאַטעק, באַ־לאַנגט דאָך ניט צו זיי. זיין בלוט קרובהשאַפט האָט דאָך דאָ גאָר קיין האַפט ניט. וואָס איז אויב ער איז אַביסל ענלעך צום אָנקל ווילי? אויב זייערע נעז זיינען פאָרמירט ענלעך? אַז זיי שטייען אין צוויי פאַרשיידענע לאַגערן, וואו איינער באַקעמפט דעם אַנדערן. ווען די צייט וועט קומען, וועט דאָך מאַטעק באַקעמפן ביידע אָנקלס. דער פּרעמדער סאָציאַליסט איז אים דאָך היימישער און טייערער ווי זיינע אייגענע אָנקלס מיט די טאַנטעס מיט זייערע קינדער.

ניין, ער איז פּאַרטיק מיטן אָנקל קיווע און ער וועט ווינציק וואָס האָבן צו טאָן מיט אָנקל ווילי. איסאַק און ויערע און אפילו זלאַטע זיינען אַ סך נעענטער. מיט זיי וועט ער זיך דורכשרייבן, ניט מיטן אָנקל. אויב ער וועט אַמאָל צוריקפאָרן אין זייער שטאָט, וועט ער פאַרפאָרן צו וויעראַן און איסאַקן, ניט צום אָנקל.

פרוי יאַקובאָוויטש האָט איין בליק געטאָן אויף מאַטעקן און זי האָט געלאַכט:

— מאַטעק, געהאַט אַ פּאַיט מיטן אָנקל?

— אָן אמתע שלאַכט, מרס. יאַקובאָוויטש.

— דערצייל מיר אַלץ, אָבער לאָז ניט דורך קיין זאַך, מאַטעק.

— מאַמע, לאָז מאַטעקן צורו. איך וויל מיט אים אויך אַביסל פּאַר־ברענגען, — האָט זיך אַריינגעמישט גאָלדע. — האָסט עפּעס אַ שיינע קוזינע?

— מיין קוזינע הייסט עליסל און זי וועגט אַ צוויי הונדערט פונט. מיין קאַזין הייסט משהלע און ער וועגט אַ הונדערט און ניינציק פונט.

— נעבעך, מאַטוש מיט זיינע קרובים. מיר דוכט זיך, אַז מיר זיינען דיינע בעסטע קרובים, — האָט גאָלדע געלאַכט.

— איך וואָלט געווען אַ גוטע שוויגער, מאַטעק, און דו וואָלסט געווען אַ גוטער איידעם.

— און איך וואָלט געווען זייער אַ שלעכטע שנור, — האָט געוויצלט זיך גאָלדע.

— גאָלדע, לאָמיר גיין שפּאַצירן אין פּאַרק, — האָט איינגעלאַדן מאַטעק.

— אויב דו וועסט ניט האַלטן קיין רעדעס, — האָט גאָלדע געזאָגט.

— היינט וועל איך דיך לאָזן רעדן און איך וועל שווייגן, — האָט מאַטעק צוגעשטימט.

באַלד איז זי פאַרשוואונדן און צוריקגעקומען אַן אויסגעפּוצטע און אַ

כאַפּ געטאָן מאָטעקן אונטערן אָרעם.

— מאַמע, מיר וועלן אַהיימקומען אין דער פרי, — האָט גאָלדע איר צוגעוואָרפן אַ לופט־קוש.

די מאַמע איז צוגעגאַנגען צום פענצטער און זיי נאָכגעפאָלגט.

— ווי צוויי יונגע, בליענדיקע ביימלעך, — האָט זי צו זיך אַליין גערעדט, — נאָר, גאָטעניו, ווען וועט שוין פון דעם ווילדן יונג ווערן אַ לייט? און וואָס טוט מען טאַקע, ווען עס ברעכט אויס אַ מלחמה און מען נעמט ביידע קינדער צו אין סאָלדאַטן? מען דאַרף גאָלדען וואָס גיכער פאַרשלייערן . . . מאָטעק, ווער אַ סטאַטעק! מאָטעק, טו מיר אַ טובה און שלאָג זיך אַרויס די נאַרישע געדאַנקען . . .

פרוי יאַקובאָוויטש איז געבליבן שטיין פאַרטראַכט ביים פענצטער.

### קאַפּיטל פופצן

# דער אַמעריקאַנער פון דער דזשעלנע גאַס

.1

וואָס לענגער מאָטעק איז געווען אין די פּאַראייניקטע שטאַטן, אַלץ שטאַרקער איז ער פאַראינטערעסירט געוואָרן אין לאַנד. אים האָט זיך אויסגעוויזן אַז אין משך פון אַ קורצער צייט האָט ער געוואוסט מער וועגן אַמעריקע, ווי ער האָט געוואוסט זיין גאַנץ לעבן וועגן פּוילן און רוסלאַנד.

זיינע געדאַנקען וועגן אַמעריקע האָט מאָטעק געלאָזט הערן ביים עסטיש, אין די לאַנגע דיסקוסיעס, וואָס ער האָט געהאַט מיט די מיטגלידער פון דער יאַקובאָוויטש משפּחה. ער האָט ביי זיי באַקומען דעם צונאָמען: „דער אַמעריקאַנער פון דער דזשעלנע גאַס“. ער האָט שטאָלצירט מיט דעם.

— כמעט יעדער איינער וואָס קומט קיין אַמעריקע, — האָט מאָטעק פילאָזאָפירט, — קומט אַהער דערפאַר, וואָס ער איז ניט צופרידן מיט זיין אַלטן לאַנד. ער איז אויך ניט צופרידן מיט זיך אַליין. איינס גייט האַנט אין האַנט מיטן צווייטן. די וואָס קומען אַהער, טראַכטן מער ניט פון פאָרן צוריק. די וואָס טראַכטן יאָ, קאָנען ניט זיין קיין פּאַסיקער מאַטעריאַל פאַר אַמעריקע. ווען מען זאָל מיך, למשל, אָפּגילטן, וועל איך ניט וועלן צוריקפאָרן און לעבן אין פּוילן. מיר געפעלן זייער שטאַרק די פירונגען דאָ אין לאַנד. אַ נייַ לאַנד מיט נייַע מענטשן. מען רעדט וועגן פרייהייט, מען רעדט וועגן דעמאָקראַטיע. איר זייט פאַר מלחמה, איך — קעגן מלחמה, האָבן מיר ביידע די פרייהייט זיך שטעלן אויפן ראָג גאַס און אַרויסזאָגן אונדזערע מיינונגען. אַזוי דאַרף די וועלט זיין. עס דאַרף זיין פרייהייט אויף דער וועלט. איך האָב ליב אַמעריקע מיט אַלע אירע חסרונות. עס איז אַ לאַנד פאַר יונגע מענטשן און צו זיי וועט עס באַלאַנגען. און זיי וועלן איינשטעלן אַזאַ סדר וואָס זאָל זיין גוט פאַר דער צוקונפט — און ניט קוקן אויף צוריק, צום אַמאָל.

פאַר אַזעלכע רייד האָט מאָטעק ניט געהאַט קיין אָפּאָזיציע. מען האָט אַביסל אָפּגעחוזקט פון אים. מען האָט אים אָנגעוויזן, וואָס די צייטונגען דער־

ציילן וועגן בלוטיקע סטרייקס און מאָרדן אויף אַרבעטער.

— אָט דאָס איז ווידער אַ באַווייז, — האָט מאָטעק זיך צעהיצט, — אַז מיר דאַרפֿן בויען דאָס לאַנד. אָט דאָס טענה איך דאָך די גאַנצע צייט. ווען מיר סאָציאַליסטן וועלן האָבן די מאַכט, וועט ווערן אַ גן־עדן אין לאַנד. אַ סאָציאַליסטישער מעיאָר וועט ניט לאָזן די פּאָליציי שלאָגן די סטרייקער, נאָר די פּאָליציי וועט זיך אָננעמען פֿאַר די סטרייקערס. דערפֿאַר בין איך טעטיק אין די איפּסלס. שימעק און גאָלדע וואָלטן וועלן, אַז מיר זאָלן פֿאַר זיי אויספּלאַסטערן אַ זיכערע צוקונפֿט און אַליין וועלן זיי זיצן ביים פּעקילעק און זיך וואַרעמען די הינטנס.

וואָס ס'האָט מאָטעקן שטאַרק פֿאַרדראָסן איז געווען, אַז ער האָט ניט אין שימעקן און ניט אין גאָלדען געפֿונען די פֿריינט וואָס ער האָט געגאַרט צו האָבן אין נייעם לאַנד. אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז יעדער איינער וואָס איז געקומען אַהער, דאַרף זיך איבעראַנדערשן, אַראָפּוואַרפֿן פֿון זיך די פֿאַר־שימלטע געננג. שימעק און גאָלדע זיינען קליינשטעטלדיק, האָט מאָטעק זיי געזאָגט. גאָלדע האָט געלאַכט, נאָר שימעק, וואָס איז לעצטנס געווען זייער ערנסט און שוויגנדיק, האָט צוגעשטימט צו אַלץ וואָס מען האָט אים געזאָגט.

עס איז געווען אין זומער פֿון יאָר 1916. דאָס לאַנד האָט געפֿיבערט פֿון מלחמה־היץ. אין סאַן פֿראַנציסקאָ האָט געפּלאַצט אַ באָמבע ביים פֿריי־פֿעירידנעס פּאַראַד. אַזעלכע פּאַראַדן זיינען פֿאָרגעקומען אין אַ סך שטעט. זיי זיינען אָנגעפֿירט געוואָרן פֿון די רעאַקציאָנערע עלעמענטן. דער צוועק זייערער איז געווען מער צו ווייזן דער אָרגאַניזירטער אַרבעטער־און ראַדיקאַ־לער־באַוועגונג אַ געביילטע פֿויסט, ווי צו אַרויסווייזן אמתן פּאַטריאָטיזם און צוגרייטונג פֿאַר מלחמה.

אין סאַן פֿראַנציסקאָ זיינען אַרעסטירט געוואָרן די דאָרטיקע אָנגע־זעענע אַרבעטער פֿירער טאָם מוני און וואָרען בילינגס אויף דער קלאַגע, אַז זיי האָבן געוואָרפֿן די באָמבע, וואָס האָט געקאָסט די לעבנס פֿון צען מענטשן.

מאָטעק איז אַרומגעגאַנגען אַן אויפֿגעקאָכטער. אין דער צייט וואָס ער איז געווען אין לאַנד האָט ער געהאַט געזען און געהערט זאַכן וועגן טעראָר קעגן די אַרבעטער, זאַכן וואָס האָבן אים אויפֿגעשוידערט. דאָס לאַנד איז אין דעם ניט שולדיק געווען, האָט ער באַשלאָסן. די וואָס שיסן אויף אַר־בעטער, די וואָס זאָגן אָפּ און פֿאַרפֿאָלגן אַרבעטער צוליב זייערע איבערצייי־גונגען, זיינען ניט קיין אמתע אַמעריקאַנער. מאָטעק האָט פֿלייסיק געלערנט די געשיכטע פֿון דער אַמעריקאַנער רעוואָלוציע פֿאַר אומאָפּהענגיקייט. זיין אינטערעס איז געוואַקסן מיט דער געשיכטע פֿון אַמעריקאַנער בירגער־קריג

און לינקאָלן איז געוואָרן זיין באַליבטער העלד. אויף זיין קאַמאָד האָט ער אָוועקגעשטעלט אַ בילדל פון לינקאָלן. אָפט אַהיים קומענדיק פון אַ פאַר־זאַמלונג, אָדער זיך נעמענדיק צום האַרצן פון אַ טעראָר־אַקט קעגן אַרבעטער, האָט ער זיך אַ לאַנגע צייט איינגעקוקט אין לינקאָלנס פּנים, וואָס האָט, לויט זיין מיינונג, אויסגעדריקט ערלעכקייט און מיטגעפיל פאַר גערעכטיקייט און אין דער זעלבער צייט אַנטשלאָסנקייט פאַר קאַמף פאַר אמת.

— טאַקע דערפאַר וואָס אַמעריקע ווערט מיין לאַנד, פאַרדריסט מיך וואָס עס קומען פאָר אַזעלכע געוואַלד־אַקטן קעגן אַרבעטער.

מאַטעק האָט געהאַט אויסגעשניטן פון אַ זשורנאַל לינקאָלן רייד און האָט דאָס אַרומגעטראָגן מיט זיך און דאָס אויסגעלערנט אויף אויסווייניק. דאָס איז געווען אַן אויסצוג פון לינקאָלן מעסעדזש צום קאָנגרעס אין 1861, וואָס האָט זיך געלייענט אַזוי:

„קאַפּיטאַל איז בלויז די פרוכט פון אַרבעט און וואָלט ניט געקאָנט עק־זיסטירן, אויב אַרבעט וואָלט פריער ניט עקזיסטירט. אַרבעט שטייט העכער פון קאַפּיטאַל און דערפאַר פאַרדינט עס אַ העכערע אָנערקענונג. איך ווינטש די אַרבעטער־מאַסן זיך אויסצוהיטן פון אַרויסלאָזן פון די הענט די מאַכט וואָס זיי באַזיצן, מחמת אויב זיי וועלן פאַרלירן, וועט דאָס זיכער גענוצט ווערן צו פאַרמאַכן פאַר זיי די טירן פון פּראָגרעס און זיי וועלן פאַריאָכט ווערן ביז די פרייהייט וועט אינגאַנצן פאַר זיי פאַרלאָרן ווערן“.

טאָג איין טאָג אויס האָט מאַטעק געפּרואווט באַאיינפלוסן שימעקן און גאָלדען מיט זיינע נייע אַנטפּלעקונגען. די אַרבעטער באַוועגונג אין אַמעריקע איז פאַר מאַטעקן געווען אַ קוואַל פון באַגייסטערונג און אַ קוואַל פון וויסן. ער האָט ניט דורכגעלאָזט קיין לעקציע פון אַן אַרבעטער־פירער אָדער פון אַ סאָציאַליסטישן רעדנער פון וועלכע ער האָט זיך געקאָנט דערוויסן עפּעס נייעס פאַר זיך און גלייך האָט ער זיין וויסן איבערגעגעבן זיינע פריינט שימעקן און גאָלדען. גאָלדע האָט בלויז צוגעשמייכלט. מאַטעקן איז איר שמייכל גע־פעלן געוואָרן. זי איז געווען ווי אַ רייצנדיקע בלום, איר פּנים האָט זיך גע־בעטן: „קוש מיך, גלעט מיך“ . . . נאָר מאַטעקס ערנסטקייט האָט זיך ניט צוגערירט צו איר און דאָס האָט אים אַנטוישט.

שימעק האָט אויך ניט געהאַט קיין אינטערעס אין דער אַרבעטער באַווע־גונג, כאָטש ער איז אַליין געווען אַן אַרבעטער און געוואָלט פאַרבלייבן אַן אַרבעטער. זיין מעלאַנכאָליע איז געוואָרן אַ באַטירלעכע זאַך אין הויז. מען האָט אים שוין צורו געלאָזט. וועט ער ניט חתונה האָבן יונג, וועט ער ניט האָבן קיין סך פריינט. שימעק האָט ווינציק גערעדט און נאָך ווינציקער באַ־טייליקט זיך אין געזעלשאַפטלעכן לעבן. ער האָט געזאָגט, אַז ער איז מיד

נאָך דער אַרבעט און ער וויל לייענען צייטונגען און ליגן אויף דער קושעטקע. ווייטער איז אים קיין זאַך ניט אָנגעגאַנגען.

די מאַמע האָט צו אים געזאָגט:

— ווען מאַטעק גיט דיר אַביסל פון זיין פייער און דו גיסט אים אַ טייל פון דיין פאַרגליווערטקייט, וואָלט אירביידע געווען „אַ גלייכע פּאָר".

נאָר געווען איז אַנדערש. מאַטעק איז אַלץ געוואָרן ברויזיקער און פאַר־נומענער. שימעק איז געוואָרן גלייכגילטיק צו אַלץ. פון צייט צו צייט האָט ער זיך אויפגערעגט, מערסטנס צוליב אַ קלייניקייט און דעם כעס זיינעם אויסגעלאָזן צו דער מאַמען.

גאָלדע איז געגאַנגען אין אַ פאַך־שול און זיך געלערנט צו ווערן אַ דיי־זיינערין ביי פרויען־קליידער. זי איז געווען פאַרנומען די מערסטע צייט פון טאָג, נאָר זי האָט איר אַרבעט זייער ליב געהאַט און זי פלעגט אַהיים קומען אַזוי פריש ווי זי האָט פאַרלאָזן אינדערפרי. זי האָט ניט געקאָנט פאַרשטיין מאַטעקן, נאָר זי האָט אים ליב געהאַט און געגלויבט, אַז ער וועט זיך איבערברענען און איינזען, אַז עס לוינט זיך ניט קהלן זיך.

איר מאַמאַ איז געווען: „טשאַריטי בעגינס עט האָום". דאָס איז געווען די בעסטע לעקציע וואָס דאָס נייע לאַנד האָט איר געגעבן, האָט זי דערקלערט און זיך צעלאַכט.

.2

עס איז געווען קלאָר, אַז די פאַראייניקטע שטאַטן טרעט אַריין אין דער מלחמה קעגן דייטשלאַנד. מאַטעק איז געווען קעגן מלחמה און ער האָט געגלויבט, אַז מען דאַרף דאָ אין לאַנד מלחמה האַלטן קעגן די מלחמה־העצער. ביי אים זיינען די וואָס האָבן זיך גערופן פּאַטריאָטן געווען די וואָס האָבן אין דער אמתן קיין גוטס ניט געטאָן דעם לאַנד. די וואָס האָבן כסדר געפּאָכעט מיט דער אַמעריקאַנער פאָן ביי יעדער מינדסטער געלעגנהייט זיינען געווען קעגן דער אָרגאַניזירטער אַרבעטערשאַפט, קעגן די אימיגראַנטן און זייער קולטור, קעגן יעדער צייטונג, וואָס איז ניט דערשינען אין דער ענגלי־שער שפּראַך, קעגן יעדן איינעם וואָס האָט געוואַגט צו האָבן אַן אַנדער מיי־נונג, ווי די אָנגענומענע מיינונג פון דער גאַס אָדער שענק.

די טאָם מוני געשיכטע האָט געהאַט צעטיילט די באַפעלקערונג אין צוויי באַשטימטע לאַגערן: אין די וואָס האָבן געהאַלטן, אַז טאָם מוני איז ניט מער ווי אַ קרבן פון די קאַפּיטאַליסטישע עלעמענטן, וואָס האָבן זיך ניט אָפּגעשטעלט פאַר קיין מיטלען צו פאַרניכטן יעדן אַרבעטער־קעמפער און

יוניאָן־אָרגאַניזאַטאָר, און אין די וואָס האָבן געגלויבט בלינדערהייט, אַז אַלץ וואָס די רעגירונג טוט איז מאָטיווירט פון ריין־פּאַטריאָטישע צוועקן און עס קאָן ניט מעגלעך זיין, אַז אַ ריכטער אָדער אַ גאָווערנאָר זאָל דינען די אינ־טערעסן פון גרויס־קאַפּיטאַל.

זינט ער איז געווען אין לאַנד און זינט ער האָט אָנגעהויבן פאַרשטיין די לאַגע, האָט ער געוואויגן און געמאָסטן די זיגן און די דורכפאַלן פון דער אַרבעטער־באַוועגונג. אָט אַזוי ווי ער פלעגט אין לאָדזש זיך פרייען, ווען אַ דעמאָנסטראַציע האָט דערגרייכט איר צוועק, אָדער ווען אַ סטרייק איז געוואונען געוואָרן.

אַ סך יידן האָבן דאָ געניצט דעם אויסדרוק „רייך, ווי ראָקעפעלער״, נאָר פאַר מאָטעקן איז דער נאָמען ראָקעפעלער געווען פאַרבונדן מיט דעם בלו־טיקן פּאָגראָם אויף די סטרייקערס אין לודלאָו, קאָלאָראַדאָ. מאָטעק האָט מיט שוידער געלייענט ווי ראָקעפעלערס געדונגענע גענגסטערס האָבן געשאָסן אויף די סטרייקנדיקע מיינערס, אויף זייערע פרויען און קינדער און ווי זיי האָבן אונטערגעצונדן די ביידלעך אין וועלכע די אָרעמע פאַמיליעס האָבן געלעבט און ווי דריי און דרייסיק זיינען אומגעקומען, די מערסטע פון זיי פרויען און קינדער און הונדערטער זיינען פאַרוואונדעט געוואָרן און אַ צאָל פאַרקריפּלט געוואָרן אויף שטענדיק. ערשט דאַן האָט פּרעזידענט ווילסאָן אַרויסגערופן פעדעראַל מיליטער, נאָר איידער דאָס מיליטער איז אָנגעקומען האָבן די ראָקעפעלער מערדער געקוילעט נאָך אַ טוצן סטרייקנדיקע מיינערס.

יעדער סטרייק, יעדער אינדוסטריעלער קאַמף וואָס איז פאָרגעקומען אין לאַנד, איז ביי מאָטעקן באַטראַכט געוואָרן ווי זיין מלחמה, זיין אינטערעס. מיט אַ יאָר פריער איז ניט ווייט פון ניו־יאָרק, אין ניו־דזשוירזי, פאָרגעקומען אַ סטרייק פון צוויי פערטילייזער פאַבריקן. די טויזנט אַרבעטער האָבן געקעמפט פאַר העכערע שכירות און קירצערע שטונדן. די קאָמפּאַני האָט אַראָפּגעבראַכט סטרייק־ברעכער און די סטרייקערס האָבן אָפּגעוואָרט די סקעבס אין אַ פּיקעט דעמאָנסטראַציע ביי דער באַן־סטאַנציע. אַ רעפּאָרטער פון דער ניו־יאָרקער טעגלעכער „וואָרלד״ האָט שפּעטער אינטערוויואירט אַ פּאָליציאַנט, וואָס האָט בייגעוואוינט די סצענע ווי אַזוי די פּיקעטס זיינען געווען פרידלעך און ווי אַזוי די געדונגענע גענגסטערס האָבן זיך מיטאַמאָל אַ לאָז געטאָן אויף די סטרייקערס און אָנגעהויבן שיסן אויף זיי אָן אַ וואָרנונג. זעקס אַרבעטער זיינען געשטאָרבן און צוויי און צוואַנציק זיינען פאַרוואונדעט געוואָרן. אָפּ־געטאָן זייער שטיקל „אַרבעט״ זיינען די גענגסטערס אויפן סיגנאַל פון זייער עלטסטן צוריק אַריין אין פאַבריק און מען האָט ניט געמאַכט קיין פאַרזוך צו העלפן די פון בלוט־אויסגעווייקטע סטרייקערס וואָס האָבן געבעטן הילף.

אפילו די קאָנסערוואַטיווע צייטונגען פון ניו־יאָרק האָבן אויפגעהויבן אַ טומל קעגן דער בלוט־באַד. מען האָט דאַן אַרעסטירט צוויי און צוואַנציק פון די מערדערס, נאָר מען האָט זיי שפּעטער באַפרייט.

און אַזוי האָט זיך אַרבעטער־בלוט געגאָסן אין ווירדזשיניאַ אין 1915 און אין 1916. אַזוי זיינען אַכט סטרייקערס דערהרגעט געוואָרן און זיבעצן זיינען שווער פאַרוואונדעט געוואָרן ביי דער סטענדאַרד אויל קאָמפּאַני אין ניו־דזשוירזי.

אויב יונגעלייט האָבן שוין אין יענער צייט גערעדט וועגן אַנטאָן אַ מי־ליטערישן מונדיר און גיין שלאָגן דעם דייטש, האָט אָבער מאַטעק געפילט, אַז ער איז שוין אַ סאָלדאַט אין דער מלחמה צווישן אַרבעט און קאַפּיטאַל. ער האָט פאַר זיינע באַקאַנטע אין די איפּסלס דערציילט, ווי אַזוי ער האָט זיך באַקענט מיטן אַרבעטער־קאַמף אויף זיין ערשטן דזשאָב, וואו ער האָט באַגעגנט דעם אַנטיסעמיטישן פאָרמאַן און ווי אַזוי ער האָט געאַרבעט פאַר זיבן דאָלער אַ וואָך פיר און פופציק שטונדן.

צו זיין דערשטוינונג האָט מאַטעק אָנגעהויבן פילן, אַז אויך ביי די יאַקובאָוויטשעס אין הויז הויבט מען אָן קוקן קרומלעך אויף אים. פרוי יאַ־קובאָוויטש, און איבערהויפּט איר מאַן, האָבן מאַטעקן געגעבן אָנצוזעהערן, אַז אויב ער וועט ווייטער אָנגיין מיט זיין אַנטי־מלחמה אַרבעט, וועט מען אים אַרעסטירן און אפשר אויך נאָך דער מלחמה אַרויסשיקן פון לאַנד.

— איך וואָלט ניט וועלן פאַרמישט ווערן מיט קיין סאָציאַליזם, — האָט געזאָגט מר. יאַקובאָוויטש, — מיר זיינען ניט קיין סיטיזענס און די רעגירונג קוקט אויף יעדן איינעם וואָס איז ניט לאַנג אין לאַנד און וואָס איז ניט איבערגעגעבן צו איר ווי אויף אַ פאַרעטער. מיר זיינען אַנטלאָפן פון פוילן צוליב די צרות מיט דער רעוואָלוציע. דאָ ווילן מיר ניט וויסן מער פון קיין רעוואָלוציעס.

מאַטעק האָט פאַרפירט אַ הייסע דיסקוסיע וועגן דעם, נאָר דאָס מאָל האָט מר. יאַקובאָוויטש מער ניט געשפּאַסט מיט אים.

— מאַטעק, זעסט דאָך, אַז שימעק איז ניט פאַראינטערעסירט אין די זאַכן. וואָס דולסטו אים אַ קאָפּ מיט סאָציאַליזם? לאָז אים צורו, איך בעט דיך, — האָט פרוי יאַקובאָוויטש אויך פאַרלאָרן איר גלייכגעוויכט און זיך אָנגעבייזערט אויף מאַטעקן.

אָן אַנדערש מאָל האָט מאַטעק געהערט, ווי זי האָט גערעדט וועגן דעם אַז ס׳ווערט ענג אין הויז. זי האָט דאָס געזאָגט אַזוי, אַז ער זאָל הערן און דערפילן. מער האָט מאַטעק ניט געדאַרפט. ער האָט זיך געפילט געקרענקט. ער האָט איבערגערעדט מיט גאָלדען און זי האָט זיך אויסגעלאָכט דערפון.

— דו קענסט ניט מיין טאַטן און מיין מאַמען? זיי האַלטן דיך פאַר אַן אייגענעם מענטשן, דערפאַר רעדן זיי אַזוי. זיי מיינען גאָרניט מיט דעם. מאַך זיך ניט נאַריש.

נאָר פון דאַן האָט מאָטעקן זיך אויסגעוויזן, אַז ער איז ניט מער אָנגעלייגט אין הויז. ער האָט באַשלאָסן זיך אַרויסצוקלייבן און געפינען אַן אייגענעם צימער ערגעץ־וואו אויף דער איסט סאַיד, וואו די הויפּט־טעטיקייטן פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי זיינען אָנגעגאַנגען.

.3

עס איז מאָטעקן ניט אָנגעקומען שווער צו געפינען אַ צימער אויף דער איסט סאַיד. די טענעמענט הייזער זיינען געווען באַהאַנגען מיט מעלדונגען, וועגן „אַ צימער צו פאַרדינגען". ענדלעך האָט מאָטעק אויסגעקליבן אַ צימער לעבן זיבעטע סטריט פּאַרק. דאָס פענצטער איז טאַקע אַרויסגעגאַנגען אויפן סקווער.

פאַר די יאַקובאָוויטשעס איז זיין אַרויסקלייבן זיך געווען אַן אומדערוואַרטע זאַך. מען האָט ניט געקאָנט זאָגן, אַז מר. יאַקובאָוויטש איז ניט געווען איינגאַנצן אומצופרידן דערפון. ער האָט חושד געווען אַז מאָטעק באַאיינפלוסט שימעקן, כאָטש עס איז געווען קלאָר, אַז שימעק איז געווען פולשטענדיק גלייכגילטיק אויסערלעך צום אַרום. מר. יאַקובאָוויטשן איז אויך ניט אָנגעשטאַנען מאָטעקס אַנטי־מלחמה טעטיקייט און ער האָט זיך באַטראַכט, אַז גאָלדע קאָן קריגן אַ סך אַ בעסערן באַשערטן ווי מאָטעק, וואָס טראַכט גאָרניט וועגן אַ תכלית. ביי יאַקובאָוויטשן איז די הויפּט־זאַך געווען אַ תכלית. זיין עלטסטער זון איז געוואָרן אַ לייט, האָט פאַרדינט אַ סך געלט. גאָלדע ווערט אַ דיזאַינערין. זי קליידט זיך עלעגאַנט, זי קוקט אויס אַריסטאָקראַטיש, זי איז צו גאָט און צו לייט. וואָס דאַרף זי זיך אַרומשלעפּן מיט אַזאַ ניט־אַהער, ניט־אַהין בחור ווי מאָטעק.

ווען מאָטעק וואָלט געטראַכט פון גאָלדען וואָלט ער דאָך געקומען צו אַ תכלית. אַזוי הויבט אים גאָרניט אָן צו אַרן וואָס איצט, אין דער צייט ווען מען שאַרט גאָלד אין אַמעריקע, צוליב דער מלחמה אין אייראָפּע, איצט האָט זיך מאָטעק נאָך אַלץ ניט דערשלאָגן צו עפּעס רעכטס און טראַכט אפילו ניט וועגן עפּעס העכערס צו קאָנען חתונה האָבן און אויסהאַלטן אַ פרוי. עס איז אים ניט אָנגעשטאַנען צו וואוינען ביי אונדז, גוט אַזוי. מען דאַרף זען אַריינצוברענגען אין הויז אַריין בחורים און זאָל גאָלדע זיך אויסקלייבן עפּעס רעכטס, איידער אַמעריקע גייט אַריין אין דער מלחמה. פאַרהייראַטע בחורים וועט

מען ניט נעמען גלייך.

פרוי יאַקובאָוויטש האָט מאַטעקס פאַרלאָזן פאַרדראָסן. זי האָט אָנער־קענט, אַז זי איז אַ סך שולדיק געווען אין דעם וואָס מאַטעק האָט זיך אָנגע־הויבן פילן ניט באַקוועם אין הויז. ס'איז געווען אמת, אַז מען האָט אים לעצטנס ניט צו איידל באַהאַנדלט. ס'איז מלחמה צייט, און ער היט ניט זיין צונג. און וואָס וועט טאַקע זיין, ווען מען וועט זיך אַ נעם טאָן צו זיינעביינער און אים אַרעסטירן? זי וואָלט אים דאָן ניט וועלן האָבן אין הויז ביי זיך. אַז מען האָקט האָלץ פליען שפענער. מען וועט האָבן אַ חשד אויף אירע קינדער אויך.

אַי, גאָלדע? זיי קענען זיך שוין אַ לאַנגע צייט. גאָלדע האָט מאַטעקן ניט פיינט און מאַטעק לייכט אויף, ווען ער דערזעט זי. נאָר, צוריקגערעדט, וואָס וועט זיין דער תכלית פון מאַטעקן? אַז ער וויל ניט ווערן פּראַקטיש. אַז ער דאַרף פאַרזאָרגן די סטרייקערס און ער דאַרף אָפּשטעלן די מלחמה. אפשר איז ער טאַקע ניט קיין פּאַסיקער בחור פאַר גאָלדען. אפשר, ווען ער וועט זיין ווייט פון איר, וועט זי זיך געפינען אַ בעסערן . . .

גאָלדע האָט זיך געפילט שטאַרק געטראָפן פון מאַטעקס שריט. זי האָט דאָס אַרויסגעוויזן פאַר דער מאַמען.

— איך קאָן מיין פנים ניט ווייזן פאַר מאַטעקן, מאַמע. פאַרוואָס האָט מען אים געדאַרפט מאַכן פילן אַזוי? ס'איז ניט שיין. ער האָט אַ רעכט צו האָבן זיינע מיינונגען. ס'איז אַ פריי לאַנד. וואָס האָט איר זיך דערשראָקן פאַר אים? איך וויל ניט, אַז מען זאָל שימעקן מאַכן פאַר אַ סאָלדאַט און איר ווילט דאָס אויך ניט. נאָר מאַטעק האָט דעם מוט צו קעמפן פאַר זיינע גע־דאַנקען און מיר זיינען צו אַריסטאָקראַטיש זיך צו מישן מיט דער גאַס.

אויך שימעקן האָט מאַטעק אויסגעפעלט. שימעק האָט איצט ניט געהאַט מיט וועמען אַ וואָרט אויסצורעדן. אַזוי פלעגט ער זיצן און הערן וואָס מאַ־טעק האָט אין אים אַריינגעפויקט. מאַטעקן האָט ניט געאַרט אויב ער האָט ניט געענטפערט, אַבי מען האָט אים אויסגעהערט. איצט רעדט קיינער ניט צו שימעקן.

אין פרעמדן צימער, ביי אַן אָרעמער אלמנה מיט איר טאָכטער, האָט מאַטעק זיך דערפילט איינזאַם. ס'איז ניט געווען מיט וועמען אַ וואָרט אויס־צורעדן. האָט מאַטעק געבענקט נאָך די יאַקובאָוויטשעס, איבערהויפּט נאָך גאָלדען. אַהיים געקומען, אַריינגעגאַנגען צו זיך אין קליינעם צימער און אַרויסגעקוקט אויפן פּאַרק. קיינער האָט צו אים ניט גערעדט. גאָלדע איז אים ניט אַנטקעגנגעקומען מיט איר ליכטיקן שמייכל. קיינער האָט אים ניט געלאַדן צו גיין שפּאַצירן. ניט גענומען אונטערן ווייכן אָרעם און זיך געטר־

ליעט צו אים.

נאָר אַרבעט איז געווען איבערן קאָפּ. האָט מאָטעק געהאַט מיטינגען, האָט ער פאַרבראַכט זיין פרייע צייט אין דער ביבליאָטעק און געלייענט יידישע, רוסישע, פוילישע און ענגלישע ביכער. האָט ער געשלונגען די ביכער, אַן אויסגעהונגערטער נאָך וויסן.

איינמאָל איז ער פאַרפאָרן צום אָנקל קיווע. גלייך ביים איבערטרעטן די שוועל פון סאַלון האָט דער אָנקל מיט אים פאַרפירט אַ דיסקוסיע וועגן טאָם מוני, דעם „באָמבע וואַרפער". האָט מאָטעק זיך צעהיצט און געזאָגט:

— פאַרפאַלן! איך וועל שוין קיין סאַלון־קיפּער ניט ווערן. איך וועל שוין קעמפן פאַר טאָם מוני און פאַר די סטרייקערס אין וועסט ווירדזשיניאַ און פאַר אייער אייגענעם משהלען, אַז מען זאָל אים ניט מאַכן פאַר קיין סאָלדאַט. איך בין קעגן דער מלחמה.

האָט דער אָנקל קיווע געענטפערט:

— געדענק, מאָטעק, וועסט נאָך אַמאָל פוילן אין פּריזאָן. דו מוזט מסתם זיין אַן אַנאַרכיסט. ס'איז איין באַנדע. די העי־מאַרקעט באַיעס, די מעק־נאמארע גענג און די טאָם מוני־און בילינגס־חברה. אַז מען וועט דיך אַריינ־זעצן אין חד גדיא, זאָלסט ניט זאָגן: „איך האָב אַן אָנקל ביק און ער וועט מיך אַרויסנעמען". איך וועל פאַר דיר גאָרניט ניט טאָן, — הערסטע? איך וועל טאָן וואָס איך קאָן פאַר יעדן באָם אין האַרלעם, פאַר אַ פּיק־פּאָקעט, פאַר אַ פּימפּ, נאָר פאַר די וואָס מאַכן באָמבעס און ווילן שטירצן די גאָ־ווערמענט, וועל איך גאָרניט טאָן. אַי העוו נאָ יוז פאַרעם. מעג עס זיין מיין אייגענער נעפּיו, מיין ברודער ליפּעס בן יחיד, דו הערסט, וואָס איך זאָג דיר, מאָטעק?

מאָטעק האָט געלאַכט אין זיך, ווען ער איז אַרויס אין גאַס און נאָכגע־טראַכט וואָס דער אָנקל קיווע האָט געזאָגט.

— אפשר איז דאָס מיין שולד וואָס איך קאָן מיט קיינעם ניט אויסקומען, — האָט מאָטעק זיך אויסגעטענהט מיט זיך אַליין, — מיט די אָנקלס בין איך אויס, אויף די יאַקובאָוויטשעס בין איך אָנגעברוגזט, מיט גאָלדען איז ניט דאָס וואָס אַמאָל. זי וויל אַז איך זאָל די גאַנצע צייט איר אָפּגעבן און איך וויל, אַז זי זאָל איר צייט אָפּגעבן פאַר אונדזער אידעאַל... וואָס טוט זיך מיט מיר?

גאָלדעס ווערטלען זיך לעצטנס איז אים אַריין אין די ביינער. ער ווייסט, אַז איר מוטער גיט איר כסדר אָנצוזעהערן, אַז ס'איז שוין צייט צו ווערן אַ כלה. ניט וואָס מען וויל דעם ענין אונטעריאָגן, נאָר ער, מאָטעק, שטייט ווי אַ ביין אין האַלדז. געמיינט האָבן זיי געווויס, אַז ווען מאָטעק וועט קומען קיין

ניו־יאָרק, וועט עס זיין הויפּטזעכלעך צוליב זיין בענקעניש נאָך גאָלדען. און זיכער איז דאָך אויך געווען, אַז גאָלדע האָט זיך מיט קיין אַנדער יונגערמאַן ניט פאַרבונדן, וואַרטנדיק, אַז מאָטעק זאָל קומען צו איר קיין ניו־יאָרק. עס איז דאָך געווען ווי אַ פאַרשטענדלעכע זאַך, אַז זי און ער זיינען אַ פּאַסיקע פּאָר. און אָט איז איצט מאָטעק שוין דאָ. מען וואוינט אין איין הויז, מען האָט אים די גאַנצע צייט באַהאַנדלט ווי אַן אייגן קינד. און ער — זאָל ער כאָטש מיט עפּעס געבן אָנצוגעהערן, אַז ער ווערט אַן אייגענער. פּונקט פאַרקערט. וואָס לענגער ער איז אין ניו־יאָרק, אַלץ אָפּגעווייטערטער ווערט ער פון הויז און פון דער משפּחה.

— אפשר בין איך טאַקע דער שולדיקער, — האָט מאָטעק זיך געפּרואווט פאַרטיפן אין זיינע האַנדלונגען. — וויפל גאָלדעס האָב איך דאָס באַגעגנט אין מיין לעבן? פאַרוואָס מוז זי זיך צופּאַסן צו מיר און ניט פאַרקערט? ס'איז דאָ אַזוי פיל אמת אין דעם, וואָס אירע עלטערן זאָגן . . . מען דאַרף זיך איינאָרדענען, ווערן אַ לייט, חתונה האָבן מיט גאָלדען. באַלד וועט אונטערקומען אַ קינד און נאָך איינס און באַלד וועל איך אַראָפּברענגען די שוועסטער און איך וועל מער ניט האָבן קיין צייט און קיין ווילן צו טראַכטן וועגן דער וועלט און אירע פּירונגען. אפשר טאַקע ווערן אַ מענטש מיט אַלע צוגלייך . . .

נאָר ס'איז געווען גענוג, אַז ער זאָל נעמען אַ בלאַט אין האַנט אַריין און אָנהויבן לייענען וועגן דעם וואָס עס טוט זיך אויף דער וועלט און ער האָט גלייך פאַרגעסן אין זיך און גענומען דאגהנען וועגן כלל.

— וואָס וועט אַרויסקומען פון מיין חתונה האָבן מיט דער זיסער גאָלדען, אַז איר לעבן וועט ווערן ביטער, ווען מען וועט מיך מאַכן פאַר אַ סאָלדאַט, — האָט ער זיך אַליין געפּרואווט פאַרענטפערן די ספקות וואָס האָבן אים ניט געלאָזט רוען.

— וואָס טו איך, אַז מאָרגן ברעכט אויס אַ סטרייק אין מיין פאַך און עס הויבט זיך אָן אַ קאַמף פאַר מיין ברויט און די פּאָליציי קומט און מען שפּאָלט מיר דעם קאָפּ פאַר זיין אויף דער זייט פון גערעכטיקייט? — מאָטעק האָט זיך אַליין געשטעלט די פראַגע און ניט געוואַרט צו באַקומען אַן ענטפער, דערפאַר וואָס די צייטונגען זיינען געווען יעדן טאָג פול מיט סטרייק נייעס, מיט גוואַלדטאַטן נייעס, וואָס די רעגירונג־מאַכט איז באַגאַנגען קעגן פרידלעכע אַרבעטער.

עס איז געווען בלויז איין אָרט, וואו מאָטעק האָט זיך געפילט גוט. דאָס איז געווען אין געזעלשאַפטלעכן קרייז, ביי אַ פאַרזאַמלונג פון יוגנט־קעמפער קעגן קריג.

## קאַפּיטל זעכצן

# ש י מ ע ק

.1

דעם זעקסטן אַפּריל 1917 האָט דער אַמעריקאַנער קאָנגרעס געשטימט צו דערקלערן מלחמה קעגן דייטשלאַנד. מאָטעק איז יענעם טאָג אַהיים געקומען מיט אונטערגעשלאָגענע אויגן פון די קלעפּ, וואָס ער האָט געכאַפּט ביי אַ גאַס־מיטינג. ער איז אַרומגעגאַנגען, בעת דער מיטינג איז אָנגעגאַנגען, און צעטיילט פלוג־בלעטלעך קעגן דער מלחמה. דער רעדנער אויף דער פּלאַטפאָרמע איז געווען אַ סאָציאַליסט און ער האָט גערעדט וועגן דעם ווי די מלחמה באַשאַפט נייע מיליאָנערן איבערן לאַנד. מיטאַמאָל האָבן זיך באַוויזן אַ צענדליק יונגע בחורים מיט אַן אַמעריקאַנער פאָן אין פאָראויס און מיט שטעקנס אין די הענט האָבן זיי אָנגעהויבן שלאָגן די וואָס זיינען געשטאַנען און זיך איינגעהערט צום רעדנער. זיי זיינען באַפאַלן דעם רעדנער, אים אַראָפּגעשלעפּט פון דער פּלאַטפאָרמע און אַ שליידער געטאָן אויף דער ערד און גענומען טרעטן אויף אים. מאָטעק האָט שוין געהאַט געכאַפּט אַ זעץ איבערן קאָפּ מיט אַ שטעקן. ער האָט זיך אָנגעהויבן פאַרטיידיקן. זינט ער האָט געאַרבעט אין אַמעריקע, האָבן זיך זיינע מוסקולן אַנטוויקלט און ער האָט געקאָנט דערלאַנגען אַ קלאַפּ. דער בחור וואָס האָט אים דערלאַנגט מיטן שטעקן האָט גלייך דערפילט מאָטעקס פויסט אונטער דער מאָרדע און אַ צווייטן פלעם אין באַק. נאָר באַלד האָט מאָטעק געכאַפּט קלעפּ פון עטלעכע יונגען אויף אַ מאָל. ער האָט זיך פאַרטיידיקט. דערווייל איז אָנגעקומען פּאָליצײ און אַרעסטירט דעם רעדנער. מאָטעק האָט זיך אין געשלעג געפונען אַביסל ווייטער אַוועק פון דער פּלאַטפאָרמע און די פּאָליציי האָט אים ניט געטשעפּעט. ווען ער איז אַהיים געקומען און זיך דערזען אין שפּיגל, האָט ער זיך צעלאַכט. דאָס פּנים האָט אים געשמאַרצט און אויפן קאָפּ האָט ער געהאַט אַ היבשן בייל.

— די מלחמה האָט זיך אָנגעהויבן, — האָט ער געזאָגט צו זיך אַליין.

אין אָנהויב האָט די רעגירונג באַשלאָסן צו נעמען אין סאָלדאַטן יונגע־לייט פון איין־און־צוואַנציק ביז איין־און־דרייסיק יאָר. שפּעטער האָט מען אָנגעהויבן נעמען אַכצן־יעריקע. מאַטעק האָט זיך רעגיסטרירט, נאָר זיין נומער איז ניט גערופן געוואָרן. מען האָט זיך געווענדט צו אים, אַז ער זאָל גיין אַרבעטן אין אַן אַמוניציע פאַבריק. ער האָט זיך אָפּגעזאָגט. מען האָט אים גערופן „סלעקער", נאָר ער האָט אָפן זיין מיינונג אַרויסגעזאָגט קעגן קריג. ער האָט געוואוסט, אַז דאָס קאָן מיינען — גיין זיצן אין טורמע, דאָס קאָן מיינען פאַרלירן זיין שטעל, נאָר ער האָט געהאַלטן פאַר זיין הייליקן חוב צו רעדן און צו אַגיטירן קעגן דער מלחמה. דער קאַמף אין דער סאָציאַליס־טישער פּאַרטיי איז געווען זיין קאַמף. ער האָט באַטראַכט די מיטגלידער, וואָס זיינען געווען פאַר מלחמה, ווי פאַררעטער פון זייער אידעאַל. יודזשין דעבס איז געוואָרן זיין העלד, זיין וועגווייזער.

צו די יאַקובאָוויטשעס פלעגט מאַטעק קומען יעדן זונטאָג. מען האָט זיך מיט אים דערפרייט און פרוי יאַקובאָוויטש האָט געזאָגט:

— אונדזער הויז שטייט אָפן פאַר דיר. קאָנסט זיך צוריק אַריינקלייבן, ווען דו ווילסט. דאַרפסט ניט זיין אַזוי הייס געבאָדן. טאָמער האָב איך זיך אַרויסגערעדט אַ נאַרישקייט, אַז ס'איז אונדז ענג דאָ, האָב איך ניט געמיינט דיך. איך מיין דאָס אין אַלגעמיין. די דירה איז צו קליין.

גאָלדע פלעגט מיט אומגעדולד וואַרטן אויף מאַטעקס קומען. מען האָט געוואוסט, אַז אַרום עלף אין דער פרי וועט ער זיך באַווייזן. שטענדיק מיט אַ פּעקל ליפלעטס אין דער קעשענע. שטענדיק געבראַכט עפּעס ליטעראַטור, אַ פּאַמפלעט, אַ צייטונג־אויסשניט, פאַר יעדן איינציקן פון דער משפחה אַ באַ־זונדער „מתנה".

— מרס. יאַקובאָוויטש, דאָס איז פאַר אייך. קלאַראַ צעטקין האָט אייך אינזינען געהאַט, בעת זי האָט דאָס געשריבן.

— מר. יאַקובאָוויטש, איר מוזט לייענען דאָס ביכל, וואָס וועט אייך געבן צו דערקלערן די גאַנצע אמתע געשיכטע וועגן טאָם מוני.

— שימעק, אָט האָב איך דיר געבראַכט אַ פּאָר פּאַמפלעטן, וואָס מיר פאַרשפּרייטן היינטיקע וואָך.

— און פאַר דיר, גאָלדע, האָב איך געבראַכט אַ פּאַמפלעט פון ראָזא לוקסעמבורג. און צו פאַרזיסן די מלחמה־נייעס האָב איך פאַר דיר אַ פּעקל נאַשערייען, און זויערע צוקערקעס, וואָס דו האָסט ליב.

גלייך ווי מאַטעק איז אַריין אין הויז איז גאָלדע געווען גרייט צו גיין שפּאַצירן מיט אים אין קלערמאָנט פּאַרק. זי פלעגט אים דערציילן די הויז־נייעס פון דער וואָך; ווי עס איז איר געגאַנגען אין סקול; וועלכער בחור עס

האָט זיך איר דערקלערט אין ליבע; די קאָמפּלימענטן וואָס מען האָט איר היינטיקע וואָך געמאַכט. מאָטעק האָט זיך אויסגעלערנט באַמערקן די קליי־דער וואָס זי האָט געטראָגן, ווי אַזוי אירע האָר זיינען געווען פאַרקאַמט, דעם קאָליר פון אירע אויגן, פון די באַקן. עס איז פאָרגעקומען אַ מין גענעראַלע אינספּעקציע אין פּאַרק. זי האָט זיך פאַרנייגט פאַר אים אין שפּאַס, נאָר גע־מיינט האָט זי דאָס גאַנץ ערנסט.

מאָטעק איז אַ גאַנצע וואָך געווען אויסגעהונגערט נאָך איר קול, נאָך איר בויגיקן, פרישן קערפּער, נאָך דער שיינקייט און נעטקייט פון אירע קליידער, נאָך דעם ריח פון אירע האָר. דער שפּאַציר אין פּאַרק האָט געמיינט פאַר ביידן אַ פּאָר שעה פון שטיפן, פון ליבן זיך, פון אָנזעטיקן זיך מיט יוגנט־רייץ. מען האָט אַ סך געלאַכט, געשפּילט זיך און ווען ס'איז געקומען די צייט אַהיים צו גיין עסן, איז מען געווען אויסגעהונגערט נאָך שפּייז.

זייער אַריינפאַלן אין הויז איז געווען דער סיגנאַל פאַר אַ סומאַטאָכע.

— נאַ, די וועלף זיינען געקומען! — האָט פרוי יאַקובאָוויטש אויסגערופן אַ פריידיקע.

— שוין, ס'איז צו לאַנג שטיל געווען! שדים פון פינצטערע וועלדער, — האָט מר. יאַקובאָוויטש געברומט, האַלטנדיק די צייטונג אין האַנט.

בלויז שימעק איז געווען ביי זיך אין צימער און געוואַרט מען זאָל אים אַריינרופן.

— מאָטעק, זאָלסט ניט פאַרגעסן שימעקן אַרויסצושלעפּן פון הויז. אַזוי ווי דו זעסט, ליגט ער אַ גאַנצן זונטיק ביי זיך אין צימער און צייכנט. וואָס ער טוט, ווייסט איין גאָט. ער וויל עפּעס דערפינדן אין עלעקטריציטעט. אַלץ וואָס דו זעסט איז פאַריסעוועטע בויגנס פּאַפּיר, מיט פינטעלעך און שטריי־כעלעך און קייקעלעך. נעם אים אַרויס אויף דער ליכטיקער שיין, מאָטעק. דיך וועט ער פאָלגן, — אַזוי האָט זיך די מאַמע יעדן זונטיק געבעטן ביי מאָטעקן.

אָפט האָט מאָטעק געוואָלט פאַרברענגען דעם נאָכמיטאָג מיט גאָלדען. געוואָלט גיין אין אַ קינאָ, אָדער צו אַ קאָנצערט. נאָר אָפּזאָגן פרוי יאַקובאָ־וויטש האָט מאָטעק ניט געקאָנט.

מיט מאָטעקן איז שימעק שטענדיק געווען גרייט צו גיין שפּאַצירן, אפילו אין אַ רעגן. פאַרקערט, ביידע האָבן הנאה געהאַט צו שפּאַצירן אין אַ רעגן. דאָס איז זיי געבליבן פון די סטודענטישע טעג אין לאָדזש, ווען מען האָט זיך באַרימט, אַז מען גייט אויסמעסטן די גאַסן, ווען אַלע מענטשן זיצן אין די הייזער . . .

פון די זונטיקדיקע שפּאַצירן מיט שימעקן האָט מאָטעק קיין הנאה ניט געהאַט. זיי האָבן איצט זיך מער ניט געטראָפן ביי דער אַרבעט אַ גאַנצע

וואָך. שימעק האָט געאַרבעט אין אַן אַנדער פּלאַץ. מאַטעק האָט זיך אַנגע־הויבן שרעקן פאַר שימעקס רייד. זיי זיינען אים ניט געפעלן געוואָרן און ער האָט שפּעטער דערציילט גאָלדען וועגן דעם און געבעטן, אַז זי זאָל רעדן מיטן עלטערן ברודער, אָדער מיטן פאָטער, נאָר ניט מיט דער מוטער. מאַ־טעקן האָט זיך אויסגעוויזן, אַז שימעק רעדט ניט צו דער זאַך. ער רעדט וועגן אַ גרויסער דערפינדונג, וואָס זאָל דורך עלעקטריציטעט קאָנען אָפּ־שטעלן די מלחמה. ער האָט געגלויבט, אַז עלעקטרישע קראַפט רעגירט די וועלט. עס איז ביי אים פּשוט געוואָרן אַ מאַניע צו פילן אַרום זיך און אין זיך די קראַפט פון עלעקטריע.

איין זאַך איז פאַר מאַטעקן געווען קלאָר, אַז שימעק האָט מורא גענומען צו ווערן אין קריג. געציטערט, אַז זיין נומער וועט גערופן ווערן און ער וועט דאַרפן ווערן אַ סאָלדאַט. שימעק האָט זיך געלאָזט פאָטאָגראַפירן מיט אַ ציטונג אין האַנט, וואָס האָט געוויזן איבער דער גאַנצער ברייט דעם „קאָפּ״:

„נומער 258 איז דער ערשטער אַרויסגעצויגן צו ווערן אין דער דרעפט־לאָטעריי״. ער האָט דאָס פאָטאָגראַפיש קאַרטל געשאָנקען מאַטעקן און מאַטעק האָט אים געפרעגט:

— פאַרוואָס ביסטו אַזוי אַנגעצויגן אויפן בילד?

— דערפאַר וואָס די נומערן פאַרפאָלגן מיך. 258! 258! 258! 258! וואו איך גיי און איך שטיי, זע איך פאַר זיך דעם נומער 258. פון שלאָף וועקט עס מיך ניט איינמאָל אויף — 258!

מאַטעק האָט געראַטן, אַז מען זאָל שימעקן נעמען צו אַ דאָקטאָר. מאַטעק האָט געגלויבט, אַז זינט שימעק האָט באַקומען אַ קלאַפּ מיטן האַמער, איז זיין מוח ניט געווען געזונט.

גאָלדע האָט זיך אויסגעלאַכט פון מאַטעקס רייד.

— דיר ווייזט זיך שטענדיק אויס אַ בער אין וואַלד. שימעק דאַרף זיך פאַרליבן. בעסער געפין אים אַ מיידל, וואָס זאָל אים אַרויסשלאָגן די טרויעריקע געדאַנקען. דאַן וועסטו זען ווי זיין מוח איז געזונט.

.3

דער פייער פון די קאַנאָנען אין איראָפּע האָט אויפגערודערט די ערד און די לופט און פאַרזייט טויט און פאַרניכטונג. אין אַמעריקע זיינען געבאָרן געוואָרן נייע מיליאָנערן. יעדער טאָג האָט געבראַכט פרישע גע־שעענישן, וואָס האָבן געהאַט זייער ווירקונג אויף די לעבנס פון מיליאָנען און מיליאָנען מענטשן אויף גאָר דער וועלט.

אין מערץ 1917 האָט דאָס פאָלק אין רוסלאַנד אַראָפּגעוואָרפן דעם צאַר און אין נאָוועמבער דעם זעלבן יאָר האָבן די אַרבעטער און פּויערים פון רוס־לאַנד איבערגענומען די מאַכט פון דער מלוכה און עס איז געוואָרן אַ סאָ־וועטן־רעגירונג.

מאַטעק איז געווען איבערגעפילט מיט פרייד פון די וועלט־געשעענישן, וואָס האָבן מיטאַמאָל געענדערט דאָס אויסזען פון לענדער און געוויזן דעם וועג פאַר אַ ניי, אַ בעסער לעבן אויף אונדזער ערד.

דער אמת האָט אָנגעהויבן זיגן. די מלחמה האָט נאָך אָנגעהאַלטן, נאָר מען האָט געקאָנט דערפילן אין דער לופט דעם אָנזאָג פון שלום, ווי אַ לינד פרילינג ווינטל, וואָס דערפרייט דאָס האַרץ נאָך אַ לאַנגן שווערן ווינטער.

מאַטעק האָט געקוקט קרום אויף די שכנים און מיטאַרבעטער, וואָס האָבן, אַלס רעזולטאַט פון דער מלחמה, געוואָלט בויען קאַריערעס פאַר זיך, רייך ווערן, פּראָפיטירן פון דער מלחמה. ניט ער. מאַטעק האָט ניט געקאָנט גיין אין דער פאַך־שול, כדי זיך אַרויפצואַרבעטן צו אַ בעסערן דזשאָב. זיין צייט איז געווען צופיל פאַרנומען מיט אַנטי־מלחמה אַרבעט, מיט העלפן די וואָס זיינען אַרעסטירט געוואָרן און פאַרשפאַרט געוואָרן אין טורמע פאַר זייערע איבערצייגונגען. ער איז געווען שטאָלץ, ווען מען האָט אים גערופן „ראַדיקאַל" און „רויטער".

ביי דער אַרבעט האָט מאַטעק געדאַרפט אַ סך אויסשטיין פון פאַרפאָל־גונגען מצד אַרבעטער און פאָרלייט. ער האָט געהאַלטן פאַר זיין חוב צו רעדן מיט די אַרבעטער, ברענגען ליטעראַטור פאַר זיי, פּרואוון זיי אויפ־קלערן, איבערהויפּט די אַמעריקאַנער געבאָרענע, וואָס האָבן נישט פאַרשטאַ־נען די באַדייטונג פון דער רוסישער רעוואָלוציע. דער גייסט פון מלחמה האָט אָבער געהאַט אַרומגענומען די גוט־באַצאָלטע פאַכן און מאַטעק האָט שלעכט אָפּגעשניטן ביי זיין פאַך. דער פאָרמאַן האָט אים געוואָרנט, אַז ער זאָל ניט ברענגען קיין ליטעראַטור מיט זיך און אַז ער זאָל אויפהערן פאַר־שפּרייטן די ליפלעטס. מאַטעק איז באַשטאַנען אויף זיין רעכט צו טאָן וואָס ער וויל פאַר אָדער נאָך דער אַרבעט.

— איך שטער קיינעם ניט, איך פאַרנעם זיך ניט ביי דער אַרבעט מיט קיין אַנדערער זאַך, נאָר וואָס איך טו נאָך דער אַרבעט, איז מיין זאַך און איר האָט ניט קיין רעכט זיך צו מישן אין מיין טעטיקייט, — האָט מאַטעק אַרגו־מענטירט מיטן פאָרמאַן.

דער סוף איז געווען, אַז מאַטעק איז אָפּגעזאָגט געוואָרן פון זיין דזשאָב און דער פאָרמאַן האָט אים געזאָגט, אַז ער וועט אויפטרעטן קעגן אים אַלס עדות, מחמת ער גיט איבער זיין נאָמען און אַדרעס צו דער מאַכט.

דאָן האָט מאַטעק זיך געגומען ריכטן, אַז מען וועט קומען אינמיטן נאַכט און אים אַרעסטירן. ער איז געווען גרייט דערויף. געהאַט אָנגעשריבן בריוו קיין פוילן, טאַמער זעצט מען אים אַריין, ער האָט אויך געלאָזט וויסן גאָלדען, אַז אין פאַל פון זיין אַרעסטירט ווערן, זאָל זי וויסן וואָס צו טאָן. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ לעבן פון טעראָר־שרעק פאַר מאַטעקן. נאָר באַלד איז ער צו זיך געקומען און זיך אַריינגעוואָרפן מיט דער גאַנצער נשמה אין דער אַרבעט. ער האָט פאַרגעסן, אַז ער דאַרף גיין זוכן אַ נייעם דזשאַב.

אין פרילינג פון 1918 זיינען די ערשטע אַמעריקאַנער סאָלדאַטן אָנגעקומען אין פראַנקרייך. אין זומער זיינען שוין דאָרט געווען אַ מיליאָן אַמעריקאַנער טרופּן און אין האַרבסט האָט די צאָל דערגרייכט צוויי מיליאָן. די אַמעריקאַנער האָבן זיך אויסגעצייכנט אין קריג פון אָנהויב אָן. עס איז געווען שווער פאַר יעדן אויפריכטיקן קעגנער פון מלחמה צו רעדן אָדער צו פאַרשפּרייטן אַנטי־מלחמה ליטעראַטור.

נאָר מאַטעק האָט פאַר זיך געהאַט דעם ביישפּיל פון יודזשין דעבס, וואָס האָט אַזוי מוטיק געקעמפט קעגן קריג. ווען דעבס איז אין זומער פון 1918 אַרעסטירט געוואָרן פאַר זיין מלחמה רעדע אין קענטאָן, אָהאַיאָ און ער איז שפּעטער פאַראורטיילט געוואָרן צו צען יאָר אין טורמע, האָט מאַטעק ניט געוואָלט וויסן פון קיין פערזענלעך לעבן מער. ער האָט געהאַט איין אויפגאַבע — העלפן שאַפן פאָנדן פאַר דער פאַרטיידיקונג פון דעבסן און פון אַנדערע קעמפער פאַר סאָציאַליזם.

דעבס׳ רייד זיינען אַריין אין מאַטעקס בלוט. ער האָט אויף אויסנווייניק געדענקט דעבס׳ דערקלערונג פאַרטיידיקנדיק זיינע חברים, וואָס זיינען שוין געזעסן אין טורמע פאַר זייער אַנטי־מלחמה טעטיקייט. רוטענבערג, ראָוז פאַסטאָר סטאָוקס, און אַנדערע זיינען מאַטעקן געוואָרן זייער טייער און ער האָט זיך דערפילט ווי איינער פון זיי.

טאָג איין, טאָג אויס האָט מאַטעק איבערגעחזרט צו זיך און צו זיינע אַרומיקע דעבס׳ ווערטער:

„איך בין קעגן יעדער מלחמה אויסער איינער. פאַר דער איין מלחמה בין איך מיט לייב און לעבן, און דאָס איז די אַלוועלטלעכע מלחמה פאַר דער סאָציאַלער רעוואָלוציע. אין יענער מלחמה בין איך גרייט צו קעמפן אויף יעדן מעגלעכן אופן וואָס דער הערשנדיקער קלאַס וועט נויטיק מאַכן צו קעמפן — אפילו אויף די באַריקאַדן.“

אַזוי ווי דער טאַטע זיינער פלעגט ביים דאַוונען אַרויסברענגען, אַז מען דאַרף דינען דעם אויבערשטן מיטן גאַנצן לייב, מיט דער גאַנצער נשמה, אַזוי האָט איצט מאַטעק אַרויסגעבראַכט דעבס׳ רייד מיט דער זעלבער באַגייס־

טערונג. ער האָט פּאַר זיינע באַקאַנטע צוגעגעבן:

— און איך האָב נאָך אין לאָדזש געהאָלפן בויען אַ באַריקאַדע. זעט ווי מיר זיינען פּטור געוואָרן פון צאַר. ווער קאָן זיך מיט מיר פאַרגלייכן? איך האָב דאָך געהאָלפן אַראָפּזעצן דעם צאַר.

.3

ביז שפּעט אין דער נאַכט איז מאָטעק געווען פאַרנומען מיט זיינע טעטיקייטן. די אַמעריקאַנער זיגן אין פראַנקרייך האָבן געוויזן, אַז די מלחמה וועט שוין לאַנג ניט אָנהאַלטן, דער טראָן פון קייזער שאָקלט זיך אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער. די רעאַקציע אין די פּאַראייניקטע שטאַטן איז אָבער געוואָרן אַלץ גרעסער. יעדע דעמאָקראַטישע פרייהייט איז ברוטאַל אונטערדריקט געוואָרן. מיר האָבן געוואָלט מאַכן די וועלט זיכער פאַר דעמאָקראַטיע, נאָר אין אונדזער אייגן לאַנד איז דעמאָקראַטיע געוואָרן די אומזיכערסטע זאַך. טורמעס זיינען געווען פול מיט קעמפער פאַר דעמאָקראַטיע.

אין קענטאָנער טורמע אין אָהייאָ, איז געזעסן טשאַרלס רוטענבערג. ער איז דאָרט מיאוס באַהאַנדלט געוואָרן. איינמאָל האָט מען אים אויסגעשפּרייט זיינע אָרעמס און זיי געהאַלטן צוויי טעג אין דער הויך, אַז ער זאָל זיך אונטערגעבן און ווערן אַ „פּאַטריאָט״.

— רוטענבערג, דו גיסט זיך אונטער? — האָט אים געפרעגט דער טורמע־אויפפּאַסער.

—אַ רעוואָלוציאָנער גיט זיך ניט אונטער, — איז געווען זיין ענטפער.

מאָטעק האָט געלייענט די געשיכטע און ער איז געוואָרן אַנטשלאָסענער צו זיין אַזוי ווי רוטענבערג און ווי דעבס.

אַדאַנק זיין געטרייער אַרבעט איז מאָטעק געוואַקסן אין די אויגן פון די טוער. הגם ער איז ניט געווען קיין רעדנער, האָט ער אָבער געפּאָלגט, ווען מען האָט אים געהייסן אויפטרעטן אויף דער איסט סאַיד אויף אַ גאַסראָג און רעדן. ער האָט אינגאַנצן געציטערט פון בינע־פּיבער, נאָר זיין קורצע רעדע האָט געלאָזט אַן איינדרוק און ער איז פאַרשריבן געוואָרן אויפן צעטל פון רעדנער.

איינמאָל האָט מען אים גערופן אין אָפיס און מען האָט אים פאָרגעשלאָגן צו פאָרן קיין קליוולאַנד, וואו עס האָבן זיך געפונען אַ סך פּוילישע אַרבעטער. מען האָט זיך געגוטיקט אין זיינע קענטענישן אין דער פּוילישער שפּראַך. מאָטעק איז געווען אַ סאָלדאַט. ער איז געפאָרן — מיט אַן אַדרעס אין קעשענע און מיט זיין טשעמאָדאַן. עס איז פאַרשטאַנען געוואָרן, אַז ער פאָרט אויף

אַ וואָך צייט.

אין קליוולאַנד האָט ער געהאַלטן זיין ערשטע רעדע אויף פויליש. ער האָט געוואוסט, אַז ער האָט אַ שלעכטן אַקצענט און אַז ער האָט שוין פאַר־געסן אַ סך אויסדרוקן, נאָר צו זיין פאַרוואונדערונג, האָט ער פליסיק גערעדט און געפילט, אַז די אַרבעטער וואָס האָבן זיך צו אים איינגעהערט, האָבן גע־שלונגען זיינע רייד. אַליין אַן אַרבעטער האָט ער פאַרשטאַנען ווי אַזוי צו רעדן צו זיי און ער האָט אויך ניט פאַרפעלט צו דערמאָנען, אַז ער האָט אין לאָדזש געקעמפט אַלס קינד פאַר די אינטערעסן פון פוילישן אַרבעטער.

ווען מאַטעק איז אין אַ וואָך אַרום צוריקגעקומען קיין ניו־יאָרק האָט ער דערזען ביי זיך אויפן טישל אַ טעלעגראַמע. די באַלעבאָסטע איז גראָד אין הויז ניט געווען. ער האָט זיך ניט געהאַט געריכט אויף קיין טעלעגראַמע פון קיינעם און דערפאַר האָבן אים די הענט געציטערט, ווען ער האָט זי געעפנט. נאָכן איבערלייענען די איינציקע שורה פון דער טעלעגראַמע האָט ער דערפילט, אַז דער קאָפּ האָט זיך אים פאַרדרייט און ער האָט זיך אָנגעכאַפּט פאַרן טישל.

די טעלעגראַמע איז געווען פון גאָלדען און זי האָט זיך געלייענט אַזוי:

„שימעק איז געשטאָרבן היינט פאַרטאָג. לויה מאָרגן, צען פרי. קום גלייך. — גאָלדע."

די טעלעגראַמע איז געווען אַרויסגעשיקט צוויי טעג נאָך מאַטעקס פאַר־לאָזן קיין קליוולאַנד. מאַטעק האָט זיך אפילו ניט איבערגעטאָן, ניט אויסגע־פּאַקט דעם טשעמאָדאַן, נאָר ער איז גלייך צוגעלאָפן צו דער אויבער־באַן־סטאַנציע און געפאָרן צו שימעקס הויז.

שימעקס עלטערן זיינען נאָך געזעסן שבעה. אויך גאָלדע איז געווען אין הויז. ווען מאַטעק איז אַריין, האָט מען אויף אים געקוקט מיט פיינטלעכע אויגן, האָט זיך אים אויסגעוויזן.

— מענטשן, וואָס האָט פּאַסירט? איך קום נאָר־וואָס פון קליוולאַנד. איך בין ניט געווען אין ניו־יאָרק אַ גאַנצע וואָך. איך בעט אייך, קוקט ניט אויף מיר אַזוי.

אַלע האָבן געהאַלטן די קעפּ אַראָפּגעלאָזט. קיינער האָט ניט גערעדט. מאַטעק האָט זיך אַוועקגעזעצט לעבן גאָלדען.

— גאָלדע טייערע, וואָס איז געשען? איך האָב נאָר־וואָס געפונען דיין טעלעגראַמע.

דאַן האָט גאָלדע אים אַרויסגערופן פון צימער און זי איז מיט אים אַריין אין קיך. מאַטעק האָט באַמערקט, אַז שימעקס צימער איז געווען פאַרמאַכט. גאָלדע האָט אים דערציילט:

— דו ביסט געווען גערעכט, מאָטעק; שימעק איז ניט געווען געזונט און מיר האָבן דאָס ניט פאַרשטאַנען. ער איז אויפגעשטאַנען ווי אַלעמאָל זייער פרי צו גיין צו דער אַרבעט. ער האָט געשוויגן ווי אַלעמאָל. די מאַמע האָט פאַר אים געהאַט אָנגעגרייט זיין פרישטיק און זיין פעקל עסן. ער האָט געטרונקען קאַווע, נאָר דאָס פעקל ניט גענומען. ער האָט געזאָגט: „מאַמע, איך וויל היינט אַרויסגיין עסן. איך וועל אַהיים קומען שפּעט". און ער איז צוגעגאַנגען צו איר און איר געגעבן אַ קוש אויף דער באַק, אַ זאַך וואָס ער האָט זעלטן געטאָן. זי האָט זיך געוואונדערט, נאָר עס איז איר קיין זאַך ניט איינגעפאַלן. זי האָט בלויז געזאָגט צו אים:

„זיי פאָרזיכטיק ווי דו גייסט".

פאַרוואָס עס איז איר אויפן זינען געקומען די רייד, ווייסט זי אַליין ניט. נאָר אין צען מינוט אַרום נאָכדעם ווי ער האָט פאַרמאַכט די טיר הינ־טער זיך, האָט זיך דערהערט אַ גרויס געוואַלד אין גאַס. די מאַמע האָט געעפנט דאָס פענצטער . . . מענטשן זיינען געשטאַנען איינגעבויגן איבער עמיצן אויפן טראָטואַר . . . עס איז געווען שימעק. ער האָט זיך פון דאַך אַראָפּגעוואָרפן. מיר זיינען נאָך אַלץ געווען אין הויז. ווען איך בין די ערשטע אַרונטער, איז ער געלעגן מיט אָפענע אויגן. פאַרגלייזט. איך וועל זיינע אויגן קיינמאָל ניט פאַרגעסן, מאָטעק.

מאָטעק איז שוין געבליבן ביי די יאַקובאָוויטשעס דעם גאַנצן טאָג. דער פאָטער איז אַוועקגעגאַנגען. אויך גאָלדע איז אַראָפּגעגאַנגען איינקויפן. מאָ־טעק איז געבליבן אַליין מיט פרוי יאַקובאָוויטש. ערשט דאַן האָט די מאַמע זיך פאַנאַנדערגעוויינט און געהאַלטן מאָטעקס הענט אין אירע און גערעדט, גערעדט אַ לאַנגע צייט און געוואָלט פון מאָטעקן באַקומען דעם ענטפער:

— פאַרוואָס, מאָטעק טייערער, האָט דאָס מיין קינד געטאָן? וואָס האָט אים געפעלט? וואָס האָט אים געפעלט ביי אונדז?

זי האָט זיך דערמאָנט אין זיינע פריע קינדער־יאָרן. אין זיין באַקאַנט־שאַפט מיט מאָטעקן, אין די בריוו וואָס מאָטעק פלעגט שיקן פון אַמעריקע, אין די ערשטע צייט ווען זיי זיינען געקומען קיין ניו־יאָרק. מאָטעק האָט גע־הערט און געשוויגן.

ער האָט געהאַט אַ סך צו זאָגן, מאָטעק, נאָר ער האָט געפילט, אַז ער דאַרף זי לאָזן זיך אויסרועז. ער דאַרף בלויז הערן.

נאָר ביי זיך אין האַרצן האָט מאָטעק גערעדט. ער האָט געוואוסט פאַר־וואָס שימעק האָט געהאַט אַזאַ סוף. שימעק, האָט ער זיך געזאָגט, איז געווען אַ קרבן פון דעם אַנטיסעמיטישן כוליגאַניזם, וואָס ער האָט באַגעגנט ביי דער אַרבעט. ווען ניט דער צופאַל מיטן האַמער, וואָס האָט אים געטראָפן

אין קאָפּ, וואָלט מסתם צום אומגליק ניט געקומען. ער האָט זיך דערמאָנט, ווי שימעק האָט מורא געהאַט, אַז זיין נומער זאָל אַרויסגעצויגן ווערן אין דרעפט. די שרעק פון גיין אין מלחמה איז געווען די צווייטע אורזאַך וואָס האָט דערבראַכט צום אומגליק.

ווען מאַטעק האָט שפּעט אין אָוונט פאַרלאָזט שימעקס הויז, האָט ער דערפילט אין זיך נאָך אַ שטאַרקערע אַנטשלאָסנקייט צו קעמפן פאַר אמתער דעמאָקראַטיע, קעגן מלחמה, קעגן אַנטיסעמיטיזם, קעגן די אומשטענדן וואָס האָבן דערמאָרדעט שימעקן.

— איך וועל קעמפן אויך פאַר דיר, שימעק — האָט מאַטעק געשעפּטשעט צו זיך אַליין.

אַ לאַנגע צייט האָט מאַטעק זיך ניט געקאָנט באַפרייען פון שימעקס געשטאַלט, וואָס איז אים נאָכגעגאַנגען אומעטום — ביי דער אַרבעט, אין באַן, אויפן טראָטואַר, אין הויז.

— עס איז מיר אומעטיק, איך פיל זיך זייער איינזאַם, מאַטעק, — האָט די שימעק־געשטאַלט געגעבן מאַטעקן צו פאַרשטיין, — ביסט מיין איינציקער חבר דאָ אין ניו־יאָרק, מאַטעק . . . געדענקסט די יאַראָטשינסקי־שול אין לאָדזש ? איך געדענק דיין שוועסטער לאָטשיאַ. אַלע האָבן געוואוסט, אַז דו האָסט ליב געהאַט מיין שוועסטער גאָלדע און אַז זי האָט דיך אויך ליב גע־האַט, נאָר קיינער האָט ניט געוואוסט, אַז מיר איז דיין שוועסטער לאָטשיאַ געווען שטאַרק געפעלן. מיר האָט זיך איינמאָל אויסגעוויזן, אַז איך בין לאָטשיאַן אויך געווען געפעלן . . . זאָלסט ניט פאַרגעסן איר אָפּצוגעבן אַ גרוס פון מיר. און ווען דו וועסט זי אַריבערברענגען קיין ניו־יאָרק, זאָלסטו איר ניט דערציילן דעם אמת וועגן מיר. וועסט איר זאָגן, אַז מען האָט מיך אין דער מלחמה צוגענומען . . .

מאַטעקן איז אָפט שימעק געקומען צו חלום. און שטענדיק איז שימעק געווען פאַראומערט און עפּעס געמאָנט פון אים.

אין אַזעלכע מאָמענטן האָט מאַטעק זיך דערשראָקן פאַרן טויט. — פאַר־וואָס שטאַרבן אויס מיינע אייגענע און מיינע פריינט ? — האָט ער דאַן גע־פרעגט ביי דער וועלט.

די וועלט האָט געשוויגן.

## קאַפּיטל זיבעצן

# קלעפּ

.1

באַווייזן זיך דאָן ביי די יאַקובאָוויטשעס אין שטוב האָט פאַר מאַ־טעקן געמיינט אַריינטראָגן צער, אָפּפרישן וואונדן און פאַראורזאַכן געוויין. די מינוט וואָס פרוי יאַקובאָוויטש האָט דערזען איר שימעקס חבר, האָט זיך איר פּנים געגומען רונצלען און פון די אויגן זיינען געפאַלן טרערן, ווי האָגל. מאַטעק האָט זיך געפילט שולדיק. ניט קומען איז געווען נאָך ערגער. קומען און ניט רעדן, אָדער ניט דערמאָנען שימעקן, האָט מען ניט געקאָנט.

— אָי, מאַטעק, מאַטעק, — פלעגט פרוי יאַקובאָוויטש אָנהויבן, — אָפּט דוכט זיך מיר אויס, אַז ער איז אַוועקגעגאַנגען מיט דיר אין קלערמאָנט פאַרק און איך דערוואַרט, אַז איר זאָלט ביידע צוריקקומען. אומגליקלעך קינד מיינס . . . ער האָט דאָך אויסער דיר גאָר קיין פריינט ניט געהאַט. אפשר, ווען דו וואָלסט זיך ניט אַרויסגעקליבן, וואָלט געווען בעסער. וואָס עס איז געווען אָנגעצייכנט פון אויבן, קאָן קיינער ניט איבערמאַכן, נאָר אַ מאַמעס האַרץ וויל ניט שלום מאַכן מיט איר גרויס אומגליק. איך ליג גאַנצע נעכט און איך טראַכט וועגן אים און שטענדיק זע איך אייך ביידן צוזאַמען. רעד צו מיר, מאַטעק, דערצייל מיר וועגן אים — ווי האָט ער זיך אויפגעפירט מיט דיר די לעצטע צייט ? דערצייל מיר דעם אמת — איז ער געווען אַנטוישט מיט זיין לעבן ? האָט ער זיך באַקלאָגט פאַר דיר ?

און מאַטעק האָט איר אָבער־און־ווידער אַמאָל איבערגעגעבן ווי שימעק האָט געציטערט, אַז ער וועט דאַרפן גיין אין מלחמה.

— טייערע מרס. יאַקובאָוויטש, שימעק איז געפאַלן אַ קרבן פון קריג. זאָל אייך זיך אויסווייזן, אַז ער איז געפאַלן אויפן שלאַכטפעלד, ווי אַ סך ייִנגלעך, אומשולדיקע קינדער פון זיין עלטער, זיינען שוין אומגעקומען. ווער ווייסט וואָס איז געוואָרן פון מיינע שוועסטער, פון אונדזערע אייגענע אין לאָדזש ?

נאָר גאָלדע האָט ניט געקאָנט אַריבערטראָגן דעם דיאַלאָג צווישן איר מאַמען און מאַטעקן.

— מאַטוש, אַ גאַנצע וואָך וואַרט איך אויף דיר, אַז דו זאָלסט מיך אַרויס־נעמען פון הויז . . .

— מאַמע, אפשר ווילסטו זיך דורכגיין מיט אונדז? — האָט גאָלדע אַרומגענומען די מוטער, — עס וועט דיר גוטס טאָן. קום, מאַמעשי.

— מרס. יאַקובאָוויטש, טוט מיר די טובה און קומט מיט אונדז אויף אַ שפּאַציר, — האָט מאַטעק זי געבעטן.

— ניין, ניין, קינדער, גייט און פאַרברענגט. עס איז אייער צייט. איך וועל שוין אַזוי אָפּפינצטערן מיין לעבן. ער האָט אויסגעלאָשן דאָס ליכט אין מיין אויג. עס איז מיר זייער פינצטער, קינדער.

עפּעס איז פאָרגעקומען מיט גאָלדען, האָט געטראַכט מאַטעק. זי איז פּלוצלינג ערנסטער געוואָרן. זי איז געוועזן באַטריבט פון שימעקס טראַגישן טויט. נאָר מאַטעקן האָט זיך אויסגעוויזן, אַז דאָס איז ניט געוועזן די הויפּט־סיבה פון איר געענדערטקייט. זי האָט עטלעכע מאָל געמאַכט באַמערקונגען צו מאַטעקן. באַמערקונגען, וואָס האָבן אים באַאומרואיקט.

— איך טראַכט, מאַטוש, אַז דו וואָלסט זיך געדאַרפט אַרומזען און זיך איינאָרדנען בעסער ווי דו האָלטסט איצט. קוק זיך אַרום און זע ווי יונגעלייט אַרבעטן זיך אַרויף. האָסט די בעסטע געלעגנהייט צו דערגרייכן עפּעס. עס איז פּראָספּעריטי אין לאַנד. מיינער אַ קאָזין, אַ גאַרניט, פאַרדינט שוין 75 דאָלער אַ וואָך און ער אַרבעט ניט שווער. ער האָט שוין אָפּגעשפּאָרט אַ שיינע פּאָר דאָלער. דו ביסט זיכער פייאיקער פון אים און דו שטייסט אויף איין אָרט.

— מיין פּראַקטישע גאָלדע יאַקובאָוויטש, — האָט מאַטעק זיך געוויצלט, — וויל אַז איך זאָל טראָגן זיידענע העמדער און גיין אויסגעפּוצט אין עסיק און האָניק. נאָר מאַטעק איז אַ שלימזל זון ער טראַכט גאָר וועגן דער מלחמה, ניט וועגן קיין זיידענע העמדער. ס'וועט שוין פון מיר קיין לייט ניט זיין, מיין אָרעם קינד.

— עס טוט מיר ווי, מאַטוש, צו הערן פון מיין פאָטער פאָרוואורפן וועגן דיר. ער וואַרפט מיר פאָר, אַז דו ביסט ניט ערנסט, אַז פון דיר וועט גאָרניט ווערן, אַז דו וועסט נאָך זיצן אין טורמע פאַר דיינע ראַדיקאַלע אידייען. ביט איינמאָל, ווען איך לייען ווי מען האָט אַרעסטירט סאָציאַליסטן פאַר רעדן קעגן מלחמה, האָב איך מורא, אַז איך וועל דיין נאָמען געפינען צווישן זיי. איך האָב פיינט טראָבל, מאַטוש. איך וויל אַרומגיין מיט אַ שמייכל אויפן פּנים. צוליב וואָס אַליין אַריינפאַלן אין אַ גרוב? ווער צווינגט דיך זיך אָנ־

צופאַנגנען מיט דער רעגירונג? איך וויל אַרויסקריגן פון לעבן אַלץ וואָס איך קען נאָר. זאָלן די וואָס האָבן ליב צו מישן זיך אין פרעמדע געשעפטן, גיין זיצן אין דזשעיל. פאָלג מיך, מאַטוש, און ווער צוריק אַ סטודענט און דער־גרייך עפּעס. עס איז אַרויסגעוואָרפן די צייט וואָס דו פאַרברענגסט אין אַגי־טירן און אויסטיילן ליפלעטס.

אַזוי ערנסט ווי זי איז מיטאַמאָל געוואָרן איז זי נאָך קיינמאָל ניט גע־האַט געווען. מאַטעקן איז איר טאָן אַריין אין נאָז. ער האָט געקוקט אויף איר און זי האָט זיין בליק דערפילט און אַראָפּגעלאָזט די שיינע גרינלעכע אויגן. נאָר איר פּנים איז געוואָרן האַרטער. עס האָט איר ניט געקליידט דער אויסדרוק.

— גיב מיר אַ שמייכל, גאָלדע, אַ ניקל פאַר אַ שמייכל, — האָט מאַטעק זיך געבעטן.

זי האָט אים געגנומען אונטערן אָרעם.

— אויב דו האָסט מיך אינזינען, אויב איך מיין עפּעס צו דיר, דאַן נעם זיך אין די הענט אַריין. איך וויל ניט, אַז מען זאָל אין דער היים זאָגן, אַז מען איז אַנטוישט אין דיר, — האָט גאָלדע געזאָגט שטיל, נאָר מיט ביטערקייט אין קול.

— איך האָב באַמערקט, גאָלדע, ווי דיין פאָטער האָט מיך ניט ליב. נאָך איידער עס האָט פּאַסירט דאָס אומגליק מיט שימעקן, פלעגט דיין טאַטע קוקן אויף מיר פון אויבן אַראָפּ. ער איז שטענדיק געווען אַ געשעפטסמאַן און אין אַמעריקע איז געשעפט גוט אַצינד אַדאַנק דער מלחמה. און איך בין דאָך קעגן דער מלחמה. וועסט מיר אַנטשולדיקן, גאָלדע, איך מיין ניט צו געבן אַנצוזוגעהערן, וואָס דיין טאַטע וויל, אַז די מלחמה זאָל אָנגיין, נאָר עס קוקט אויס, אַז מיר זיינען צוויי פאַרשידענע וועלטן — דיין טאַטע און איך. איך האָב נאָך אַלס קינד זיך צעקריגט מיט מיינע פעטערס צוליב אונדזערע אַנשויאונגען. איך בין קעגן קאַפּיטאַליזם. דער געשעפטסמאַן איז דאָך מיט לייב און לעבן אַריינגעטאָן אין קאַפּיטאַליזם. איך בין זיינער אַ קעגנער. מיט מיינע פעטערס אין אַמעריקע בין איך דאָך אויך אויס. איך האָב ניט געוואָלט ווערן קיין פּעדלער. איך וויל ניט ווערן קיין שענקער. איך וויל לעבן ווי אַן ערלעכער מענטש. קיינעם ניט אָפּנאַרן, אויסנאַרן, גענאַרן. און די וואָס ווילן דאָס טאָן צו מיר, וויל איך באַקעמפן. דיין פאָטער איז אַ קלוגער מענטש און ער ווייסט, אַז ווען מיר וועלן זיין צוזאַמען, וועסטו גיין אויף מיינע וועגן, דערפאַר וואָס מיט מיר איז דער אמת. גאָלדע, איך בין ניט פויל. איך וויל ווערן אַן עלעקטריקער, נאָר צו יונג בין איך, אַז איך זאָל בויגן מיין קאָפּ פאַר יעדן לומפּ, פאַר יעדן פאָרמאַן וואָס טרעט אויף מיינע

רעכט. איך זע יעדן טאָג ווי סאָציאַליסטן, — אָדער ווי די אמתע סאָציאַ־ליסטן הייסן היינט — די רויטע, די באָלשעוויקעס און די קאָמוניסטן, פאַרלירן ניט בלויז זייערע דזשאָבס, נאָר מען וואַרפט זיי אַריין אין טורמע און זיי פאַר־לירן זייער געזונט און קאַריערעס בלויז דערפאַר וואָס זיי זיינען קעמפער פאַר גערעכטיקייט. מיט וואָס בין איך בעסער פון יודזשין דעבס? און רוטענ־בערג? און ראָוז פאַסטאָר סטאָוקס? זיכער וואָלט זיי בעסער געווען, ווען זיי וואָלטן געשריען, „הורא״ פאַר דער מלחמה! ווען זיי וואָלטן זיך ניט געפרייט מיט דער רוסישער רעוואָלוציע, נאָר זיי וואָלטן געהאָלפן דער רע־אַקציע דערשטיקן אַלץ וואָס האָט אויפגעבליט, ווי בלימלעך אין מאַי. גאָלדע, איך וואָלט געווען דער גליקלעכסטער מענטש אויף דער וועלט ווען דו וואָלסט געווען מיט מיר, ווען דו וואָלסט מיר געהאָלפן אין דער אַרבעט, ווען דו וואָלסט געווען אידעאַליסטיש. ווען איך זע ווי יונגע מיידלעך וואַרפן זיך אַריין אין דער אַרבעט פאַר אַ נייער וועלט, פיל איך ווי זיי צו קושן. דאַן טראַכט איך: ווען גאָלדע וואָלט דאָ געווען, וואָלט איך צען מאָל אַזוי פיל אַרבעט געטאָן. נאָר גאָלדע איז ווייט פון מיר, ווי דער הימל איז פון דער ערד.

גאָלדע האָט אים אויפמערקזאַם אויסגעהערט און פון אונטן אַרויף אַ קוק געטאָן אויף אים און געזאָגט:

— דאָס אַלץ וואָס דו זאָגסט איז שיין. נאָר דו ווייסט, אַז איך וועל קיינמאָל ניט זיין אַזוי ווי די מיידלעך וואָס דו ווילסט אַזוי שטאַרק קושן. איך מיין, איך בין פון אַן אַנדער טייג געקנאָטן. איך וויל זיך אויפבויען אַ היים, האָבן קינדערלעך, גיין גוט אָנגעטאָן און פריער פון אַלץ זיך אַליין פאַרזאָרגן. יאָ, איך בין געראָטן אין מיין פאָטער און איך האָב אים ליב און איך זע ניט קיין בייז אין דעם וואָס ער איז אַ געשעפטסמאַן. איך וועל דיר זאָגן דעם אמת, מאָטוש, אַז ווען דו גייסט אַריין אין זיין געשעפט, וואָלט דאָס געווען ביי מיר אַ גליקלעכער טאָג אין מיין לעבן. דאָס וואָלט געמיינט, אַז דיין צוקונפט בויט זיך. איך ענדיק מיין קורס און איך וועל באַלד קריגן אַ דזשאָב. איך האָב ליב מיין אַרבעט און איך וועל פאַרדינען זייער גוט. נאָר מער ווי אַ צוויי יאָר וויל איך ניט אַרבעטן. אַ מיידל דאַרף בויען אַהיים. דאָס איז מיין איבערצייגונג.

ווען זיי זיינען אַרויפגעקומען צוריק אין איר הויז, האָט מאָטעק געפילט ווי גאָלדע האָט זיך געפילט שולדיק קעגן אים און זי האָט אויף אים געקוקט מיט אַזעלכע לאָטשענדיקע אויגן, ווען זי האָט אים דערלאַנגט טיי מיט מילך צום טיש. זי האָט אים דערביי אַ גלעט געטאָן איבערן קאָפּ און געשעפטשעט:

— איך האָב דיך ליב, מאָטוש . . .

.2

די ערשטע וועלט־מלחמה האָט זיך געענדיקט. עס האָבן זיך אָנ־געהויבן נייע צייטן איבער דער גאַנצער וועלט. יעדער מענטש מיט שכל האָט דערפילט, אַז ער איז אַ טייל פון דעם אַלעם, וואָס קומט פאָר אויף דער וועלט. מען קאָן ניט זיין מער אָפּגעזונדערט פון אַרום. מען האָט געמוזט זיין פאַר אָדער קעגן דער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד, פאַר אָדער קעגן דער רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד און אין עסטרייך. בלוט האָט זיך געגאָסן. נאָר דאָס איז געווען אַן אַנדער שלאַכט. מען האָט געריסן די אַלטע צעפוילטע וואָרצלען. זיי האָבן זיך ניט געלאָזט. מען האָט געוואָלט זייען און פלאַנצן אויפסניי און מען האָט ניט געלאָזט.

מאָטעק איז געוואַקסן. ער האָט געפילט ווי זיין וואַקסן אינווייניק מאַכט אים רייפער, מאַכט אים ווערן אויסגעהונגערט נאָך וויסן, נאָך קלאָרקייט. ביי זיך אין מוח איז ער געווען איבערצייגט, אַז יעדער אַמעריקאַנער וועט באַ־גריסן די נייע רעוואָלוציעס אין אייראָפּע. באַגריסן, דערפאַר וואָס אַמעריקע איז דאָך אויך אַזוי געבאָרן געוואָרן, אין אַ רעוואָלוציע פאַר אומאָפּהענגיקייט, אין קאַמף פאַר אַ ניי לעבן, פאַר אַ נייער געזעלשאַפט. ווען ער האָט געלייענט די רעדעס פון די באָלשעוויסטישע פירער און פון די ספּאַרטאַקיסטן אין דייטשלאַנד, האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז ער לייענט די רעדעס פון דזשעפער־סאָן און סעמיועל עדעמס, פון טאָמאַס פּעין און פּעטריק הענרי. פאַרוואָס־זשע איז מען אַזוי אויפגעבראַכט קעגן די רעוואָלוציעס אין אייראָפּע? וואָלטן די אַמעריקאַנער וועלן, אַז אין רוסלאַנד זאָל ווידער זיין אַ צאַר, אין דייטש־לאַנד אַ קייזער?

אין 1918 האָט דער אַמעריקאַנער קאָנגרעס דורכגעפירט דעם דעפּאָר־טאַציע אַקט. אַ יאָר פריער איז דורכגעגאַנגען דער שפּיאָנאַזש אַקט. וויקטאָר בערגער, ענגדאַל, קרוזע, גערמער, טאָקער און אַנדערע סאָציאַליסטן זיינען אָנגעקלאָגט געוואָרן אין וועלן שטירצן די רעגירונג. מאָטעק איז ניט געווען קיין דרויסנדיקער אָנהענגער פון די קעמפער. ער איז געווען איינער פון זיי. ער האָט געגלויבט אַז אויך זיין צייט וועט קומען. קיין בירגער איז ער נאָך ניט געווען. ער האָט געהאַלטן ביים ווערן. די ערשטע פּאַפּירן האָט ער גע־האַט אַרויסגענומען נאָך ווען ער איז געווען ביים אָנקל ווילי. דער דעפּאָר־טאַציע אַקט האָט אים אָפּגעשראָקן. ער האָט געהאַט פליכטן צו זיינע שוועס־טער. ער האָט געלייענט די סאָציאַליסטישע פּרעסע און ער איז געווען אי־בערצייגט, אַז נאָך דער מלחמה וועט מען בטל מאַכן די אַלע ניט־דעמאָקראַ־טישע געזעצן.

נאָר ער האָט אַ טעות געהאַט. עס איז געוואָרן אַלץ ערגער. עס האָבן זיך אָנגעהויבן די פּאַלמער פאַרפאָלגונגען און מאַטעק האָט אויף זיין אייגענער הויט פאַרזוכט דעם טעם פון אַ פּאַלמער רעיד.

געשען איז דאָס ווען ער איז געזעסן ביי אַ מיטינג אין אַן אַרבעטער־קלוב. לעבן אים איז געזעסן אַ מיידל פון די איפּסלס. איר נאָמען איז געווען דאָראַ. זי איז געווען עטוואָס עלטער פון אים. זיי פלעגן זיך אָפט טרעפן ביי פאַרזאַמלונגען און עס איז געווען נאַטירלעך, אַז אַזוי ווי זיי האָבן זיך געקענט, זאָלן זיי זיצן צוזאַמען. דאָראַ איז געווען שוואַרץ־חנעוודיק, אַ קליין מיידל מיט אַ סענסיטיוו פּנים און לאַנגע שוואַרצע האָר. מאַטעק האָט זיך געוואונדערט וואָס זי גייט ניט אַרום מיט קיין בחור, מיט קיין שטענדיקן בחור. ווען זי פלעגט דערזען מאַטעקן פלעגט איר פּנים זיך צעשמייכלען פון צופרידנקייט. מאַטעקן איז געווען אומעטיק אָן גאָלדען און דאָראַס צוקומען צו אים, איז אים געווען זייער אָנגעלייגט.

עס איז שוין געקומען דערצו, אַז איינמאָל האָט עמיצער געמאַכט צו אים אַ באַמערקונג: „אייער מיידל איז דאָ געווען.“

— מיין מיידל? — האָט זיך מאַטעק געוואונדערט.

— אָ, דאָס מיידל וואָס זיצט מיט אייך ביי די פאַרזאַמלונגען. דאָראַ, הייסט זי, דוכט זיך.

זיינען זיי געזעסן, מאַטעק און דאָראַ, און זיך איינגעהערט צום רעדנער וואָס האָט רעפערירט וועגן דער טרעיד יוניאָן באַוועגונג אין אַמעריקע.

מיטאַמאָל האָט זיך די טיר געגעבן אַן עפן אויף און עס האָבן זיך אַריינגעלאָזט אַ כאַפּטע מענטשן. מאַטעק האָט זיך אומגעקוקט צוזאַמען מיט אַלעמען. אין מיטינג צימער האָבן זיך געפונען אַ דרייסיק מענטשן. אַמאָל פלעגט אינמיטן מיטינג אַריינקומען שטילערהייט אַ מענטש אָדער צוויי. אָבער דאָ האָבן זיך אַריינגעלאָזט אַ צענדליק מענטשן מיטאַמאָל. איין קוק אויף זיי און עס איז געווען קענטיק, אַז די וואָס האָבן זיך אַריינגעלאָזט זיינען ניט געקומען בייוואוינען די לעקציע וועגן טרעיד יוניאָניזם. דאָס זיינען געווען אַנדערע פּנימער, פּנימער פון אָנגעפּרעסענע, אויסגערוטע, ברייטפּלייציקע חברה־לייט. איינער פון זיי, מיט אַ רויט פּנים און נאָך אַ רויטערן קאַרק, האָט אין אַ הייזעריק קול אויסגערופן:

— אַלע בלייבן אויף די פּלעצער!

ער איז צוגעגאַנגען צום לעקטאָר און באַוויזן אַ בעדזש, אַז ער איז אַ רעגירונג אָנגעשטעלטער אין ציווילע קליידער. ער האָט אַ זאָג געטאָן צום רעדנער:

— איר זייט אַרעסטירט.

עס איז געוואָרן אַ גערודער. אַ פּאָר אַרבעטער פון קלוב האָבן זיך אויפ־געהויבן און גענומען דערקלערן, אַז זיי זיינען פון דער קלוב פּאַרוואַלטונג און זיי ווילן וויסן וואָס דאָ קומט פאָר. נאָר גלייך האָט איינער פון די פּאַרשוינען דערלאַנגט איין אַרבעטער אַ זעץ מיטן פויסט אין פּנים און אַ צווייטער פּאַרשוין האָט אָנגעכאַפּט אַ צווייטן אַרבעטער פאַרן קאָלנער און מיט געוואַלד אים אַנידערגעזעצט און אים נאָך אַ שטורך געטאָן אין זייט.

— שטעלט זיך אַלע אויס מיטן פּנים צו דער טיר, — האָט דער מיטן בעדזש באַפוילן.

אַלע האָבן געפאָלגט. מאַטעק און דאַרא זיינען געזעסן אין די היב־טערשטע רייען, זיינען זיי געווען פון די ערשטע אַרויסצוגיין. ווי זיי זיינען צוגעקומען צו דער טיר, האָט מאַטעק געכאַפּט אַ פּלעם איבערן אויער פון איינעם פון די דעטעקטיוס, וואָס האָט אים געהייסן בלייבן שטיין, אָנכאַפּנ־דיק אים פאַרן אַרבל. דאַראָן האָט ער געהייסן אַרויסגיין און „אַפּציען".

מאַטעק האָט זיך אויסגעדרייט מיטן פּנים צום זאַל. ער האָט געזען ווי די דעטעקטיווס און „שטאַרקע" האָבן צעריסן אַלע בראָשורן און צייטונגען, וואָס זיינען געלעגן אויפן רעדנערס טיש. זיי האָבן אויך געעפנט די שיפלאָדן פון טיש און אַרויסגענומען ליפלעטס און פּאַמפלעטן וואָס זיינען דאָרט געלעגן. איינער איז צוגעגאַנגען צו דער וואַנט, אויף וועלכער עס איז געהאַנגען אַ בילד פון קאַרל מאַרקס און אַ בילד פון י. ל. פּרץ. ער האָט אַרונטערגעצויגן ביידע בילדער און זיי צעשמעטערט אויף אַ בענקל.

— גייט! — האָט זיך דערהערט אַ קאָמאַנדע.

עמיצער האָט מאַטעקן פעסט אונטערן אָרעם. מאַטעק האָט דערפילט אַ ווייטיק פון דרוק. עס שטייט אַ פּאָליציי־וואָגן אָנגעגרייט. דער „שטאַרקער" גיט מאַטעקן אַ שליידער אַריין אַהין. נאָך ערגער שניידן אָפּ אַנדערע. מאַטעק זעט אַרום זיך אין וואָגן אויסגעמוטשעטע אַרבעטער מיט צעבלוטיקטע מיילער, צעבלוטיקטע נעזער און אָנגעלאָפענע אויגן. מען פּרוּווט רעדן צווישן זיך. נאָר די פיר „שטאַרקע" וואָס זיצן אין וואָגן הייסן שווייגן. זיי האַלטן די הענט אין די קעשענעס און מאַטעקן ווייזט זיך אויס, אַז ער קאָן זען די רעוואָלווערן וואָס שפּאַרן זיך פון דאָרטן.

דער פּאָליציי־וואָגן שטעלט זיך אָפּ. די פיר „שטאַרקע" שטייגן אויס און שטעלן זיך אויס און הייסן דעם עולם אַרויסגיין אויף די טרעפּ. מען קומט אַריין אין אַ גרויסן צימער. דאָרט זיינען דאָ אַ סך אַרבעטער, אַלע צעשראָ־קענע, צעשרויפטע, צעבלוטיקטע. מאַטעק זעט ווי אויבן־אָן, וואו עס זיצן אויף אַ שמאָלער באַנק אַ צאָל אַרעסטירטע, הויבט איינער פון די „שטאַרקע" אָן שלאָגן אַ נידעריקן אַרבעטער, וואָס פּרוּווט זיך באַשיצן מיט זיינע

אַרעמס. דער עולם איז אויפגערעגט. מען פילט, אַז באַלד וועט עפּעס געשען. נאָר עס דערהערט זיך אַ קול פון דער טיר:

— פעלדמאַן, קראַוטשוק, קאַזאַקאָוו, טשערנין.

פיר אַרבעטער שטעלן זיך אויף און גייען צו דער טיר און פאַרשווינדן. מען רופט אויס נאָך נעמען. די וועמענס נעמען מען רופט ניט אויס, ווערן אַרויסגעפירט פון אַ „שטאַרקן". עס קומט מאַטעקס ריי. מען פירט אים אַריין אין אַ קליין צימערל. דאָרט זיצט אַ מאַן ביי אַ טישל. דער מאַן טראָגט אַ בלייפעדער הינטערן אויער. ער איז אַנגעפּרעסן, קליין, מיט אַ ליסענע. ער האָט קליינע שוואַרצע אויגן, אויגן וואָס קוקן פרעך און גזלניש.

— נאָמען? — ברומט ער אויס צו מאַטעקן.

— סאַרנע.

— בירגער?

— איך האָב די ערשטע פּאַפּירן, — ענטפערט מאַטעק.

— דיין דרעפט־קאַרטל?

— אָט איז עס.

— ביסט אַ רויטער? אַ ראַדיקאַל? וואָס האָסטו געטאָן ביי די רויטע? לערנסט זיך מאַכן באָמבעס? דינאַמיט?

נאָך איידער מאַטעק האָט געפּרוּווט ענטפערן, הויבט זיך דער מאַן אויף און קומט צו צו מאַטעקן מלא רציחה, און מיט אָנגעצונדענע אויגן, כאַפּט ער מאַטעקן אַן פאַרן האַלדז און הויבט אים אָן שטיקן. דאַן לאָזט ער פּלוצלינג אַראָפּ די הענט און סאָפּעט שווער. נאָך איידער מאַטעק קאָן טראַכטן וואָס צו טאָן, גיט דער מאַן אַ שפּאַן אויף צוריק און שטרעקט אויס ביידע אַרעמס און דערלאַנגט מאַטעקן מיט די פויסטן גלייך אין פּנים אַריין. נאָכדעם גיט ער זיך ווידער אַ צי צוריק און שטרעקט אויס זיין קורצן פוס און דערלאַנגט מאַטעקן אַ זעץ אין בויך אַריין.

— גיי, און דאַנק גאָט וואָס איך זעץ דיך ניט אין דזשעיל אַריין. טאָמער וועל איך דיך נאָכאַמאָל געפינען אין אַ רויטן הור־הויז, וועל איך דיך דע־פּאָרטירן צו די באָלשעוויקעס, וואו דו וועסט פגרן פון הונגער.

מאַטעק איז אַרויסגעלאָפן. ער איז אַרויס אין גאַס. זי איז געווען ליידיק. עס איז געווען שפּעט ביינאַכט. אַלע אברים האָבן אים וויי געטאָן. ער האָט ניט געוואוסט וואו ער האָט זיך געפונען. אַ פּאָליציאַנט האָט אים אָנגעוויזן וואו ער קאָן קריגן אַ קאַר וואָס וועט אים אַהיים ברענגען.

אין דער פרי איז מאַטעק אויפגעשטאַנען אַ צעבראָכענער, מיט אַן אָנגעשוואָלן פּנים.

— איצט ווייס איך אַז איך בין אַן אמתער אַמעריקאַנער. איך האָב ליב

מיין נײַ לאַנד, — האָט ער געזאָגט צו זיך אַליין און ער האָט זיך געלאָזט גיין אין אַרבעטער־קלוב אַריין.

אויפן וועג איז אים אויסגעקומען דורכצוגיין שמאָלע גאַסן, וואָס זײַנען פאַרפינצטערט געוואָרן פון הויכע טענעמענט געביידעס. אויף די טראָטואַרן זײַנען געשטאַנען אָפענע מיסט־קאַנען, אָנגעפילט ביז איבערן ראַנד מיט אָפּפאַל. דער ריח האָט פאַרפעסטיקט די לופט. לעבן די מיסט־קאַנען זײַנען געשטאַנען קינדער־וועגעלעך, אין וועלכע עס האָבן געררוט עופֿ'עלעך. די גאַסן האָבן מאַטעקן דערמאָנט אין אַ געטאָ. דאָ האָבן געוואוינט יידן, רוסן, אוק־ראַינער, פּאָליאַקן, איטאַליענער, דייטשן און אירלענדער. די אָרעמקייט האָט אַלעמען פאַראייניקט און צעשיידט אין דער זעלבער צייט. מען האָט געקאָנט הערן פאַרשיידענע לשונות אויפן זעלבן טראָטואַר.

מאַטעק האָט אַרײַנגעקוקט אין די פּנימער פון די עלטערע מענטשן און פון זייערע אַרויסגעלייענט זייער בענקעניש נאָך אַ נײַ לעבן, זייער איבערגע־געבנקייט צום נײַעם לאַנד. ער האָט זיך אײַנגעקוקט אין די פּנימער פון דער היגער געבאָרענער יונגוואַרג, וואָס האָט זיך דאָ אויף דער איסט סאַיד, אויפ־געהאָדעוועט אין שמוץ און אין נויט און ער האָט געפילט ווי זי, די יונגוואַרג, איז אומצופרידן צו וואוינען דאָ, ווי די ענגשאַפט דערדריקט און טויט אָפּ ליבע און האָפענונגען.

— דאָס וואָס איך האָב נעכטן איבערגעלעבט, — האָט ער גערעדט צו זיך אַליין, מאַטעק, — האָט געגעבן אַ זעץ מיין פּאַטריאָטיזם צום לאַנד. איך מיין, אַז אַן אַנדערער אויף מיין אָרט, וואָלט געזאָגט ווי עס זאָגן אַ סך אַנ־טוישטע אימיגראַנטן: „אַ קלאָג צו קאָלאָמבוסן״. נײַן, מיט מיר טאָר דאָס ניט זיין דער פאַל. פאַרקערט, איך דאַרף נאָך ווערן פּאַטריאָטישער. איך דאַרף זאָגן צו זיך: דיין פּנים איז דיר אָנגעשוואָלן, דיין האַלדז טוט דיר נאָך ווי פון דעם מערדערישן איבערפאַל פון אַ רעגירונג־באַאַמטן, וואָס וואָלט געדאַרפט געמשפּט ווערן פאַר זיין ניט־אַמעריקאַנישן אַקט. אָט די פּאַלמערס און די הוואווערס זייַנען דאָס די, וואָס אָנשטאָט אײַנצופלאַנצן ליבע פאַר אַמעריקע, שאַפן זיי איר אַ שוואַרצן נאָמען. פּאַטריאָטיזם מיינט פאַרבעסערן די לאַגע פון לאַנד, ניט פאַרערגערן. אַלץ וואָס איך האָב ביז איצט געטאָן און אַלץ וואָס די אַרבעטער וואָס זיינען מיט מיר געזעסן אין קלוב האָבן גע־טאָן, איז געווען אין די אינטערעסן פון דער באַפעלקערונג. דאָס וואָס פּאַלמער טוט איז נאַציאָנאַלער כוליגאַניזם. און כוליגאַנעס דאַרפן באַשטראָפט ווערן, ניט אָנפירן מיטן לאַנד.

מאַטעק איז צוגעקומען צו אַ צייטונג־סטענד און דערזען די שרייענדיקע קעפּ פון די צייטונגען, קעפּ וואָס זיינען געווען קאַפּלאָז, ליגנעריש.

— נייִן, — האָט מאַטעק אויסגערופן צו זיך אַליין, ווי ער וואָלט גערעדט צו די „קעפּ“, — איר ווייסט גאַנץ גוט, אַז די אַזוי־גערופענע „רויטע“ ווילן ניט אונטערגראָבן דאָס לאַנד, אַז דער באַן־אומגליק לעבן שיקאַגאָ איז ניט געווען קיין סאַבאָטאַזש פון די רויטע, נאָר אייערע פאַלשע „קעפּ“ ברענגען גרעסערע אומגליקן, וואָס פאַרזייען שנאה צווישן די איינוואוינער. אַזוי פיל אָרעמקייט אַרום און אַרום אין רייכסטן לאַנד אין דער וועלט. אַזוי פיל שפע פאַרמאָגט דאָס לאַנד און עס געניסן פון איר בלויז אַ הייפעלע פון דער באַ־פעלקערונג, בעת די מערהייט, די מיליאָנען און מיליאָנען פינצטערן אָפּ זייערע לעבנס אין די פאַבריקן און שעפּער און מיינס און ווייסן ניט פון דער שיינ־קייט פון לאַנד און פרייען זיך ניט מיט זיינע אוצרות.

— איך בין דער אמתער פּאַטריאָט. איך בין אַ בעסערער אַמעריקאַנער ווי מר. פּאַלמער איז, — האָט אַרגומענטירט מאַטעק.

עס האָט זיך אים געוואָלט אויסשרייען: „מענטשן, איך האָב נעכטן בייגעוואוינט אַ פּאָגראָם אויף אומשולדיקע אַרבעטער. איך האָב געזען צע־בלוטיקטע מיילער. דער פּאָליציי־באַאַמטער האָט מיך שיעור ניט דערהרגעט. פאַרוואָס? מענטשן, זייט ניט גלייכגילטיק צו אייער לאַנד!“

אין אַרבעטער־קלוב האָט ער געטראָפן מיטגלידער מיט געשוואָלענע פּנימער, מיט אונטערגעשלאָגענע אויגן, מיט ווילדע בליקן.

— מיר זיינען די נייע אַמעריקאַנער, — האָט מאַטעק זיך אָפּגערופן צו איינעם, וואָס איז געווען אינגאַנצן פאַרבאַנדאַזשירט.

יענער האָט געקוקט אויף מאַטעקן און ניט פאַרשטאַנען זיינע רייד און זיך שנעל אָפּגעקערט פון אים.

מאַטעק האָט געלאַכט צו זיך אַליין. „דער קרבן באַגרייפט ניט זיין אייגענע גרויסקייט“, האָט ער באַשלאָסן.

## קאַפּיטל אַכצן

# גאָלדע

.1

אַן אומרו האָט באַוועלטיקט מאָטעקן. ער האָט זיך אין ערגעץ קיין אָרט ניט געקאָנט געפינען. אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז ער איז אַזוי אַנדערש פון זיין שכן, פון זיינע באַקענטע. עס האָט געברויזט אין אים. ער האָט געפילט, אַז ער איז ניט אַ יחיד, נאָר אַ טייל פון אַ פאָלק וואָס איז אויפגעשטאַנען קעגן זיינע אונטערדריקער. אים האָט ניט געאַרט, וואָס ער האָט ניט געהאַט קיין שטענדיקן דזשאָב; וואָס גאָלדע האָט אָנגעהויבן קוקן אויף אים פון אויבן אַראָפּ; וואָס ער האָט ניט געהאַט קיין שטענדיקע וואוינונג. ער האָט זיך שטאַרק גענומען צום האַרצן פון דער לאַגע אין לאַנד, פון די געשעענישן אויף דער וועלט.

עס איז געווען אין פרילינג פון 1919. די גאַנצע וועלט האָט דאַן אויפגעוואַכט מיט אַ שטורעם. מאָטעק איז געווען אָנגעגליט פון די געשעענישן אין וועלכע ער איז געווען מער ווי פאַראינטערעסירט, געשעענישן וואָס האָבן אים אָנגערירט ווי זיי וואָלטן געווען באַענט און אייגן. נאָר ניט אַזוי האָבן זיינע אַרומיקע באַטראַכט די דאָזיקע פּאַסירונגען.

סוף יענעם יאָר האָט מען געהאַט אויסגעשלאָסן פון דער אַסעמבלי אין אָלבאַני די פינף דערוויילטע סאָציאַליסטישע אַסעמבלילייט. מאָטעק האָט די עוולה ניט געקאָנט אַריבערטראָגן. ער האָט ניט געקאָנט פאַרשטיין ווי דער ניו־יאָרקער בירגער האָט געקאָנט אַרומגיין און זיך מאַכן נישט־וויסנדיק קעגן דער פאַרלעצונג פון דעמאָקראַטיע. מאָטעק איז אַרומגעגאַנגען אַ גערעגנקטער און אַן אויפגעבראַוזטער. — מיר האָבן געהאָלפן די וועלט מאַכן זיכער פאַר דעמאָקראַטיע און אַליין דערשטיקן מיר די דעמאָקראַטיע, — האָט ער כסדר ווידערהאָלט זיין אַרגומענט מיט יעדן איינעם וואָס ער איז נאָר געקומען אין באַריר.

אין דייטשלאַנד זיינען ברוטאַל דערמאָרדעט געוואָרן קאַרל ליבקנעכט

און ראָזאַ לוקסעמבורג. נאָך ביים לעבן זיינען זיי געווען מאַטעקס העלדן. נאָך זייער מאַרטירער־טויט האָט ער זייערע נעמען פאַרהייליקט.

איבער אַמעריקע זיינען אין יענער צייט פאָרגעקומען די פּאַלמער־רעידס, וואָס האָבן געהאַט זייער צוועק צו טעראָריזירן די פּראָגרעסיווע באַ־וועגונג און אַנצוואווארפן אַ פּחד אויף דער אָרגאַניזירטער אַרבעטערשאַפט. מיטן געשריי „רויטע" האָט מען געוואָלט ברעכן סטרייקס און אויסטריקענען דעם ראַדיקאַלן שטראָם, וואָס האָט זיך מיט פרילינגדיקן אימפּעט געטראָגן איבער דער וועלט און איבער דער לענג און ברייט פון אַמעריקע.

אָ, ווי שטאַרק מאָטעק איז דאַן געווען אויסגעבענקט נאָך גאָלדען. ער האָט מיט איר געהאַט אַזוי פיל צו רעדן, ער האָט פאַר איר אָנגעגרייט אַזוי פיל נייעס פון דער וואָך און זיך געבעטן ביי איר, אַז זי זאָל מיט אים אין אָונט גיין צו דער אָדער יענער פאַרזאַמלונג, וואו עס וועלן אויפטרעטן באַ־רימטע קעמפער פאַר פרייהייט. ער האָט זי אָפּגעוואַרט ביי איר אַרבעט־פּלאַץ (זי האָט שוין דאַן געהאַט געאַרבעט אין אַ שאַפּ אַלס אַ דיזאַינערין). זי איינגעלאַדן עסן צוזאַמען און דאַן זיך באַטייליקן אין אַן אינטערעסאַנטן אָונט. נאָר יעדעס מאָל האָט גאָלדע געהאַט אַן אַנדער אויסרייד אים אָפּצו־זאָגן. זי איז געווען מיד, זי איז געווען באַזאָרגט וועגן דער מאַמען, זי וויל עסן אין דער היים, זי האָט ניט ליב אַזאַ פאַרזאַמלונג . . .

עס האָט מאָטעקן פאַרדראָסן. גאָלדע איז געווען אַזוי שיין און אָנגע־נעם. איר קול האָט אים באַרואיקט, באַצויבערט. ס'איז געווען אַ מילדע, אַ שטיפעריש, אַ אַזוי מיידליש־פריש און צוציענדיק. גאָלדע איז געווען אַ געזאַנג, אַ ליבע מעלאָדיע וואָס וואַרעמט דיך אָן אין ווינטער און קילט דיך אין די אומדערטרעגלעכע היצן. מיט גאָלדען צוזאַמען איז דאָס געמיט גע־וואָרן אַזוי האָפערדיק, האָט דאָס בלוט געטאַנצט אין די אָדערן. גאָלדעס באַריר איז געווען גענוג אַז מען זאָל פאַרגעסן אין אַלע צרות אויף דער וועלט.

נאָך די פאָר שעה וואָס זי האָט פאַרבראַכט מיט מאָטעקן זונטיקס, זיינען ניט געווען וואָס אַמאָל, האָט מאָטעק געפילט. וואָס שטאַרקער ער האָט גע־בענקט נאָך איר, אַלץ קילער איז זי געוואָרן. און יעדן זונטיק האָט זי ניט דורכגעלאָזט די געלעגנהייט אים צו זאָגן אַביסל מוסר. און ניט בלויז זי, נאָר אויך איר מאַמע, איר פאָטער און איר עלטערער ברודער. זיי האָבן זיין באַגייסטערונג פאַר דער באַגעגעניש מיט גאָלדען אויסגעלאָשן. זי אַליין האָט אים קיין מוט ניט צוגעגעבן. אַלץ וואָס ער האָט געזאָגט, איז געווען ניט צו־פרידנשטעלנדיק. פון אים האָט זי געוואָלט הערן מער ווי אַלץ וויפל געלט ער פאַרדינט שוין, וואָס פאַר אַ דזשאַב ער האָט באַקומען, וואָס זיינען די אויסזיכטן זיך אַרויפצואַרבעטן.

מאָטעק האָט געוואָלט זיך פילן יום־טובדיק מיט איר. אים נעמען אויף אַ פאַרהער וועגן וואָכעדיקע זאַכן, איז אים ניט געווען צום האַרצן.

— נו, אַז איך וועל שוין פאַרדינען הונדערט דאָלער אַ וואָך און עס וועט מיך ניט אַרן וואָס מען האָט ווידער פאָגראָמירט אַן אַרבעטער־קלוב און אַז איך וועל מיר קויפן נאָך אַ זיידן העמד פאַר אַכט דאָלאַר, וועסטו שוין זיין צופרידן פון מיר? — האָט ער ביטער געפרעגט גאָלדען.

— דו ווייסט, מאָטוש, אַז איך בין ניט אַזוי געלט־גייציק. מיר האָבן שוין אַזוי פיל מאָל גערעדט וועגן דעם און מיר פאַרשטייען זיך ניט. ווײַ־ניקסטנס, דו ווילסט מיך ניט פאַרשטיין. איך מיין דיין טובה וועגן. וויפל נאָך קלעפּ קאָנסטו אויסשטיין פון דער פּאָליציי און די „וואָלונטירן״? דער סוף וועט זיין, אַז מען וועט דיך דעפּאָרטירן. אָנשטאָט אַריבערצוברענגען דיינע שוועסטער אַהער, וועסטו צוריקפאָרן צו זיי און מער קיינמאָל ניט קאָנען אַריינקומען אין די שטאַטן. איז דאָס בעסער?

— ס׳איז דאָ אַ סך אמת אין דיינע רייד, גאָלדע, נאָר וואָס בין איך שולדיק וואָס מיר לעבן אין אַזאַ צייט, וואָס מען מוז זיך מקריב זיין פאַרן כלל, אַניט איז מען קיין מענטש ניט, נאָר אַ בהמה וואָס פּאַשעט זיך אויפן פעלד. די וועלט איז ניט קיין פּאַשע און איך און דו לעבן ניט אין קיין ווילדערניש.

— וויפל מאָל האָב איך דיר שוין געזאָגט, מאָטוש, אַז אויב דו וועסט זיך ניט זאָרגן פאַר דיינע אייגענע אינטערעסן וועט דעבס און רוטענבערג און ביל העיוואוד פאַר דיר זיך אויך ניט זאָרגן. דו קומסט פריער פון אַלע־מען. זאָג מיר נאָר, מיין טייערער מאָטוש, ווען ברענגסטו אַריבער לאָטשיאַן, מיין בעסטע חברטע און דיין אייגענע שוועסטער?

זי האָט געוואוסט, אַז פון דער לעצטער פראַגע וועט מאָטעק זיך פילן שטאַרק געטראָפן.

## 2.

אין צייט פון קריג האָט מאָטעק זעלטן געהערט פון זיין פאַמיליע אין לאָדזש. בלויז איין בריוו האָט ער געהאַט דערהאַלטן אין יאָר 1915. דער בריוו איז געווען פון אָנקל גוסטאַוו. געשריבן האָט ער אין דייטש. דער־ציילט וועגן שראַפּנעלן וואָס זיינען געפאַלן לעבן זיין הויז, וועגן באָמבעס וואָס האָבן געפּלאַצט אין געגנט, „נאָר מיר זיינען אַלע געז״ד, געזונט און מיר פאַרהאָפן, אַז מיר וועלן ניט רואינירט ווערן״. וועגן מאָטעקס שוועסטער האָט ער געשריבן אַז אַלע לעבן און „גריסן״.

גלייך ווי די מלחמה האָט זיך געענדיקט, האָט מאָטעק אָנגעהויבן באַ־

קומען פּעק מיט בריוו פון לאָדזש. יעדע שוועסטער האָט געשריבן באַזונדער, און אפילו די קלענסטע, אַנדזשיאַ, וואָס האָט נאָך ניט געקאָנט אײַנגאַנצן רעדן ווען ער האָט זי פאַרלאָזן, האָט אויך צוגעשריבן אַ פּאָר שורות. דאַן האָט ער באַקומען בריוו פון די אָנקלס און די טאַנטעס און אפילו פון אַלטע שול־חברים פון שאַקינס גימנאַזיע און פון דער יאַראָטשינסקי פאַך־שול.

מאָטעק האָט זיך געפרייט, וואָס קיינער איז ניט אומגעקומען אין קריג, וואָס אַלע זײַנען געבליבן לעבן. נאָר קיין איינער פון די בריוו האָט אים ניט דערציילט וועגן סאַלטשען. און וועגן איר האָט ער געוואָלט שטאַרק וויסן. און דאָס וואָס ניט זי האָט געשריבן, ניט מען האָט אין קיין איינעם פון די בריוו דערמאָנט עפּעס וועגן איר, האָט אים שטאַרק באַאומרואיקט. וואָלט מיט איר עפּעס פּאַסירט, וואָלט דאָך גוטשיאַ ניט געשריבן, אַז אַלע זײַנען געבליבן לעבן. וואָס דען איז דאָס שווײַגן וועגן סאַלטשען? גוטשיאַ ווייסט, אַז ער איז נײַגעריק צו וויסן וועגן איר.

און טאַקע אין דער זעלבער וואָך האָט מאָטעק אָוועקגעשיקט אַ בריוו צו גוטשיאַן און צו לאָטשיאַן און בײַ ביידן געבעטן מען זאָל אים שרײַבן אויספירלעך וועגן סאַלטשען.

גוטשיאַ האָט מאָטעקן געשריבן וועגן דעם גרויסן הונגער וואָס האָט געהערשט אין לאָדזש בעת די דײַטשן זײַנען דאָרט געווען; ווי אַזוי זיי האָבן מיאוס באַהאַנדלט די יידישע באַפעלקערונג; ווי אַזוי מען האָט געכאַפּט מענטשן אין גאַס און זיי אָוועקגעשיקט אין דײַטשלאַנד אין די אַרבעטס־באַטאַליאָנען; ווי אַזוי די דײַטשן האָבן פּשוט ראַבירט לאָדזש; צוגענומען יעדעס פּיצל אײַזן און אפילו דעם בית־עולם ניט געשאַנעוועט און די אײַזערנע פּלויטן אויסגעריסן און געמאַכט דערפון אַמוניציע.

„נאָר פּאָר די ליבע אָנקלס זאָלסטו זיך, מײַן ברודער, פיל ניט זאָרגן. זיי זײַנען שטיין־רײַך געוואָרן אין צײַט פון קריג. איצט הערט מען בלויז דאָס וואָרט „וואַליוטאַ" און אויב מען וועט דיר שרײַבן, אַז דו זאָלסט שיקן דאָלאַרן און מען וועט פאַר דיר קויפן הײַזער, זאָלסטו וויסן וואָס צו ענטפערן".

האָט מאָטעק קיין „וואַליוטאַ"־בריוו ניט דערהאַלטן, דערפאַר אָבער האָט ער באַקומען אַ בריוו פון אָנקל ווילי, וואָס האָט דערציילט, אַז אַלע זײַנע ברידער „ראָטן אים אַז ער זאָל זיי שיקן דאָלאַרן און זיי וועלן פאַר אים אײַנקויפן הײַזער אין לאָדזש און אין וואַרשע, און זיי וועלן מאַכן גרויסע געשעפטן מיט די דאָלאַרן, דערפאַר וואָס אַ דאָלאַר באַטרעפט ביז אַכציק מאַרק".

דער אָנקל ווילי, וואָס האָט זייער זעלטן זיך דורכגעשריבן מיט מאָטעקן, האָט דאָס מאָל געוואָלט וויסן זײַן מיינונג וועגן דעם און יענעם אָנקל, זײַנע ברידער, וועלכע ער האָט ניט געקענט.

אָט אין יענער צייט האָט מאַטעק פאַרבלאָנדזשעט צום אָנקל קיווע אין האַרלעם צו ווייזן די בריוו, וואָס ער האָט דערהאַלטן פון זיינע שוועסטער. דער אָנקל קיווע, אָנקל ניק סאַרדזשעט, איז פולער געוואָרן זינט מאַטעק האָט אים געהאַט געזען, נאָר די אויגן זיינען ביי אים געווען פאַרלאָפן און זיין אָטעם איז געווען שווער.

— האַלאָ, מיסטער לעניך, דזשוניאָר, — האָט דער אָנקל אויסגעשריען הויך און אַלע טרינקערס האָבן זיך אומגעקוקט דערשראָקן, — אַבי איך האָב געמיינט, אַז דו ביסט שוין אין ראַשאַ און דו העלפסט טראָצקין פירן די רויטע אַרמיי. דזשאָוקס עסייד, וואָס מאַכסטו עפעס, מאַטעק? הייסט נאָך אַלץ מיטן היימישן נאָמען? שוין צייט, אַז דו זאָלסט דיר געבן אַן אַמעריקאַנער נאָמען. פאַרוואָס רופסטו זיך ניט ביל, נאָכן יאָטיבעדאָמניק ביל העיוואוד? לאָמיר הערן, וואָס מאַכסטו עפעס? ביסט שוין געזעסן אין דזשעיל? דאָס ניט, אַניט וואָלט אָנקל ניק געוואוסט דערפון.

מאַטעק האָט אַרויסגענומען די בריוו און דערציילט וועגן די שוועסטער.

קיווע האָט זיך איינגעהערט אומגעדולדיק און מיטאַמאָל אונטערבראָכן מיט:

— און פון מיינע הער איך גאָרניט. אַלבעטשע זיי זיינען אַלע אומגעקומען. כ׳וועל דיר זאָגן דעם אמת, מאַטעק, אַז איך האָב אַליין חשק צו פאָרן אין יוראָפּ. איצט איז די צייט צו פאָרן. אַז דער דאָלאַר איז אַזאַ גדול בישראל דאָרט. די וואַליוטאַ מאַכט מענטשן פאַר מיליאָנערן. מיין סאָסייעטי וועט מיך מסתמא שיקן אין איר שטעטל. איך באַלאָנג צו אַ לאַנדסמאַנשאַפט פון אַן אַנדער גובערניע. וואָס איז מיר דער אונטערשייד? זיי וועלן מיך באַגראָבן נאָך מיין טויט. דערווייל באַגראָב איך זיי לעבעדיקערהייט. איך שפּאַס. נאָר ווען איך קום צו אַ מיטינג, האָבן זיי פון מיר פעפער צו שמעקן. איך צאָל דיוס, האָב איך אַ דעה. גרינע חיות, נאָר מען וויל כבוד. ווי דו קוקסט מיך אָן, ציטערט מען פאַר מיר. איך וועל אויסרעדן איין וואָרט, שיקט מען מיך אַלס אַ דעלעגאַט נאָך יוראָפּ. איך וועל אויסטיילן געלטער, איך וועל זיין גערעכט צו יעדן איינעם, נאָר איך וועל אויך עפעס האָבן דערפון. איך בין ניט ערגער פון אַ צווייטן. מען הערט זיך גענוג אָן וועגן דעלעגאַטן וואָס פאָרן אַוועק און קומען צוריק מיט מער געלט וויפל זיי האָבן מיטגענומען.

— אָנקל קיווע, אפשר וועט איר מיר העלפן אַראָפּברענגען מיינע שוועסטער? איצט איז דאָס ניט שווער צו טאָן און עס קאָסט ניט קיין סך.

דער אָנקל ווילי וועט געבן צושטייער, — האָט מאַטעק צוגעטראַכט דאָס.

— ווען דו פאַרמאָגסט, וואָס די ביידע הייזער קאָסטן מיך, וואָלסטו מיט

מיר ניט גערעדט. איך טראַכט פון אויפגעבן די ביזנעס און לעבן פון די הייזער און נאָך אַביסל פּראָפּערטי, וואָס איך האַלט ביים איינהאַנדלען. איצט האַלט איך ביים לייען געלט, ניט ביים טיילן געלט. ווען כ׳וועל פאָרן אין יוראָפּ און זען דיינע שוועסטער, וועל איך דאָן באַשליסן וואָס צו טאָן. וועסט אַריינקומען און מיר מיטגעבן וויפל געלט דו וועסט קאָנען מיטברענגען, וועל איך זען וואָס איך וועל קאָנען טאָן פאַר זיי. דערווייל איז מיין קאָפּ פאַרדרייט מיט טויזנטערליי געשעפטן. איך בין ביזי מיט עלעקשאָנס, כ׳דאַרף סעטלען אַ סך זאַכן. פאַרגעס נישט, אַז איך בין נאָך אַלץ אַ קעפּטן פון טעמעני האָל. און טאָמער זעצט מען דיך מאָרגן אַריין אין דזשעיל פאַר דיינע באָמבעלעך, וואָס דו שיקסט צו מאָרגאַנען און צו ראַקעפעלערן, ווער וועט זיך פאַר דיר אָננעמען? וועסט דען ניט קומען צום אָנקל ניק?

האָט מאָטעק באַשלאָסן ניט אַריינצוגיין אין קיין דיסקוסיע מיטן אָנקל. האָט ער זיך מיט אים געזעגנט פריינטלעך און צוגעזאָגט קומען נאָכאַמאָל. אַרויסגייענדיק פון סאַלון האָט מאָטעק געפילט אַן עקל. עס איז אים געווען ביטער אין מויל, כאָטש ער האָט דאָרט גאָרניט געהאַט פאַרזוכט און אויסער דעם אָנקל קיינעם ניט געזען. געעקלט האָט אים פון דעם אָנקלס רייד, פון דער געזעלשאַפט וואָס דער אָנקל האָט רעפּרעזענטירט. מאָטעקן איז אויפן זינען געקומען זיין פאָטער. וואָס פאַר אַ אונטערשייד עס איז געלעגן צווישן די צוויי ברידער, האָט ער געטראַכט.

— דער טאַטע מיינער איז געווען די ערלעכקייט אַליין. זיין ברודער קיווע איז דער פּראָדוקט פון צעפוילטן קאַפּיטאַליזם.

האָט ער שפּאַצירט אויף דער רווישיקער סעקאָנד עוועניו, מאָטעק, און זיינע געדאַנקען זיינען געווען ווייט, ווייט פון דעם אַרום. ער האָט זיך אַריבערגעטראָגן קיין לאָדזש, אויף דער דזשעלנע גאַס, אין דער אַמאָליקער דושנער, קראַנקער היים זיינער. אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז ער הערט דער מאַמעס קול, די רייד אירע ווי אַ תפילה, ווי איר שעפּטשען ביים ליכט־בענטשן, ווי איר בעטן ביים טאַטן, אַז ער זאָל זיך ניט נעמען צו האַרצן . . .

מאָדנע, האָט ער זיך אַליין פאַרגעוואָרפן. זינט ער איז אין אַמערקע האָט ער מער געטראַכט וועגן פאָטער, ווי וועגן דער מוטער. און איצט — האָט עס אים געגעבן אַ שלאָג אין מוח, אַ קלעם ביים האַרצן . . . אויב דער טאַטע איז געווען די ערלעכקייט אַליין, איז די מאַמע געווען דער סימבאָל פון עפּעס העכערס. איר גלויבן איז געווען אַזוי ריין, איר איבערגעגעבנקייט האָט ניט געוואוסט פון קיין גרענעץ, איר ליבע פאַר איר מאַן האָט קיין גלייכן צו זיך ניט געהאַט.

די גאַס האָט געלאַכט פאַרשייט און זאָרגלאָז. מאָטעק האָט זיך איינגע־

קוקט אין די פּנימער פון פרויען און מענער, מערסטנס יידישע מענטשן. ער האָט אויפן מאָמענט געוואָלט געפינען אין עמיצן אַן אָנבליק צו זיין מוטער, צו זיין פאָטער . . . אָט יענע הויכע, שיינע, שלאַנקע פרוי, מיט די ראָזעווע באַקן און מיטן גוטמוטיקן בליק אין די פינקלדיקע אויגן. זי קוקט אויס ווי אַן אימיגראַנטקע פון פוילן. ווען די מאַמע וואָלט געלעבט, וואָלט זי איצט געווען מיט מיר אין ניו־יאָרק און זי וואָלט דאַן געוואָרן אַן אַנדער מענטש. זי וואָלט ניט געשטערט געוואָרן אין איר פרומקייט, זי וואָלט נחת געהאָט פון אירע קינדער. זי וואָלט שפּאַצירט אויף דער סעקאָנד עוועניו מיט אַן אויפֿגעהויבענעם קאָפּ. אַמעריקע איז ניט צאַרן־פוילן . . .

ער האָט זיך ניט געקאָנט באַפרייען פון דעם פאַרגלייך וואָס האָט זיך אַריינגעקריצט אין זיין זכרון. דער פאַרגלייך צווישן אָנקל ווילי און זיין שוועסטער, מאָטעקס מאַמע. ווי אַנדערש זיינען זייביידע געווען. און ווער איז אין דעם שולדיק געווען? פאַרוואָס איז די מאַמע אויסגעוואָקסן אין אַזאַ קרישטאָל־ריינער אַטמאָספערע דאָרט אין שטעטל אין פוילן און שפּעטער אין דעם בבל לאָדזש? און פאַרוואָס האָט די מאָדערנע אַמעריקע צעקריפּלט ווילים כאַראַקטער?

יעדעס מאָל וואָס ער איז געווען ביים פעטער קיווע־ניק איז ער פון זיין שטוב אַרויס מיט אַן איבערדריסיקייט און זיך וואָס שנעלער געוואָלט באַפרייען פון דעם נאָך־טעם. נאָר ווידער איז דער פאַרגלייך געשטאַנען פאַר די אויגן — דער פאַרגלייך צווישן זיין פאָטער און קיווען, צוויי ברידער — צוויי פיינטלעכע לאַגערן.

און מאָטעק — אַ לאַגער פאַר זיך אַליין.

עס זיינען אָנגעקומען פאָטאָגראַפישע קאַרטלעך פון מאָטעקס שוועסטער. ער האָט זיך מיט זיי אַרומגעטראָגן אין קעשענע און געפילט ווי זיי וואָלטן געווען ביי זיין זייט. ער האָט גערעדט צו זיי, דערציילט וועגן זיינע דערפאַרונגען אין אַמעריקע, געוויזן די וואונדער פון ניו־יאָרק.

נאָר מאָטעק האָט זיך געפילט שולדיק קעגן זיי, גאָר שולדיק. איז ער דאָך געקומען קיין אַמעריקע מיטן צוועק זיי אַראָפּצוברענגען. איצט איז דער מאָמענט געקומען. וואָס האָט ער אָפּגעשפּאָרט פאַר זיי?

מאָטעק האָט אַרונטערגעלאָזט דעם קאָפּ. זינט ער האָט פאַרלאָרן דעם דזשאָב ווי אַן עלעקטרישנס העלפער, האָט ער געאַרבעט ביי פאַרשיידענע מלאכות. ער האָט גוט פאַרדינט אין צייט פון מלחמה. ער האָט אָפּגעשפּאָרט אַביסל געלט. עס וועט זיין גענוג אויף איין שיפסקאַרטע. און מען קאָן דאָך אויסצאָלן די שיפסקאַרטן. ווען די אָנקלס וואָלטן אים געהאָלפן, וואָלט אים אָנגעקומען זייער לייכט. ער איז דאָך איינער אַליין אין לאַנד און ער איז דאָ אַ

קורצע צייט און גלייך ביים קומען איז געווען אַ קריזיס אין לאַנד. וואָס האָט ער געקאָנט טאָן?

האָט מאַטעק אַוועקגעשיקט אַ בריוו צו גוטשיאַן און איר דערציילט דעם אמת. ער האָט פאַרגעשלאָגן, אַז זי זאָל די ערשטע קומען. מען וועט דינגען אַ דירה און דאַן וועט מען שיקן נאָך לאַטשיאַן. אין דרייען וועט זיין לייכטער צו שיקן נאָך די איבעריקע צוויי.

האָט גוטשיאַ געענטפערט, אַז זי לערנט זיך אַ פאַך. זי לערנט זיך טאַקע צו ווערן אַ הוטן־פוצערקע, ווי די גאַטזעליקע מאַמע איז געווען. אין אַמעריקע, הערט זי, איז דאָס אַ גאַנגבאַר פאַך. לאַטשיא וויל ניט קומען נאָך אַמעריקע. זי וויל בלייבן אין פוילן, ווי עס ווייזט אויס, ווייל זי זיך פאַרבינדן מיט אַ בחור, וואָס האָט זיך איר דערקלערט אין ליבע. מלכהן און אַנדזשיאַן קאָן מען אין אַ פרעמד לאַנד נאָך ניט נעמען. זיי זיינען צו יונג. אַליין קומען און איבערלאָזן די דריי שוועסטער וויל זי ניט, גוטשיאַ. זי איז די עלטסטע און זי איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר זיי. אַזוי טוט מען ניט, ווי מאַטעק האָט געטאָן. ווען ער פאָלגט זי, וואָלט ער געקומען מיט אַ סך דאָלאַרן און זיך בעסער איינגעאָרדנט אין לאָדזש. פוילן וועט ווערן אַ נייע מלוכה און מען דערוואַרט, אַז יידן זאָל ווערן בעסער אונטער אַ רעפובליק.

און וואָס הערט זיך מיט סאַלטשען? אויף דעם האָט גוטשיא מיט קיין איין וואָרט ניט געענטפערט.

איז שוין מאַטעקן דאָס גאַר ניט געפעלן געוואָרן. אויך לאַטשיא האָט ניט געענטפערט אויף דער פראַגע. זי האָט געשריבן וועגן זיך, וועגן די טאַנטעס, אָנקלס, נאָר ניט וועגן סאַלטשען.

האָט מאַטעק געשריבן צו זיינעם אַ שול־פריינט, וואָס האָט געוואוסט וועגן מאַטעקס אַרומגיין מיט סאַלטשען, און אים געבעטן, אַז ער זאָל אויסגע־פינען, וואָס מיט איר איז געוואָרן. האָט דער פריינט געענטפערט, אַז ער האָט פּינקטלעך באַזוכט דעם געגעבענעם אַדרעס, נאָר קיינער האָט פון אַזאַ מיידל ניט געוואוסט.

איז מאַטעק אַרומגעגאַנגען אַן אומצופרידענער איבער די גאַסן פון ניו־יאָרק. די מעשה מיט די בריוו וועגן דער וואַליוטאַ האָט אים אָנגעפילט מיט אַ ווידערגעפיל צו זיינע אָנקלס. די האַנדלונג פון גוטשיאַן וואָס האָט אין אירע בריוו זיך אָנגעהויבן אַרויסדרייען פון וועלן קומען קיין אַמעריקע, וואָס האָט פשוט געגעבן אָנצוהערן, אַז זי וויל ניט קומען צו אַן אָרעמען ברודער — נעם אַריבער אַלע פיר, אָדער קיין איינע וועט ניט קומען — אָט־די שטע־לונג האָט מאַטעקן געקרענקט.

עס איז געווען זומער־צייט. אין לאַנד, אין די אַרבעטער־רייען, זיינען

פאַרגעקומען גרויסע פּאַסירונגען. גרויסע סטרייקס פון די קוילנגרעבער. עס האָט זיך אָנגעהויבן דער גרויסער שטאָל־סטרייק. דאָס לעבן פון מי־ליאָנען אָרעמע פאַמיליעס אין אַמעריקע איז געווען ניט געזיכערט. און די סטרייקערס זיינען מאָטעקן געווען נאָענט. אָפט האָט ער געפילט, אַז זיי זיינען אים נעענטער ווי זיי אייגענע פאַמיליע.

גאָלדע האָט געבליט, ווי אַ בלום אין צוויט. נאָר עס איז ניט געווען מער די זעלבע גאָלדע. איינמאָל איז מאָטעק, ווי תמיד, געקומען צו איר זונטיק אין דער זעלבער צייט. נאָר צום ערשטן מאָל האָט עס פּאַסירט, אַז גאָלדע איז ניט געווען אין הויז.

— וואו איז גאָלדע? — האָט ער געפרעגט די פרוי יאַקובאָוויטש, אַ פאַרוואונדערטער.

— עס איז געקומען אַ קוזין פון פילאַדעלפיע, איז זי מיט אים אויסגע־גאַנגען. איך ווייס ניט, ווען זי וועט זיין צוריק, מאָטעק, — האָט זי געענט־פערט גלייכגילטיק, אָן אַן אַנטשולדיקונג.

די גאַנצע אויפנאַמע, וואָס מאָטעק האָט דאָן באַקומען ביי גאָלדען אין הויז, איז אים ניט געווען געפעלן. ער האָט געוואַרט איבער אַ שעה, געטרונקען זיין טיי מיט מילך און ער איז אַוועקגעגאַנגען אַן אַנטוישטער.

מאָטעק האָט געמיינט, אַז ער וועט דערהאַלטן אַ בריוו פון גאָלדען. ער האָט דערוואַרט אַן אַנטשולדיקונג פון איר, נאָר עס איז אַוועק אַ גאַנצע וואָך און ער האָט פון איר ניט געהערט. עס האָט זיך דערנעענטערט דער זונטיק און ער האָט זיך געישובט מיט זיך אַליין, צי זאָל ער גיין צו איר. ניט גע־קאָנט אויסהאַלטן, צוגעפּאַרן צו דער באַשטימטער צייט. גאָלדע האָט זיך מיט אים ניט אַרומגעכאַפּט. ער האָט באַמערקט איר אָפּגעקילטקייט.

— אָ, עס טוט מיר באַנג וואָס דו האָסט מיך ניט געטראָפן לעצטן זונטיק. מיין קאָזין פאָול פון פילאַדעלפיע איז געקומען און מיר זיינען אויסגעגאַנגען.

עס איז ניט געווען די זעלבע גאָלדע. זי האָט שפּאַצירט מיט מאָטעקן און גערעדט וועגן איר קאָזין. דערציילט ווי ער האָט זיך אַרויפגעאַרבעט אין אַ קורצער צייט, ווי ער האָט זי איינגעלאַדן צו קומען קיין פילאַדעלפיע; ווי זי קלייבט זיך פאָרן אַהין קומענדיקע וואָך. זי וועט זונטיק ניט זיין אין הויז. זי וועט זיין אין פילאַדעלפיע.

ווען מאָטעק האָט זיך באַוויזן ביי איר אין הויז אין צוויי וואָכן אַרום, האָט ער דאָרט געטראָפן אַ יונגנמאַן מיט אַ פּאָר גליענדיקע שוואַרצע אויגן און גלאַנציקע שוואַרצע האָר און אַ גלאַנציק פּנים און גלאַנציקע שיך.

— באַקען זיך, מאָטוש, מיט מיינעם אַ באַקאַנטן, מר. שוסטער. מר. שוסטער איז אָנגעשטעלט ביי מיין פאָטער אין געשעפט.

און צו מר. שוסטערן:

— מר. שוסטער, מאַטוש איז מיין לאַנדסמאַן פון לאָדזש. איך האָב אייך דערציילט וועגן אים. מר. שוסטער, איר וועט ניט האָבן דאַקעגן, ווען מיר וועלן אַלע דריי צוזאַמען גיין שפּאַצירן. מאַטוש, דו האָסט ניט דאַקעגן?

— מיט פאַרגעניגן.

איז מען געגאַנגען. גאָלדע אין מיטן. אירע אָרעמס אין זייערע. מר. שוסטער האָט גערעדט און גאָלדע האָט אָנגעקוואָלן פון זיינע רייד. וועגן וואָס האָט ער גערעדט? וועגן די קונים וואָס קומען אַריין אין געשעפט און ווי אַזוי זיי פירן זיך אויף. גאָלדע האָט זיך אַזש די אויגן געווישט פון געלעכטער. מר. שוסטער איז געווען אַזוי פריילעך, אַזוי געזונט־שטיפעריש. מאַטעק האָט געשוויגן.

דאַן האָט גאָלדע דערציילט וועגן אירע דערפאַרונגען אין שאַפּ, ווי אַזוי די אַגענטן פלירטעווען מיט איר און ווי אַזוי די „באַיערס" ווילן, אַז זי זאָל זיין גוט צו זיי און ווי אַזוי די פּשוטע אַרבעטער וויצלען זיך אויף איר חשבון, נאַטירלעך, גוטמוטיק. מר. שוסטער האָט געלאַכט און געשאָטן מיט קאָמפּלי־מענטן. מאַטעק האָט ווינציק וואָס גערעדט. ער האָט זיך געוואונדערט, וואָס עס איז געוואָרן פון גאָלדען. ווי שנעל זי האָט זיך „אַמעריקאַניזירט" און צו־געפּאַסט צום פלאַכן לעבן.

ווען מאַטעק איז געבליבן מיט פרוי יאַקובאָוויטש אַליין אין קיך, בעת גאָלדע און מר. שוסטער זיינען געווען אין אויפנאַם־צימער, האָט די מוטער געזאָגט צו מאַטעקן: — שוין איינמאָל אַ בחור! גאָר אַ געראָטענער און האָט אַ קאָפּ אויף די פּלייצעס. מיין מאַן זאָגט, אַז ער האָט נאָך אַזעלכעס ניט געזען. פאַר גאָלדען נעמט ער די כפּרה איין.

ווען מאַטעק האָט פאַרלאָזן, איז מר. שוסטער געזעסן איבער אַ טעלער ווייַנטרויבן און גאָלדע האָט אים געקוקט אין מויל אַריין מיט אַ זיסן שמייכל, וואָס האָט אַראָפּגעשיינט פון איר פרישן און זוניק פּנים.

קאַפּיטל נײַנצן

# אײן װעג

.1

פֿרוי יאַקובאָװיטש האָט מאַטעקן אָפֿן דערקלערט, אַז זי איז אין אים זײער שטאַרק אַנטױשט און מער װי דאָס. זי האָט אים פּאָקטיש באַשולדיקט אין שיעור ניט דערפֿירן דערצו, אַז איר גאָלדע, זאָל חלילה וחס, דאַרפֿן בלײַבן אַן אַלטע מויד.

— איך אין דײַנע יאָרן, — האָט זי אָנגעהויבן, װען זי און מאַטעק זײַנען געװען אַלײן אין הויז, — האָב שוין געהאַט צװײ קינדער. און װאָס װאָלט גאָלדען געשאַדט װען זי װאָלט שוין איצט געהאַט אַ פּאָר קינדערלעך? זי איז שוין אַלט גענוג, כאָטש מען קאָן עס אויף איר ניט אָנזען. און װער איז שולדיק אין דעם, װאָס זי אַרבעט אין שאַפּ און װאָס זי איז נאָך אַ מײדל? דו װײסט, מאַטעק, װער עס איז שולדיק אין דעם? זיכער ניט איך, אָדער יאַקובאָװיטש. דו װײסט גאַנץ גוט, אַז גאָלדע איז מיט קײן אַנדער בחור ניט אַרומגעגאַנגען, נאָר מיט דיר, זינט איר זענט בײדע געװען קינדער אין לאָדזש. זי האָט געקענט דײַנע גאָטזעליקע עלטערן און, צו לאַנגע יאָר, דײַנע געשװיסטער. דו ביסט געװען אַ בן־בית בײַ אונדז, זינט דו ביסט געװען אַ קינד. עס האָט גאָר קײנעם ניט געקאָנט אײַנפֿאַלן, אַז עס װעט זײַן אַנדערש, אַז עס קאָן זײַן אַנדערש. מיר זײַנען אַלע געװען זיכער, אַז מאַטעק װעט קומען און זאָגן:

— איך און גאָלדע װילן חתונה האָבן, אין אַ גוטער שעה.

„האָבן מיר געװאַרט און געװאַרט און װאָס איז דער סוף? מאַטעק איז צו־פֿאַרנומען. מאַטעק דאַרף מאַכן די רעװאָלוציע. דאָ האָט מען דעבסן אַרײַנגעזעצט אין תּפֿיסה, דאַרף מאַטעק זיך רײַסן אַ פּאַלע; דאָ האָט מען טאָם מוני אַרעסטירט אין סאַן פֿראַנציסקאָ, דאַרף מאַטעק דערפֿאַר פֿאַרנאַכלעסיקן גאָלדען און זי זאָל אַהײם קומען און זיך פֿאַרשליסן בײַ זיך אין צימער און מסתּם אײַנגראָבן זיך אין קישן און װײנען נאָך מאַטעקן; דאָ קומט פֿאַר אַ

גאַסן־מיטינג, דאַרף מאַטעק כאַפּן קלעפּ . . . מיר האָבן זיך צו־שפּעט אַרומ־געזען, מאַטעק. דו האָסט אונדז ניט געדאַרפט אַזוי לאַנג פירן ביי דער נאָז. ווילסט ניט גאָלדען, עס שטייט דיר ניט אָן דער שידוך, האָסטו געדאַרפט קו־מען און זאָגן:

— פרוי יאַקובאָוויטש, גאָלדע איז ניט פאַר מיר. זאָל זי זיך געפינען אַן אַנדער באַי.

„וואָס האָסטו אָבער געטאָן, מאַטעק? ביסט געקומען יעדן זונטיק און אויסגעגאַנגען מיט גאָלדען. האָסט אפילו געוואָלט, אַז זי זאָל מיט דיר גיין צו די פאַרזאַמלונגען אין מיטן וואָך. דו האָסט גאַנץ גוט געוואוסט, אַז זי איז ניט קיין גייערקע אָדער קיין לויפערקע. אין אונדזער משפחה זיינען ניטאָ קיין סאָציאַליסטן, אָדער קיין וועלכע ס׳איז איסטן. מיר ווילן זיך מיט קיינעם ניט פאַרטשעפּען און מיר דאַנקען דעם אויבערשטן וואָס מען לאָזט אונדז צורו. ביסט געקומען און געפּויקט, געפּויקט און ס׳איז אין איין אויער אַריין און צווייטן אַרויס. און די אָרעמע גאָלדע האָט דיר געקוקט אין די אויגן אַריין און געוואָלט טרעפן, צי ביסטו גרייט זיך איינצואָרדענען אין לעבן, אָדער דו ווילסט בלייבן אַן אַלטער בחור און חתונה האָבן מיט דער רעוואָלוציע. די צייט שטייט ניט אויף אַן אָרט. דאָס לעבן פאַרלאַנגט זיינס. ליבע־שמיבע. ליבע פאָדערט אַ תכלית. און מאַטעק האָט ניט קיין תכלית. מאַטעק האָט ניט קיין שטענדיקן דזשאַב. מאַטעק פליט צו די מיטינגען פון די סאָציאַליסטן און גאָלדע וואַרט וואַרט און קאָן זיך מער ניט דערוואַרטן . . . האָב איך געזאָגט: אַ סוף זאָל עס נעמען. דו זעסט דאָך, אַז ער האָט דיך איבזינען ווי דעם פאַראַיאָריקן שניי. קלייב זיך אויס אַן ערלעכן בחור און האָב מיט אים חתונה. פרעג ניט ביי מאַטעקן. ער פרעגט דיך אויך ניט . . . וואָס מיינסטו איז געוואָרן? גאָלדע שטייט אין שידוכים. גאָלדע ווערט גאָר אינגיכן, מיט גאָטס הילף, אַ כלה ווערן. זי נעמט אַ לייטישן יונגערמאַן, וואָס מיינט טאַקע ביזנעס, ווי מען זאָגט אין אַמעריקע. אַ בחור גייט אויס מיט אַ מיידל, כדי מיט איר חתונה האָבן. הלוואי וואָלט מיך גאָלדע געפאָלגט מיט צוויי יאָר צו־ריק, וואָלט איר געווען אַ סך בעסער.“

מאַטעק האָט זיך איינגעהערט צו פרוי יאַקובאָוויטשעס רייד. ער האָט געוואוסט, אַז זי רעדט פון האַרצן, אַז די רייד קאָסטן איר אַ שטיק געזונט. מאַטעק האָט זיך דערפילט שולדיק קעגן איר. אין דער אמתן איז אים ניט איינגעפאַלן, אַז גאָלדע האָט געוואַרט אויף זיין חתונה־פאַרשלאַג. עס איז אים בכלל ניט איינגעפאַלן צו וועלן חתונה האָבן אין אַזאַ צייט. מלחמה, פאַלמער־רעידס, אָט איז ער נאָר־וואָס געוואָרן אַ בירגער, אָט דאַרף ער אַריבערנעמען אַ שוועסטער. וואָס איז דאָס געאייל? ווערט ער חתונה האָבן צו דרייסיק

יאָר. אַזוי, אַזוי, גאָלדע ווערט אַ כלה. וואָס זאָל ער זאָגן דער גוטער פרוי יאַקובאָוויטש? איר ווינטשן מזל־טוב? פרעגן ווער דער גליקלעכער איז? מסתם איז דאָס דער מר. שוסטער, מיט וועלכן ער האָט זיך באַקענט מיט אַ פּאָר וואָכן צוריק ביי איר אין הויז. און גאָלדע שווייגט. און פרוי יאַקו־באָוויטש וויל מסתם אַז ער, מאַטעק, זאָל אויפהערן קומען יעדן זונטיק.

— זאָל זיין מיט מזל, פרוי יאַקובאָוויטש. איר וועט מיך כאָטש איינלאַדן צו דער חתונה?

— איך האָב געמיינט, אַז דו וועסט זיך פילן געטראָפן. צום סוף אַרט עס דיך גאָרניט, מאַטעק?

— און אַז עס אַרט מיך יאָ, וועט עס מיר דען העלפן, מרס. יאַקו־באָוויטש? שטעלט זיך פאָר, אַז איך האָב יאָ ליב גאָלדען און אַז איך קאָן מיט איר אין איצטיקן מאָמענט ניט חתונה האָבן, צוליב אומשטענדן וואָס דערלאָזן ניט, אַז איך און מיליאָנען אַזעלכע ווי איך אויף דער גאַנצער וועלט, זאָלן קאָנען חתונה האָבן — וואָס קומט מיר דערפאַר? איך בין זיכער, אַז מיין עלטערע שוועסטער גוטשיא וויל שטאַרק חתונה האָבן און דערוויילע שרייבט מען מיר גאָרניט וועגן דעם, דערפאַר ווייל עס איז געווען אַ מלחמה און מען האָט זי ניט אויסגעכאַפּט. איז ווער איז אין דעם שולדיק? די צייט אין וועלכער מיר לעבן איז שולדיק אין דעם, ניט איך, ניט איר, ניט גאָלדע. דערפאַר בין איך געווען קעגן דער מלחמה. דערפאַר וויל איך פריער העלפן ברענגען דאָס הויז אין אָרדנונג, איידער איך וועל זיך אַריינקלייבן אַהין, אויב איר ווייסט וואָס איך מיין אויסצוברענגען . . .

— מאַטעק, דאָס איז דאָך די צרה מיט דיר, וואָס דו ביסט גאָטס סטראַפּטשע. איך האָב שטאַרק מורא, אַז עס וועט שוין פון דיר קיין לייט ניט זיין. און וואָס וועט דיר אַרויסקומען, ווען דו וועסט בלייבן אַן אַלטער בחור? וועסט עלנט ווי אַ שטיין, קיינער וועט זיך אויף דיר ניט אַרומקוקן; ניט קיין קינד, ניט קיין רינד. פע, ביסט פאַרבלענדט, מאַטעק. ס'איז אַ רחמנות אויף דיר. ס'איז ניטאָ ווער עס זאָל דיר ווייזן דעם וועג. דיין וועג איז אַ קרומער וועג, וואָס וועט דיך פאַרפירן אין אַ גרוב אַריין . . .

— מיין וועג, מרס. יאַקובאָוויטש, איז אַ ליכטיקער וועג, דערפאַר וואָס איך זע וואָס עס וועט ווייטער פאַרקומען, און איר זענט קורצזיכטיק און מער ווי אייער שוועל זעט איר ניט.

עפּעס האָט אין אים פלוצלינג געגעבן אַ בורע אויף.

— איך מוז לויפן. איך האָב געמיינט, אַז איך וועל קאָנען שפּאַצירן מיט גאָלדען. נו, איך האָב נאָך היינט אַ פּאָר מיטינגען צו אַטענדן. איך מוז לויפן. גיט איר איבער אַ גרוס. זאָגט איר, אַז איך בין דאָ געווען — און זאָל איר

זיין מיט גליק. איך ווינטש עס איר פון גאַנצן האַרצן. זי ווייסט וואָס זי טוט. איך בין מקנא דעם יונגערמאַן.

מאַטעק איז שנעל אַרויס פון הויז. זיך געלאָזט גיין אויף דער רוישי־קער עוועניו. געמיינט אפשר וועט ער באַגעגענען גאָלדען. ער האָט געבענקט נאָך איר, זיך די אויגן אויסגעקוקט. גאָלדע וועט הייסן מרס. שוסטער.

מיטאַמאָל, אָט־אַזוי גייענדיק, האָט ער דערפילט, ווי עפּעס האָט געפּלאַצט אין אים, עפּעס האָט אָנגעהויבן וויינען אין אים. ער האָט עפּעס אָנגעוואוירן. עפּעס וואָס איז אים געווען זייער טייער, איינגעבאַקן אין האַרצן: ליכטיקע אויגן, דער ליבער, וואַרעמער האַנט־דרוק, די פריש־געפּרעסטע קליידער, דער לאַנגער צאָפּ, וואָס האָט אין אים שטענדיק אָנגעצונדן דעם פייער פון לוסט, דער שמייכל אירער, וואָס האָט אים געקיצלט איבערן גאַנצן לייב. דאָס זיס קול אירס, וואָס האָט אים אַריינגעבראַכט אין איר וועלט, אין איר ראָזעווער, יונג מיידלשער וועלט. איצט ווערט זי מרס. שוסטער. ווי קאָן זי דאָס אים איבערלאָזן און ווערן מרס. שוסטער?

דער עלעוועיטעד האָט געשריגן צו אים: „פאַרגעס, פאַרגעס, פאַרגעס!"

נאָר מאַטעק האָט געענטפערט: „זי איז שטאַרקער פון דיר, פון אַלע באַנען אין דער וועלט! זי רוישט אין מיר שטאַרקער פון דעם ניאַגאַראַ וואַסער־פאַל. איך קאָן זי מער ניט דערריאַגן, איך האָב זי פאַרלאָרן. פאַרוואָס האָב איך זי פאַרלאָרן? פאַרוואָס האָב איך זי פאַרלאָרן?!"

.2

רעדן טאָג האָט מאַטעק דערוואַרט אַ בריוו פון גאָלדען. זי האָט דאָך געוואוסט, אַז ער ווייסט שוין, אַז זי איז אַ כלה געוואָרן. ער האָט אויפגעהערט קומען צו איר זונטיקס. עס זיינען פאַראיבער דריי וואָכן און ער האָט זיך ניט געוויזן אין איר הויז און ער האָט פון איר קיין וואָרט ניט באַקומען. מאַטעק האָט אַ סך געליטן. קיין מיטינג זונטיק האָט ניט געקאָנט פאַרנעמען דעם פּלאַץ פון דעם שפּאַציר מיט גאָלדען. האָט ער יעדן זונטיק אויף דער נאַכט זיך אָוועקגעזעצט און איר געשריבן אַ בריוו. מאָנטיק אין דער פרי האָט ער דעם בריוו צעריסן.

נאָר די בענקשאַפט צו איר האָט אים ניט געלאָזט רוען. האָט ער זי אָפּ־געוואַרט ביי איר שאָפּ איינמאָל אין אַ פאַרנאַכט. עס איז געווען זומער־צייט. זי האָט געטראָגן אַ ברייטן שטרוי־הוט און זי איז געווען אויסגעפּוצט אין ווייכן ווייס. ער האָט זי דערזען, נאָך איידער זי האָט אים באַמערקט. איר פּנים האָט געלויכטן. דאָס איז געווען דער אויסדרוק פון איר נאַטור. שטענדיק

מיט אַ שמייכל, קיינמאָל ניט אָנגעבלאָזן.

— אָ, האַלאָ, מאָטוש! ווי קומסטו אַהער? עס איז אַזוי גוט דיך צו זען. וואָס האָט דיך געבראַכט אַהער? איך האָף, אַז דו האָסט מיר צו דער־ציילן גוטע נייעס וועגן זיך און דיינע שוועסטער. איך גיי ניט אַהיים אַצינד. באַגלייט מיך אַ שטיקל וועגס. איך דאַרף זיך זען מיט מר. שוסטער.

זי האָט אים גענומען אונטערן אָרעם און זי האָט געוואַרט, אַז מאָטעק זאָל אָנהויבן רעדן. נאָר ער האָט געשוויגן.

— וואָס שווייגסטו, מאָטוש? ווי איך פאַרשטיי, האָט דיר די מאַמע דער־ציילט, אַז איך וועל אינגיכן חתונה האָבן. פרייט דאָס דיך ניט?

— יאָ און ניט, גאָלדע.

— אַלץ וואָס איך קאָן דיר זאָגן, מאָטוש, איז אַז עס איז ניט מיין שולד, און דו ווייסט עס.

— נו, לאָמיר בעסער שווייגן וועגן דעם.

— יאָ, מאָטוש, עס איז בעסער ניט צו רעדן וועגן דעם. דערצייל מיר בעסער וועגן זיך. אַרבעטסט? האָסט בריוו פון דער היים?

— איך קלייב זיך אין וועג אַריין, גאָלדע.

— אין וועלכן וועג? האָסט מיר גאָרניט דערציילט ביז איצט.

מאָטעק האָט אַליין ניט געוואוסט ווי אַזוי די ווערטער האָבן זיך אַרויס־געקייקלט פון זיין מויל. ער האָט ניט געטראַכט פריער וועגן קלייבן זיך אין אַ וועג אַריין. איצט, ניט טראַכטנדיק, האָט ער איר עפּעס דערציילט, וואָס איז ערשט אויפן געדאַנק אַרויפגעקומען נאָך דעם ווי ער האָט גערעדט דערוועגן.

— איך וועל זיך באַלד לאָזן וואַנדערן איבער אַמעריקע.

— אַליין?

ווידער האָט מאָטעק אַרויסגעזאָגט עפּעס וועגן וועלכן ער האָט פריער ניט געהאַט געטראַכט.

— ניין, מיט אַ פריינט.

— אַ מיידל־פריינט?

— ניין, אַ בחור.

— האָסט מיר קיינמאָל ניט דערציילט, אַז דו האָסט אַזאַ נאָענטן בחור־פריינט. וואו וועט איר וואַנדערן? אַי, ווי איך וואָלט וועלן וואַנדערן מיט דיר!

— נו?

— נו, איצט רייצסטו זיך מיט מיר. איצט, חכם, איז צו־שפּעט.

זיי זיינען געגאַנגען און געשוויגן. גאָלדע האָט זיך פּלוצלינג אָנגערופן:

— עס טוט מיר לייד זיך צו געזעגענען מיט דיר דאָ. — זי האָט זיך אָפּ־

געשטעלט. מאַטעק האָט זיך אַרומגעקוקט.

— פאַרוואָס עפּעס דאָ, גאָלדע?

— דערפאַר וואָס דאָ וויל איך זיך מיט דיר צעקושן און דיר ווינטשן אַ גליקלעכע רייזע.

זי האָט אים אַרומגענומען און אים געקושט אין מויל. פאַר מאַטעקן איז דאָס געווען אומגעריכט און צו־גיך. ער האָט זיך אויך פאַרשעמט, מחמת מענטשן האָבן געקוקט אויף זיי.

זי האָט אויסגעשטרעקט אירע לאַנגע, בליענדיקע הענט צו אים און אַריינגענומען זיינע פינגער אין אירע. ער האָט דערזען ווי טרערן האָבן אַ בלישטשע געטאָן אין אירע אויגן. אָן אַ וואָרט איז זי אַוועק פון אים.

ער איז געבליבן שטיין און איר נאָכגעקוקט. זי האָט זיך ניט אומגעקוקט. ער האָט געזען ווי זי איז אַריבער אויף דער צווייטער זייט גאַס. ער האָט נאָכגעפאָלגט אירע טריט. ער האָט געזען ווי זי האָט פאַרגיכערט אירע טריט. אַ יונגערמאַן האָט אויסגעשטרעקט די אָרעמס צו איר, זי האָט אים אַרומגענומען. זיי האָבן זיך צעקושט. זיי האָבן זיך געלאָזט גיין געאָרעמט.

מאַטעק האָט זיך געלאָזט גיין אין אַן אַנדער ריכטונג. ער איז אַזוי געגאַנגען אַ לאַנגע צייט. אַן איינזאַמקייט האָט אים באַשווערט און געדריקט.

— איינזאַמקייט איז מיין שונא. איינזאַמקייט פירט ניט איין בחור צו אַ פּראָסטיטוטקע, — האָט מאַטעק זיך אַליין געמוסרט. ער האָט זיך דערמאָנט אין זיינע מיטאַרבעטער אין פאַבריק און אין שאַפּ. יונגעלייט וואָס האָבן געהאַט דריי אינטערעסן אין לעבן: בעיזבאָל, דעם סאַלון און נקבות. קיין פּאָליטיק האָט זיי נישט אינטערעסירט, די אינטערעסן פון לאַנד זיינען זיי ניט אָנגעגאַנגען און זיי זיינען דאָך געווען הי־געבוירענע און געקוקט אויף אים ווי אויף אַ גרינהאָרן. אָבער ער האָט זיך גענומען צום האַרצן דעם וואוילזיין פון לאַנד. זיי האָט ניט געאַרט ווער עס איז דערוויילט געוואָרן צום קאָנגרעס, נאָר זיי האָבן אַוועקגעגעבן דעם לעצטן סענט פאַר אַ גאַסן־מיידל, שטייענדיק אין לאַנג אַ צייט, ביז מען איז צו איר צוגעקומען.

— איינזאַמקייט האָט זיי געטריבן צום גאַסן־מיידל. איינזאַמקייט דאַרף מיך טרייבן אין דער באַוועגונג אַריין. איך וועל זיך לאָזן צו די מיינערס, צו די שטאָל־אַרבעטער, איך וועל וואַנדערן איבערן לאַנד און העלפן, וואו מען וועט מיך דאַרפן. גוטשיא וויל ניט אַהער קומען. די איבעריקע שוועסטער וויל זי ניט לאָזן אַהער קומען, — האָט מאַטעק קאָנפערירט מיט זיך אַליין, גייענדיק אויף פאַרלאָזענע טראָטואַרן.

.3

עס איז נאָך אַלץ געווען אַ „בום" אין לאַנד. מאַטעק האָט ניט גע־האָט קיין דאגה צו קריגן אַרבעט. ער האָט אָבער ניט געקאָנט אַריין אין דער יוניאָן. מען האָט אים דערקלערט, אַז אויסער ניו־יאָרק וועט אים אָנקומען אַ סך לייכטער. איבערהויפּט אויב אים וועט געלינגען אַרונטערצונעמען אַ שאַפּ און אים העלפן אָרגאַניזירן.

די ווערטער וואָס האָבן זיך אומגעריכט אַרויסגעגליטשט פון זיין מויל, בעת ער האָט גערעדט צו גאָלדען, זיינען מיטאַמאָל געוואָרן זיין אָנשפּאַר. יאָ, ער וועט זיך לאָזן וואַנדערן איבער אַמעריקע. ער האָט ליב דאָס לאַנד. ער וויל זען דאָס לאַנד. דער וועג איז אַ ווייטער, אַ ליכטיקער. וואו עס קומט פאָר אַ סטרייק, דאָרט ווערט ליכטיק דער וועג. סטרייקן — מיינט ווערן אויפגעקלערט, מיינט דערוואַכן. וואָס פאַר אַ באַטרעף האָט טורמע, אָדער אַ פּאָליצייאישער קלאָב קעגן דער אייניקייט פון די אַרבעטער, קעגן גע־וואונענע פּאָזיציעס ?

מיט אַ קורצער צייט צוריק האָט זיך מאַטעק געהאַט באַקענט מיט אַ בחור, וואָס איז געווען אַ צוויי יאָר עלטער פון אים. בעת האָט ער געהייסן. בען איז געווען אַ מיטגליד פון דער „אַי. דאַבליו. דאַבליו." ער האָט געקענט דאָס לאַנד אויסגעבונדן. ער האָט געהאַט אָנטיילגענומען אין אַ צאָל בלו־טיקע סטרייקס פון די האָלץ־אַרבעטער אין וואַשינגטאָן שטאַט. ער איז געווען אַן עדות פון פּאָליציי ברוטאַליטעט און פון אומגערעכטיקייט פון דער פע־דעראַלער רעגירונג קעגן די אינטערעסן פון די אַרבעטער, איבערהויפּט קעגן די ניט־אָרגאַניזירטע אַרבעטער אין די שווערע אינדוסטריעס, וואו עס האָבן געאַרבעט אַ סך פרעמד־געבוירענע, וועמען מען האָט ניט געגעבן קיין מעג־לעכקייט זיך צו באַקענען מיט די דעמאָקראַטישע טראַדיציעס און אינ־סטיטוציעס פון לאַנד.

בען האָט אויף מאַטעקן אויסגעאיבט אַ שטאַרקע ווירקונג גלייך פון דער ערשטער באַקאַנטשאַפט אָן. דאָס וואָס מאַטעק האָט ניט אַרויסגעקראָגן פון ביכער, מחמת זייער ווינציק ביכער זיינען געשריבן געוואָרן וועגן דער געשיכטע פון דער אַמעריקאַנער יוניאָן באַוועגונג, דאָס האָט מאַטעק געקראָגן פון בענס דערפאַרונג אין דער אַרבעטער באַוועגונג. בען איז געקומען קיין ניו־יאָרק אָן אָנגעגליטער פון די קאַמפן. ער האָט געזונגען די וואָבלי לידער מיט גרויס היץ, נאָר ער איז געווען היבש אַנטוישט פון דער א. וו. וו. באַ־וועגונג. די רעוואָלוציע אין רוסלאַנד, דער וועג פון סאָוועטן־פאַרבאַנד איז געווען פאַר אים אַ לייכט־טורעם און די גרינדונג פון דער קאָמוניסטישער

פּאַרטיי אין אַמעריקע האָט אים צוגעצויגן צו איר ווי אַ מאַגנעט.

בען איז געווען אַ היגער געבוירענער. זיין פאָטער איז געווען דער אייגנ־טימער פון אַ גרויסער קליידער קראָם אין שיקאַגאָ און זיין זון האָט פון קיין נויט קיינמאָל ניט געוואוסט, אַזוי לאַנג ווי ער האָט זיך געפונען אין פאָטערס רשות. בען איז אַריינגעטראָטן אין שיקאַגער אוניווערסיטעט — נאָר עס האָט אים געצויגן מער צו דער גאַס, ווי צו ביכער. די גאַס האָט אים באַ־קענט מיט דער אמתער אַמעריקע, איבערהויפּט די שיקאַגער גאַס, וואָס איז געווען דער מיטלפונקט פון די מערסטע שטאָטן. בען איז געווען מער פאַר־אינטערעסירט אין די אָפּגעריסענע־אָפּגעשליסענע הויבע, ברייט־ביינערדיקע יונגען, וואָס האָבן זיך אַרומגעדרייט אויף די טראָטואַרן און זיך פאַרזאַמלט אַרום די רעדנער אויף די ראָגן, ווי אין די זאָרגלאָזע סטודענטן אויפן קעמפּוס פון אוניווערסיטעט.

מאַטעקס באַקאַנטשאַפט מיט בענען איז פאָרגעקומען צופעליק, אויף אַ פאַרזאַמלונג. מאַטעק האָט גערעדט יידיש, בען האָט זיך איינגעהערט און געשמייכלט.

— הלוואי וואָלט איך געקאָנט רעדן אַזוי שיין יידיש ווי איר רעדט, — האָט בען געזאָגט צו מאַטעקן, — לאַנג אין לאַנד ?

אַ פּאָר שעה זיינען ביידע יונגעלייט אַרומגעגאַנגען איבער די גאַסן און מאַטעק האָט בענען דערציילט זיין ביאָגראַפיע. בען איז געווען נידעריקער פון מאַטעקן, נאָר ברייט־פּלייציקער און פולער. ער איז געווען אַ גוטער פוטבאָל שפּילער, האָט ער דערקלערט מאַטעקן, און זיין פויסט איז אים אויך גאַנץ אָפט צונוץ געקומען. מאַטעק האָט מקנא געווען בענען מיט זיין ביל־דונג. בען איז געווען אויסגעבונדן אין דער אַמעריקאַנער געשיכטע און מאַטעק האָט זיך ניט געקאָנט אָפּוואונדערן, וואָס זיין נייער פריינט געדענקט אַלץ אויפן קאָפּ. ער האָט געקאָנט ציטירן לינקאָלנס אַ רעדע און דזשעפער־סאָנס רייד גאָר פריי. ער האָט געדענקט נעמען און דאַטעס פון דער אַמערי־קאַנער געשיכטע, ווי ער וואָלט יעדן טאָג אַריינגעקוקט אין אַ געשיכטע־בוך.

בען און מאַטעק זיינען געוואָרן פריינט. אין ניו־יאָרק האָט בען געאַרבעט אין האַפן, נאָר פאַרבראַכט האָט ער דאָ מער צוליב זיינער אַ געליבטע, ווי צוליב דער אַרבעט. ער האָט איינמאָל זיך אויסגערעדט דאָס האַרץ פאַר מאַטעקן און געזאָגט:

— די שיפן קומען אָן און שווימען אַוועק. מיין בעל וויל פאַרלאָזן איר מאַן און קינד און קומען צו מיר. איך בין אָבער ווי אַ שיף. איך קאָן לאַנג ניט בלייבן אויף אַן אָרט. אַ קינד וויל איך האָבן אַן אייגנס. זי וועט דאָס קינד ניט איבערלאָזן מיטן מאַן און אַזוי דאַרף זיין. חתונה האָבן וויל איך ניט,

נאָר בעלן האָב איך ליב, איך האָב זי מער ליב ווי איך האָב עמיצן ווען ס'איז ליב געהאַט. ווען די לאַגע וועט ווערן אומדערטרעגלעך, וועל איך זיך ווידער לאָזן אין וועג. איך בין ווי אַ שיף.

ווען מאָטעק האָט, נאָך זיין געזעגענען זיך מיט גאָלדען, דערקלערט בענען, אַז ער וויל זיך לאָזן אין די שטאָל־געגנטן, וואו מען גרייט זיך צו אַ גענעראַל־סטרייק, האָט בען אים, ווי זיין שטייגער איז געווען, געענטפערט קורץ און שאַרף:

— איך בין גרייט, ברודער.

עס איז געווען פונקט אין יענער צייט, ווען אין פענסילוועניאַ שטאַט איז דערמאָרדעט געוואָרן פעני סעלינס, די יוניאָן־טוערין פון די קוילן־מיינערס. זי איז געווען ניין־און־פערציק יאָר אַלט, אַ באָבע און די מאַמע פון אַ זון, וואָס איז דערהרגעט געוואָרן אין דער מלחמה, אַלס אַ סאָלדאַט פון דער אַמעריקאַנער אַרמיי. דערמאָרדעט איז זי געוואָרן פון די געדונגענע דעפּיו־טיס, וואָס די קאָמפּאַניס האָבן אָנגעשטעלט צו באַשיצן די סטרייק־ברעכער. די נייעס וועגן איר מאָרד האָט אויפגערודערט בענען און ער איז געקומען צו מאָטעקן מיט געביילטע פויסטן.

— זיי דערמאָרדן אונדז אין קאַלטן בלוט און שפּעטער ווערן מיר באַ־שולדיקט אין גוואַלד־טאַטן. זיי באַגייען שענדלעכע אַקטן קעגן דער קאָנ־סטיטוציע פון לאַנד און וויקלען זיך איין אין דער אַמעריקאַנער פאָן און זיי ווערן פּראָקלאַמירט פאַר די פּאַטריאָטן פון לאַנד, — האָט ער געשיפּעט.

מאָטעק איז געווען צופרידן צו לאָזן זיך פירן פון בענען. מאָטעק האָט געוואָלט פאָרן אין פענסילוועניאַ אין די מאַין־געגנטן. בען האָט אים אויס־געלאַכט:

— נאָך איידער דו וועסט באַוויזן דיין נאָז אין די עלעגעיניס, וועט מען דיך אַריינזעצן אין תפיסה. אַמעריקע באַלאַנגט ניט צו אַמעריקע. פאַראַן געגנטן, וואָס געהערן אינגאַנצן צו די קוילן־קאָמפּאַניס. די קירך באַלאַנגט צו זיי, די פּאָליציי באַלאַנגט צו זיי. די ריכטער און די געזעצגעבער באַ־לאַנגען צו זיי. לויטן געזעץ מעגסטו טאַקע גיין און פאָרן וואו דו ווילסט. נאָר דאָס געזעץ איז גילטיק אין די גרויסע שטעט, ניט אין די קליינע שטעט. מאַט, דו וואָלסט געדאַרפט אַראָפּפאָרן אין אַלאַבאַמאַ. דאָרט, ברודער, איז דיין לעבן ניט ווערט קיין פעני, אויב מען וועט דיך זען אויסרעדן אַ וואָרט מיט אַ נעגער. דו ווייסט וויפל נעגערס עס זיינען פאַראַן ביי אונדז אין לאַנד? איבער צען מיליאָן און זיי זיינען ערגער אָפּ ווי די יידן זיינען געווען אונטערן צאַר אין רוסלאַנד. ווילסט קענען אַמעריקע? הויב אָן פון דער טיפער סאַוט, ברודער. נאָר ביסט גערעכט: קום העלפן ביל פאָסטערן אין גרויסן שטאָל־

סטרייק. לאָמיר אַרונטערפאָרן אין דער פיטסבורגער געגנט. דאָרט וועט זיין לעבעדיק. דו קאָנסט רעדן פויליש. פאַר דיר וועט זיין גענוג אַרבעט צווישן די פוילישע שטאָל־אַרבעטער.

— איך בין גרייט, ברודער, — האָט מאַטעק געענטפערט.

— גרייט צו כאַפּן קלעפּ, מיינסטו? — האָט געלאַכט בען, — דיינע דער־פאַרונגען אַלס אַ ייִנגל אין פּוילן וועלן דיר צונוץ קומען, נאָר אַמעריקע איז אַ ציוויליזירט לאַנד, מיין פריינט, און די היגע קאָזאַקן זייַנען דורכגעגאַנגען הייַ־סקול. אין ברוטאַלקייט קאָנען זיי זיך אָבער פאַרגלייכן מיט די האַלב־ווילדע קאַלמיקן.

— גענוג, גענוג, בען. דער אַפּעטיט קומט מיטן עסן.

אָנהויב סעפּטעמבער זייַנען בען און מאַטעק אָנגעקומען קיין פּיטסבורג.

## קאַפּיטל צוואַנציק

# דיסקוסיע

.1

אַ יידער מאָטעק איז אָפּגעפאָרן מיט בענען קיין פּיטסבורג זיינען זיי ביידע געגאַנגען אויף אַ לאַנגן שפּאַציר איבער די שמאָלע, קאָכעדיקע גאַסן פון דער איסט סאַיד. בענען איז געווען באַקענט די שיקאַגער אָרעמקייט, נאָר די יידישע ניו־יאָרק האָט אים ניט געהאַט פאַראינטערעסירט. מאָטעק האָט זיך געוואונדערט, וואָס בען האַלט זיך בכלל ווייט פון יידישן לעבן. די ערשטע וועלט־מלחמה האָט פאַראורזאַכט נויט און הונגער צו מיליאָנען יידן אין מזרח־אייראָפּע. עס איז נויטיק געווען באַלדיקע הילף און די אַמעריקאַנער יידן האָבן זיך מאָביליזירט לויט זייערע פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע ריכטונגען און געפּרואווט לינדערן די ליידן פון זייערע ברידער און שוועסטער אויף יענער זייט ים.

ווי פאַרנומען מאָטעק איז ניט געווען מיט זיין אַנטי־מלחמה טעטיקייט, האָט ער אָבער געפונען פאַר נויטיק אָפּצוגעבן אַ פּאָר שעה אַ וואָך צו זאַמלען געלט פאַר די פּיפּלס רעליף־קאָמיטע. דאָס איז געווען די הילפס־אָרגאַניזאַציע פון יידישע אַרבעטער און ליבעראַלן.

דאָס גיין איבער די הייזער און בעטן געלט האָט מאָטעקן געגעבן אַ געלעגנהייט זיך צו באַקענען מיט יידישע מאַסן. געגאַנגען איז ער געוויינלעך מיט נאָך עמיצן, מיט אַן אַרבעטער, אָדער מיט אַ קליין־געשעפטסמאַן. יעדע וואָך האָט ער געהאַט אַן אַנדער פּאַרטנער. מען האָט געדאַרפט קריכן טרעפּ, אַ סך טרעפּ. ניט שטענדיק איז דער פּאַרטנער אָדער פּאַרטנערקע געווען אַ יונגער מענטש. ניט איינמאָל האָט געטראָפן אַז דער מיטגייער איז געווען אַן עלטערע הויז־פרוי, וואָס האָט ניט געקאָנט זיך פאַרמעסטן מיט מאָטעקן אין קריכן אויף די שטיגן. דאָך האָט ער קיינמאָל קיין באַדויער־וואָרט ניט געהערט. מען איז געגאַנגען, ווייל אַזוי האָט דאָס געוויסן געהייסן. מאָטעק האָט געוויינלעך אויסגעקליבן צו גיין אין די אָרעמע געגנטן, אויף דער

איסט סאַיד. דער אָפּרוף פון די מענטשן האָט אים איבעראַשט. געעפנט אַ טיר און עס האָט אַ בלאָז געטאָן מיט פינצטערניש אינמיטן העלן טאָג. אין קיך האָט געפלעמלט די גאַז. די נויט האָט אַרויסגעקוקט פון אַלע ווינקלען און די באַלעבאָסטע פון דער שטוב, אַרומגערינגלט פון שרייענדיקע, פאַר־שמוצטע קינדערלעך, האָט זיך צעשמייכלט גוטמוטיק און דערפילט דער־הויבן, וואָס מען איז צו איר געקומען נאָך הילף.

— זיצט, ליבע מענטשן. אָט, וועל איך אייך עפּעס געבן. קיין סך, צום באַדויערן, בין איך ניט אומשטאַנד צו געבן, נאָר איך האָב אָפּגעשפּאָרט פון נויטיקסטן. ס'איז ווינציק, איך ווייס, הלוואי וואָלט איך געקאָנט געבן מער, וואָלט איך זיכער געגעבן מיט דער פולער האַנט. זאָלן זיין געבענטשט אייערע הענט, ליבע מענטשן. גייט געזונט.

אָט־די באַגעגענישן האָבן מאַטעקן אָנגעפילט מיט ליבע צום מענטשן. ער האָט געלייענט די יידישע צייטונגען און זיך אינטערעסירט מיט אַלץ וואָס עס איז פאָרגעקומען אויף דער יידישער גאַס. קיין אַקטיוון אָנטייל האָט ער אָבער ניט גענומען. ווען ניט די רעליף־אַרבעט, וואָלט ער מסתם ניט גע־קומען אין נאָענטן קאָנטאַקט מיט די יידישע מאַסן.

אין זיין אַנטי־מלחמה אַרבעט האָט ער זיך געטראָפן מיט כלערליי יידן און ער האָט שטאַלצירט מיט דעם, וואָס די מערסטע פון זיי זיינען געווען פּשוטע אַרבעטער, מענטשן וואָס זיינען געקומען פון די שעפּער גלייך אין קלוב אַריין און זיך נישט אָפּגעזאָגט פון קיין אַרבעט, וואָס די פירערשאַפט האָט זיי צוגעטיילט.

מאַטעק האָט געוואוסט, אַז אָט־די אַנטי־מלחמה אַרבעטער זיינען גוטע יוניאָן־טוער. מיט זייער בלוט און שוויס האָבן זיי געבויט די נאָדל־פאַך יוניאָנס. אַ סך קרבנות זיינען געפאַלן אין קאַמף פאַרן ערלעך שטיקל ברויט. די סטרייקס וואָס די יידישע אַרבעטער האָבן אָנגעפירט זיינען אָפט געווען בלוטיקע. זייערע יידישע און ניט־יידישע באַלעבאַטים האָבן זיך ניט אָפּ־געשטעלט פאַר קיין זאַך צו באַקעמפן די יוניאָנס. די סטרייקס האָבן זיך אָפט געצויגן חדשים לאַנג און די אַרבעטער זיינען אויסגעהונגערט געוואָרן מיט זייערע פאַמיליעס.

ניט איין בחור און מיידל, וואָס האָט באַלאַנגט מיט מאַטעקן צו אַ יוגנט־אָרגאַניזאַציע, איז געווען אַ קינד פון אַ טאַטן אַ סטרייקער, אַ טאַטן אַ בויער פון אַ יוניאָן. דאָס האָט געמיינט, אַז דאָס קינד האָט געליטן נויט, האָט ניט איינמאָל געזען דעם טאַטן אַ פאַרבאַנדאַזשירטן, אָדער אַן אַרעסטירטן פון דער פּאָליציי. די קינדער האָבן געוואוסט, אַז זייערע פאָטערס זיינען ערלעך, איבערגעגעבן מיט לייב און לעבן צו די פאַמיליעס, נאָר פאַר זייערע פּרינציפּן

פון טרעיד־יוניאָניזם וועלן זיי מקריב זיין זייערע אייגענע לעבנס און וואויל־זיין פון זייערע היימען.

— אַמעריקע דאַרף זיך פילן גליקלעך וואָס זי האָט אַזעלכע אימיגראַנטן,

— האָט מאָטעק אַרגומענטירט מיט די יאַקובאָוויטשעס נישט איינמאָל. — ניט דערפאַר וואָס איך בין אַ ייד זאָג איך עס, נאָר איך בין שטאָלץ וואָס מיר יידן גיבן אַרויס אַזוי פיל געטרייע קעמפער פאַר דער אַרבעטער־זאַך. דאָס מיינט דאָך — פאַר אַ בעסערער אַמעריקע. אויב מען וועט זיך אין דער צו־קונפט באַרימען מיטן אַמעריקאַנער לעבנס־סטאַנדאַרד, אויב מען וועט זאָגן אַז ביי אונדז אין אַמעריקע אַרבעטן די אַרבעטער ווייניקער שטונדן אַ וואָך און פאַרדינען מער געלט ווי אין וועלכן ס׳איז אַנדערן לאַנד, וועט דאָס זיין צו פאַרדאַנקען אָט־די יידישע שניידערס און קירזשנערס וואָס האָבן אָפּגעגעבן דאָס בעסטע אין זיך, כדי דאָס זאָל צושטאַנד קומען. איך הער ווי די באָסעס ווילן צעברעכן די יוניאָנס, ווי מען שטעלט אָן פריש־אַריבערגעקומענע, אומ־וויסנדיקע איטאַליענער און גריכן און מען קאָן מיט זיי טאָן וואָס מען וויל. אַזוי דוכט זיך די באָסעס אויס. נאָר די יידישע קעמפער געלינגט אויך אָט־די נייע עלעמענטן צו אָרגאַניזירן און עס קומען אַרויס איטאַליענישע און גריכישע קעמפער, וועמעס לערער זיינען געווען אָט־די אימיגראַנטישע יידישע מענער און פרויען.

די יאַקובאָוויטשעס, אַריינגערעכנט גאָלדען, זיינען קיינמאָל נישט געווען באַאיינפלוסט פון מאָטעקס רייד, נאָר מאָטעקן האָט עס ניט געאַרט. ער האָט געדאַרפט פאַר עמיצן דאָס האַרץ אויסגיסן. אַבי ער האָט זיינס אָפּגעזאָגט. זיי האָבן אים געלאָזט רעדן, ביז זייער געדולד האָט געפּלאַצט.

אַנדערש איז דאָס אָבער געווען מיט מאָטעקס נייעם חבר בען. ווען מאָטעק האָט אָנגעהויבן אַרגומענטירן מיט אים, האָט ער זיך אָנגעשטויסן אויף אַ פּליסיקערן רעדנער און פלינקערן אַרגומענטירער. בען האָט געהאַט מער וויסן פון מאָטעקן און זיינע אַרגומענטן האָבן אָפט צעשלאָגן מאָטעקן און אים געלאָזן אַ הילפלאָזן. אפשר האָט אָט־די לאַגע גראָד דערנעענטערטביידע בחורים איינעם צום אַנדערן.

מילא, אין אַרבעטער־ענינים האָט ער געוואוסט דאַרף ער זיך לאָזן פירן און לערנען פון בענען. נאָר ווי קומט דאָס, האָט ער זיך געוואונדערט, וואָס אַזאַ געלערנטער בחור ווי בען זאָל זיין אינגאַנצן אָפּגעפרעמדט פון יידישן לעבן ?

בען האָט זיך מודה געווען, אַז ער האָט קיין געפיל ניט פאַר יידישקייט. פאַרקערט, ער האָט זיך באַצויגן אַביסל ציניש צו מאָטעקס רייד וועגן די יידישע צרות אויף דער וועלט.

— דו מיינסט טאַקע, בען, — האָט מאַטעק זיך געהיצט, — אַז דו ביסט שוין פּטור פון אַנטיסעמיטיזם אין דער אַרבעטער־באַוועגונג? אַרבעטסט טאַקע אין האַפּן און דו ביסט אַ היגער געבוירענער און דו רעדסט ניט מיט אַן אַקצענט און מען קאָן מיינען, אַז דו ביסט ניט קיין ייד. נאָר איך פאַרזיכער דיר, אַז דו קאָנסט ניט זיין קיין גוטער אַרבעטער־קעמפער, ניט קעמפנדיק פאַר די רעכט פון פאַרפאָלגטע יידן. און טאַקע דערפאַר וואָס מיר יידן זיינען צווישן די געפּלאָגטסטע אין דער וועלט, טאַקע דערפאַר וואָס מען מאַכט נאָך אויף אונדז פּאָגראָמען, דאַרפסטו און יעדער ניט־יידישער ראַדיקאַל, זיין גרייט צו פאַרטיידיקן די אינטערעסן פון די יידישע מאַסן. צוליב דעם איז נויטיק צו באַקענען זיך מיט דער יידישער פּראָבלעם. און דו ביסט אַ ייד און ווייסט גאָרניט וועגן יידישקייט.

— הער זיך איין, דו ווייכהאַרציקער זון פון האַרטנעקיגן פאָלק, — האָט בען אָנגעהויבן שפּאַסיק, נאָר ער איז גלייך אַריבער אויף אַן ערנסטן טאָן, — מיינע עלטערן האָבן מיך געוואָלט מאַכן פאַר אַ גוטן ייד, דאָס מיינט, אַז זיי האָבן מיך, זינט איך בין אַלט געווען אַכט יאָר, געשיקט אין אַ „היברו“. אויב דאָס וואָס איך האָב דאָרט באַקומען, הייסט יידישקייט, וועל איך דאָס באַקעמפן מיט אַלע כוחות. דו ביסט אַמאָל געגאַנגען אין אַ היברו? אין דער אַלטער היים האָט דאָס געמוזט זיין דער חדר, יאָ? נו, מען האָט מיך דאָרט געלערנט זיין פרום און דאַוונען און די ביבל און זאָגן אַ ברכה און די הויפּט־זאַך: מען האָט מיך געוואָלט צוגרייטן צו דער בר־מצוה פּאַרטי. איך פרעג דיך: וואָס איז ביי מיר פאַרבליבן פון 4 יאָר לערנען אין היברו? מיינע עלטערן האָבן ניט געדאַוונט, ניט געזאָגט קיין ברכה, ניט געליינט די ביבל. מיין פאָטער האָט קיינמאָל ניט געטראָגן קיין היטל ביים עסן. ער האָט געדאַוונט בלויז איינמאָל אַ יאָר, יום־כּיפּור, ווען ער איז געגאַנגען אין דער סינאַגאָגע; ניט געפאַסט, געגעסן טריפות, זיך אויסגעלאַכט פון אַלע צערעמאָניעס. פאַרוואָס איז ער געווען אַזאַ היפּאָקריט און מיך געשיקט אין דער היברו? דאָס זעלבע האָב איך אויסגעפונען וועגן מיינע לערער פון היברו. איינער איז געוואָרן אַ לאָיער און חתונה געהאַט מיט אַן אייריש מיידל. דער צווייטער האָט בכלל אָפּגעלאַכט פון זיין פּראָפעסיע און אין אַ שמועס מיט אַן אַנדער לערער, גערעדט מיט האַס וועגן דער גאַנצער סיסטעם פון דער „היברו“. פאַר אַזאַ יידישקייט זאָל איך קעמפן?

— מיך וואונדערט אויף דיר, בען, וואָס דו ביסט אַזוי איגנאָראַנט, — האָט מאַטעק אָנגעהויבן גלייך קריגעריש, — איך בין אויך געגאַנגען אין חדר און איך האָב זיך אָפּגעזאָגט צו גיין, כאָטש מיינע עלטערן זיינען געווען עכט־פרום און דער חדר איז געווען עכט־פרום, נאָר איך האָב באַלאַנגט צו

אַ ראַדיקאַלער יוגנט־אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט באַקעמפט רעליגיע. פאַראַן פאַרשיידענע ריכטונגען צווישן יידן, נאָר דער אַנטיסעמיטיזם מאַכט ניט קיין אונטערשייד צווישן רעליגיעזן יידן און ראַדיקאַלן, אַטעאיסטישן יידן. ווען איך האָב זיך באַקענט מיט דיר, געדענק איך, איז דיר געפעלן מיין יידיש רעדן. פאַרוואָס?

— דערפאַר וואָס די יידישע שפּראַך האָט עפּעס אַנגערירט אין מיר, — האָט בען געזאָגט פאַרטראַכט און ער איז אַנטשוויגן געוואָרן.

— אָט דאָס איז עס, — האָט זיך מאַטעק אָנגעכאַפּט אין דעם, — די יידישע שפּראַך איז מיר טייער, ווייל זי איז די שפּראַך פון די יידישע פאָלקס־מאַסן, פון די אָרעמע שיכטן. די רייכע יידן האָבן ביי אונדז אין פּוילן זיך געשעמט מיט איר, פּונקט ווי זיי שעמען זיך דאָ אין לאַנד מיט איר. נו, אַז איך רעד אויס אַ יידיש וואָרט, קומט מיר דערפאַר אויסצושטיין באַליידיקונגען פון אַנטיסעמיטיזם?

— דו פאַרקריכסט אין טיפן וואַלד, — האָט בען אומגעדולדיק געזאָגט.

— איך האָב אין מיין היים געקראָגן אַזאַ יידישע דערציאונג וואָס האָט מיך אָנגעפילט מיט ניט־גלויבן אין דעם, וואָס דו רופסט יידישקייט. איך ווייס ניט פאַרוואָס די ליידן פון די יידן זאָלן מיר אָנגיין מער ווי די ליידן פון פאַגראָמירטע אַרמענער. איך גלויב אין מענטשן, ניט אין אויסדערוויילטע פעלקער. איך בין געבוירן געוואָרן דאָ אין לאַנד, נאָר דער טויט פון קאַרל ליבקנעכט אַרט מיך מער, ווי דער טויט פון אַ היגן נאַציאָנאַלן בעיזבאָל העלד. איך באַלאַנג צום אַרבעטער־קלאַס און דער אַרבעטער־קלאַס איז אינ־טערנאַציאָנאַל, מאַט.

די אַרגומענטן האָבן זיך געצויגן און געצויגן אוןביידע האָבן זיך ניט געפילט באַזיגט. ביי געלעגנהייטן איז מען צוריקגעקומען צום אַנגעווייטיקסטן ענין. בען האָט געוואוסט, אַז מאַטעק וועט אים ניט צורו לאָזן. אַ פּאָגראָם אויף יידן אין אוקראַינע, אַן אַנטיסעמיטישער אויסברוך אין פּוילן, אַן איבער־פאַל אויף יידן אין שיקאַגאָ, ווען מען האָט יידישע אַרבעטער ניט צוגעלאָזט אין געוויסע אינדוסטריעס אין אַמעריקע, — מאַטעק איז שטענדיק געווען גרייט מיט זיין אַמוניציע און בען איז געשטאַנען אויף דער דעפענסיווע.

.2

דער שפּאַציר אויף דער איסט־סאַיד, איידער מען איז אָפּגעפאָרן קיין פּיטסבורג, איז געווען מאַטעקס אויסגערעכנטער איינפאַל צו איבערצייגן בענען, אַז יידן זיינען אין אַ באַזונדערער לאַגע.

נאָר אין אָנהויב האָט דאָס געהאַט אויף בענען אַ פאַרקערטע ווירקונג.

— דו מיינסט מיר צו זאָגן, — האָט ער זיך געווענדט צו מאַטעקן, — אַז דיוויזשאָן סטריט רופט ביי מיר אַרויס מער סימפּאַטיע ווי די איטאַ־ליענישע געטאָ אין ניו־יאָרק? נו, גיי איך דורך די גאַסן, וואו עס שווינדלט און גריבלט מיט יידן, איז וואָס? דער ייד מיט דער לאַנגער באָרד האָט פאַר מיר ניט קיין אַנדער באַדייט ווי דער כינעזער מיטן צאָפּ, אָדער דער נעגער מיט די גראָבע ליפּן. אויב דער ייד מיט דער וואַזשנער באָרד וועט פאַרראָטן די אַרבעטער־אינטערעסן, וועל איך אים באַקעמפן מיט דער זעלבער שנאה, ווי איך וועל באַקעמפן דעם איירישן סקעב. אויב דער ייד מיט דער לאַנגער באָרד וועט גיין מיט מיר צוזאַמען אויף דער פּיקעט לאַין, וועט ער זיין מיין חבר. רעד זיך ניט איין, אַז דו האָסט סענטימענטן פאַר אים. אפשר דערפאַר וואָס דיין פאָטער האָט געטראָגן אַ באָרד. נו, איז דאָס דיין פּערזענלעכער ענין. מיטן אַרבעטער־קאַמף האָט עס גאָרניט צו טאָן.

מאַטעק האָט אים דערציילט וועגן דער אַרבעט פון דער פיפּלס רעליף און די דערפאַרונגען וואָס ער האָט געהאַט גייענדיק איבער די הייזער.

— די זעלבע סאָלידאַריטעט ווענסטו, מאַטעק, געפינען, אין צייט פון סטרייק, צווישן באַוואוסטזיניקע אַרבעטער. דו האָסט געדאַרפט זען, ווי וואונ־דערבאַר די אַרבעטער אין דער ווענסט האָבן זיך באַצויגן צו די „וואָבליס". מען האָט אונדז אומעטום אויפגענומען ווי אייגענע ברידער. מען האָט זיך מיט אונדז געטיילט מיטן לעצטן ביסן. עס איז ניטאָ קיין יידישע פּראָבלעם. עס איז פאַראַן איין פּראָבלעם אויף דער וועלט, דאָס איז די מכּה פון קאַפּי־טאַליזם. מיטן איינפירן סאָציאַליזם אויף דער וועלט וועט געלייזט ווערן די יידן־פראַגע און די נעגער־פראַגע און די אַרמענער־פראַגע. קאַפּיטאַליזם ברענגט צו ראַסן־האַס, צו ברודער־האַס, צו מלחמה, צו שאָוויניזם און קאָלאָניאַליזם.

— איך פאַרזיכער דיר, אַז דער סאָוועטן־פאַרבאַנד, וואָס האָט אַזוי פיל פעלקערשאַפטן, וועט געפינען אַ לייזונג ניט אין אַסימילירן זיי, נאָר אין אַנטוויקלען זייערע ספּעציפישע אייגנשאַפטן, — האָט מאַטעק אָנגעהויבן אײַנ־גאַנצן אַ נייעם אַרגומענט.

נאָר ווען מען האָט גענומען רעדן וועגן דעם לאַנד פון די סאָוועטן האָבן ביידע אָדער איינגעשטימט, אָדער געפּרוּווט טרעפן וואָס די צוקונפט וועט באַווייזן. דאָ האָט מען זיך אַריינגעלאָזט אין רייד, וואָס זיינען געווען דער רעזולטאַט פון די לעצטע אינפאָרמאַציעס, וואָס יעדער איינער האָט זיך גע־האַט דערוואָרבן.

זיינען זיי געגאַנגען איבער די גאַסן פון דער איסט סאַיד, די צוויי יידישע

יונגעלייט, און געפילט ווי וועלטן האָבן זיי דערוויטערט און וועלטן האָבן זיי דערנעענטערט. מאָטעק האָט ניט געקאָנט פאַרשטיין בענס יידישלאָזיקייט און בען האָט ניט געקאָנט באַגרייפן פאַרוואָס מאָטעק פילט אַ צוגעבונדנקייט צום יידישן פאָלק. און אויף מאָטעקס פראַגע: „לויט דיין מיינונג דאַרף מען אינגאַנצן ניט האָבן קיין יידיש פאָלק?", האָט בען קיין ענטפער ניט געקאָנט געבן. ער האָט טאַקע געגלויבט אין איין אַלוועלטלעכן קלאַס, נאָר דער עניין פאָלק און ראַסע און לאַנד האָט אים ניט צופרידנגעשטעלט, דאָך האָט ער זיך גענומען די מי צו שטודירן און אויסגעפינען, וואָס זיינע וועגווייזער האָבן געהאַט צו זאָגן וועגן דעם. ער האָט גערעדט ווי ער האָט געפילט.

אין האַרצן ביי זיך האָט בען געטראַכט, אַז מאָטעקס פאָטער האָט עפּעס איינגעפלאַנצט אין אים, עפּעס וואָס ער האָט מיטגענומען מיט זיך אין אַמעריקע און וואָס וועט מסתם בלייבן מיט אים אויף זיין גאַנצן לעבן; עפּעס וואָס איז שטאַרקער פון לאָגיק. און דאָס האָט בענען געבראַכט אויפן געדאַנק וועגן זיין אייגענעם פאָטער.

„ווי מאָטעק דערציילט, האָט ער פיל געליטן פון זיינע עלטערן און זיינע עלטערן האָבן פון אים קיין גרויס נחת אויך ניט געהאַט. און דאָך האלט ער זייער אָנדענק טייער, — האָט בען אַרגומענטירט מיט זיך אַליין, — „מיינע עלטערן האָבן מיר געגעבן יעדע געלעגנהייט צו געניסן פון וועלכער ס'איז בילדונג איך האָב נאָר געוואָלט. מאָטעקן האָט מען געשטערט צו קריגן אַן אַקאַדעמישע אויסבילדונג. מיינע עלטערן זיינען, זינט איך געדענק, געווען גוט אָפּ. עס האָט מיר קיינמאָל קיין זאַך ניט געפעלט. אַנדערש איז דאָס געווען מיט מאָטעקן. און דאָך פאַרמאָג איך ניט צו מייניקע דעם אינערלעכן, וואונדערלעכן געפיל, וואָס זיינע עלטערן האָבן געלאָזט אין מאָטעקן. פאַרוואָס איז דאָס אַזוי? איך שעם זיך אים דאָס צו זאָגן, נאָר אין האַרצן בין איך אים מקנא".

ניט איינמאָל האָט מאָטעק זיך געוואונדערט, וואָס בען רעדט וועגן זיינע עלטערן אין שיקאַגאָ מיט אַ קאַלטקייט, וואָס מאָטעק האָט ניט געקאָנט באַ־גרייפן.

— ווען איך וואָלט געהאַט אַזעלכע עלטערן, וואָלט איך דאָך אַוועק גאָר ווייט. זיי האָבן אים געגעבן אַלע מעגלעכקייטן, וועגן וועלכע איך האָב בלויז געקאָנט חלומען, — האָט מאָטעק געטראַכט, — ווי ער דערציילט, האָט ער קיינמאָל ניט געוואוסט פון קיין נויט אין הויז. זיינע עלטערן האָבן אים קיין זאַך ניט געשטערט, אפילו געלאָזט אים זיך לערנען שפּילן פידל. וואָלט איך אַמאָל געוואַגט אין דער היים צו זאָגן, אַז איך וויל זיך לערנען שפּילן פידל? מען וואָלט געמיינט, אַז איך בין פון זינען אַרונטער. מיין גרעסטער חלום איז

דאָך געווען צו האָבן ווען עס איז אַן אייגן בעט, וואו איך וועל זיך קאָנען אויס־ציען אין דער גאַנצער לענג און ברייט . . . בען האָט פון קינדווייז אויף באַקומען די מעגלעכקייטן צו אַנטוויקלען זיינע מוסקלען. די אַמעריקאַנער פּאַבליק סקול און די האַי סקול האָט אים אויסגעלערנט אַלע פיזישע איבונ־גען און ספּאָרט־שפּילן. קיין לערער האָט קיינמאָל אויף אים קיין האַנט ניט אַרויפגעלייגט, אפילו מיט קיין פינגער אים ניט געוואַגט צו דראָען. און בען האָט פאַרלאָזט זיין פאָטערס הויז און ער האָט פאַרלאָזט זיין אוניווער־סיטעט־בילדונג און ער איז געוואָרן אַ מיטגליד אין דעם קעמפערישן פּראָ־לעטאַריאַט, אַ מענטש וואָס איז זייער ניט פּאָפּולער היינטיקע צייטן . . . טייערער, ליבער בען!

און מאָטעק האָט ניט געקאָנט פאַרשטיין פאַרוואָס בענס הויז האָט דעם זון דערווייטערט פון יידישן פאָלק. איז אין דעם שולדיק געווען די אַמערי־קאַנער לאַגע? האָט אָבער מאָטעק געוואוסט, אַז די רעליגיעזע יידן האָבן זיך דאָ אין לאַנד שטאַרק באַפעסטיקט מיט זייערע תלמוד־תורות, שולן און אומצייליקע אָרגאַניזאַציעס. ער האָט געהערט, אַז עס זיינען פאַראַן אַמערי־קאַנער געבאָרענע יידן וואָס זיינען פרום, האַלטן שבת און דערציען זייערע קינדער אין זעלבן גייסט. האָט מאָטעק אויך געוואוסט, אַז די ראַדיקאַלע יידן האָבן זיך זייערע יידישע ראַדיקאַליע אָרגאַניזאַציעס, זייערע צייטונגען און אַז מען האָט געעפנט יידישע קינדער־שולן אין ראַדיקאַלן גייסט.

איז בען געווען אַן אויסנאַם? אָדער איז ער געווען מאַסגעבנדיק פאַר טויזנטער יידישע אַמעריקאַנער געבאָרענע ראַדיקאַלן? די פראַגע האָט מאָ־טעקן געעגבערט און ער האָט קיין ענטפער ניט געקאָנט געפינען.

האָט זיך מאָטעק געזעגנט מיט דער איסט סאַיד, ווי מיט אַן אייגענעם. איז אים געווען נאָענט יעדעס פּנים; האָט ער זיך אָפּגעשטעלט קוקן, ווי אויף וואונדער, אויף פאַרשיידענע טיפּן יידן, וואָס ער האָט דעם ערשטן מאָל באַ־געגנט. נאָר בען ביי זיין זייט האָט גאָרנישט ניט געפילט און זיך געלאַנג־ווייליקט און געבעטן זיך ביי מאָטעקן, אַז ער זאָל שוין אַמאָל פאַרגיכערן די טריט און אויפהערן גלאָצן מיט די אויגן.

נאָר ווען ביידע האָבן שוין איינגעשטימט, אַז מען דאַרף צוגיין צום „על" און אַהיים פאָרן און זיך נעמען פּאַקן, האָט עפּעס פּאַסירט, וואָס האָט געמאַכט, אַז מאָטעק און בען זאָלן זיך איבערקוקן אין פאַרוואונדערונג.

אויף דער רווישיקער, ברייטער דילענסי גאַס, אויפן וועג צום עלעוויטעד, האָט בען באַמערקט, ווי אַ פּאָליסמאַן איז געשטאַנען און גערעדט מיט אַ יידן, וואָס האָט זיך געגלעט זיין קורץ געשאָרן בערדל. בען איז פאַראינטערעסירט געוואָרן.

— זע, מאַט, — האָט ער מאַטעקן געגעבן אַ שטורך מיטן עלנבויגן.
— לאָמיר צוגיין. דער ייִד רעדט זיך פאַמעלעך מיטן הויכן פאַליסמאַן,
— האָט מאַטעק ניט געקאָנט פאַרשטיין וואָס עס האָט פּאַסירט.
זיי האָבן זיך איינגעהערט. דער פאַליסמאַן האָט גערעדט אַ געזונטן, היימישן יידיש. מאַטעק האָט אַריינגעשושקעט בענען, אַז ער רעדט אַ ליט־ווישן יידיש. זיי האָבן ביידע געהערט ווי דער פאַליסמאַן האָט געזאָגט:
— אם ירצה השם, וועל איך קומען צום מיטינג און פאַרשלאָגן דעם טעקס.
דער ייִד מיטן בערדל האָט אַרויפגעקוקט צום פאַליסמאַן אין שטייפן אוניפאָרם און געענטפערט געמיטלעך:
— ס'איז ניט שייך צו זאָגן אַ טעקס. יאָ, טעקס, ניט טעקס, נאָר די חברה דאַרף העלפן אַ שלאָפן מיטגליד.
און דער פאַליסמאַן האָט געענטפערט:
— ר' מאיר, נעמט זיך ניט צום האַרצן. עס וועט זיך אויספּרעסן, ווי מען זאָגט ביי אונדז אין אַמעריקע.
איז מאַטעקן איינגעפאַלן אַ געדאַנק. ניט באַראַטנדיק זיך מיט בענען, איז ער צוגעגאַנגען צום פאַליסמאַן און געזאָגט:
— אַנטשולדיקט, אָפיסער, אפשר ווייסט איר וואו עס געפינט זיך דאָ אין דער געגנט דער קלוב פון די יונגע סאָציאַליסטן, פון די איפּסלס?
געזאָגט האָט מאַטעק דאָס אין יידיש. בען איז געשטאַנען און געקוקט דאָ אויף מאַטעקן, דאָ אויפן פאַליסמאַן.
דער פאַליסמאַן האָט אַנגעשטעלט זיין בליק אויף מאַטעקן. ער האָט געדאַרפט זיין אַ יונגערמאַן אין די אָנהויב דרייסיקער. זיין פנים איז געווען קלוג און פעסט. זיינע שוואַרצע קאַרשן־אויגן האָבן געהאַט אין זיך עפּעס שטאָליקס און דער אויסדרוק אויף זיין פנים האָט זיך פּלוצלינג געביטן פון מאַטעקס פראַגע.
— מיסטער, ווי וויט איך ווייס, איז פאַראַן אַזאַ קלוב אויף קלינטאָן סטריט, אַ פּאָר בלאָקס פון דאַנען. איר ווייסט וואו קלינטאָן סטריט איז? — האָט דער פאַליסמאַן דערקלערט מאַטעקן אין אַ געשולטן ענגליש.
— יאָ, — האָט מאַטעק געענטפערט, — און אַ דאַנק, נאָר איר וועט מיר אַנטשולדיקן, אָפיסער. איך הער, אַז איר רעדט יידיש. איך האָב אייך גע־פרעגט אַ פראַגע אויף יידיש און געענטפערט האָט איר מיר אויף ענגליש. פון וואַנען ווייסט איר, אַז איך פאַרשטיי אייך?
— אַז איר זוכט די איפּסלס, מיסטער, — פאַרשטייט איר ענגליש, — האָט דער פאַליסמאַן געענטפערט אויף יידיש און זיך צעשמייכלט.
— פון וואַנען קומט צו אייך אַזאַ פיינער יידיש? — האָט מאַטעק אים

ניט אָפּגעלאָזט.

— פון וואַנען? וואָס הייסט פון וואַנען? — האָט דער פּאָליסמאַן ווידער גערעדט יידיש, — איך בין אַ ייד. כ׳בין דאָ געבאָרן געוואָרן, אויף טשערי סטריט, לעבן אַ פערד־שטאַל. ביי אונדז האָבן די איירישע ייִנגלעך אויך געקענט אַ יידיש וואָרט. וואָס איז דער חידוש?

ווען בען און מאַטעק האָבן זיך אַריינגעזעצט אין עלעוועיטעד האָט מאַטעק אַ לאַכנדיקער געקוקט בענ׳ען אין די אויגן אַריין און געשוויגן. זיין קוק האָט שוין גערעדט פאַר אים.

— דו קוקסט אויף מיר ווי דו וואָלסט אָפּגעהאַלטן אַ גרויסן זיג, מאַט. אַ פּאָליסמאַן האָט גערעדט יידיש. אַ יידישער פּאָליסמאַן! הורא, הורא, הורא! נאָר איך וועל ניט זיין איבערראַשט, אַז דער יידישער פּאָליסמאַן וועט באַנוצן זיין יידישן קלאָב צו שפּאַלטן די קעפּ פון יידישע סטרייקערס, אָדער פון יידישע איפּסלס. ניט אַזוי, מאַטעק?

— דריי מיר ניט קיין ספּאָדעק איצט מיט דיינע בויך־סברות, בען. פאַר מיר איז דאָס אַ נייעס צו זען, ווי אַ יידישער פּאָליסמאַן שטייט אין גאַס און רעדט זיך געמיטלעך דורך מיט נאָך אַ יידן וועגן העלפן אַ קראַנקן מיטגליד פון זייער חברה און דער פּאָליסמאַן רעדט יידיש. דו פאַרשטייסט ניט מיין אַרגומענט.

— מאַט, בלייב בעסער אויף דער איסט סאַיד און פריי זיך מיט דיינע יידישע פּאָליסלייט. איך וועל שוין פאָרן קיין פּיטסבורג אַליין. אין פּיטסבורג דאַרף מען האָבן יונגעלייט, וואָס זאָלן פאַרשטיין דעם קלאַסן־קאַמף, פאַרשטייסט?

— בען, גיב צו, אַז דער פּאָליסמאַן האָט דיך אויך אַביסל איבערראַשט מיט זיין יידיש רעדן, יאָ?

— נו, איך גיב צו. איז וואָס?

— אַ דאַנק, בען. צום ערשטן מאָל אין אַ לאַנגער צייט וואָס דו גיסט עפּעס צו.

— אין פּיטסבורג וועסטו צוגעבן אַ סך זאַכן, מאַט.

— איך זאָג דיר צו, בען.

## קאַפּיטל איין און צוואַנציק

# רעווערענד ריטשאַרדס

### .1

פּיטסבורג האָט אויף מאַטעקן געלאָזט אַ מוראַדיקן איינדרוק. ער האָט ליב געהאַט צו באַרימען זיך, אַז נאָך לאָדזש קאָן אים שוין קיין שטאָט ניט איבערראַשן. אפילו ניו־יאָרק האָט אים ניט דערשטוינט. ניו־יאָרק האָט געהאַט אין זיך אי לאָדזש, אי וואַרשע, אי ברעמען, אי אפילו דאָס קליינע שטעטל זיינס. אַנדערש איז געווען מיט פּיטסבורג. די שטאָט האָט אים אַ זעץ געטאָן אין פּנים אַריין, האָט ער זיך אַליין געזאָגט. ניט אין מויל, נאָר אין פּנים אַריין.

ער איז אָנגעקומען אַהין מיט בענען אין אָוונט. אַ טייך האָט געברענט מיט אַ העלישן פייער. דאָס האָבן אין דער פינצטערניש געגעבן אַ ברויז־אויף די רויטע פלאַמען פון די שמעלץ־אויוונס. דער טייך האָט אַ פלאַקער געטאָן און באַלד איז ער ווידער שוואַרץ געוואָרן. די שטאָל־גיסערייען, די קוימענס, די בייזע דראָענדיקע צונגען, וואָס האָבן זיך געריסן צום הימל, די פאַרשוואַרצטע געביידעס, די האַרטע פּנימער פון אַרבעטער, וואָס זיינען געווען ווי אַן אָפּשפּיגל פון די פאַבריקן און גיסערייען, אין וועלכע זיי האָבן געאַר־בעט — אַלץ האָט געווירקט אויף מאַטעקן. ער האָט זיך דערפילט אי שוואַך, קעגן דער שטאָט, אי זי האָט אים אָנגעפילט מיט אַ קאַמפס־לוסט.

— אָט דאָ וועל איך געשטאָלט ווערן אין אונדזער קאַמף, — האָט ער געזאָגט צו בענען.

— אָט דאָ, און אַרום דאָ, וועסטו פאַרזוכן דעם טעם פון אַמעריקאַנער קאָזאַקן און דו וועסט קאָנען אורטיילן, וועלכע קאָזאַקן זיינען חיהשער — די צאַרישע, אָדער די „דעמאָקראַטישע“ . . .

עס איז געווען ערב דעם גענעראַלן שטאָל־סטרייק. דער גייסט פון קאַמף האָט זיך געפילט אין דער לופטן. אין די אַרבעטער קוואַרטאַלן פון פּיטסבורג זיינען די פּנימער געווען אָנגעשטרענגט, אָנגעצויגן, די אויגן — פיבערהאַפ־

טיק און דער בליק — שפּיזיק. די שטענדיקע שרעק פון אָרנטלעכן אַרבעטער ערב אַ סטרייק, אַז דער סקעב, דער ראַץ, וועט אונטערגראָבן זיין עקזיסטענץ, האָט זיך געפילט אין דעם אומצוטרוי צו פרעמדע פּנימער. אין יענער צייט האָט מען זיך אויך געדאַרפט שטאַרק היטן פאַר די פּראָוואָקאַטאָרן, די שפּיאָנען און גלאַט קרימינעלע טיפּן, וואָס זיינען געדונגען געוואָרן פון די באַלעבאַטים צו טאָן פאַרברעכערישע אַרבעט, כדי מען זאָל שפּעטער קענען באַשולדיקן אין דעם די אַרבעטער־פירער און זיי פאַרשיקן אויף לאַנגע יאָרן אין טורמע.

אָן בענען וואָלט מאַטעק מסתּם זיך ניט געקאָנט קיין עצה געבן. בען האָט געוואוסט ווי איין, ווי אויס. ער האָט זיך געשטעלט אין פאַרבינדונג מיט די טוער פון געפּלאַנטן שטאָל־סטרייק און אין צוויי טעג אַרום איז ער מיט מאַטעקן שוין געווען אויפן וועג צו אַ שטאָל־שטעטל ניט ווייט פון פּיטסבורג. מאַטעקס פּויליש רעדן איז דאָ גלייך צונוץ געקומען און ער און בען האָבן זיך געשטעלט אין דינסט פון דער סטרייק־קאָמיטע, וואָס האָט זייביידן צוגעגרייט.

צום ערשטן מאָל האָט מאַטעק אַזוי שווער געאַרבעט אין זיין לעבן. פון אין דער פרי ביז נאָך האַלבער נאַכט איז ער געווען פאַרנומען. נאָר קיינמאָל אין זיין לעבן ביז דאַן, איז ער ניט געווען אַזוי ווילליק און צופרידן צו שטיין אין דינסט ווי יענע טעג. ער איז געקומען אין נאָענטער פאַרבינדונג מיט אַרבעטער פאַמיליעס, פאַרבראַכט אין היימען פון שטאָל־אַרבעטער, צוגעזען זייער נויט, אַנגעוואַרעמט געוואָרן פון זייער ערלעכקייט און סאָלידאַריטעט פאַרן קאַמף. קאַמף פאַר אַ בעסער לעבן פאַר זיך און פאַר די קינדער. דאָס לעבן איז געשטאַנען אין קאָן בלויז דערפאַר, וואָס די שטאָל־קאָמפּאַניס האָבן ניט געוואָלט נאָכגעבן די עלעמענטאַרסטע פאָדערונגען פון די אַרבעטער פאַר אַ יושרדיקן לוין, פאַר אַ מענטשלעכער באַהאַנדלונג, פאַר אַ פאַרזיכערונג פון די לעבנס ביי דער געפערלעכער אַרבעט.

די קאָמפּאַניס האָבן זיך באַצייטנס געהאַט אָנגעגרייט מיט סטרייקברעכער. זיי האָבן פאַרפלייצט די שטאָל־געגנטן. די סטרייק אָנפירער האָבן געפּרואווט אויפקלערן די סקעבס, וואָס זיינען אימפּאָרטירט געוואָרן פון אַנדערע שטאַטן. איבערהויפּט איז די אָנשטרענגונג געמאַכט געוואָרן אויף די טויזנטער נעגער־אַרבעטער, וואָס זיינען אויסגענוצט געוואָרן אַלס סטרייקברעכער. די סטרייק־קאָמיטע האָט גוט פאַרשטאַנען, אַז גאָר אַ גרויסע שולד אין דעם וואָס די ניט־באַוואוסטזיניקע נעגער־אַרבעטער לאָזן זיך אויסנוצן אַלס סקעבס איז געפאַלן אויף דער יוניאָן באַוועגונג גופא, אויף דער „אַמעריקען פעדערעישאַן אָוו לעיבאָר", וואָס האָט זיי ניט געוואָלט אַריינגעמען אין

די יוניאָנס, אָדער פאַר זיי געגרינדעט ספּעציעלע „דזשים־קראָו״־לאָקאַלן אין די יוניאָנס, וואו זיי האָבן זיך ניט געטאָרט אויסמישן מיט ווייסע אַרבעטער, וואו דער שוואַרצער אַרבעטער האָט געקראָגן אַ קלענערן לוין פאַר דער זעלבער אַרבעט ווי דער ווייסער.

מאַטעק האָט פאַרבראַכט שעהן לאַנג יעדן טאָג ביי מיטינגען פון די סטרייק־קאָמיטעטן און ער האָט איינגעזען, אַז ערשט איצט הויבט ער אָן צו פאַרשטיין די אמתע לאַגע פון די אַרבעטער. דאָס איז פאַר אים געווען אַ שול, וואו ער האָט געשלונגען יעדעס וואָרט פון די לערער, די אָרגאַניזאַטאָרס פון סטרייק, פּשוטע אַרבעטער, געשטאָלטע, איבערצייגטע, קלאָר־אויגיקע און אַנטשלאָסענע.

— אַזוי ווי זיי וועל איך זיין, — האָט ער געזאָגט צו בענען.

און בען האָט געענטפערט:

— ברודער, דו ביסט צו ענטוזיאַסטיש. זע נאָר זאָלסט ניט פליען צו הויך, ווייל דו וועסט פאַלן צו נידעריק. איך האָב שוין צופיל געזען אַזעלכע מילד־אויגיקע אידעאַליסטן, וואָס ווען זיי כאַפּן די ערשטע גוטע קלעפּ, לויפן זיי אין קירך הערן באַכ׳ס מוזיק, כדי צו קילן די נשמות זייערע. דערוואַרט אַנטוישונגען, ברודער, אַניט וועסטו שלעכט אָפּשניידן.

ווען מאַטעק האָט געדאַרפט רעדן צו אַן אַרבעטער וועגן שטאָל־סטרייק, האָט ער געהאַט פאַר זיך אַ גרינגע אויפגאַבע, האָט ער געטראַכט. ער האָט פאַר זיך געהאַט די פונקטן וואָס די פיר־און־צוואַנציק יוניאָנס האָבן אויסגעאַרבעט ביי אַ קאָנפערענץ וועגן סטרייק. די פונקטן וואָס די אַרבעטער האָבן אַרויסגעשטעלט צו די שטאָל־מאַגנאַטן זיינען געווען אַזעלכע פּשוטע, די פאָדערונגען אַזעלכע עלעמענטאַרע, אַז מאַטעק האָט אין קיין פאַל ניט געקאָנט באַגרייפן ווי אַזוי אַזאַ אַרבעטער־פירער ווי סעמיועל גאָמפּערס האָט געקאָנט אַריינשטעכן דער סטרייק־קאָמיטע אַ מעסער אין זייט אין דער לעצטער שעה ערב דעם סטרייק.

מאַטעק און בען זיינען געשלאָפן אין איין צימער. פאַרן שלאָפן גיין האָט מאַטעק גערעדט צו בענען און נאָכאמאָל איבערגעקייט די פונקטן.

— מיר דוכט זיך, — האָט ער אָנגעהויבן, — אַז דאָס גאַנצע אַמעריקאַנער פאָלק האָט געדאַרפט אויפשטיין און געבן די שטאָל־קאָמפּאַניס אַזאַ ווידערשטאַנד, אַז ביי די קומענדיקע נאַציאָנאַלע וואַלן זאָל די מלוכה קאָנען איבערנעמען די שטאָל־אינדוסטריע. וואָס קאָן זיין מענטשלעכער ווי די פאָדערונגען פון דעם האַלבן מיליאָן שטאָל־אַרבעטער? און וואָס פאַר אַ גרעסערן העלד פאַרמאָגט אַמעריקע היינט־צו־טאָג ווי וויליאַם ז. פאָסטער, וואָס ווייזט זיך אַרויס צו זיין דער איינציקער אמתער אַרבעטער־פירער אין לאַנד?

הער פונקטן: 1) דאָס רעכט פון קאָלעקטיווע פאַרהאַנדלונגען; 2) אָנשטעלן צוריק די אַלע אַרבעטער וואָס זיינען אָפּגעזאָגט געוואָרן פאַר יוניאָן אַקטי־וויטעטן און באַצאָלן פאַר דער פאַרלוירענער צייט; 3) אַן אַכט שעהדיקער אַרבעט־טאָג; 4) איין רו־טאָג אין זיבן; 5) אָפּשאַפן דעם 24 שעהדיקן שיפט; 6) אַ לוין־העכערונג צו גאַראַנטירן דעם אַמעריקאַנער לעבנס סטאַנדאַרד, א. אַז. וו.

— וואָס קאָן זיין עלעמענטאַרער, בען? ווי קאָן אַזאַ נפש ווי גערי שפּילן אַזאַ אָנגעזעענע ראָלע אין אַמעריקאַנער לעבן?

בען האָט זיך צעלאַכט אויפן קול.

— מאַט, דו ביסט אַ בעיבי. איך האָב מורא, אַז דו וועסט שוין קיין אַרבעטער־פירער ניט זיין. פאַרוואָס? ווייל דו ביסט אַן אידעאַליסט, ניט קיין סאָלדאַט. עס איז אַ מלחמה, מאַט, דו דערמאָנסט מיך אין מיינע קאָלעדזש־טעג, דו רעדסט ווי אַ סטודענט, ניט ווי אַן אויסגעפּרובירטער קעמפער. מיר'ן זען פאַרטיקערהייט.

מאַטעק האָט געענטפערט:

— בען, איך האָב נעכטן פאַרבראַכט ביי אַ פּוילישער פאַמיליע אין הויז. ער איז אַ טעטיקער מיטגליד פון דער יוניאָן. האָט די פרוי אונדז דערציילט, אַז עמיצער איז געקומען צו איר אין הויז אַריין און געזאָגט: „איך גיב דיר אַ וואָרנונג, אַז מען וועט דיין מאַן אונטערהאַקן די זייטן, וועסט אים געפינען אַ צעקריפּלטן און דו מיט דיינע קינדער וועלן אַרויס־געטריבן ווערן פון שטעטל. זאָג דיין מאַן, אַז ער זאָל זיך אָפּטשעפּן פון דער יוניאָן. מיר האָבן זיין נומער. מיר וועלן קומען אים באַזוכן און ער וועט קיין גאַנצער פון אונדזערע הענט ניט אַרויס. די רעגירונג איז מיט אונדז. עס וועלן ניט זיין קיין יוניאָנס אין דער שטאָל־אינדוסטריע. עס וועט זיין אַן „אָפּען־שאָפּ“. דאָס איז דער אַמעריקאַנער לעבנס־וועג“.

— וואָס האָט די פרוי געענטפערט? — האָט בען געפרעגט.

מאַטעק האָט אַ פאַרטראַכטער אַרומשפּאַצירט איבערן צימער און דאַן געזאָגט:

— וואָס האָט זי געזאָלט ענטפערן. זי האָט געוויינט, ווען דער מאַן איז אַהיים געקומען. זי האָט געזאָגט: „לאָמיר צוריקפאָרן קיין פּוילן. איך וועל פּיטערן אַ בהמה און זיין זיכער מיט מיין לעבן.“

— און וואָס האָט ער געזאָגט? — האָט בען געפרעגט מאַנאַטאָן.

— דו האָסט אים געדאַרפט אָנקוקן, בען. אַ געוועזענער פויער. ער איז דיין וואוקס, נאָר דאָס פּנים איז ביי אים אינגאַנצן צעקנייטשט און די בלאָס־בלויע אויגן טיף אַריינגעזעצט. בלויז די טונקל־בלאָנדע וואָנצעס,

אַזעלכע געדיכטע און לאַנגע, רעדן פאַר אים. זיי זאָגן, דוכט זיך: „מיר'ן אונדזער שטעטל באַשטיין.“ נו, ער האָט געזאָגט צו דער פרוי אַזוי: „איך בין אין אַמעריקע, בין איך, מאַריאַ. איך בין איינער פון אַ האַלב מיליאָן שטאָל־אַרבעטער. דיין ברודער יאַן איז געפאַלן אין שלאַכט קעגן די דייטשן. פאַרוואָס איז ער געפאַלן? ער האָט ניט געוואוסט. מיר פירן אויך מלחמה. נאָר מיר ווייסן פאַרוואָס. מיר פירן מלחמה קעגן די רויבער, וואָס ווילן אַרויס־רייסן דאָס ווייסע שטיקל ברויט פון אונדזערע קינדערס הענט. זיי מאַכן די גרעסטע פּראָפיטן פון אַלע אינדוסטריעס און אונדז צאָלט מען די קלענסטע לוין. ווען מיר זיך לאָזן טרעטן, ווען מיר זיין מייז, ניט קיין מענטשן? האָסט מורא, אַז מען וועט מיך באַפאַלן, אָדער אַז מען וועט דיך באַפאַלן און צעשטערן אונדזער הויז? נו, דו קאָנסט זיך דען אויסהיטן פון אַ רויבער אָדער אַ גענגסטער? דאָס וואָס דו האָסט מיר דערציילט, מאַריאַ, מאַכט מיך פאַר אַ בעסערן סטרייקער. זאָל דער פּאַן פון דער יוניאָן הערן וואָס איך זאָג. זעסט, מאַריאַ, דער פּאַן איז אונדזערס אַ לאַנדסמאַן, פון פּוילן, אַ ייד, און געקומען אונדז העלפן. ניטאָ קיין אונטערשייד אין אונדזער קאַמף. מיר זיינען מער ווי פופציק פּעלקער אין סטרייק. די יידישע אַרבעטער פון ניו־יאָרק, די שניידערס און פוטער־אַרבעטער שיקן אונדז געלט און ווען אונדז העלפן ווען דער סטרייק וועט זיך אָנהויבן. דאָס איז אַמעריקע, מאַריאַ, די אַרבעטער־אַמעריקע.“

— מאַט, דו האָסט אַ דאַנקבאַר פעלד פאַר זיך, — האָט אָנגעהויבן בען.

— מאַרגן וועסטו מיטגיין מיט מיר. מען האָט מיר איבערגעגעבן איבערצו־רעדן אַ פּאָר נעגערס, וואָס מען האָט געבראַכט אַהער אַלס סקעבס. דאָרט וועסטו אַזעלכע ווי דיין פּאָליאַק ניט געפינען. זיי זיינען אויפגערעגט ביז גאָר. און מיינסט, אַז זיי זיינען ניט גערעכט? אין אַ געוויסער מאָס נעמט זיך זייער סקעבעריי פון אונדזער דיסקרימינירן קעגן זיי. דער ווייסער וויל זיי אין ערגעץ ניט צולאָזן, בלויז צו וואַשן טאַילעטס. זייער סקעבעריי איז אַ סאָרט נקמה. זיי זיינען אויסגעצייכנטער מאַטעריאַל פאַר אונדזער באַוועגונג. און וואָס האָט די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי דיינע געטאָן אַריינצוציען די נעגער־מאַסן אין אירע רייען? און וואָס האָבן מיר געטאָן אין דער א. א. וו. באַוועגונג זיי צו געווינען? מאַט, דער אַמעריקאַנער אַרבעטער איז אַ ציוויליזירטער מענטש. אין פאַרגלייך מיט אַרבעטער אין אַזיע, איז ער אַ פּרינץ. אין פאַרגלייך מיט אַרבעטער אין אייראָפּע, איז ער אויך פינאַנציעל בעסער פאַרזיכערט. נאָר פּאָליטיש און עקאָנאָמיש איז ער אָפּגעשטאַנען. אוי, ווי אָפּגענאַרט און פינצ־טער! ער קאָן דוכט זיך לייענען און שרייבן, נאָר ער לאָזט זיך נאַרן אין זאַק אַריין ווי אַ קעצל. דערפאַר האָב איך פאַרלאָזן דעם שיקאַגאָ אוניווער־

סיטעט. וואָס טויג מיר צו ווערן אַ לערער פון אַמעריקאַנער געשיכטע, ווען די לערע פון מיין וועגווייזער טאָמאַס דזשעפערסאָן ווערט געהאַלטן אויף די ביכער פּאָליצעס און ווען מען וויל זי אָנווענדן אין לעבן, קומט דער פּאַלמער און זעצט דיך אַריין אין אַטלאַנטאַ פּריזאָן. דו ווייסט וואָס טאָמאַס דזשעפערסאָן האָט געטאָן, ווען ער האָט זיך אומגעקערט קיין פילאַדעלפיע? ער האָט באַקעמפט העמילטאָנס אַזוי־גערופענע אַריסטאָקראַטישע גענג. אין אַנדערע ווערטער: היינט־צו־טאָג וואָלט העמילטאָן געווען אין גערים לאַגער. האָט דזשעפערסאָן געזאָגט: „מען מוז אויפרודערן די מאַסן, מאָביליזירן זיי, מוש־טירן זיי און פירן זיי.“ דאָס וואָס מיר ווילן טאָן היינט־צו־טאָג. דזשעפערסאָן וואָלט היינט־צו־טאָג געגאַנגען האַנט־אין־האַנט מיט פּאָסטערן. לייען פּאָס־טערס רעדעס און דו וועסט איבערצייגט ווערן, נאָך דעם ווי די וועסט לייענען דזשעפערסאָנס אַרטיקלען. אין זיין צייט האָט מען קעגן דזשעפערסאָנען גע־פירט אַ לינטש־קאַמפּאַניע, ווי מען פירט איצט קעגן פּאָסטערן, קעגן דעבסן, קעגן די א. א. וו. טוער. צייטונגען וואָס זיינען אַרויסגעקומען צוגונסטן דזשעפערסאָנען, האָט מען פּאָגראָמירט. מען האָט אויסגעטראַכט קעגן אים די ווילדסטע זאַכן. ס'איז ניט איצט קיין צייט דיר צו דערציילן אַלץ. לערן, ברודער, פון דער אַמעריקאַנער געשיכטע צו ווערן אַ גוטער קעמפער פאַרן אַרבעטער־קלאַס און דאָס מיינט פאַר דער היינטיקער אַמעריקע.

.2

בען און מאָטעק זיינען געגאַנגען אין אָוונט דורך אַ הינטער גאַס צו טרעפן זיך מיט אַ פּאָר נעגער סטרייק־ברעכער. די באַגעגעניש איז פאָרגע־קומען ביי אַ נעגערשן גלח אין הויז. די גאַנצע געגנט איז געווען באַוואוינט בלויז פון שוואַרצע. בען האָט זיך געדרייט און אויסגעמידן אָנצוטרעפן זיך מיט מענטשן דעם גאַנצן וועג.

— רעווערענד ריטשאַרדס, באַקענט זיך מיט מיין פריינט פון דער סטרייק־קאָמיטע, — האָט בען פאָרגעשטעלט מאָטעקן פאַרן גלח, וואָס איז געווען אַ יונגערמאַן מיט אַ רואיקן אויסזען און אַ געלאַסן קול, אַ הויכער, אַ דאַרער, און מיט ווינציק האָר אויפן שמאָלן לאַנגן קאָפּ.

— וואו זיינען העגרי און לו? — האָט געפרעגט בען און זיך אַרומ־געקוקט.

— זיי זיינען דאָ. איר ווילט רעדן צו זיי? באָר איידער איך רוף זיי אַריין, וויל איך זיי פאַרזיכערן, אַז עס וועט מיט זיי גאָרניט פּאַסירן, — האָט דערקלערט דער גלח.

— רעווערענד ריטשאַרדס, איך שווער ביי גאָט, אַז מיר זיינען געקומען טאָן אַ נאָבעלע זאַך און זיי דאַרפן פאַר קיינעם קיין מורא ניט האָבן, — האָט פאַרזיכערט בען.

דער גלח איז צוגעגאַנגען צו די טרעפ וואָס האָבן געפירט צו זיינע אויבערשטע חדרים.

— קומט אַרונטער, באַיעס, עס איז אַלרייט, זאָג איך אייך, — האָט ער רואיק אַרויפגערעדט.

עס זיינען אַרונטערגעקומען צוויי איבערגעשראָקענע מענער. מאָטעק האָט זיך אָנגעשטרענגט ניט צו לאַכן. זיי זיינען געווען אַזוי דערשראָקן, אַז זיי האָבן זיך ווי באַהאַלטן הינטער דעם גלחס פּלייצעס. נאָר אויסגעזען האָבן זיי ביידע ווי ריזן, ווי פּרייז־פייטערס. עס האָבן זיך געוואָרפן אין די אויגן אַריין זייערע לאַנגע, מעכטיקע הענט. זיי זיינען ביידע געווען נאָענט צו זעקס פוס הויך און די פּנימער זיינען בייביידן געווען אויסגעהאַקט ווי פון גראַניט. זייערע קולות זיינען געווען ווי דער זעץ אין אַ קעסל פויק.

בען האָט אָנגעהויבן:

— הענרי און לו, באַקענט זיך מיט מיין פריינט מאָו. ער איז פון דער סטרייק־קאָמיטע. ווי איר זעט, האָט ער מער מורא פאַר אייך, ווי איר פאַר אים. מיר זיינען ביידע געקומען אייך בעטן, אַז איר זאָלט ניט סקעבן קעגן די אַרבעטער פון דער שטאָט. זיי וואוינען דאָ לאַנגע יאָרן און זיי האָבן פרויען מיט קינדער. איר זייט פרעמדע דאָ. מען האָט אייך אָפּגענאַרט. מען זאָגט אייך צו גוטע דזשאָבס, נאָר ווען דער סטרייק וועט זיין געענדיקט, וועט מען אייך אַרויסוואַרפן און איר וועט דאַרפן צוריקפאָרן פאַרשעמטע צו זיך אַהיים. מיר ווייסן, אַז איר זייט ניט שולדיק. איר האָט קיין אַרבעט ניט און מען באַהאַנדלט אייך אומעטום שלעכט בלויז דערפאַר וואָס איר זייט נעגערס. נו, מיר זיינען יידן. מיין פריינט דאָ קומט פון אַמאָליקן רוסלאַנד, וואו אַ ייד האָט ניט געטאָרט וואוינען וואו ער האָט געוואָלט און ניט געטאָרט לער־נען זיך אין איין שול מיט די ניט־יידן און ניט געטאָרט אַרבעטן ביי די מערסטע פאַכן און נישט געטאָרט וואוינען אויפן לאַנד. מיר ביידע קאָנען אייך מיטפילן מער ווי עמיצער אַנדערש. טאָקע דערפאַר נעמען מיר אָנטייל אין סטרייק. ווען די האַלב מיליאָן שטאָל־אַרבעטער וועלן געווינען דעם קאַמף פאַר בעסערע וועידזשעס און פאַר אַ שטאַרקערער יוניאָן, וועט דאָס מיינען, אַז דער נעגער־אַרבעטער וועט דאַרפן אויך געווינען. איר ווייסט, אַז מיר קומען אַרויס פאַר דעם נעגער; מיר פאַרלאַנגען גלייכע רעכט פאַר אייך און גלייכע וועידזשעס. ווען איר וועט אונדז העלפן געווינען דעם סטרייק קעגן גערין, וועלן מיר אייך העלפן געווינען מער ווי איין קאַמף פאַר נעגער־רעכט.

— מיסטער בען, — האָט אָנגעהויבן הענרי, — אין דער היים האָבן מיר פרויען און קינדער וואָס האָבן ניט וואָס צו עסן. דאָ האָט מען אונדז געגעבן געלט און דזשאָבס. מיר האָבן גאָרניט קעגן אייך און אייערע, נאָר דאָס איז אַ פריי לאַנד און אונדז שוואַרצע איז אומעטום שלעכט און אונדז אָרט ניט פון וואַנען מיר וועלן קריגן אונדזער ברויט. אייך האָט ניט געאַרט ביז איצט, ווי מען האָט אונדז באַהאַנדלט. איר האָט ניט געזאָגט: „נעגער, מיר זיינען געקומען דיר העלפן קריגן דיינע רעכט.‟ וואָס וועט זיין אַז מיר וועלן אַהיים פאָרן? מיר וועלן זיך אַרומדרייען ליידיק און קיין ווייסער דזשענטלמאַן וועט זיך אויף אונדז ניט אומקוקן, אפילו ווען מיר וועלן אויסגיין פון הונגער. וואָס זאָגט איר, רעווערענד ריטשאַרדס?

דער גלח האָט זיך אויסגעהוסט און האַלטנדיק האַלב פאַרשטעלט דאָס מויל ווי ער וואָלט ניט וועלן, אַז זיינע רייד זאָלן זיך צעשפרייטן איבערן צימער, האָט ער אָנגעהויבן אין אַ תפילה־טאָן:

— מיינע ברידער הענרי און לו און מיינע ווייסע פריינט פון דער סטרייק־קאָמיטע, דזשענטללייט: איך האָב אויסגעהערט ביידע צדדים. עס דוכט זיך מיר, אַז עס איז דאָ גאָטס אמת אין ביידנס רייד. איר ווייסט, אַזוי ווי איך ווייס, אַז שולדיק אין דער גאַנצער זאַך איז די שטאָל־קאָמפּאַני. זי איז איינגעשפאַרט און וויל ניט נאָכגעבן די פאָדערונגען פון די אַרבעטער. די אַרבעטער, דזשענטללייט, פאָדערן ניט קיין סך. זיי האָבן גערעכטע פאָדערונגען, דוכט זיך מיר. דאָס וואָס די קאָמפּאַני האָט אַהער געבראַכט אַזוי פיל קינדער פון מיין שטאַם, איז ניט קיין גלייכע זאַך. אַזוי ווערט עס געטאָן. ווען עס האַנדלט זיך אין אַ צרה, וויל מען אַז דער נעגער זאָל זיין דער קרבן.

— יאָ, יאָ! — האָט אויסגעשריגן הענרי און לו האָט צוגעברומט.

— איך קאָן ניט אַרויסקומען און זאָגן צו מיינע ברידער: „נעגערס, פאָרט צוריק אין אייערע היימען‟. ווען איך טו דאָס, פאַרליר איך מאָרגן מיין אָרעם ברויט און איך קאָן גיין זיצן אין טורמע דערפאַר. דער שטאָל־טראָסט איז שטאַרקער פון פרעזידענט פון די יונאַיטעד סטעיטס, דוכט זיך מיר. וואָס קאָן איך טאָן? איך קאָן בלויז זאָגן צו הענרין און לו: „ברידער, דער לאָרד איז אייער פּאַסטוך און ער וועט אייך ניט פאַרלאָזן. דאָס וואָס איר זייט געקומען טאָן דאָ, איז ניט קיין גוטע זאַך. לאָזט זיך ניט פאַרפירן פון די פאָר דאָלאַר. פאָרט צוריק אַהיים און גאָט וועט אייך העלפן. איר וועט קיין חרטה ניט האָבן. פאַרקויפט ניט אייערע נשמות פאַר געלט. איך קאָן אַזוי ניט רעדן צו אַ סך פון די אַריבערגעקומענע וואָס פאַרטרינקען זייער צייט און וואָס פאַרברענגען די נעכט מיט לויזע פרויען, וואָס די קאָמפּאַני

האָט צו מיין פאַרדרוס, אַראָפּגעבראַכט פאַר זיי.

— וואָס זאָגסטו, לו ? — האָט הענרי זיך געווענדט צו זיין חבר.

— איך ווייס ניט, העגרי . . . וואָס זאָגסטו ?

— איך זאָג אַזוי: דער רעווערענד ריטשאַרדס האָט גערעדט קלוגע רייד און די רייד פון דעם סטרייק־מאַן זיינען מיר אויך געפעלן. מיר זיינען דאָך גלויביקע. די מערסטע מיט אונדז דאָ זיינען ניט פון אונדזער גלייכן. זיי טרינקען, זיי גלויבן ניט אין גאָט, זיי טראָגן זיך אַרום מיט לאַנגע מעסערס און שטאַנגען אייזן. עס איז ניט פאַר אונדז, לו. ניט אַזוי האָט אונדז דער לאָרד דזשיזעס געלערנט. לאָמיר פאָלגן דעם רעווערענד ריטשאַרדס און נאָך היינט ביינאַכט פאַרלאָזן. וואָס זאָגסטו, לו ?

— איך זאָג „אָלרייט", לאָמיר היינט אָפּציען פון דאַנען. נאָר ווי אַזוי ? בען האָט זיך אַריינגעמישט:

— אין אונדזער סטרייק־קאָמיטע האָבן מיר אַ צאָל שוואַרצע חברים. מיר האָבן אַ קאַר. די קאַר וועט אין אַ שעה אַרום וואַרטן אויף אייך ביים וועג, וואָס פירט צו אַ האַיוועי. איר דאַרפט בלויז גיין אַ קורצן שטח מיט אייערע זאַכן. טאָמער וועט מען אייך פרעגן, וועט איר זאָגן, אַז איר קלייבט זיך איבער אין אַ נייער קוואַרטיר. די קאַר וועט אייך צופירן ביז פּיטסבורג. זי וועט געטריבן ווערן פון אַ נעגערשן חבר. איר דאַרפט קיין מורא ניט האָבן. אין קאַר וועט ליגן אָנגעגרייט פאַר אייך אַ פּעקל עסן. מיר וועלן אייער נאָבעלן טאָט ניט פאַרגעסן. איר זייט דזשענטללייט און איר האָט הערצער פון גאָלד.

— איר טוט די ריכטיקע זאַך און פאָלגט דעם סטרייק־מאַן, — האָט גע־ענדיקט דער גלח.

אַלע האָבן זיך אויפגעשטעלט. ווען מאָטעק האָט דערלאַנגט זיין האַנט העגרין, האָט ער דערפילט ווי טרערן קומען אים אָן.

— איך פיל ווי צו קושן אייך, — האָט ער פלוצלינג אַ זאָג געטאָן צו העגרין. אַלע האָבן זיך צעלאַכט.

בען האָט אַרויסגענומען אַ פינף דאָלאַר ביל.

— העגרי און לו, די סטרייק־קאָמיטע איז אָרעם. אין זייער נאָמען גיב איך אייך די פינף דאָלאַר אייך צו העלפן צוריקפאָרן. גוד־באַי און די ברכה פון גאָט זאָל זיין אויף אייך.

העגרי האָט געקוקט צום גלח האַלטנדיק דאָס געלט אין דער האַנט.

— ער האָט עס אייך געגעבן, טוט מיט דעם וואָס איר ווילט, ברידער, — האָט דער גלח געזאָגט און אונטערגעשמייכלט.

— איך אויף דייך פלאַץ וואָלט דאָס ניט גענומען, — האָט לו פלוצלינג אַ דונער געטאָן און זיך צעלאַכט.

— מיר דוכט זיך, אַז דו ביסט זיכער גערעכט. מיר האָבן דאָס געלט ניט פאַרדינט. פאַרוואָס קומט דאָס אונדז? פאַר טאָן וואָס איז רעכט, דאַרף מען ניט באַלוינט ווערן. דער לאָרד זעט און ער באַלוינט, ניט אַזוי, רעוורענד?

— איך פריי זיך וואָס איר פאַרשטייט די זאַך אַזוי. נאָר עס איז אַן אויס־דרוק פון אָנערקענונג צו אייך. ניט דאָס געלט איז דאָ וויכטיק, — האָט דער גלח געפּרעדיקט.

— איך וועל דיר זאָגן וואָס מיר וועלן טאָן, לו, — האָט זיך אָפּגערופן הענרי און אַ פּאַטש געטאָן מיט די פולע ליפּן, — מיר וועלן דאָס געלט אַוועקגעבן פאַר דער קירך. רעוורענד ריטשאַרדס וועט וויסן וואָס צו טאָן מיט דעם. דאָ זיינען דאָ אַ סך נויט־באַדערפטיקטע. מיר האָבן געקראָגן גוט באַצאָלט די צוויי וואָכן וואָס מיר זיינען דאָ, כאָטש מיר האָבן זיך דאָס געלט ניט פאַרדינט . . . רעוורענד ריטשאַרדס, דאָס איז אונדזערביישטייער אויפן טעלער.

אַלע האָבן געלאַכט. הענרי און לו האָבן פאַרלאָזט. נאָך זיי, אין אַ צען מינוט אַרום, זיינען שטילערהייט אַרויסגעגאַנגען בען און מאַטעק.

קאַפּיטל צוויי און צוואַנציק

# בען

.1

אומזיסט האָט מאַטעק זיך באַרימט מיט די „רויטע יוני טעג" אין לאָדזש פאַר זיין חבר בען. דאָס וואָס ביידע האָבן איבערגעלעבט אין אַ וואָך צייט סוף סעפּטעמבער אין דער שטאָל־געגנט פון מערב פּענסילוועניע, האָט איבערגעשטיגן אַלץ וואָס לאָדזש האָט ווען עס איז געהאַט, האָט זיך מאַטעקן אויסגעוויזן.

דעם 22טן סעפּטעמבער זיינען די שטאָל־אַרבעטער אַרויס אין סטרייק. דער קאַמף איז פאָרגעקומען אין פופציק שטעט, אין צען שטאַטן. פון איין זייט איז געשטאַנען דער שטאַרקסטער און רייכסטער קאַפּיטאַליסטישער שיכט אין אַמעריקע, דער שטאָל־טראַסט. פון דער אַנדערער זייט האָבן די אַרום פיר הונדערט טויזנט שטאָל־און אייזן־אַרבעטער געהאַט דעם צוזאָג פון צוויי מיליאָן אָרגאַניזירטע אַרבעטער, דורך זייערע יוניאָנס. באַלד פון אָנהויב איז געוואָרן קענטיק, אַז די שטאָל־אַרבעטער ווערן פאַרראַטן אויף טריט און שריט פון די אַרבעטער־פירער פון אַנדערע יוניאָנס. דער שטאָל־טראַסט איז גע־שטאַנען אייניק און מיט אים איז געשטאַנען — שטאָל־און־אייזן — די אַמע־ריקאַנער רעגירונג.

מאַטעק און בען האָבן זיך בייטאָג ניט געוויזן אין גאַס. זיי האָבן גע־וואוסט, אַז זייער לעבן איז אין גרויס געפאַר. די „קאָזאַקן", אָדער ווי מען האָט זיי גערופן, די „קאָנסטאַבלס", האָבן אָן אַ פאַרוואָס געשלאָגן יעדן איינעם אין אַרבעטער־געגנט. אַרויפגעריטן מיט די פערד אויף די טראָטואַרן, גע־טריבן די איינקויפער אין די קראָמען, געיאָגט קינדער, זיך אַריינגעריסן אין היימען. די סטרייק קאָמיטעס און זייערע לאָקאַלן האָבן געמוזט ווערן אונ־טערערדיש. יעדע נאַכט זיינען מאַטעק און בען געשלאָפן אין אַן אַנדער הויז. כמעט יעדער שטיקל געשעפטסמאַן, יעדער שענקער, יעדער אָנגעשטעלטער אין אַ באַנק, אָדער אין אַ רעגירונג אַמט, האָט באַקומען אַ דערלויבעניש צו

ווערן אַ ספּעציעלער פּאָליציי דעפּיוטי מיטן רעכט צו אַטאַקירן סטרייקערס. יעדער לעגיאָנער איז געוואָרן אַ באַשיצער פון די סקעבס. עס איז געווען אַ מצוה צו הרגענען סטרייקערס, זייערע פרויען און קינדער.

אינמיטן נאַכט האָט מען אויפגעוועקט מאַטעקן און בענען, וואָס זיינען געשלאָפן אין איין צימערל ביי אַ סטרייקער און מען האָט זיי געהייסן גלייך זיך אָנטאָן און זיך אַריינזעצן אין אַ פאַרמאַכטן טראָק. דאָס האָט די סטרייק־קאָמיטע געהאַט אויסגעפונען, אַז די דעפּיוטי שעריפס קלייבן זיך זיי אַרעס־טירן און אַז שפּיאָנען האָבן געמאָלדן, וואו זיי געפינען זיך. מ'האָט זיך גע־ריכט, אַז יעדע מינוט וועט מען באַפאַלן דאָס הויז.

דער טראָק האָט זיך געטראָגן איבער זייטיקע וועגן דורך דער נאַכט. פאַרטאָג איז מען אָנגעקומען קיין פּיטסבורג. מאַטעק האָט זיך שפּעטער דער־וואוסט, אַז אַ האַלבע שעה נאָך זייער פאַרלאָזן דעם סטרייקערס וואוינונג, זיינען האַלב שיכורע דעפּיוטיס באַפאַלן דאָס הויז און געמאַכט אַ פּאָגראָם אויף דעם סטרייקער און אים שטאַרק צעשלאָגן.

— מאַט, ווי געפעלט דיר אונדזער דעמאָקראַטיע ? — האָט בען זיך גע־ווענדט צו מאַטעקן, — די סטרייקערס, ווי דו האָסט געזען, זיינען נישט געווען באַוואָפנט. דער געגנער האָט געהאַט אָנגעגרייט גענוג קוילן פאַר יעדן סטרייקער, פאַר זיין פרוי און פאַר יעדן קינד, אַריינגערעכנט די עופעלעך אין די וויגן.

— בען, איך קאָן זיך נאָך אַלץ ניט פאָרשטעלן אַז דאָס וואָס מיר האָבן איבערגעלעבט אין די לעצטע דריי טעג איז אַן אמת. ווען מיר האָבן אַרויס־געקוקט פון אַ פענצטער און געזען ווי די „קאָזאַקן" זיינען באַפאַלן די קירך־באַזוכער פון דער קאַטוילישער קירך, האָב איך געמיינט, אַז דאָס איז עפּעס אַ ווילדער חלום. מענער און פרויען זיינען געגאַנגען מיט זייערע געבעט־ביכלעך, מיט די קינדער אין זונטאָדיקע קליידער אויסגעפּוצט, און מיט־אַמאָל האָבן זיך באַוויזן די „קאָזאַקן" און גאַנץ מעטאָדיש, איך וואָלט געזאָגט, גאַנץ דעמאָקראַטיש, מיט זייערע קלאָבס געזעצט איבער די קעפּ, איבער די פּלייצעס פון די אומבאַשיצטע מענער און פרויען.

— דו ווייסט דאָך פאַרוואָס זיי האָבן דאָס געטאָן, מאַט ?

— זיכער ווייס איך, בען. דער גלח פון יענער קירך איז געווען סימ־פּאַטיש צו די סטרייקערס, מחמת ער האָט זיי געקענט. זיי זיינען דאָך געווען די באַזוכער פון זיין קירך יעדן זונטיק.

— דערפאַר אָבער ווייסטו ניט, מאַט, אַז עס זיינען געווען גלחים, וואָס האָבן אָפן אָנגערייצט זייערע צוהערער, אַז מען זאָל אַרויסגיין און שיסן יעדן סטרייקער.

— יאָ?

— יאָ, יאָ! דאָס איז געווען אָרגאַניזירט. מיר האָבן באַקומען אַ צאָל באַריכטן פון עטלעכע שטאַטן וועגן דעם. נעכטן האָבן מיר באַקומען אַ באַריכט, אַז אין איין שטעטל זיינען דריי סטרייקערס דערשאָסן געוואָרן אויף טויט. די צייטונגען וועלן קיינמאָל ניט דערציילן דעם אמת וועגן די קרבנות וואָס מיר ליידן. טאָמער זאָל אָבער אַ קאָנסטאַבל זיך צעברעכן זיין גענִיק אַראָפּפאַלנדיק אַ שיכורער פון זיין פערד, וועט די פּרעסע אַרויסקומען מיט די גרעסטע קעפּ, אַז מיר האָבן דערמאָרדעט אַ היטער פון געזעץ . . .

די הויפּט־אַרבעט פון מאָטעקן און בענען אין פּיטסבורג איז געווען צו העלפן ברענגען הילף, שפּייז און געלט־מיטלען צו די סטרייקערס אין די אַרומיקע געגנטן. דאָס האָט אויך געשמעקט מיט גרויס געפאַר. די שפּיר־הינט פון שטאָל־טראָסט האָבן געהיט די וועגן, אָפּגעשטעלט יעדן טראָק און ווען זיי האָבן אויסגעפונען, אַז דאָס איז אַ הילף־טראָק פון דער סטרייק־קאָמיטע, האָט מען די שפּייז גלייך אַרויסגעוואָרפן און דעם טראָק צעשמעטערט.

עס איז געווען אַ סימן פון דער צייט, וואָס די פעדעראַלע רעגירונג האָט זיך פּאַקטיש ניט געמישט אין קאַמף. דער שטאָל־טראָסט האָט געהאַט זיין אייגענע אַרמיי, זיין פּריוואַטע אַרמיי און זי האָט זיך געקאָנט לייכט ספּראַווען מיט די אומבאַשיצטע סטרייקערס.

ענדלעך האָט מאָטעק פאַרזוכט דעם טעם פון אַ לינטש־מאָב. ער איז געפאָרן אין אַ טראָק מיט בענען צו ברענגען שפּייז צו אַ פּופציק סטרייקער־פאַמיליעס אין אַ פאַרוואָרפן שטעטל. זיי זיינען אַרויסגעפאָרן פאַרטאָג. דער טראָק איז געווען פאַרמאַכט. ער האָט אויף זיך געהאַט אַ שילדל, אַז דאָס איז אַ מעבל טראָק. בען איז געזעסן מיטן אָנטרייבער, מאָטעק האָט זיך אויסגעצויגן אינעווייניק און געכאַפּט אַ דרימל.

מיטאַמאָל האָט זיך דער טראָק אָפּגעשטעלט. מאָטעק האָט געהערט באַפעל־קולות.

— וואָס פירט איר אין דעם טראָק? עפנט אויף. מיר'ן אַ קוק טאָן.

ווען די טירן האָבן זיך געעפנט האָט מאָטעק דערזען פאַר זיך צוויי באַשטיוולטע הויכע מענער מיט ביקסן אין די הענט און ברייטע היט אויף די קעפּ.

דער טראָק איז געווען פול מיט ברויט און גרינצייג, מיט געקענטע מילך און זופּן. עס איז געווען קלאָר, אַז דאָס איז שפּייז פאַר די סטרייקערס.

בען און דער שאָפער האָבן אָפּגעלייקנט. אָנגעגעבן אַן אַדרעס פון אַ שפּייז־קראָם אין אַן אַנדער שטאָט.

איינער פון די מענער האָט געטאָן אַ פייף מיט די צוויי פינגער און גלייך

זיינען פון ער׳געץ־וואו אָנגעלאָפן נאָך מענער מיט ביקסן און קלאָבס. מען האָט דעם שאָפער, בענען און מאַטעקן באַזוכט. ביי בענען האָט מען געפונען אַ צעקנייטשט צעטעלע אין זיין הויזן־קעשענע. דאָס צעטעלע האָט געהאַט דעם אַדרעס פון דעם סטרייק־קאָמיטעט פון שטעטל.

מער האָבן די חברה־לייט ניט געדאַרפט. גלייך האָט די שפּייז אָנגע־הויבן אַרויספליען פון וואָגן און גלייך זיינען געפלויגן בוכצעס איבער די קעפּ און פּנימער פון מאַטעקן, בענען און דעם שאָפער.

בען האָט זיך, ווייזט אויס, ניט געקאָנט איינהאַלטן און ער האָט איינעם פון די שלעגער דערלאַנגט אַ זעץ אין נאָז. אין אַ מינוט אַרום איז שוין בען געלעגן אויף דער ערד און מען איז אויף אים געטראָטן מיט די שטיוול און אים געקאָפּעט מיט די אָפּצאַסן און געקלאַפּט אים מיט די קלאָבס, ווי אַ צאַפּלדיקן פיש.

— בעסטערדס! פאַרדאַמטע יידן! קערט זיך אום קיין פּיטסבורג, אין אייער ירושלים און זאָלן זיי זען ווי מיר נעמען אויף די שפּייז־קאָמיטעס!

מאַטעק, אַ צעבלוטיקטער, האָט געהאָלפן אַריינטראָגן בענען אין טראָק. דער שאָפער האָט זיך געגעבן אַ קער אויס אויף צוריק און געלאָזט דעם מאָטאָר אין פולן לויף. באַלד האָבן זיך דערהערט אַ פּאָר שאָס. דער ליידיקער טראָק איז געווען פול מיט בלוט־פלעקן. בען האָט ניט אויפגעהערט צו בלו־טיקן. אין נאָענטן שטעטל, וואָס איז ניט געווען קיין שטאָל־געגנט, איז מען אַריינגעפאָרן צו אַ דאָקטאָר, וואָס האָט בענען, מאַטעקן און דעם שאָפער גע־געבן ערשטע הילף און זיי באַנדאַזשירט.

אין פּיטסבורג האָט די סטרייק קאָמיטע געהאַלטן די דריי קרבנות אונטער דעם אויפזיכט פון אַ דאָקטאָר אַ פּאָר טעג צייט.

מאַטעק און בען זיינען צוריקגעפאָרן קיין ניו־יאָרק.

.2

אויף מאַטעקן האָבן געוואַרט אַ סך בריוו אין זיין צימער אין ניו־יאָרק. דער ערשטער קאָנווערט צו וועלכן ער האָט זיך צוגעכאַפּט, איז געווען אַן איינלאַדונג צו גאָלדעס חתונה. עס איז געווען אַן ענגלישע איינלאַדונג, געדרוקט אויף טייערן פּאַפּיר, אונטער גאָלדעס געשמאַקן אויפזיכט. מען האָט געבעטן ענטפערן, צי מען קומט. מאַטעק האָט פאַרשפּעטיקט די חתונה מיט איבער אַ וואָך.

די איבעריקע בריוו זיינען מערסטנס געווען פון לאָדזש. פון די קאָנ־ווערטן האָט ער געזען, אַז פון סאַלטשען איז קיין בריוו נישטאָ. גוטשיאַס

בריוו האָט ער געעפנט צוערשט. ער איז שנעל דורכגעלאָפן די שורות. סאָל־טשעס נאָמען איז ניט דערמאָנט געוואָרן. דאָס זעלבע האָט ער געטאָן מיט לאָטשיאָס בריוו. בלויז מלכה האָט דערמאָנט סאָלטשעס נאָמען.

„וואו סאָלטשע איז אַהינגעקומען, ווייסן מיר ניט," האָט זי געשריבן.

די בריוו פון די שוועסטער זיינען געווען פון זעלבן נוסח. גוטשיא האָט געגעבן דעם טאָן און לאָטשיא און מלכה האָבן נאָכגעפאָלגט. שיק דאָלאָרן. זיי זיינען דאָ ווערט גאָר אַ סך. דער יקרות איז גרויס. פוילן איז געוואָרן אַ פרייע מלוכה, נאָר יידן ווערט ניט בעסער, נאָר ערגער. מען באָיקאָטירט יידישע געשעפטן. מען קאָן קיין אַרבעט ניט קריגן. פאָר די אָנקלס זאָרג זיך ניט, זיי גייט עס גוט. דער אָנקל מענדל האָט געקויפט אַ פּאָר הייזער אין וואַרשע. דער אָנקל גוסטאַוו האָט זיך געקויפט אַ „גוט" אין פּאָביאַניץ. ער האָט געפּרייזטע קי, און גרויסע הינט, ווי וועלף, דרייען זיך אַרום איבער זיין אימעניע.

וועגן קומען קיין אַמעריקע האָבן די שוועסטער אויפגעהערט צו שרייבן. כאָטש מאָטעק האָט אין זיין יעדן בריוו דערמאָנט וועגן דעם. פאַרקערט, די שוועסטער האָבן געגעבן אָנצוגעהערן, אַז זיי טראַכטן ניט מער וועגן דעם. מען האָט דערמאָנט וועגן שטיין אין שידוכים, וועגן פאָרן זומער אויפן לאַנד, וועגן האַנדל־וואַנדל.

פון די אַלע בריוו האָט מאָטעק דערפילט אַן איינזאַמקייט אין זיך. ער האָט נאָך די שוועסטער ניט געבענקט. ער האָט זיך אַליין פאַרגעוואָרפן דעם מאָדנעם געפיל. רחמנות האָט ער יאָ געפילט צו זיי, נאָר בענקעניש ניט. עס וואָלט זיך אים וועלן זען די יינגסטע שוועסטער אַנדזשיא. זי איז געווען אַזוי קליין ביי זיין אָפּפאָרן און אַזוי גוטמוטיק. זי האָט אויסגעזען ווי דער פאָטער. נאָכן פאָטער האָט ער יאָ געבענקט. נאָכן פאַרשטאָרבענעם פאָטער. עס האָט אים פאַרדראָסן, וואָס עס איז פון טאַטן קיין פאָטאָגראַפיע ניט גע־בליבן. געווען איינגעשפּאַרט. אַ בפירושער דין אין דער תורה. נאָר פאָרן טויט האָט ער געהייסן ברענגען אַ פאָטאָגראַפיסט. ס'איז שוין געווען צו שפּעט. מאָטעק האָט געבעטן, אַז מען זאָל אים שיקן אַ בילד פון אַנדזשיאן און אַריינגעלייגט אין בריוו געלט פאָר דעם צוועק.

די בריוו פון דער היים האָבן ביי אים אַרויסגערופן געמישטע געפילן. ער האָט זיך דאָ אין אַמעריקע געפילט איינזאַם, נאָר נאָך לאָדזש האָט ער ניט געוואָלט צוריקפאָרן. ער האָט ניט געהאַט צוליב וואָס. די שוועסטער זיינען געבליבן אַזוי אַלט־מאָדיש, צוגענאָגלט צו די אָנקלס און די טאַנטעס. די לאָגע אויף דער וועלט האָט זיי ניט אינטערעסירט, הגם זייערע לעבנס זיינען געווען אָפּהענגיק אין דעם. אויף דעם ברודער האָבן זיי געקוקט מיט

אַנטוישונג, וואָס ער האָט זיך אין אַמעריקע ניט אַרויפגעאַרבעט און וואָס ער איז גאָר אַ פֿאַבריק־אַרבעטער, און ערגער פֿון אַלץ, וואָס ער איז דאָרט געוואָרן אַ סאָציאַליסט. די פּאָר דאָלאַר וואָס ער האָט זיי געשיקט יעדן חודש האָבן זיי צוגענומען ווי אַ חוב וואָס איז זיי געקומען און מיט אַ געפֿיל פֿון אומצופֿרידנקייט וואָס ער האָט ניט געשיקט מער. ער האָט צו זיי געשריבן וועגן טאָם מוני און וועגן סטרייקס, נאָר זיי האָבן קיינמאָל וועגן דעם מיט קיין איין וואָרט ניט געענטפֿערט. בלויז אים געגעבן מוסר, אַז ער זאָל אָפּ־שפּאָרן מער געלט און קומען צו זיך און זיך באַפֿרייען פֿון דער פֿאַבריק.

אין עלנטע מאָמענטן האָט מאַטעק געטראַכט וועגן זיינע עלטערן. איבער־הויפּט אין דער צייט פֿון יידישע יום־טובים. ער איז געווען אַ קעגנער פֿון רעליגיע. נאָר יעדער יום־טוב האָט אים דערמאָנט אין זיין אַלטער היים, איבערהויפּט אין טאַטע־מאַמע. ווי שלעכט און ביטער דאָס לעבן איז ניט געווען אין די פֿינצטערע צוויי חדרים אויף דער דזשעלנע גאַס, האָט אָבער אַלץ באַקומען אַן אַנדער פּנים, ווען ס'איז געקומען אַ יום־טוב. ערשטנס, האָט מען געשייערט און געוואַשן און אַרויסגעטריבן די וואָכעדיקייט פֿון הויז. דאָס עסן איז געווען אַנדערש, די קליידער זיינען געווען אַנדערש און די פּנימער פֿון טאַטע־מאַמע זיינען געוואָרן גאָר אַנדערש. אפֿילו זייערע רייד זיינען גע־ווען ניי. מען האָט ניט געקרעכצט, מען האָט ניט באַקלאָגט זיך. נאָר די טעג זיינען אַריבער אין אויסגערוטקייט, אין צופֿרידנקייט און געזאַנג. ער, מאַטעק, האָט שטענדיק געבענקט נאָך זיי.

דאָ אין אַמעריקע האָט ער אָפּגעהוזקט פֿון אַ קאָנגרעגעישאָן, פֿון אַ בית־מדרש. ער האָט זיי געהאַלטן פֿאַר אָפּגעלעבטע אינסטיטוציעס אין נייעם לאַנד. נאָר זיצן ביי אַ סדר, אָדער ביי אַ יום־טוב סעודה און פֿילן די באַ־רוישונג וואָס ער האָט געפֿילט אַמאָל אַלס אַ קינד ביי זיינע טאַטע־מאַמע — דאָס האָט ער געוואָלט, צו דעם האָט ער געבענקט.

ווען ער איז פֿאַרבייגעגאַנגען אַ יידישע גאַס ראָש־השנה און געזען ווי די ליכט ברענען אויף די טישן, האָט עס אים געגעבן אַ צי ביים האַרצן. ווען ער האָט געזען ווי דער עולם איז געגאַנגען אויסגעפּוצט, האָט ער זיך דער־פֿילט גרוי־וואָכעדיק. אין אַזעלכע מאָמענטן האָט זיך איבערהויפּט געחלומט וועגן זיין פֿאָטער. וואָלטן טאַטע־מאַמע געלעבט, וואָלט ער געטאָן אַלץ אין דער וועלט זיי אַריבערצובריינגען קיין אַמעריקע. ער וואָלט זיי געלאָזט זיין פֿרום און ער וואָלט זיי אָפּגעהיט און פֿאַרזיסט זייערע לעצטע יאָרן. זיין גאַנץ לעבן וואָלט אפֿשר דאָ אַנדערש אויסגעזען. פֿאַר די שוועסטער האָט ער ניט דעם געפֿיל, נאָר פֿאַר די עלטערן וואָלט ער אַלץ געטאָן זיי צופֿרידנצו־שטעלן. דאָס וואָס זיי האָבן קעגן אים געטאָן, דאָס איז ניט זייער שולד געווען.

מאַטעק האָט געפילט, אַז די עלטערן האָבן אים אויסגעפּעלט.

וואָס האָט געקאָנט פּאַסירן מיט סאַלטשען? האָט מאַטעק ניט אויפגעהערט צו טראַכטן. וואָלט זי חתונה געהאַט, וואָלט גוטשיאַ זיכער געשריבן וועגן דעם און סאַלטשע אַליין, וואָלט אויך ניט געשוויגן. אפשר לעבט זי ניט מער און די שוועסטער ווייסן וועגן דעם און זיי ווילן אים ניט מצער זיין. מסתם איז זי אומגעקומען אין דער מלחמה. אפשר איז זי אַנטלאָפן צו די סאָוועטן און ער וועט נאָך דערהאַלטן פון איר אַ בריוו, ווען זי וועט זיך איינאָרדנען. ער האָט ניט אויפגעהערט טראַכטן וועגן איר. אויב זי לעבט און זי וויל קומען קיין אַמעריקע, וועט ער איר גלייך אַרויסשיקן אַ שיפסקאַרטע און ער וועט פאַר איר אַלץ טאָן. וויפל ער האָט ניט געטראַכט וועגן דער אַלטער היים, איז סאַלטשע שטענדיק פאַרבליבן אַ ליכטיקער שטראַל אין דער פינצטערער נאַכט פון זיינע קינדער־יאָרן. זי איז געווען זיין אמתער פריינט, זי האָט אים געוויזן דעם וועג צום אמתן לעבן.

.3

— מאַט, איך קלייב זיך ווידער אין וועג אַריין, — האָט געזאָגט בען און זיך טאָקע גענומען פּאַקן.

— וואוהין, בען? נעם מיך מיט. אויב דו פאָרסט צו די קוילן מיינערס.

— ניין, די מיינערס וועלן זיך באַגיין אָן אונדזער הילף. זייערע פירער וועלן זיי פאַרראַטן נאָך איידער מיר וועלן אָנקומען אין אַ מיינער שטעטל. איך פאָר, מאַט, אַהיים, קיין שיקאַגאָ, צו מיינע עלטערן. איך וויל זיך אָפּרוען אַ צייט. איך בין נאָך קיין דרייסיק יאָר ניט אַלט, נאָר איך פיל זיך אַלט און אויסגעוועבט. אפשר איז דער האַרבסט שולדיק אין דעם; אפשר האָבן די גענגסטערס מיר די קישקעס אָפּגעריסן; נאָר איך פיל זיך קראַנק און צעבראָכן אין גוף און אין דער נשמה. מיין שוועסטער וואוינט אין אַ שטעטל ניט ווייט פון שיקאַגאָ, עס איז אַ מין זומער שטעטל, ביים לעיק מישיגען. דאָרט האָבן די מיליאָנערן פון שיקאַגאָ זייערע זומער־היימען. מיין שוועסטער וואוינט דאָרט מיט איר מאַן און קינדער אַ גאַנץ יאָר. עס איז וואונדערבאַר, עס איז אַ גן־עדן.

— און וואָס וועט זיין מיט בעל? — האָט מאַטעק געפרעגט.

— אַז דו פרעגסט מיך שוין, וועל איך דיר זאָגן. בעל איז אַ וואונדערבאַר מיידל און מיר האָבן זיך שטאַרק ליב. דאָס איז אַן אמתע ליבע, מאַט. זי וויל פאַרלאָזן דעם מאַן, נאָר עס איז פאַראַן אַ קינד. אָן דעם קינד וואָלט איך מיט איר היינט חתונה געהאַט. אַ קינד, מאַט, איז שוין עפּעס אַנדערש.

ער וועט עס וועלן, זי וועט עס וועלן. מען וועט זיך אָנהויבן רייסן איבער דעם. דאָס קינד וועט אייביק ליידן. און איך וועל זיך פילן שולדיק. איך זאָג דיר נאָכאַמאָל: מיר זיינען פאַרליבט. דאָס איז אפשר אויך אַן אורזאַך פאַרוואָס איך וויל פאַרלאָזן ניו־יאָרק. שיקאַגאָ איז אַ היבשער מהלך. מיר וועלן זיך דורכשרייבן. דו דאַרפסט זיך באַקענען מיט איר, מאַט. זי האָט אַ מאַן, האָט זי מיט אים ניט וועגן וואָס צו רעדן. ווען מיר ביידע קומען זיך צונויף, איז דאָס אַ יום־טוב. מיר זיינען איין נשמה. זי האָט די זעלבע געדאַנקען וואָס איך האָב און זי האָט אַ ליבּ וואָס נאָר אַ מיידל פון אַכצן יאָר פאַרמאָגט דאָס. מיר זיינען צוגעפּאַסט פיזיש און גייסטיק. נאָר אַזוי איז דאָס לעבן. איך בין געקומען צו־שפּעט, מאַט.

— פאַרסט אַוועק, לאָזסט מיך אַליין איבער און איך האָב אפילו קיין מיידל ניט.

— וואָס איז געוואָרן מיט דיין גאָלדען?

— זי האָט חתונה געהאַט, בען. אָט איז אַן איינלאַדונג צו איר חתונה.

— הער, מאַט, ביסט אַ שיינער בחור און האָסט גענוג מיידלעך אַרום זיך. פאָלג מיך און פאַרגעס גאָלדען און די אַנדערע אַלטע באַקאַנטע דיינע. קלייב זיך אויס אַן אַמעריקאַנער מיידל און האָב מיט איר חתונה. וועסט זיך פילן בעסער. דאָס וועט דיר גאָרניט שטערן צו דיינע געזעלשאַפטלעכע טעטי־קייטן. פאַרקערט. נאָר קלייב זיך אויס אַ מיידל וואָס זאָל זיין פון דיין גלייכן, ניט בלויז אַ קליידל. וואָס איז געוואָרן פון דער מיידל אין לאָדזש?

— אָ, סאַלטשע? ערשטנס, איז זי עלטער פון מיר און, צווייטנס, האָב איך מורא, אַז זי איז אומגעקומען אין דער מלחמה. מען ענטפערט מיר ניט אויף מיינע אָנפראַגעס וועגן איר.

— דאָס וואָס זי איז עלטער, מיינט גאָרניט. מיין געליבטע איז אויך אַ דריי יאָר עלטער פון מיר. הער, איך פאָר אַוועק. לאָמיר זיך דורכשרייבן. עס איז מעגלעך, אַז איך זאָל פאַרבלייבן אין שיקאַגאָ און זיך איינאָרדנען. איך ווייס ניט, צי איך וועל ווערן אַ געשעפטסמאַן. מיך ציט צו דער אַר־בעטער־באַוועגונג, מיך ציט צו געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט, נאָר איך האָב צופיל קלעפּ געכאַפּט, איך מיין טאָקע פיזישע קלעפּ, קעמפנדיק פאַר דער אַרבעטער־זאַך. איך האָב דיר קיינמאָל ניט דערציילט וואָס איך האָב מיט־געמאַכט אין דער וועסט אין דער א. וו. וו. באַוועגונג. דער קאַפּיטאַליזם איז ברוטאַל. צוליבן דאָלאַר וועלן די מאַגנאַטן דערמאָרדן אין קאַלטן בלוט יעדן איינעם, וואָס וואַגט צו רעדן קעגן זיי. איך האָב דאָס מיטגעמאַכט אויף מיין קערפּער. עס איז אַ לאַנגזאַמער פּראָצעס. די אַמעריקאַנער אַרבעטער לאָזן זיך ניט אויפקלערן. זיי זיינען צופיל אונטערן איינפלוס פון דער קירך,

פון דער שענק און פון בעיזבאָל. איך וויל אַהיים פאָרן און פאַרברענגען אַ פּאָר חדשים איבער ביכער און זשורנאַלן. דער סאָוועטן־פאַרבאַנד איז די איינציקע האָפענונג מיינע. ער ווייזט דעם וועג פאַר דער גאַנצער פאַר־פירטער וועלט. ביי מיין שוועסטער האָב איך אַ צימער. קיינער וועט מיר ניט שטערן. אַלץ וואָס איך דאַרף איז אַ דאַך איבערן קאָפּ און אַ מאָלצייט און אַ פרוי. די אַלע זאַכן וועל איך האָבן. און ביכער וועלן שטיין צו מיין דינסט.

בען איז אַוועקגעפאָרן. מאָטעק האָט אים באַגלייט צו דער באַן. אָן בענען איז אים געוואָרן אומעטיקלעך. ער האָט געטראַכט: אָט איז אָן אַמעריקאַנער בחור, דורכגעגאַנגען אַ הויך־שול און דאָך זיך ניט געקאָנט איינאָרדנען אין לעבן. איצט איז ער אַ האַלב־צעבראָכענער שאַרבן. אַ טייערער יאָט, בען. אויפריכטיק, קלאַסן־באַוואוסטזיניק, נאָר היבשלעך אַנטוישט מיטן אַרבעטער. וואָס וועט זיין מיט בענען? וועט ער אַריין אין זיין פאָטערס געשעפט, אָדער ער וועט זיך צוריק אַריינוואַרפן אין דער אַרבעטער באַוועגונג, נאָך דעם ווי ער וועט צו זיך קומען?

די פּאַלמער רעידס אין ניו־יאָרק האָבן מאָטעקן געגעבן אַ שטויס פאָר־אויס צו ווערן ווידער אַקטיוו. איבערן לאַנד זיינען אָנגעגאַנגען גרויסע און בלוטיקע סטרייקס. אין ניו־יאָרק זיינען הונדערטער אומשולדיקע מענטשן אַרעסטירט געוואָרן אויפן פאַרדאַכט פון ראַדיקאַליזם. די צייטונגען האָבן געפּויקט וועגן די „רויטע" וואָס מען קלייבט זיך צו דעפּאָרטירן. מאָטעק איז שוין דאָן געווען אַ בירגער און ער האָט בכלל ניט מורא געהאַט צו באַזוכן מיטינגען און אָנטיילנעמען אין פּראָטעסטן קעגן דער פּאָליציי ברוטאַליטעט. איבערהויפּט האָט מען דעם עולם איבערגעשראָקן מיט די רוסישע אַרבעטער אימיגראַנטן אין ניו־יאָרק. די צייטונגען האָבן געשריבן וועגן „באָמבעס" און וועגן „דינאַמיט־פּעקלעך".

מען האָט זיך אַ נעם געטאָן צו דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, וואָס האָט זיך ניט לאַנג געהאַט געגרינדעט. מען האָט געזוכט „באָלשעוויקעס". מען האָט זיך געריכט אויף גאָר גרויסע רעידס. מאָטעק איז ניט אַרעסטירט גע־וואָרן. נאָר קלעפּ האָט ער ניט איינמאָל געכאַפּט פון דער פּאָליציי ביי פּראָ־טעסט־פאַרזאַמלונגען.

אין יענער צייט איז מאָטעקן געלונגען צו ווערן אַ מיטגליד פון דער עלעקטרישנס יוניאָן. ער האָט לייכט געקאָנט קריגן אַרבעט. מ׳איז פון אים געווען צופרידן ביי דער אַרבעט. זיינע הענט האָבן זיך צוגעוואוינט צום האַמער און צו דער פייל און צום עגבער. אויפן לייטער האָט ער זיך געפילט ווי אויף דער ערד. ער האָט אויך געפונען אָן אינערלעכע באַפרידיקונג פון דער אַרבעט. ער האָט געאַרבעט ביי אַלטע געביידעס, וואו מען האָט אָפּ־

געשפּאַט די גאַז־באַלייכטונג און איינגעפירט עלעקטרישע ליכט. די ענדע־רונג האָט אַריינגעבראַכט פריידע ביי די מענטשן און מען האָט אויף דעם מע־כאַניק געקוקט ווי אויף אַן אויפטוער.

וואָס האָט מאַטעקן געאַרט און ווי געטאָן איז געווען וואָס אפילו אין ניו־יאָרק זיינען די אַרבעטער אין זיין פאַך געווען אַנטיסעמיטיש און אַנטי־נעגעריש און אָפן געזידלט יידן און נעגערס. דער עניך בנעגער האָט מאַטעקן אויפגעעגט ביזן גרונט. ער איז געווען צוגעוואוינט, אַז מען זאָל דעם יידן באַשולדיקן אין אַלע צרות פון דער וועלט. ער האָט געוואוסט, אַז דער יידן־האַס האָט זיך אָנגעהויבן אין דער קירך מיט דער באַשולדיקונג, אַז יידן האָבן געטויט יעזוסן. נאָר וואָס האָבן די ווייסע קריסטן געוואָלט פון קריסטלעכן נעגער ?

פון בענען האָט מאַטעק דערהאַלטן לאַנגע ענגלישע בריוו. בען האָט זיך געפילט גוט און איינגעלאַדן מאַטעקן צו קומען צו אים. מאַטעקן איז דער געדאַנק געפעלן געוואָרן. ער האָט געוואָלט זען דאָס לאַנד. בען האָט אים פאַרזיכערט, אַז ער וועט קאָנען אין שטעטל פאַרדינען זיין ברויט. אַניט וועט ער וואוינען מיט אים. די שוועסטער וועט זיין צופרידן.

— דו וועסט ווערן אַ נייער מענטש, — האָט בען געשריבן, — זאַמל אָן נייע כוחות, כדי צו קאָנען באַקעמפן די פאַלמערס מיט די הואווערס, די אמתע שונאים פון אַמעריקאַנער דעמאָקראַטיע. מיר וועלן זיי איבערלעבן. די איצטיקע היסטעריע איז אַ סימן פון פחד פון קאַפּיטאַליזם פאַר זיין טויט־לעכן שונא — דעם סאָציאַליזם. קום אַרויס אַהער און זאַפּ אַריין אין זיך די שטילקייט פון דער נאַטור. מיידלעך זיינען דאָ פאַראַן האַרציקע. אמת, ניט קיין יידישע. נאָר דו ביסט דאָך ניט קיין שאָוויניסט. עס איז ניט ווייט פון דער אוניווערסיטעט־שטאָט און די סטודענטקעס זיינען דאָ די שענסטע אין דער וועלט. איך טרייב אַ קאַר און פאַרברענג גוט מיט זיי.

מאַטעקן איז געפעלן געוואָרן בענס אָפּטימיסטישער טאָן און זיינע צו־זאָגנדיקע פאַרשלאָגן. ער האָט באַשלאָסן צו פאָרן צו בענען. פאַרלירן האָט ער ניט וואָס. נאָר איידער ער טוט דאָס, האָט ער זיך געוואָלט טרעפן מיט גאָלדען און אויסגעפינען ווי עס לעבט זיך איר.

וועגן גאָלדען האָט ער לעצטנס אָפט געטראַכט. ניט איינמאָל האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַז זי פעלט אים שטאַרק אויס. איבערהויפּט האָט ער דאָס געפילט אין מאָמענטן פון געפאַר, ווען די מערדערישע דעפּיוטיס, אָדער די אַמעריקאַנער קאָזאַקן האָבן געלויערט אויף אים.

ניט איינמאָל האָט ער זיך געפילט שולדיק קעגן איר. זיי האָבן זיך דאָך אַזוי לאַנג געקענט און זיי זיינען פיזיש און אין טעמפּעראַמענט געווען אַזאַ

פיינע פּאָר. נאָר זייערע וועגן האָבן זיך אין אַמעריקע אַלץ ווייטער און ווייטער צעשיידט.

איז גאָלדע באמת צופרידן מיט דעם מר. שוסטער? אים האָט זיך אויס־געוויזן, אַז ניט. וואָלט ער, מאָטעק, געהאַט אַ גוטן, אַ שטענדיקן דזשאַב; וואָלט ער גאָלדען געשענקט מערער אויפמערקזאַמקייט, ווי ער האָט דאָס געטאָן אין ניו־יאָרק, וואָלט זי מסתם געוואַרט אויף אים נאָך אַ ביסל צייט און זיי וואָלטן ביידע געוואָרן מאַן און ווייב.

ווי וועט אים גאָלדע אויפנעמען איצט? האָט זי זיך געביטן? אָדער האָט זי איינגעזען, אַז דער מענטשלעכער כאַראַקטער שטייט העכער פון געלט?

אַן אומגעדולד האָט באַוועלטיקט מאָטעקן. קיין אַנדער זאַך איז אים אין יענעם מאָמענט ניט אָנגעגאַנגען. גאָלדע איז געוואָרן זיין הויפּט־אינטערעס. ער האָט געפיבערט פון אומגעדולד זיך צו טרעפן מיט איר און ווידעראַמאָל הערן איר יונג, קלינגענדיק, גלעטנדיק קול.

קאַפּיטל דריי און צוואַנציק

# מ י י ד ל ע ך

.1

גאָלדע האָט, ווייזט אויס, געהאַט דערציילט איר מאַמען, אַז מאַטעק איז נישט אין ניו־יאָרק, דערפאַר איז ער ניט געקומען צו דער חתונה. ווען מאַטעק האָט זיך באַוויזן ביי דער פרוי יאַקובאָוויטש אין הויז, האָט זי אים געפרעגט, ווען ער איז צוריקגעקומען. זי האָט דערציילט וואָס פאַר אַ גרויס־אַרטיקע חתונה עס איז געווען און ווי גליקלעך גאָלדע איז מיט איר מאַן. זי האָט געזאָגט:

— זיי זיינען גלייך נאָך דער חתונה אָפּגעפאָרן אין ניאַגראַ פאָלס. מעקס האָט געקויפט אַ קאַר און לעצטן זונטיק האָט ער אונדז געגעבן אַ ראַיד. ער ווערט אַ פּאַרטנער אין אונדזער געשעפט. ער איז טאַקע ווי אַן אייגן קינד. און גאָלדע? גאָלדע בליט, גאָלדע איז גליקלעך.

— און וואו וואוינט זי?

— זי וואוינט טאַקע נישט ווייט פון דאַנען, לעבן קראָטאָנאַ פּאַרק, אויפן דריטן שטאָק. גיי צו צו איר. זי האָט נישט אויפגעגעבן די אַרבעט. נאָר היינטיקע וואָך אַרבעט זי נישט. וועסט זי טרעפן אין דער היים. אויב דו גייסט שוין, וועל איך דיר מיטגעבן עפּעס פאַר איר. עפּעס וואָס איר ביידע האָט ליב. אַנו, טרעף?

— אַ קאַרטאָפל קוגעלע.

— אַ לעבן אויף דיין קאָפּ, ווי דו האָסט געטראָפן.

איז מאַטעק צוגעגאַנגען צו גאָלדען. אויפן וועג האָט ער געטראַכט, אַז עס איז נישט שיין פון אים וואָס ער האָט איר נישט געקויפט קיין חתונה־געשאַנק. קויפן דאַרף מען עפּעס פאַרן הויז, האָט ער באַשלאָסן.

די קראָמען אויף בעטגעיט עוועניו זיינען געווען געפּאַקט מיט זאַכן.

— איך וויל אַ חתונה־געשאַנק פאַר אַ יונג פּאָרל, — האָט ער געזאָגט צום אַלטן קרעמער.

דער קרעמער האָט אים אָפּגעמאָסטן.

— אייערע פריינט זיינען מסתם אינטעליגענטע מענטשן, האָב איך פאַר אייך עפּעס וואָס זיי וועט געפעלן. איר זעט אויף דער וואַנט דאָס שמאָלע טעפּיכל מיט דער עגיפּטישער פיגור? נו, האָב איך געטראָפן? איך זע, אַז עס געפעלט אייך.

איז מאַטעק געווען צופרידן וואָס ער קומט נישט מיט ליידיקן צו גאָלדען. זיין קלאַפּנדיק האַרץ האָט אים געלאָזט וויסן, אַז ער איז נישט גלייכגילטיק צום באַזוך. ער האָט אָנגעקלונגען.

— ווער איז? — האָט ער דערהערט איר פריש, ריין קול.

— אַ בער פון וואַלד, — האָט ער אימיטירט אַ בעריש קול. ער האָט געוואוסט, אַז זי וועט אים גלייך דערקענען. נאָך אין לאָדזש פלעגט ער אַזוי ענטפערן ביי דער טיר.

זי האָט אויפגעפּראַלט די טיר.

— מאָטוש קאָכאַני! — און זי האָט זיך אַרויפגעוואָרפן מיט אירע נאַקעטע אָרעמס אויף אים. ווען ביסטו צוריקגעקומען? וואו ביסטו געווען? זע נאָר, דיינע הענט זיינען פאַרנומען. קוש די כלה, איידער דו קומסט אַריין.

גאָלדע האָט אינגאַנצן געשטראַלט. די מתנה איז איר זייער געפעלן געווען. מאַטעקס אויסזען — נישט. ער האָט געהאַט פאַרלוירן אַ סך װאָג אין פּיטסבורג און דאָס האָט זיך אָנגעזען אויף אים.

— עס וועט שוין פון דיר קיין לייט ניט זיין, סיידן איך וועל דיך חתונה מאַכן. גלויב מיר, טייערער מאָטוש, אַז איך האָב פון דיר אַ סך געטראַכט. איך האָב פאַר דיר אַ וואונדערבאַר מיידל. זי איז פּונקט וואָס דו דאַרפסט. זי איז אַ סאָציאַליסטקע.

— וואָס פאַר אַ סאָציאַליסטקע? פאַרן סאָוועטן־פאַרבאַנד, אָדער קעגן סאָוועטן־פאַרבאַנד?

— דאָ האָסטו מיך געפּאַקט. איך האָב מורא, אַז זי איז . . . אָלראַיט, זי וועט זיין ווי דו וועסט זיין. דו ביסט דאָך מיטן סאָוועטן־פאַרבאַנד, וועט זי אויך זיין מיט לענינען. גוט? זי גייט אין דער רענד סקול, אָדער זי איז געגאַנגען ביז מיט אַ צייט צוריק. זי איז מיט אַ פינף יאָר יינגער פון דיר און זי איז קליין און שמאָל, פעטיט און קיוט. שוואַרצע האָר ווי טינט און שוואַרצע אויגן ווי יאַגעדעס און אַ הויט — מאַטאָווע און פוכקע, ווי אַ חסידישע לאָדזשער טאָכטער, אַן אָריענטאַלער טיפּ. איך וועל אייך ביידן איינלאַדן צו זיך אויף קאָלאַציע. גוט, מאָטוש?

— גוט, גאָלדע.

— מאַקס וועט ערשט אַהיים קומען אין אַ שעה אַרום. ער איז וואונדער־

באַר. איך האָב קיינמאָל זיך ניט פאַרגעשטעלט, אַז איך וועל זיך קאָנען אַזוי גיך צופּאַסן צו אַ פרעמדן מענטשן. איך פיל זיך מיט אים, ווי איך האָב זיך אַלע יאָרן געפילט מיט דיר — היימיש, אייגן. ער איז די ערשטע צייט געווען אייפערזיכטיק אויף דיר. דאָס וואָס דו ביסט נישט געווען אויף דער חתונה, האָט אים שטאַרק נישט געאַרט. איך וועל אים דערציילן, אַז דו ביסט דאָ געווען. אפשר ווילסטו גאַר עסן מיט אונדז? בלייב איבער.

נאָך מאַטעק האָט זיך געאײַלט.

— גאָלדע, מיינע מיטינגען קומען פריער פון אַלץ. איך בין דער זעלבער ווי געווען.

האָט מען אָפּגעמאַכט צו טרעפן זיך אין אַ וואָך אַרום, ווען קלאַראַ וועט איינגעלאַדן ווערן און מאַטעק וועט זיך מיט איר באַקענען.

איז מאַטעק געווען צופרידן פון באַזוך און געלאַכט פון דעם שידוך וואָס גאָלדע האָט אים גערעדט.

— איך וועל זיכער האַלטן דעם צוזאָג. איך וועל גיין אָנקוקן אַ כלה, — האָט ער זיך געגעבן אַ וואָרט.

נאָך אַ בריוו פון בענען האָט געענדערט דעם פּלאַן.

„קום גלייך צו פאָרן, מאַט. מיין שוואָגער האָט פאַר דיר אַ סך אַרבעט. ער איז אַ הויז־קאָנטראַקטאָר. איך האָב מיט אים גערעדט וועגן דיר. די אַר־בעט איז אין קליינע, צוויי־שטאָקיגע און איינשטאָקיגע הייזער, מערסטנס ביי פאַרמעגלעכע פאַמיליעס. וועסט זיך אויסטויגן. מיין שוואָגער איז אַ וואוילער יאַט. עס איז מיט אים לייכט אויסצוקומען. ער איז אַ שטיקל ציו־ניסט. ווען ער האָט דערהערט, אַז דו ביסט אַן עלעקטרישן, האָט ער זיך דערפרייט. נעם מיט דיינע מכשירים. לאָז מיר גלייך וויסן, ווען דו קומסט, וועל איך אויף דיר וואַרטן אין שיקאַגאָ. פון דאָרטן דויערט אַ האַלבע שעה צו פאָרן צו אונדז מיט דער באַן, אַמאָל פערציק מינוט.“

בענס בריוו איז אָנגעקומען פונקט אין צייט. מאַטעק האָט נאָר־וואָס גע־האָט געענדיקט אַ דזשאָב און ער האָט געוואָלט אַוועקגיין אין דער יוניאָן בעטן אַרבעט. ער איז געווען גרייט צו פאָרן צו בענען. וואוינען אין אַ שטעטל איז איצט געווען זיין טרוים. בלויז אויף אַ קורצער צייט, נאָר ער האָט זיך גע־נויטיקט אין דעם בייט.

— גאָלדע, איך פאָר קיין שיקאַגאָ. איך וועל זיך מיט קלאַראַן נישט קאָ־נען טרעפן, — האָט מאַטעק איר טעלעפאָנירט.

— דו וועסט זיך מיט איר יאָ טרעפן. דו קומסט מאָרגן אַוונט צו אונדז אויף קאָלאַציע. קלאַראַ וועט דאָ אויך זיין. איך האָב מיט איר נאָך אָפּגע־רעדט אייערנעכטן, אַז מאָרגן עסט זי ביי אונדז. אַזוי, אַז עס איז פונקט גוט.

דו קומסט זיך געזעגענען.

מאָטעק האָט אָנגענומען די איינלאַדונג. ער האָט יענעם טאָג פאַרבראַכט אין צוגרייטן זיך צו דער רייזע. געקומען איז ער צו גאָלדען אַן אויסגע־פּוצטער, אַן אויסגערוטער און מיטגעבראַכט אַ בוקעט רויזן. עס איז געווען שפּעט אין האַרבסט. עס איז געווען קאַלט אין דרויסן. עס האָט געשמעקט מיט שניי. די רויזן זיינען געווען פריש און פול און זיי האָבן פאַרשמעקט דאָס גאַנצע הויז. גאָלדעס מאַן, מעקס, האָט נישט געקאָנט אַהיים קומען און זיך אַנטשולדיקט טעלעפאָניש.

קלאַראַ איז מאָטעקן געפעלן געוואָרן גלייך פון ערשטן בליק. ער האָט באַמערקט, אַז זי איז צו אים אויך נישט געווען גלייכגילטיק.

— ווי געפעלט דיר מיין לאַנדסמאַן, קלאַראַ? — האָט גאָלדע זי אַרומ־גענומען.

— איך האָב שוין באַלד פאַרגעסן ווי לאָדזש קוקט אויס, גאָלדע, — האָט מאָטעק געענטפערט אויף יידיש, כאָטש דער שמועס איז אָנגעגאַנגען אין ענגליש.

— איך האָב אַזוי פיל געהערט וועגן אייער לאָדזש, און וועגן אייך גופא האָט מיר גאָלדע דערציילט אַזוי פיל, אַז עס איז מיר אינטערעסאַנט ביז גאָר צו באַגעגענען זיך מיט אַ רעוואָלוציאָנער פון דער אַלטער היים, — האָט קלאַראַ געזאָגט.

בעת זי האָט גערעדט, האָט מאָטעק זי גוט באַטראַכט. איר קול איז געווען אָנגענעם. דאָס פּנים קלוג, די אויגן פייערדיקע, נאָר ערנסטע. זי האָט געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ היימישער סטודענטישער רעוואָלוציאָ־נערקע. געקליידט איז זי געווען מיט געשמאַק. אַ ווייסע בלוזע און אַ שוואַרץ סאַמעט קליידל. די פינגער אירע האָט ער גלייך באַמערקט. זיי זיינען געווען לאַנג און פול.

ביים עסן האָט מען גערעדט וועגן די פּאַלמער רעידס, וואָס זיינען דאַן געווען די טעמע פון טאָג. קלאַראַ איז געווען פאַרזיכטיק אין אירע רייד, מאָטעק — אויסגעשפּראָכן. נאָר ער האָט געפילט, אַז זי ווייסט מער וויפל זי וויל זאָגן, אַז עס וואָלט זיך איר בעסער וועלן רעדן וועגן פּריוואַטערע זאַכן, מחמת דער ענין פּאַלמער איז געווען אַ פיינלעכער.

מאָטעק האָט זיך געזעגנט מיט גאָלדען. קלאַראַ האָט זיך אָנגעטאָן צו גיין אַהיים און מאָטעק האָט פאָרגעשלאָגן זי צו באַגלייטן. אין דרויסן איז געווען כמאַרנע און אַ נאַסע קעלט האָט זיך איינגעגעסן אין די ביינער. דאָך האָט קלאַראַ פאָרגעשלאָגן, אַז זי וויל שפּאַצירן אַהיים. לאַנגע שפּאַצירן זיינען איר הויפּט־אַפּרו, האָט זי געזאָגט.

— דאָס זעלבע פון מיר צו הערן, — האָט מאַטעק געענטפערט.

איבער אַ שעה צייט זיינען זיי געגאַנגען און גערעדט וועגן פּאָליטישע ענינים און מאַטעק האָט זיך איבערצייגט, אַז קלאַראַ איז פון אַ פּאַרעווער סאָציאַליסטקע געוואָרן אַן איבערגעגעבענע קאָמוניסטקע.

ער האָט איר דערציילט, אַז ער פאָרט מאָרגן אָפּ און אַז ער וועט וואוינען אין אַ שטעטל און אַז ער וועט בענקען נאָך ניו־יאָרק. אַ וואָרט פאַר אַ וואָרט און מען האָט אָפּגעמאַכט צווישן זיך, אַז מאַטעק זאָל זיך דורכשרייבן מיט קלאַראַן און זי וועט אים איבערגעבן גרוסן פון ניו־יאָרק.

— אָבער מיין ענגליש איז זייער שוואַך, — האָט ער דערקלערט.

— אַלץ בעסער ווי מיין יידיש, וואָס איך האָב געלערנט אין אַ „היברו״ און עס איז אַ געמיש פון העברייאיש און יידיש, וואָס צעטומלט מיך איבגאַנצן. איך קאָן קיין איין זאַץ נישט אָנשרייבן, נאָך דעם ווי איך האָב געלערנט צוויי יאָר צייט אין „היברו״. עס איז געווען אַרויסגעוואָרפן דאָס געלט און מיין צייט.

— אַ וואַרעמע נשמה, אַ געטרייער מענטש, — האָט וועגן איר געטראַכט מאַטעק.

צומאָרגנס האָט ער טעלעפאָנירט גאָלדען. ער האָט זיך מיט איר געזעגנט, נאָר ער האָט פאַרשטאַנען, אַז זי וועט אים איבערגעבן אַ גרוס פון קלאַראַן. מסתם האָט קלאַראַ שוין פריער געהאַט גערעדט מיט גאָלדען, האָט ער געטראַכט.

— וואָס האָסטו געטאָן צו דער מיידל, מאַטוש? זי רעדט וועגן דיר ווי וועגן איינעם וואָס האָט זי באַצויבערט. אין וואָס באַשטייט דיין צויבער? זי האָט מיר געזאָגט, אַז דו ביסט אינגאַנצן אַנדערש, אַזוי אַנדערש פון די פלאַכע אַמעריקאַנער בחורים, — האָט גאָלדע אים דערציילט.

— מיר וועלן פירן אַ קאָרעספּאָנדענץ און ווי דו ווייסט בין איך אַ שוואַכער בריוו־שרייבער, — האָט מאַטעק זיך פאַרענטפערט.

די באַגעגעניש מיט קלאַראַן האָט מאַטעקן אַריינגעבראַכט אין אַ בעסערער שטימונג. ער האָט זיך שוין נישט געפילט אַזוי איינזאַם ווי פריער.

— מיר וועלן שרייבן וואָס מיר פילן, — האָט ער געדענקט קלאַראַס

**אַ פראַזע.**

זיין מוח האָט שוין באַצייטנס פּלאַנירט ווי אַזוי צו שרייבן צו איר. זיינע געדאַנקען זיינען געווענדט געווען צו קלאַראַן.

בעת האָט מאַטעקן אָפּגעוואַרט ביי דער באַן. מאַטעק איז נישט געפאָרן מיט קיין פּולמאַן און ער האָט זיך נישט אויסגעשלאָפן אין דער באַן. ער איז געווען טויט־מיד, דאָך האָט בען אים געוואָלט גלייך ווייזן שיקאַגאָ.

— דו מוזט כאַטש זען איין גאַס, טאַקע דאָ לעבן דעם וואַקזאַל. די מע־דיסאַן גאַס וועט דיר געבן אַ קלאָר בילד, ווי שיקאַגאָ זעט אויס.

מאַטעק האָט געוואוסט, אַז די מעדיסאַן גאַס איז געווען אין בענס בלוט. דאָ האָט בען זיך געהאַט באַפרייט פון זיינע סטודענטישע חלומות. דאָ האָט ער זיך באַגעגנט מיט דעם אמתן לעבן. די באַמס, די לומפּן־פּראָלעטאַריער, די אַרבעטלאָזע, די פאַרשיידענע פעלקערשאַפטן, וואָס האָבן זיך דאָ אַרומגע־דרייט, זיינען געווען אַן אָפּשפּיגל פון אַמעריקע.

ווען בען האָט אים אַריינגעזעצט אין דער באַן וואָס האָט געפירט צום שטעטל, האָט מאַטעק געפילט אַ דאַנקבאַרקייט צו אים. בענס שוועסטער האָט זיי אָפּגעוואַרט ביי דער קליינער באַן־סטאַנציע פון שטעטל. זי האָט געטריבן די קאַר. די אויפנאַמע איז געווען אַ האַרציקע. מאַטעק האָט אין דער שוועסטער גלייך באַמערקט די פעסטע, אויפריכטיקע שטריכן פון בענען.

— רופט מיך בעס, אַזוי רופן מיך אַלע, — האָט זי געזאָגט, — און איך וועל אייך רופן מאַטי, נישט מאַט און נישט מאַטעק, אָ־קעי?

גאָר אַ גוטן איינדרוק האָט אויף מאַטעקן געמאַכט איר מאַן רובי, ראובן. ער איז געווען אַ סך עלטער פון זיין פרוי, נאָר עס איז געווען קענטיק, אַז זיי זיינען אַ גוטע פּאָר. זיי האָבן געהאַט צוויי קינדער, אַ יינגל און אַ מיידל אין עלטער פון צען און דרייצן.

מאַטעק און בען האָבן פאַרנומען אַ גרויסן צימער אויפן צווייטן שטאָק. אַ צימער מיט פיר פענצטער, וואָס זיינען אַרויסגעגאַנגען אויף אַ פרייען שטח ערד, וואָס איז געווען באַוואַקסן זומער צייט מיט בייטן בלומען.

נאָך דעם ווי ער האָט זיך אָפּגערוט אַ טאָג האָט מאַטעק זיך גענומען צו דער אַרבעט. ראובן האָט אים אַריינגעזעצט אין דער קאַר און זיי האָבן זיך געלאָזט אין אוניווערסיטעט שטעטל דערנעבן. דאָרט איז געווען אַ סך אַרבעט פאַר מאַטעקן און ער איז געווען אויפריכטיק מיט ראובנען. געווען זאַכן וואָס זיינען געווען צו־שווער, אָדער צו קאָמפּליצירט פאַר מאַטעקן האָט ער זיך אָפּגעזאָגט זיך צורירן צו זיי.

אָפּגעאַרבעט אַ פּאָר טעג האָט מאַטעק זיך דערפילט ווי אַ נייער מענטש.

— דאָס איז אַן אַנדער אַמעריקע, — האָט ער געזאָגט צו בענען.

— וואָס מיינסטו מיט דעם?

— איך מיין אָט־וואָס: ווען איך בין געקומען אַהער אין לאַנד צו מיין אַנקל ווילי און איך האָב געדאַרפט אַרבעטן 54 שעה אַ וואָך אין דער שטולן־פאַבריק און איך האָב זיך אין אַנקלס קראָם באַגעגנט מיט פאַרשיידענע טיפּן, איז דאָס געווען איין אַמעריקע. די אַמעריקע פון דעם שוידערלעך־עקספּלו־אַטירטן אימיגראַנט, פון דעם פּאָליאַק און איטאַליענער, וואָס איז דאָ אויס־

גענוצט געוואָרן אויפן ערגסטן אופן; פון וועמען מען האָט נאָר גענומען און אים גאָרניט געגעבן. ווען איך בין געקומען קיין ניו־יאָרק און זיך באַקאָנט מיט מיין אָנקל ניק און געזען פאַר זיך דעם שענקער־טעמעני קעפּטן און געכאַפּט קלעפּ ביי די פּאָלמער רעידס, איז דאָס ווידער געווען אַן אַנדער אַמע־ריקע. אָט האָט אַן אימיגראַנט ווי מיין אָנקל זיך „אַרויפגעאַרבעט“, געוואָרן אַ מאַכט אין פּאָליטיק, מ׳שטיינס געזאָגט, און איך, דער אימיגראַנט, בין פאַר־פאָלגט געוואָרן פון דער פּאָליציי דערפאַר, וואָס איך האָב געוואָלט פאַרשפּרייטן מיינע סאָציאַליסטישע אידייען. נו, נאָך דעם איז געווען די אַמעריקע וואָס מיר ביידע האָבן איבערגעלעבט, די אַמעריקע פון פּיטסבורג, פון שטאָל־סטרייק, פון די קאָזאַקן און גענגסטערס, וואָס טראָגן די אַמעריקען לידזשאָן צייכנס. זינט איך בין דאָ, אין שטעטל, זע איך פאַר זיך גאָר אַ נייע אַמעריקע. איך האָב שוין געאַרבעט אין דריי היימען און געהאַט אַ געלעגנהייט זיך צו־צוקוקן צום לעבן און אויך געהאַט די מעגלעכקייט צו רעדן צו די מענטשן — איך זאָג דיר, בען, דאָס איז ווידער אַ נייע אַמעריקע. אָט־די אַמעריקע געפעלט מיר זייער. נאָר כאַפּ נישט. עס איז די אַמעריקע פון זאַטן קליינ־בירגער און פּראָפעסיאָנאַל. ער שטימט מסתם שטרענג רעפּובליקאַניש, אָדער אַזוי ווי זיינע עלטערן האָבן געשטימט. וואָס איך וויל אַרויסברענגען איז דאָס פאָלגנדיקע — און פאַרשטיי מיך נישט שלעכט און באַשולדיק מיך נישט אין ווערן פאַרכאַפּט פון זאַטקייט — אָט־די מענטשן וואָס איך זע פאַר זיך דאָ אין שטעטל זיינען צופרידן מיט זייער לעבן. צום ערשטן כאָל זע איך, אַז מען זאָל איינער דעם אַנדערן אַנטקעגנקומען מיט אַ נאַטירלעכן שמייכל, וואָס שטאַמט פון אינערלעכער צופרידנקייט. צום ערשטן מאָל האָב איך איבערגע־לעבט דעם פיינעם געפיל, אַז ווילד־פרעמדע מענטשן זאָלן זיך באַגריסן מיט מיר אין גאַס און זאָגן: „אַ שיינער פרימאָרגן היינט, נישט וואָר?“ צום ערשטן מאָל האָב איך דאָ דערפילט דעם ווערט פון מענטש. איך וויל זיך דיר מודה זיין, אַז איך האָב היינט געאַרבעט אין אַ הויז און דאָרט געהאַט אַ שטיקל שמועס מיט אַ מיידל און מאָרגן גיי איך צוריק אַהין פאַרענדיקן די אַרבעט און איך ציטער פון אויפרעגונג צו באַגעגענען זיך ווידער מיט איר. אויב איך וועל זי נישט זען, וועל איך אַהיים קומען אַ שטאַרק אַנטוישטער, זאָלסטו וויסן. וואָס מיינט דאָס? עס מיינט אַז דאָ ביי דיר אין שטעטל האָט דער מענטש אַן אָנזען. ווייסט, אין איין פּלאַץ האָב איך געהאַט אַ דיסקוסיע מיט אַ מאַן וועגן פּאָליטיק. ער איז געזעסן און געלייענט אַ צייטונג און אַ זאַג געטאָן אין דער לופטן, אַזוי אַז עס זאָל דערגיין צו מיינע אויערן: „פאַרוואָס לאָזן מיר די רוסן נישט צורו? לאָמיר פריער מאַכן אָרדנונג ביי זיך אין דער היים און נישט מישן זיך אין פרעמדע עסקים. זיי ווילן האָבן באָלשעוויזם, איז דאָס

זייער געשעפט. ווען מיר האָבן געמאַכט אַ רעוואָלוציע, האָבן מיר אויך נישט געוואָלט, אַז מען זאָל זיך מישן אין אונדזערע האַנדלונגען". איך האָב זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן און איך האָב געזאָגט: איר זייט גאַנץ גערעכט. עס איז זעלטן, ווען מען הערט אַזאַ העכסט־אַמעריקאַנישע מיינונג אַצינד". ער האָט אָועקגעלייגט די צייטונג און זיך אויסגעדרייט צו מיר:

— פון אייער אַקצענט פאַרשטיי איך, אַז איר זייט נישט קיין היגער געבוירענער. ס'מאַכט נישט אויס. אויב איר זייט אַ רוס, ווייסט איר מסתם מער ווי איך, די אמתע לאַגע פון יענעם לאַנד.

— איך שטאַם פון פוילן וואָס האָט באַלאַנגט צום צאַרישן רוסלאַנד און איך קאָן אייך פאַרזיכערן, אַז ווען אייך וואָלט אויסגעקומען צו לעבן אונטערן צאַר, וואָלט איר אויך געווען אַ באָלשעוויק אַצינד. יעדער ערלעכער מענטש דאַרף סימפּאַטיזירן מיט די באָלשעוויקעס.

— איך בין נישט אינגאַנצן איינשטימיק מיט אייערע רייד, יונגערמאַן, נאָר איך גיב צו אַז איר מוזט וויסן די לאַגע בעסער פון מיר.

— בען, עס איז עפּעס געווען אין דעם טאָן פון דעם מענטשן, וואָס איז מיר געפעלן געוואָרן. אָט־די טאָלעראַנץ, די נאַטירלעכע אינטעליגענץ. איך האָב אויסגעפונען, אַז דער מענטש איז אַן עקזעקוטיוו אין אַ גרויסער פירמע אין שיקאַגאָ און דאָס איז זיין היים און ער וואוינט שוין דאָ איבער צוואַנציק יאָר. פאַרשטייסט, בען, וואָס מיר געפעלט איז די איינגעזעסנקייט, די אייגעפונדעוועטקייט פון די איינוואוינער דאָ אין שטעטל. איז טאַקע אָט־דעם שיכט מענטשן זייער גוט. אַן אייגן הויז, אַ קאַר, אַ גוטער איינקונפט, אַ זיכערקייט מיט דעם מאָרגן, אַ צופרידנקייט מיט דעם היינט — פאַרוואָס זאָלן די אַרבעטער נישט האָבן די זעלבע באַדינגונגען? ווען דער אימיגראַנט וואָלט געהאַט אַזאַ לעבן דאָ, וואָלט ער דאָך געווען גאָר אַן אַנדער מענטש.

— מאַט, דו רעדסט ווי אַ טיפּישער קליינבירגער, — האָט בען אָנגעהויבן. — פאַראַן ביי אונדז אין לאַנד מיליאָנען און מיליאָנען אַמעריקאַנער, וואָס שטאַמען־אָפּ פון די גאָר ערשטע איינוואוינער פון לאַנד, אַמעריקאַנער, ווי דו ווילסט, פון גרעסטן יחוס, — אויב יחוס איז ביי דיר אַזאַ גרויסע זאַך — און זיי זיינען עקאָנאָמיש גאָר נישט איינגעפונדעוועט, פיזיש אויסגעהונגערט, גייסטיק פאַרסמט, פאַרגאַזט, אָן עלעמענטאַרער בילדונג, חיהיש, נישט ציוויליזירט. דו ביסט אַצינד אין אַ שטעטל, וואָס איז נישט ווייט פון אַן אוניווערסיטעט. די וואָס קאָנען זיך דערלויבן צו שיקן זייערע זין און טעכטער אין דעם אוניווערסיטעט, זיינען פאַרמעגלעכע מענטשן, אָדער מאַטעריעל גוט־באַזאָרגטע מענטשן. איז אָט־דעם קלאַס מענטשן טאַקע גוט, שמייכלט מען צו יעדן, איז מען פריינטלעך איינער צום אַנדערן, ווייל עס איז אַלץ דער

זעלבער מין. דער־אַ קלאַס איז זייער סאָלידאַריש איינער צום אַנדערן. נאָר זאָלן זיי הערן ווי מען רעדט יידיש אָדער איטאַליעניש אין גאַס, וועסטו זען ווי זיי וועלן דרייען מיט די נעז . . . דו דערציילט מיר בעסער וועגן דער מיידל וואָס דו האָסט באַגעגנט און וואָס דיינע נאָזלעכער ציטערן אַזוי ווי ביי אַ פערד ווען —

— אָ, אָ, בען, דו הייבסט שוין אָן מיט דיינע אָנצוגעהערענישן.

— מאַט, זיי נישט קיין פּראָפעסאָר. פון דיינע רייד פאַרשטיי איך, אַז דאָס איז אַ מיידל וואָס איך אַליין וואָלט זיך געוואָלט מיט איר באַקענען. איך האָב אין גאַנץ אַמעריקע נישט באַגעגנט אַזעלכע זיסע באַשעפענישן, ווי אין דעם שטעטל. זיי זיינען אויסגעכאַליעט, קיין זאַך פעלט זיי נישט, זיי זיינען פיזיש און גייסטיק גאַנץ, פאַרשטייסט וואָס איך מיין. זיי זיינען פּערפעקט.

— איך וועל דיר, בען, איצט גאַרניט דערציילן וועגן דער מיידל. זי האָט זיך מיר איינגעבאַקן אין האַרצן פון דער מינוט, וואָס איך האָב זי דער־זען און גערעדט מיט איר אַ צען ווערטער. עס איז עפּעס וואָס האָט מיך אָנגעוואָרעמט אינעווייניק. שוין אַ לאַנגע צייט ווי איך האָב אַזוי נישט גע־פילט. געבוקו, פרעג נישט, איך וויל מער נישט ריידן וועגן דעם.

עס איז געווען אמת. מאַטעק איז געגאַנגען צו דער אַרבעט אין הויז, וואו דאָס מיידל האָט געוואוינט, מיט אַ באַזונדער אומגעדולד. נישט בלויז האָט ער זי געטראָפן אין דער היים, נאָר זי האָט זיך געוואָרעמט אויף דער שפּאָרעוודיקער זון, וואָס איז געהאַט אַרויסגעקומען. זי איז געזעסן אויף אַ פעלז, וואָס האָט זיך געפונען אין הויף פון איר הויז.

— אַזוי פרי צו דער אַרבעט ? — האָט זי אים באַגעגנט מיט אַ שמייכל.

— עס איז באמת שפּעט. נאָר בלויז דאָ אין שטעטל קאָן איך זיך דער־לויבן אַזאַ לוקסוס צו קומען צו דער אַרבעט נאָך ניין אַזייגער.

— איר זייט נישט קיין היגער. אַ שיקאַגער ?

— ניין, אַ ניו־יאָרקער. איך בין דאָ צו־גאַסט.

— צו־גאַסט ?

— מיינער אַ פריינט וואוינט דאָ. אָ, עס איז אַ וואונדערבאַר שטעטל.

— עס פרייט מיך דאָס צו הערן. איך בין דאָ געבוירן געוואָרן און איך וואָלט אין ערגעץ אַנדערש נישט געוואָלט לעבן. איר דאַרפט זיין דאָ זומער צייט, ווען מען פאַרברענגט גאַנצע טעג ביים לעיק, דאַן קאָנט איר אָפּשאַצן דאָס שטעטל. נאָר איך האָב עס ליב אין ווינטער אויך. אגב, איר האָט מיר נעכטן דערציילט, אַז איר קומט פון אייראָפּע. פון וועלכן לאַנד קומט איר, אויב איך מעג אייך פרעגן ?

— איך קום פון פוילן. געהערט פון אַ שטאָט לאָדזש? די שטאָט האָט געהייסן קליין־אַמעריקע.

— ניין, קיינמאָל נישט געהערט פון אַזאַ שטאָט, נאָר דאָס איז וואונדער־באַר: „קליין־אַמעריקע!" פאַרוואָס דער צונאָמען?

און מאָטעק האָט איר אָנגעהויבן דערציילן וועגן לאָדזש. דערוויַיל האָט ער זיך דערמאָנט, אַז ער איז געקומען אַהער אַרבעטן און אַז ער האָט נאָך אַ צווייטן דזשאָב צו מאַכן אין שטעטל.

— אָ, איר וועט מיר מוזן אַנטשולדיקן, מיס —

— רופט מיך ען, מיס ען פיליפּס.

— איך בין געקומען אַהער אַריינציִען עלעקטריק. עס איז באמת אַ פאַרגעניגן צו רעדן מיט אייך.

— אַדאַנק, אַ דאַנק, איך קאָן זאָגן דאָס זעלבע וועגן אייך. שטערט אייך נישט. מיר איז זייער אינטערעסאַנט צו הערן פון אייך וועגן אייער שטאָט אין פוילן און בכלל איז מיר אינטערעסאַנט צו רעדן מיט אַ מענטשן, וואָס קומט פון יענער זייט. איר האָט געמוזט אַ סך איבערלעבן. אייער ענגליש איז גאָרנישט שלעכט פאַר דער קורצער צייט וואָס איר זייט אין לאַנד.

— איך וועל זיין מער ווי צופרידן צו דערציילן אייך וועגן מיין לעבן אין פוילן.

— ווען ווערט איר דאַ פאַרטיק?

— אָ, אַרום צוועלף אַזייגער. נאָך דעם האָב איך אַ צווייטן דזשאָב צו מאַכן, לאָמיר זען, אויף דער לינדען גאַס.

— וואו עסט איר?

— אָ, איך האָב מיר מיטגעבראַכט מיין פּעקל עסן. איך האַלט עס אין מיין „טול־באָקס".

— ווי וואָלט געווען ווען איר וועט היינט עסן מיט מיר? מיין מוטער איז אין שיקאַגאָ. איינמאָל אַ וואָך פאַרברענגט זי דעם טאָג אין די דעפּאַרט־מענט סטאָרס פון שיקאַגאָ. זי מיינט אַז זי איז די אייגנטימערין פון מאַרשאַל פילד. מיינע ברידער קומען אַהיים אַרום פיר אַזייגער. מיין פאָטער קומט האַלב נאָך פינף. עס איז מיר אומעטיק אַליין צו עסן. וועט איר מיר אָנטאָן דעם כבוד און זיין מיין קאָמפּאַניאָן ביים עס־טיש. איך האָב ביר און בראָנפן, אויב אַ מעכאַניק מוז טרינקען ביר.

— עס וועט זיין אַ פאַרגעניגן צו פאַרברענגען מיט אייך ביי איין טיש, איך פאַרזיכער אייך.

קאַפּיטל פיר און צוואַנציק

## ע ן

.1

מאַטעק האָט געאַרבעט אויפן צווייטן שטאָק. ער האָט געהערט ווי ען פּאַרעט זיך אין קיך אונטן און זי זינגט דערביי אַ דזשעז לידל. איר אָנגענעם קול און זאַרגלאָזיקייט וואָס האָט זיך געפילט אין דעם ווי אַזוי זי האָט געזונגען דאָס לידל, האָט מאַטעקן געשטערט אין דער אַרבעט. ער האָט אויפגעהערט קלאַפּן מיט דעם האַמער און זיך איינגעהערט. עס האָט זיך אים געוואָלט אַרונטערשרייען: „אויב איר וועט נישט אויפהערן זינגען, וועל איך היינט נישט פאַרטיק ווערן", נאָר צו פאַמיליאַר מיט איר האָט ער נישט געוואָגט צו ווערן.

דער ריזיקער וואַנט־זייגער וואָס איז געשטאַנען ביים אַריינגיין, אין פּאַר־דער־שטיבל, האָט אויסגעבומט מיושבדיק צוועלף מאָל. דאַן איז מיטאַמאָל געוואָרן זייער שטיל. מאַטעק האָט זיך אומגעדולדיק געריכט צו הערן ענס איינלאַדונג. ער האָט טאַקע נישט געדאַרפט וואַרטן.

— מיסטער מעכאַניק, לאַנטש איז גרייט! קאָנט איר מיך הערן? — האָט איר קול געקלונגען מיט אַ פרישקייט פון אַ דאָרפס־קינד.

— אַ דאַנק. איך הער אייך גוט. איך האָב אייך די גאַנצע צייט געהערט. איר זינגט שיין און איר לאָזט נישט אַרבעטן. אָט קום איך שוין אַרונטער.

— דאָס וואַש־צימער איז אויף רעכטס, אויף אייער שטאָק. פאַראַן דאָרט ריינע האַנטיכער און זייף, נאָר איילט זיך אונטער, מחמת איך שטאַרב עסן.

זי האָט אים נישט געדאַרפט דערמאָנען, אַז ער זאָל זיך איילן. ער איז געווען מער אויסגעהונגערט נאָך איר, ווי נאָך דער שפּייז.

— אָט בין איך, און אַ דאַנק פאַר דעם וואַרטן.

— איר זיצט דאָ און איך זיץ קעגנאיבער, וועל איך קאָנען קוקן אויף אייך, האָט זי געזאָגט.

— איר מיינט פאַרקערט.

— וואָס האָט איר געזאָגט ? זאָגט עס נאָכאַמאָל.
— איך האָב גאָרנישט ניט געזאָגט. גערעדט צו זיך אַליין.
— עס איז בלויז אַ קליינער בייס, דעם אָטעם איבערצוכאַפּן, נאָר איר וועט מיר מוזן אַנטשולדיקן, איך בין צו פויל צו קאָכן.
אַ שיין געדעקטער קליינער קיך־טיש. אַ וואַזאַנע מיט פרישע בלומען, קאַלירטע סערוועטקעס, מאָנאָגראַמירטע זילבער, קאַלירטע טעלער, צווייערליי ברויטן, דין געשניטן, טאָמאַטן, גרינע פעפערס, סעלערי מיט אַליוון, צע־שניטענער העם, קייקלעך פוטער, דרייערליי קעזן, אַן עפּל־פּאַי, אייגן גע־מאַכט, גרייטע קאַווע.
— איך שעם זיך פאַר דעם אָרעמען אויסוואַל, — האָט זי זיך אַנטשול־דיקט און אים געקוקט אַ פאַרשולדיקטע אין די אויגן אַריין.
— איך קאָן אַזוי פיל נישט עסן, — האָט ער געדרייט מיט דעם קאָפּ.
— איך קאָן אָפּקאָכן אַ פּאָר אייער, אָדער פרעגלען זיי. שעמט זיך נישט.
האָט מען געגעסן און געלאַכט, אַ סך געלאַכט. ען האָט הילכיק געלאַכט פון יעדער באַמערקונג וואָס מאָטעק האָט געמאַכט. זי האָט אים כסדר גע־קוקט אין די אויגן אַריין און דאָס פּנים אירס האָט געשטראַלט פון צופרידנ־קייט און פריילעכקייט.
ער האָט זיך נישט געקאָנט אָפּקוקן פון איר. זי איז געווען פון זיין וואוקס; פיס האָט זי געהאַט לאַנגע און פיין־פּאַרמירטע און דאָס שוואַרצע קליידל אירס האָט קוים געהאַט דערגרייכט די קני. דאָס פּנים איז געווען בלאַס־ראָזעווע, די הויט גלאַט און דורכזיכטיק, די נאָז אַ גלייכע און אַ פליישיקע, די ליפּן דיקלעך און לענגלעך, נאָר דאָס מויל נישט גרויס. די אויגן — טיף אַריינגעזעצט, זייער קאָליר אַ בלוילעך גרויער. דעם שטערן האָט ער בלויז טיילוויז געקאָנט זען. אירע טונקל־בלאָנדע האָר זיינען גע־ווען פאַרקעמט אויף איין זייט אַרונטער דעם שטערן. די האָר האָבן זיך גע־כוואַליעט און זיי זיינען געווען שויבערדיקע, געקרייזלט ביים סוף. דער האַלדז איז געווען אָפן, פול, געזונט און ווייס. די אַקסל — עכט־פּרויאיש, רונ־דיק און רחבותדיק. עס האָט געאָטעמט פון איר מיט יונגשאַפט און לוסט. דאָס קול האָט מאָטעקן דורכגענומען. עס איז געווען אָנגעזאַפּט מיט גרע־נעצלאָזער פריידיקייט און צוציעוודיקייט.
— איר טראַכט מער ווי איר עסט, מר. . . . איר האָט מיר אפילו אייער נאָמען נישט געזאָגט ?
— איר וועט מיין נאָמען נישט קאָנען אַרויסזאָגן. נישט מיין ערשטן, נישט מיין לעצטן. מיין ערשטער נאָמען איז מאָטעק און דער פאַמיליע נאָמען איז סאַרנאָווסקי. אַנו, קאָנט איר דאָס נאָכזאָגן ?

— איר האָט מיך געפּאַקט. איך וועל פּרוּוון. איר זייט פּויליש, רוסיש?
— איך בין אַ ייד און קום פון פּוילן.
— איך פאַרהאָף, אַז אייער פאַמיליע האָט נישט געליטן פון די געפּער־לעכע פּאָגראָמען, וואָס קומען דאָרט פאָר.
מאַטעק האָט נישט געוואָלט ווערן ערנסט. ער האָט זיך שוין לאַנג נישט געהאַט געפילט אַזוי גוט, אַזוי יונג און שטיפעריש ווי אין דעם מאָמענט.
— לאָמיר נישט רעדן וועגן ערנסטע זאַכן, מיס פיליפּס. איר ווייסט גאָר־נישט ווי גוט איך פיל זיך דאָ ביי דעם גאַסטפריינטלעכן טיש.
— אַנטשולדיקט, לאָמיר טאַקע רעדן וועגן פריילעכע זאַכן. בעיזבאָל שפּילט איר?
— איך מוז זיך מודה זיין, אַז ניט בלויז שפּיל איך נישט, נאָר איך ווייס ווינציק וועגן דעם און דאָס טוט מיר קיין גוטס ניט ביי דער אַרבעט, צווישן מיינע מענטשן. מען קוקט אויף מיר ווי אויף ניט קיין ציוויליזירטן מענטשן.
— עס איז זייער לייכט זיך אויסצולערנען. טעניס שפּילט איר? אויך נישט. נו, און פוטבאָל אַוודאי נישט. וואָס האָט איר געשפּילט אין אייערע קינדער־יאָרן?
— ווען איך וועל אייך דערציילן וואָס איך האָב געשפּילט אין מיינע קינדער־יאָרן, וועלן מיר ווידער דאַרפן ווערן ערנסט. איך קאָן אייך בלויז זאָגן, אַז איך האָב איבערגעלעבט איינגאַנצן אַן אַנדער קינדהייט, ווי די אַמע־ריקאַנער קינדער לעבן איבער.
— איר וועט מיר דאַרפן דערציילן וועגן דעם. איך בין שטאַרק פאַר־אינטערעסירט. נאָך אַ קאַווע?
— ביטע זייער. איר זייט אַ מלאך. איר זייט אַזוי גוט און פריינטלעך און — שיין.
— אָ, איר זייט דאָך גאָרנישט קיין גרינער. איר באַקענט זיך מיט אַ מיידל און איר גיט איר גלייך קאָמפּלימענטן. איך האָב דאָס ליב. און איר אַליין זייט אויך נישט קיין מיאוסער. איר זעט? איך בין גאָרנישט קליינ־שטעטלדיק, ווי אייך קאָן זיך אויסדוכטן, קומענדיק פון ניו־יאָרק. איך חלש צו זען ניו־יאָרק.
— איך פאַרזיכער אייך, אַז ווען איר וועט קומען אין ניו־יאָרק, וועל איך, אויב איר וועט דערלויבן, פּרוּוון זיין צו אייך אַזוי גאַסטפריינטלעך ווי איר זייט צו מיר.
— אָ, אָ, איך האָב נישט ליב קיין סענטימענטאַלע בחורים. ווען זייט איר פריי פון דער אַרבעט?

— איך ענדיק געווייגלעך האַלב נאָך פינף. ביי אייך וועל איך פאַרטיק ווערן אין אַ שעה אַרום. איך האָב זיך שוין אַזוי אויך פאַרשפּעטיקט. איך האָב געאַרבעט זייער לאַנגזאַם, זיך איינגעהערט צו אייער זינגען.

— הערט, איר רודאָלף וואַלענטינאָ, מיין זינגען מאַכט מיין מאַמען משוגע. דערציילט מיר נישט אַז איר האָט ליב מיין זינגען. זאָגט דעם אמת, איר זייט פאַרהייראַט? ניין. איר האָט אַ מיידל? עס איז נישט מיינע ביזנעס, נאָר מיר רעדן דאָך פריי.

— מיין מיידל האָט חתונה געהאַט מיט אַ פּאָר וואָכן צוריק.

— דערפאַר זייט איר געקומען אַהער, פאַרגעסן זי?

דער זייגער האָט אויסגעבומט אַן איינס.

— איך מוז, צום באַדויערן, צוריקנעמען זיך צו דער אַרבעט. זאָל איך אייך העלפן מיט דעם געשיר?

— יאָ, איך וויל נאָך רעדן מיט אייך אַביסל. עס איז דאָ אין אייך עפּעס וואָס אינטערעסירט מיך. איך שטודיר פּסיכאָלאָגיע אין אוניווערסיטעט. און דאָס וואָס איר זאָגט און איבערהויפּט ווי אַזוי איר זאָגט עס, איז פאַר מיר אַ שטודיע.

— איר עקספּערימענטירט אויף מיר, מיס פּיליפּס? טוט מיט מיר וואָס איר ווילט. איך בין גרייט אייך צו דינען פון איצט ביז אייביק.

— איז דאָס אַ ליבע־דערקלערונג?

— יאָ, אויב איר האָט נישט קעגן דעם.

— און וואָס וועל איך טאָן מיט מיין בחור?

— איר האָט אַ בחור?

— וואָס האָט איר געוואָלט, אַז איך, אַ מיידל פון צוויי־און־צוואַנציק יאָר, זאָל זיצן מיט אַראָפּגעלאָזטע שטאָרן אין הויז און זיך שאָקלען אויף אַ שאָקל־שטול?

— איך בין מקנא אייער בחור. איך פאַרגין אים נישט. איר זייט איינע פון די שענסטע מיידלעך וואָס איך האָב געזען אין אַמעריקע.

— אַ דאַנק פאַר דעם צענטן קאָמפּלימענט. מיר געפעלט ווי אַזוי די קאָמפּלימענטן ווערן אַרויסגעשאָסן פון אייער גוט־פאַרמירט מויל. מיר געפעלן אייערע האָר. הלוואי וואָלט איך געהאַט אַזאַ קאָפּ האָר. מיר געפעלן אייערע אויגן און אייער רויט אין די באַקן. איך גיי אַרום מיט עטלעכע בחורים. זיי קומען אין זייערע גלאַנציקע קאַרס, מיר פאָרן אַרויס צום לעיק־שאָר דראַיוו, מען שטעלט זיך אָפּ אין די טיי־פּלעצער . . . איך האָב ליב אַ באַל־געים, איך בין משוגע פאַר טעניס און מיינע בחורים זיינען פון די טיפּן וואָס קענען אַלץ און עס איז פאַר זיי קיין זאַך נישט צו־שווער. צי האָב איך

איינעם פון זיי ליב? אַמאָל דוכט זיך מיר אויס, אַז יאָ און שפּעטער זע איך איין, אַז עס איז נישט קיין אמתע ליבע. ווייסט איר וואָס הייסט אמתע ליבע? איך בין נישט זיכער, אַז עס איז דאָ אַזאַ זאַך ווי אמתע ליבע . . . אַ דאַנק פאַר דעם ווישן, איר זייט אַ גרויסע הילף. איר וועט זיין אַ גוטער פאַרהייראַ־טער מאַן. ווען האָט איר חתונה?

— הערט, מיס פיליפּס, איך מוז אַרויפגיין אַרבעטן. קאָן אַן אָרעמער עלעקטרישן האָבן דעם כבוד צו פאַרברענגען מיט אייך אַמאָל? איך האָב נישט קיין קאַר. קיין טעניס שפּיל איך נישט. מיין ענגליש איז אַ געפּערלעכער.

— איר באַדויערט זיך אַליין. דאָס שטימט מיט מיין לעקציע אין פּסיכאָלאָגיע.

מאַטעק איז צוגעגאַנגען גאַר נאָענט צו איר.

— מיס פיליפּס, אַ דאַנק פאַר אַלץ. עס איז געווען זייער איידל פון אייך צו פאַרברענגען מיט מיר. אייערע האָר ליגן וואונדערבאַר. קאָן איך זיי איין גלעט טאָן?

— אויב אייערע הענט זיינען ריין און אייער האַרץ איז ריין.

ער האָט זי אַ כאַפּ געטאָן אין זיינע אָרעמס און צוגעדריקט צו זיך און אָפּגעפּרעסט אַ הילכיקן קוש אין מויל אַריין. זי האָט זיך פאַרקרימט און אים לייכט אָפּגעשטויסן פון זיך.

— איר האָט אייער וואָרט נישט געהאַלטן און איר האָט מיסברויכט מיין צוטרוי צו אייך. מיין לעקציע אין פּסיכאָלאָגיע איז אַ דורכפאַל. — זי האָט אַ פּאַטש געטאָן מיט די הענט און זיך הויך צעלאַכט. — און איצט, שלעכטער בחור וואָס איר זייט, גייט גלייך אַרויף צו דער אַרבעט.

מאַטעק האָט איר צוגעוואָרפן אַ לופט־קוש פון די טרעפּ.

ער האָט געאַרבעט פיבערהאַפטיק, געוואָלט וואָס שנעלער פאַרטיק ווערן און אַראָפּקומען.

עס האָט נישט געדויערט לאַנג און ער האָט געהערט אַ מענעריש קול אונטן. ווען ער איז איבגאַנצן פאַרטיק געוואָרן, האָט ער געטראָפן ען זיצן אין אויפנאַם־צימער מיט אַ יונגערמאַן קעגנאיבער איר. דער יונגערמאַן האָט מאַטעקן גאָר קיין אויפמערקזאַמקייט נישט געשענקט און ען האָט אים אויך ניט פאַרגעשטעלט.

— איך בין פאַרטיק, — האָט מאַטעק געזאָגט צו איר.

— ווען איר וועט פאַרבייפאַרן, פאַלט אַריין אַהער, טאָמער וועט איר דאַרפן עפּעס פאַרריכטן. פאַרגעסט נישט. גוד־באַי און אַ דאַנק פאַר אַלץ.

.2

— וואָס דענקסטו וועגן דעם מיידל, בען? — האָט אים מאָטעק געפרעגט, נאָך דעם ווי ער האָט אים געהאַט דערציילט אַלץ וואָס עס איז פאָרגעקומען.

— איך האָב געדאַרפט זיין אויף דיין אָרט, אָט דאָס דענק איך וועגן דער מיידל, — האָט בען געענטפערט. — זי איז אַ וואונדערבאַר מיידל, דאָס אַלץ וואָס איך קאָן דיר זאָגן. באַקען מיך מיט איר. נישטאָ קיין בעסערע מיידלעך ווי די סטודענטקעס פון דערבייאיקן אוניווערסיטעט. זיי זיינען געזונט פיזיש און גייסטיק. פון קיין רעוואָלוציע ווילן זיי נישט וויסן. זיי ווילן הנאה האָבן פון יעדער מינוט וואָס זיי אָטעמען. איך בין זיי מקנא.

אין אַ פּאָר טעג אַרום, ביי דער ערשטער מעגלעכקייט, האָט מאָטעק זיך געאיילט צו ענס הויז. ער האָט אָנגעקלונגען אין טיר. אַ שיינע מיטל־וויקסיקע, מיטליעריקע פרוי האָט אים געעפנט די טיר. ער האָט גלייך דער־קענט די ענלעכקייט צו ענען.

— איך בין דער עלעקטרישן, וואָס האָט געאַרבעט ביי אייך אויבן. איך בין געקומען אויסגעפינען, צי אַלץ איז אין אָרדנונג.

— אָ, דאָס איז זייער פיין פון אייער זייט. קומט אַריין, ביטע. מיר דוכט זיך, אַז אַלץ אַרבעט גלאַטיק, נאָר אויב איר ווילט אינספּעקטירן, מיט פאַר־געניגן. גייט אַרויף, שטערט אייך נישט. וואַרט, איך וועל בלויז זאָגן מיין טאָכטער, אַז עמיצער קומט אַרויף . . . ען טייערע, דערשרעק זיך נישט, דער עלעקטרישן איז דאָ. ער קומט אַרויף אַ קוק טאָן, צי אַלץ איז אין אָרדנונג. איז עס אָלראַיט?

— אָקי־דאָקי, איך בין אָנגעטאָן און אויסגעפּוצט.

מאָטעק האָט מיטגענומען זיין געצייג־קעסטעלע.

— אָ, האַלאָ, מר. עלעקטרישן. וואָס מאַכט איר? — האָט זי שעלמיש אים באַגעגנט ביי דער טיר פון איר צימער. זי האָט אויסגעשטרעקט איר שמאָלע לאַנגע האַנט צו אים. ער האָט אַ כאַפּ געטאָן די האַנט און זי הייס אַ קוש געטאָן.

— מיסטער עלעקטרישן, קאָנט איר פאַרריכטן די לאָמפּ אויף מיין טישל? אפשר דאַרף מען האָבן אַן אַנדער באַלב. עס איז מיר נישט צו באַ־קוועם צו לייענען, — האָט זי געזאָגט און די אויגן האָבן געלאַכט.

ער איז צוגעגאַנגען צו איר, אַ כאַפּ געטאָן איר פּנים אין זיינע גרויסע הענט און אויסגעקושט אירע אויגן.

זי האָט זיך אַ ריס געטאָן פון אים און הויך אַ זאָג געטאָן:

— איצט איז דאָס בעסער. אַ דאַנק.

— ווען קאָן איך אייך זען, ען? — האָט ער אַ שעפּטשע געטאָן.

— איך וועל וואַרטן אויף אייך אין אָוונט, ביין אַזייגער, אין מיין קאַר ביי דער קירך.

זי האָט געהאַלטן וואָרט.

— איר זייט שוין אַמאָל געווען ביים לעיק ביינאַכט? — האָט זי געפרעגט. איר קול איז געווען געלאַסן און מעסיק.

— ניין, איך בין נייגעריק צו זיין דאָרט, — האָט ער געענטפערט נערוועז און הייס.

— פאָרן מיר.

מאַטעק האָט געשוויגן. זי האָט געטריבן גלאַטיק און זיכער. די קאַר איז געווען אַ נייע.

— וואָס שוויגט איר? זאָגט עפּעס, — האָט זי געזאָגט נישט אויסדריי-ענדיק זיך צו אים.

— איך וויל אייך זאָגן, אַז איך פיל זיך מיט אייך אַזוי גוט, אַז מיין שוויגן רעדט אַ סך.

— איר האָט זיך פיין אויסגעדריקט. עס איז קורץ און גוט.

זי האָט פאַרויכערט אַ סיגאַרעט און אים דערלאַנגט דאָס פּעקעלע. ער האָט גערויכערט. זיי זיינען צוגעקומען צום מישיגען לעיק. אַ דיקער נעפּל האָט זיך געוויקלט אַרום און אַרום.

— איר קאָנט איצט דעם לעיק נישט זען, נאָר איך האָב ליב די פאָגע. און איר?

— עס איז אַלץ אַזוי וואונדערבאַר פאַר מיר איצט, אַז איך האָב אַלץ ליב, דערפאַר וואָס איך זיץ לעבן אייך און וואָס איר זייט נאָענט פון מיר.

— מיידל־הונגעריק, — האָט זי געזאָגט צו זיך אַליין.

— אייער לעקציע אין פסיכאָלאָגיע קומט אייך צונויף.

— לאַכט נישט אָפּ פון מיין פסיכאָלאָגיע. איך וועל געפינען אַ פּלאַץ, וואו מיר וועלן זיך אָפּשטעלן. מיר וועלן קאָנען אַרויסגיין און שפּאַצירן ביים ברעג. דער אָוונט־שפּאַציר איז דערפרישנדיק.

זי האָט זיך אָפּגעשטעלט.

— לאָמיר גיין, — האָט זי געזאָגט.

— לאָמיר זיצן, — האָט ער געענטפערט.

— ווי איר ווילט, — האָט זי צוגעשטימט.

ער האָט זי אַרומגענומען און אָנגעהויבן קושן. זי האָט געשוויגן. ער האָט זי געגלעט. זי האָט געלאַכט.

— גיט מיר אַ קוש, ען.

זי האָט נישט געענטפערט, בלויז זיך איינגעאַנצן אויסגעדרייט צו אים און אַריינגענומען זיין קאָפּ אין אירע אָרעמס און אים געקושט אין מויל אַריין. ער האָט דערפילט ווי זי וואַכט אויף, ווי זי הויבט אָן אַטעמען האַסטיקער. דער נעבל האָט זיי ביידן אַרומגענומען און זיי זיינען געוואָרן אַן אומשיידבאַרע טייל פון אים.

מאָטעק איז אַהיים געקומען פאַרטאָג. עס איז נאָך געווען שטאָק־פינצטער. נאָר ווען ער האָט זיך געלייגט, האָט ער באַמערקט, אַז עס הייבט אָן שאַריען אין ווייט.

רובי האָט אים געוועקט.

— וואָס איז דאָס מיט אייך היינט, מאָטי? איר פילט נישט מיט אַלעמען? דאָס איז דאָס ערשטע מאָל וואָס איר האָט פאַרשלאָפן. שטייט אויף, איך אייל זיך. איר וועט שוין דאַרפן אַליין צוקומען צום פּלאַץ. איך קאָן נישט וואַרטן אויף אייך. אַבי איר פילט זיך געזונט. אפשר קאָנט איר אַריינאַרבעטן היינט אַ שעה איבערצייט? איך וויל פאַרטיק ווערן מיט דעם אַ'קאָנער דזשאַב.

— רובי, איר זייט אַ וואוילער יאַט. איך האָב אייך האַלט, — האָט מאָטעק אויסגערופן.

— איר דערקלערט זיך מיר אין ליבע? אָדער האָט זיך אייך געחלומט עפּעס? גוד־באַי, פּרינץ אַלבערט.

אויך רוביס פרוי בעס האָט באַמערקט די הייטערקייט אין מאָטעקן.

— איר זייט אַהיים געקומען זייער שפּעט, מאָטי? וואו זייט איר געווען? שנעל, דערציילט עס מיר. איך דאַרף אויפפּאַסן אויף אייך, אַז איר זאָלט נישט אַרונטער פון גלייכן וועג, כאָטש ביי אונדז אין שטעטל קאָן מען פון גלייכן וועג נישט אַרונטער, אפילו אַז מען זאָל וועלן. צען אַזייגער איז שוין אַלץ געשטאָרבן. ווען מען זעט מענטשן גיין צען מינוט נאָך צען, איז דאָס אַ פּאַסירונג וועגן וועלכער מען רעדט נאָכהער אַ גאַנצן טאָג.

— בעס, איר זייט וואונדערבאַר! — האָט מאָטעק אויסגערופן, אַ באַרוישטער.

בעס האָט געלאַכט און געקוקט אויף אים. ער האָט איר בליק נישט געקאָנט אויסהאַלטן.

— בעס, נאָך אַ גלעזל קאַווע און איך וועל עס אייך קיינמאָל נישט פאַרגעסן.

— מאָטי, נישט אַנדערש, אַז איר האָט געהאַט אַ שנעפּסל גלייך אין דער פרי.

ער האָט אָנגעטאָן דעם מאַנטל אויף גיך און געזאָגט צו איר?
— בעס, זאָגט בענען, ווען ער וועט אַהיים קומען, אַז זיין טעאַריע איז אַ ריכטיקע.
— איך וועל אים זאָגן, אַז איר זייט היינט געווען אַ נייער מענטש.

.3

צו דער באַשטימטער שעה, צו דער באַשטימטער מינוט פּאָקטיש, האָט מאַטעק געוואַרט אויף ענס קאַר. זי האָט אים קיינמאָל נישט אַנטוישט. איינמאָל אַ וואָך האָבן זיי זיך געטראָפן און פאַרבראַכט אַ פּאָר שעה צוזאַמען. מאַטעק האָט מער נישט געשוויגן. גלייך ווי ער האָט זיך אַריינגעזעצט אין איר קאַר האָט ער איר אָנגעהויבן דערציילן זאַכן וואָס ער האָט געוואוסט וועלן איר אינטערעסירן. זי האָט געוואָלט וויסן וועגן זיינע קינדער־יאָרן, וועגן זיין קומען קיין אַמעריקע. זי האָט אים דערציילט וועגן איר קינדהייט, וואָס איז געווען אַזוי בליענדיק, אַזוי שיין און געבענטשט. מאַטעק האָט געהערט מיט אַן איינגעהאַלטענעם אָטעם.

איינמאָל איז געווען אַ גרויסע זאַווערוכע און ען איז נישט געקומען. מאַטעק איז שיעור נישט פאַרפרוירן געוואָרן וואַרטנדיק אויף איר, נאָר זי איז נישט געקומען. זי האָט אים אָבער טעלעפאָנירט צומאָרגנס גלייך אין דער פרי, איידער ער איז אַוועק צו דער אַרבעט.

ער איז געשטאַנען אין וואַש־צימער ביים שפּיגל און זיך ראַזירט.

— איך האָב אַרויסגענומען די קאַר און בין געבליבן שטעקן אין וועג. קומענדיקן דינסטיק, אין דער געוויינלעכער צייט, סוזי דאַרלינג.

מאַטעק האָט געלאַכט. זי האָט אים גערופן סוזי, מחמת די מאַמע האָט זיך איינגעהערט.

— העי, מאַטעק! — האָט ער זיך אַליין גערופן, — עס איז גוט צו לעבן אויף דער וועלט, האַ? אַבי ס'איז דאָ אַן ען, אַ לעבן אויף איר. סוזי רופט זי מיך . . . האַלאָ, סוזי דאַרלינג.

מאַטעק האָט זיך איינגעקוקט אין שפּיגל און אָנגעקוואָלן פון זיך. אַזוי גוט האָט ער נאָך אויף זיין לעבן נישט אויסגעקוקט, האָט ער באַשלאָסן. די אויגן האָבן געגליט און אים דערמאָנט אין אַ היימישן פייער אין אויוון, וואָס האָט זיך גוט צעפלאַקערט און וואָס איז געווען אָנגעגרייט מיט אַ סך גלי־מאַטעריעל. אָט־די אויגן זיינע האָבן איצט געקאָנט איינשלינגען די גאַנצע וועלט. זיי זיינען געווען אויסגעהונגערט און זאַט אין דער זעלבער צייט. זיי זיינען געווען יונג און פרייליך, זאַרגלאָז און גלוסטיק. אויך די באַקן האָבן

זיך געדרויטלט. זיי זיינען געווען גלאַטיק און שטאַרק און די מויל־ווינקלען האָבן אָנגעקוואָלן פון הנאה.

— מיין מויל איז נאָך זיס פון ענס קושן; מיינע ליפּן פילן נאָך דעם טעם פון איר וואַך און וואַרעם לייב, פון איר פאַרבאָרגענעם צויבער, וואָס איך האָב אַנטפּלעקט און אַריינגעזאַפּט אין זיך אין דער פולער מאָס. — מאַטעק האָט פון פרייד פאַרזשמורעט די אויגן און אַ דריי געטאָן מיטן קאָפּ.

— פאַרוואָס האָב איך געדאַרפט וואַרטן אַזוי לאַנג אין לעבן אויסצו־געפינען וואָס איך האָב אָנגעוואוירן? — האָט ער זיך אַליין געפרעגט.

און דאָך האָט ער געפילט אין ענס נאָענטקייט — זי איז אים צייטנווייז געווען נעענטער ווי יעדער מענטשלעכער קערפּער מיט וועלכן ער איז אַמאָל געקומען אין באַריר — אַז זי איז געווען בלויז ווי אַ שיינער זייפנבלאָז וואָס וועט מיטאַמאָל פאַרשווינדן און פּלאַצן אין רוים. זיי זיינען דאָך אין דער אמתן געווען אַזוי ווייט, אַזוי ווייט איינער פון דעם אַנדערן. דערנעענטערט האָט זיי דאָך בלויז דאָס יוגנטלעכע, דאָס ליידנשאַפטלעכע. דאָס איז געווען אַזוי גוט, אַזוי פול מיט פאַרגעניגן, אַז עס האָט זיך געוואָלט, אַז עס זאָל זיך קיינמאָל נישט ענדיקן. נאָר געוואוסט האָט ער, מאַטעק, אַז וואָס פריער עס וועט זיך ענדיקן, אַלץ אָנגענעמער וועלן די פאַרבראַכטע מאָמענטן בלייבן אין זכרון.

און מסתם האָט דאָך אַזוי געפילט ען אויך. עס איז געווען געניג צו הערן ווי זי האָט אים דערציילט וועגן אירע קינדער־יאָרן און ווי ער האָט איר דערציילט וועגן זיין יונג לעבן, אַז זיי זאָלן ביידע דערפילן דעם גרויסן תהום וואָס האָט זיי אָפּגעשיידט.

און עס איז געווען גוט וואָס ביידע האָבן זיך אָנגעהויבן אָפּקילן. און מאַטעק האָט געוואוסט, אַז באַלד, באַלד וועט זיין די בעסטע זאַך פאַר אים צו פאַרלאָזן דאָס שטעטל און מיטנעמען מיט זיך די שיינע מתנות וואָס ען האָט אים געגעבן — די וואונדערבאַרע נעכט מיט איר ביים ברעג פון מי־שיגען לעיק.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ערב פרילינג האָט רובי געמאָלדן מאַטעקן, אַז מער האָט ער נישט קיין אַרבעט פאַר אים. מאַטעק האָט באַשלאָסן צו זוכן אַרבעט אין שיקאַגאָ און וואוינען אין שטעטל. עס האָט אים געצויגן צו ענען.

ער האָט זיך דורכגעשריבן מיט קלאַראַן און אויך דערהאַלטן בריוו פון גאָלדען. קלאַראַ האָט זיך פאַר אים אַנטפּלעקט ווי אַ וואַרעמע נשמה. אירע בריוו זיינען געווען אויסגעצייכנט. איר ענגליש — רייך אין אויסדרוקן, צו רייך פאַר מאַטעקן. בכלל האָט ער זיך געפילט מיט איר ווי ניט קיין גלייכער מיט אַ גלייכן. זי האָט שטודירט כסדר און דערמאָנט אין אירע בריוו נעמען פון

פּאַעטן און פילאָזאָפן, פון וועלכע ער האָט קיינמאָל ניט געהאַט געהערט אפילו. ער האָט געפילט אַז זיינע בריוו צו איר זיינען אָרעם און גאָרנישט זאָגנדיק. איבערהויפּט נאָך דעם ווי ער האָט זיך באַקענט מיט ענען און געפילט אַ זאַט־קייט אין זיך, זיינען זיינע בריוו צו קלאַראַן געוואָרן אַלץ טרוקענער און זעלטענער.

אַנדערש איז דאָס געווען מיט גאָלדען. גאָלדעס בריוו זיינען פאַר אים געווען אינגאַנצן ניי. עס איז נישט געווען די זעלבע גאָלדע. אים האָט זיך געדוכט אַז זי איז געוואָרן טיפער אין איר דענקען, די שטיפערישקייט און זאָרגלאָזיקייט האָבן זיך פון איר אָפּגעטאָן און זי האָט אויסגעדריקט אַ פאַר־שטעלטע בענקשאַפט נאָך אים, מאַטעקן. צו איר האָט מאַטעק געשריבן וואַ־רעמע בריוו און דאָס וואָס ער האָט געפילט צו ענען, האָט ער אַצינד אויס־געדריקט אין זיינע בריוו צו גאָלדען. ער האָט ערשט דאַן איינגעזען, ווי שטאַרק ער האָט ליב געהאַט גאָלדען און וואָס פאַר אַ טעות ער איז באַ־גאַנגען וואָס ער האָט זי פאַרנאַכלעסיקט.

אַרבעט איז געווען ווינציק פאַר מאַטעקן אין שיקאַגאָ. ער האָט בכלל נישט ליב געהאַט צו אַרבעטן דאָרט. בען האָט זיך געקליבן צוריקצופאָרן אין ניו־יאָרק. ער איז אויסגעגאַנגען נאָך זיין געליבטע. ער האָט אָנגעהויבן צו־רעדן מאַטעקן, אַז ער זאָל אויך פאַרלאָזן.

— שיקאַגאָ איז אַ גרויסער דאָרף אין פאַרגלייך מיט ניו־יאָרק, מאַט — האָט בען געזאָגט אַ פאַרבענקטער. — פאַרגעס אין ען, זי וועט באַלד חתונה האָבן און דו וועסט ליידן, ווי איך האָב געליטן.

נאָך פלוצלינג האָט מאַטעק דערהאַלטן אַ בריוו פון פוילן, וואָס מען האָט אים איבערגעשיקט פון ניו־יאָרק. דער בריוו האָט אים אויפגערודערט און געמאַכט גרייט.

דער בריוו איז געווען פון סאָלטשען.

## קאַפּיטל פינף און צוואַנציק

# אין באַן

.1

נאָך דעם ווי מאַטעק האָט איבערגעלייענט דאָס פּעקל בריוו פון לאָדזש, האָט ער זיך אַ לאַנגע צייט אַרומגעדרייט אַ שווייגנדיקער און אַ פאַרטראַכטער. ענדלעך האָט ער בענען דערציילט וואָס עס האָט אים אַזוי צערודערט.

— דו פאַרשטייסט, בען, דיר איז גוט וואָס דו ביסט געבוירן געוואָרן דאָ און דו האָסט נישט די פּראָבלעמען וואָס איך האָב. אָט האַלט איך אין האַנט אַ פּעקל בריוו פון מיינע שוועסטער און פון צוויי אָנקלס און פון אַ טאַנטע. אַלץ איז גוט און וואויל. קיין אַמעריקע ווילן די שוועסטער מיינע נישט קומען. איך בין ניט גענוג פאַרמעגלעך פאַר זיי. זיי ווילן מיר נישט פאַלן צו לאַסט, שרייבן זיי. זיי וואָלטן וועלן, אַז איך זאָל זיי אַריבערנעמען אַלעמען אויף אַמאָל. נו, דאָס איז נישט מעגלעך פאַר מיר. מיין פּלאַן איז געווען אַריבערצוברענגען די עלטערע. זי וועט זיך דאָ איינאָרדנען, וועלן מיר צוזאַמען ברענגען די ייִנגערע און דאַן וועט שוין זיין גרינג אַראָפּצוברענגען די צוויי ייִנגסטע אויף אַמאָל. ווילן זיי אָבער נישט. די עלטסטע שוועסטער גיט דעם טאָן און אַלע פאָלגן נאָך. נאָר נישט דאָס האָב איך דיר געוואָלט דערציילן. דו ווייסט וועגן סאַלטשען. איך האָב געוואָלט וויסן, וואָס מיט איר איז געשען. פאַרט זיך אויפגעהאָדעוועט מיט איר אין מיינע קינדער־יאָרן. זי איז געווען נעענטער צו מיר, ווי אַ שוועסטער. אַזאַ וואַרעמקייט ווי זי האָט מיר געגעבן, ווען איך האָב זיך אין דעם גענויטיקט, ווי אין דער סאַמע לופט וואָס מען אָטעמט, האָט מיר קיינער נישט געגעבן, אויך נישט גאָלדע. האָב איך זיך געבעטן ביי די שוועסטער, אַז זיי זאָלן מיר לאָזן וויסן, וואָס עס איז געוואָרן פון סאַלטשען. אין יעדן בריוו דערמאָנט — און זיי האָבן אָנגענומען אַ פול מויל מיט שווייגן. איך שרייב איין זאַך, זיי ענטפערן בוידעם־קלאָץ. איך בין געווען כמעט ווי זיכער, אַז סאַלטשע איז אומגעקומען אין דער מלחמה,

אויסגעגאַנגען פון הונגער, אָדער אַזוי געפאַלן אַ קרבן פון די יונקערס . . .
איצט האָב איך באַקומען אַ בריוו פון סאַלטשען אַליין. איך מוז דיר אים לייענען און דו וועסט זיך איבערצייגן, אַז די משפּחה מיינע שרייבט מיר נישט דעם אמת פון פוילן. פאַרוואָס טוען זיי דאָס? ווילן זיי מיר נישט אָנטאָן קיין יסורים? זיי ווייסן, אַז איך לייען יידישע צייטונגען אין אַמעריקע. און דאָ ווייסן מיר וואָס עס קומט פאָר אין דעם „באַפרייטן" פוילן, פריי צו וועלן אויסראָטן די יידן וואָס לעבן דאָרט. פאַרוואָס שווייגן מיינע שוועסטער וועגן דעם? האָב געדולד און הער זיך איין צו סאַלטשעס בריוו. איך לייען אים פאַר דיר ווי ער גייט און שטייט. אַביסל ווייסטו שוין וועגן סאַלטשען פון פריער, וועט דיר נישט זיין שווער צו פאַרשטיין איר אַרט שרייבן.

„מיין איין־און־איינציקער מאַטעק: פון דיינע שוועסטער האָב איך אויסגעפונען, אַז דו האָסט זיך נאָכגעפרעגט אויף מיר. דיין האַרץ האָט דיר געזאָגט, אַז עפּעס איז מיט דער ווילדער מויד פאָרגעקומען. דיינע שוועסטער, איבערהויפּט גוטשיאַ, האָבן געוואוסט, וואו איך בין אַהינ־געקומען. מעגלעך, אַז זי האָט דיך נישט געוואָלט איבערשרעקן. מיט אַ וואָך צוריק בין איך באַפרייט געוואָרן פון טורמע. איך האָב קיין בייגל אין מאַרק נישט געגנבעט און מיט קיין וואַלוטע נישט געהאַנדלט. איך האָב זיך פאַרזינדיקט קעגן אונדזער אַמאָליקן „רעוואָלוציאָנער" פּילסודסקי. איך האָב זיך געפרייט מיט דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע אין רוסלאַנד און איך האָב געהאַלטן, אַז מיר דאַרפן נאָכטאָן דעם ביישפּיל פון די באָלשעוויקעס. האָט מען מיך דאָך אַלע יאָרן גע־לערנט, אַז מיר דאַרפן שטרעבן צו סאָציאַליזם. און דאָ איז געקו־מען אונדזער סאָציאַליסטישע פּאַרטיי און זיך פאַראייניקט מיט די ענ־דעקעס קעגן ראַטן־פאַרבאַנד. מען שניידט ביי אונדז יידישע בערד, מען איז נישט זיכער מיטן לעבן, ווען מען רעדט אויס אַ יידיש וואָרט, מען וואַרפט פון די באַנען די לאַנגע קאַפּאָטעס. עס איז געוואָרן אַ גיהנום צו לעבן אין פוילן. אַ ווילדער, צעיושעטער שאָוויניזם האָט אַרומגעכאַפּט אַ סך פון אונדזערע נעכטיקע אינטערנאַציאָנאַליסטן. מילא, מען האָט מיך געהאַלטן פאַרשפּאַרט אַכט חדשים און צוויי טעג. איך האָב נאָך גוט אָפּגעשניטן. מען האָט מיר פאַרקירצט מיין טערמין. געדאַרפט האָב איך זיצן איבער צוויי יאָר. מיין גליק איז געווען וואָס איך בין נישט געווען אין דער אָנפירערשאַפט. דו זעסט, דערפאַר וואָס איך האָב נישט געהאַט גענוג בילדונג, האָט מען געהאַט איינזעעניש מיט מיר. נאָר מען היט מיינע טריט. מען ווייסט, אַז איך בין אַ באָל־שעוויטשקע און מען וועט מיך מסתם באַלד פאַרשיקן אין אַ לאַגער. די

דעפּענסיווע האַלט אַן אויג אויף מיר. די האַלערטשיקעס וואָלטן גע־מאַכט אַ פּאָגראָם אין באַלוט, נאָר מיר זיינען דאָ גוט אָרגאַניזירט. און דערפאַר, וואָס איך אָטעם ווידער די זעלבע לופט וואָס דו אָטעמסט, אייל איך מיך צו שרייבן צו דיר. גוטשיא האָט מיר געזאָגט, אַז פון דיר איז אין אַמעריקע נישט געוואָרן קיין לייט. זי וויל שוין נישט פאָרן קיין אַמעריקע. דאָרט, זאָגט זי, קומען אויך פאָר סטרייקס און מען קאָן דאָרט נישט זיין אַזוי פרום ווי אין פּוילן. אויב דו וועסט פון מיר מער קיין בריוו נישט דערהאַלטן, זאָלסטו וויסן אַז איך „זיץ" שוין ווידער. אויב איך וועל זיך קאָנען אַרויסראַטעווען פון דאַנען, וועל איך עס טאָן. וואָס מאַכסטו, מאָטעק? האָסט חתונה געהאַט מיט גאָלדען? אויב יאָ, האָסטו געטאָן אַ גראַדע זאַך. איך האָב געהאַט אַ סך אָנבאָטן, איידער מען האָט מיך אַריינגעזעצט. איצט וויל קיינער אויף מיר נישט קוקן. איך האָב פאַרלאָרן איבער צוואָנציק פונט. ס'איז פון דיין סאָלטשען געוואָרן אַ העלפט. וועל איך דיך נאָך אַמאָל זען? טראַכסטו נאָך פון מיר אַמאָל? געדענקסט ווי איך האָב געוואָלט דו זאָלסט ווערן מיין חתן? איך בענק נאָך יענער ליבער צייט, נאָר דיינע שוועסטער האַלטן זיך פון וויטן צו מיר. אפילו גוטשיא צי־טערט, אַז מען זאָל זי נישט זען מיט מיר. די צייט האָט אויף איר נישט געווירקט. איך האָב געהערט, אַז זי האָט חתונה די טעג, דערפאַר וואָס לאָטשיא קאָן זיך נישט דערוואַרטן. זי האָט אַ חתן. עס פּאַסט דאָך נישט פאַר דער יינגערער חתונה צו האָבן פריער. גוטשיא האָט חתונה פאַר אַ פרעמדן מענטשן, דורך אַ שדכן. דער אָנקל גוסטאַוו גיט איר נדן. לאָטשיא האָט חתונה געהאַט אויס ליבע. מסתם האָט מען דיר אַלץ געשריבן. איך בעט דיך, ענטפער מיר גלייך, דערפאַר וואָס איך גיי אויס צו הערן אַ וואָרט פון דיר. גלויב מיר, איך שפּאַס נישט. דו ביסט דער איינציקער מענטש וואָס איז מיר געבליבן אויף דער וועלט. איך וואָלט אַוועקגעגעבן אַ סך יאָרן פון מיין לעבן צו קאָנען דיך אַריינגעמען אין מיינע אָרעמס און אויסקושן דיין ליכטיק פּנים. איך קאָן דיר מער נישט שרייבן, מיינע אויגן האָט פאַרשאָדט די רויע ציבעלע.

דיין אייביקע סאָלטשע".

מאָטעקס קול איז געווען פאַרהוילט. ער האָט קוים געקאָנט ענדיקן דעם בריוו. בען האָט געקוקט אויף אים און פאַרשטאַנען, אַז מאָטעק איז געווען שטאַרק גערירט פון בריוו.

— מאָט, איך אויף דיין אָרט, וואָלט איר אַרויסגעשיקט אַ שיפסקאַרט

און זאָל זי אַהער קומען. זי וועט דאָך דאָרט פוילן אין טורמעס. אויב דו דאַרפסט געלט, וועל איך דיר העלפן.

— בען, איך טראַכט וועגן דעם די גאַנצע צייט. איך האָב סאַלטשען ליב, בען. זי איז עלטער פון מיר, נאָר עס הויבט מיך ניט אָן צו אַרן. איך האָב שוין געהאַט אַ סך דערפאַרונגען מיט מיידלעך. געמיינט, אַז גאָלדע איז מיין באַשערטע. כ׳האָב זי נאָך אַלץ ליב, נאָר פאַר סאַלטשען האָב איך גאָר אַן אַנדער געפיל. עס איז דיר שווער דאָס איבערצוגעבן. ווען איך טראַכט וועגן איר, טראַכט איך וועגן מיינע עלטערן, וועגן מיינע שוועסטער. זע, די שוועסטער האָבן מיר ניט דערציילט דעם אמת וועגן פוילן. עס איז אַן אַנדער וועלט, די וועלט אין וועלכער מיינע שוועסטער לעבן. ווען זיי וואָלטן דאָ געווען, וואָלטן מיר אויך ניט געקאָנט אויסקומען. אַנדערש איז מיט סאַלטשען. זי איז מיין פריינט, זי איז מיט מיר ווי פון איין טייג געקנאָטן. ווען זי וועט קומען קיין אַמעריקע, וועלן מיר ביידע קאָנען ווייטער גיין דעם זעלבן וועג.

בען האָט זיך איינגעקוקט אין מאָטעקס פּנים און געזאָגט:

— סאַלטשע געפעלט מיר. די ערשטע זאַך ווען מיר וועלן אָנקומען אין ניו־יאָרק, זאָלסטו דאָס טעלעגראַפיש באַזאָרגן. איך וועל דיר העלפן, אויב דו וועסט וועלן.

ביי מאָטעקן האָבן אויפגעלויכטן די אויגן. ער האָט דערפילט, ווי עס איז אים געוואָרן אָנגענעם וואַרעם. ער האָט פאַרמאַכט די אויגן און געוואָלט זען פאַר זיך סאַלטשען.

.2

אין אַן אַנדער צייט וואָלט מאָטעקן געווען אַ שאָד צו פאַרלאָזן דאָס שיינע, פריינטלעכע שטעטל. זינט ער איז געווען אין לאַנד, איז דאָס געווען צום ערשטן מאָל וואָס ער האָט געהאַט גענאָסן רו און מנוחה. די געשמאַק־פלאַנירטע הייזלעך, אַרומגערינגלט מיט אַזוי פיל רחבות און היימישקייט; די גאַסט־פריינטלעכקייט פון בעס און איר מאַן, זיין באַלעבאָס, רובי; בענס חברשאַפט, וואָס איז געווען אַזוי פריי און אויפריכטיק; דער שטענדיקער שמייכל אויף די ליפּן פון די איינוואוינער און איבערהויפּט דאָס פאַרגעניגן, וואָס ער האָט געהאַט פאַרברענגענדיק מיט ען — דאָס אַלץ וואָלט אים אין אַן אַנדער צייט געהאַלטן לענגער אין שטעטל, ניט געקוקט דערויף וואָס ער האָט שוין קיין אַרבעט ניט געהאַט.

סאַלטשעס בריוו האָט מאָטעקן אויפגעבורזשט. ער האָט מיטאַמאָל דער־

פילט אַ פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט צו איר, דער ברייוו האָט געפֿאָדערט האַנד־לונג און טאַקע באַלדיקע אַקציע. אויך דער פֿאַקט, וואָס בען איז געפֿאָרן קיין ניו־יאָרק און וואָס בען האָט אים געמוטיקט און געהייסן גלייך שיקן נאָך סאָלטשען, — האָט מאָטעקן אָנגעצונדן מיט אַן אומרו. ער האָט אָפּגעוואַרט ענען לעבן איר הויז, ווען זי איז געגאַנגען אין אוניווערסיטעט און איר דער־ציילט אַז ער פֿאָרט אָפּ קיין ניו־יאָרק. עס וואַרט אויף אים אַ וויכטיקע פּאָ־זיציע דאָרט, האָט ער אויסגעטראַכט. זי האָט די נייעס אויפֿגענומען גוט־מוטיק. זי האָט באַדויערט, נאַטירלעך, וואָס ער מוז פֿאַרלאָזן, נאָר זי האָט געהאָפֿט, אַז זי וועט זיך מיט אים טרעפֿן אין ניו־יאָרק. זאָל ער צו איר שרייבן, זאָל ער איר לאָזן זיין אַדרעס. זיי האָבן אָפּגערעדט צו טרעפֿן זיך נאָך דעם זעלבן אָוונט און זיך געזעגענען.

בען האָט געוואָלט פֿאַרברענגען דעם לעצטן אָוונט אין שיקאַגאָ ביי זיינע עלטערן. ער האָט אָבער פֿאַרגעשלאָגן, אַז מאָטעק זאָל מיט ען׳ען קומען קיין שיקאַגאָ און שפּעטער זיך טרעפֿן אין אַ רעסטאָראַן און זיך געזעגענען אויף אַ פּאַסיקן אופֿן. ען האָט ניט געקאָנט קומען. זי האָט מיט מאָטעקן פֿאַרבראַכט אין אַ רעסטאָראַן אין אַ דערבייאיקן שטעטל און שפּעטער זיינען זיי אַ לאַנגע צייט אַרומגעפֿאָרן ביים לעיק. מאָטעק איז אַהיים געקומען פֿאַר־טאָג. בען האָט אים ניט געקאָנט אויפֿוועקן אין דער פֿרי. נאָך גוט וואָס די באַן איז ערשט אָפּגעגאַנגען פֿאַרנאַכט.

קיינער איז ביים וואָקזאַל ניט געווען. בען און מאָטעק האָבן זיך גע־פילט איינזאַמדיק. מען האָט ווינציק גערעדט צווישן זיך. ערשט אין וואַגאָן, נעמענדיק די צייטונגען אין די הענט און לייענענדיק וועגן נייע אַרעסטן קעגן די אַרבעטער־פֿירער און רעידס אויף ראַדיקאַלע קלובן און זעענדיק די גרויסע „קעפּ" וועגן דעם „קאַניבאַליזם" אין סאָוועטן־רוסלאַנד און וועגן דעם, אַז דער אַמעריקאַנער וועג איז דער וועג פֿון „אָפּען שאָפּ" — האָבן בען און מאָטעק געפֿונען וועגן וואָס צו רעדן און ניט באַמערקט ווי די צייט איז גע־קראָכן, זיצנדיק אין וואַגאָן.

פֿעלדער האָבן גענומען גרינען, וואַסערן זיינען אָנגעשוואָלן, ביימער האָבן זיך אויסגעגלייכט און זיך גענומען פּוצן אין כלערליי צוויטן. עס איז געווען פֿרילינג אין דרויסן. נאָר פֿון די צייטונגען האָט געבלאָזן אַ וויסטע קעלט.

— נאָ, זע, וואָס „די ניו־יאָרק קאָל" שרייבט, — האָט בען געזאָגט.

— איך האָב ניט קיין חשק צו לייענען די בלוט־דורשטיקע נייעס וועגן די פּאָגראָמען אויף פֿרעמד־געבוירענע ביי אונדז אין לאַנד, — האָט געענט־פֿערט מאָטעק.

— אַמעריקע, מיין לאַנד, וועט זיך אַמאָל שעמען מיט אירע פּירוגען פון 1919 און דאָס בלוט וואָס די פּאַלמערס פּאַרגיסן, דאָס אומשולדיקע בלוט וואָס די וואָל סטריט מאַגנאַטן צאַפּן פון די בעסטע זין פון לאַנד, פון די יוניאָן אָרגאַניזאַטאָרס און ראַדיקאַלן, דאָס בלוט וועט שרייען צום הימל. הער זיך צו צו אָט דער געשיכטע: אַנטאָן דימיטראָוו, אַ באַרבער, איז אַרעס־טירט געוואָרן דעפּאָרטירט צו ווערן, בעת ער האָט ראַזירט אַ קאָסטאָמער. אַרעסטירט האָט מען אים דעם 7טן נאָוועמבער 1919 און מען האָט אים גע־האַלטן אין דזשעיל ביז נעכטן, 7טן אַפּריל, 1920, בלויז דערפאַר וואָס ער האָט ניט געקאָנט צושטעלן צען טויזנט דאָלער בעיל... אין עליס־איילאַנד זיינען געשטאָרבן זעקס פון די וואָס מען האָט געהאַלטן דעפּאָרטירט צו ווערן. אין „דיר איילאַנד״, לעבן באָסטאָן, איז איין דעפּאָרטאַנט באַגאַנגען זעלבסט־מאָרד און אַ צווייטער איז אַרונטער פון זינען.

— הער, בען, וואָס דו וועסט פאַר מיר לייענען אָדער דערציילן, וועט דאָס פאַר מיר קיין נייעס ניט זיין. די ברוטאַליטעט פון דער פּאָליציי קעגן מענטשן וואָס זיינען געקומען אַהער צו געפינען דאָ דעמאָקראַטישע זיכער־קייט און פּאָליטישע שוץ, באַווייזט אַז די איצטיקע אַדמיניסטראַציע, איז ניט קיין סך ווייטער אַוועק פון צאַריזם, כאָטש מיר זיינען אַ רעפּובליק. דער פאַקט אַליין, וואָס דעבס שמאַכט אין טורמע, אין אַ פעדעראַלער טורמע, דער פאַקט באַדעקט די געשיכטע פון לאַנד מיט שאַנד. איך וועל קיינמאָל ניט פאַר־געסן דעבס׳ רעדע אין קליוולאַנד, איידער דער ריכטער האָט אים פאַרמשפּט. די רעדע קאָן איך פון אויסווייניק און ווען עס איז מיר שווער אויפן האַרצן חזר איך איבער די רעדע צו זיך אַליין און איך געפין אַ טרייסט אין איר.

— מאָט, האָסט טאַקע אויסגעלערנט אַ רעדע און געדענקסט זי? איך האָב זייער אַ גוטן זכרון, ווען ס׳קומט צו געשיכטע. דאָס האָט געזאָלט זיין מיין פּראָפעסיע. איך קאָן דיר ציטירן שטיקער פון דזשעפערסאָן און לינקאָלן, נאָר צו דעבסן בין איך ניט דערגאַנגען. ביל העיוואָוד איז געווען מיין העלד, נאָר זיינע רעדעס געדענק איך ניט.

— הער זיך איין, בען, צו דעבס׳ גאָלדענע ווערטער און זאָג מיר, צי קאָנסטו געפינען שענערע פון זיי אין דער אַמעריקאַנער געשיכטע:

„אין דעם קאַמף — דעם אומאויפהערלעכן קאַמף — צווישן די אַרבעטער און פּראָדוצירער מיט זייערע עקספּלואַטאַטאָרס, האָב איך תמיד געפּרואווט, צום בעסטן ווי איך האָב געקענט, דינען די צווישן וועלכע איך בין געבאָרן געוואָרן, און מיט וועלכע איך וועל טיילן מיין גורל ביז צום סוף פון מיינע טעג.

„איך טראַכט היינט אין דער פרי פון די מענער אין די פאַבריקן

און זאַוואָדן; איך טראַכט פון די פרויען וואָס ווערן געצוואונגען פאַר אַ קלעגלעכן לוין, אָפּצוגעבן זייערע לעבנס; פון די קליינע קינדער, אין דער היינטיקער סיסטעם, וואָס ווערן באַרויבט פון זייער קינדהייט, אין זייערע פריע, צאַרטע יאָרן, וואָס ווערן אַריינגעכאַפּט אין די רחמנות־לאָזע לאַפּעס פון מאַמאָן און אַריינגעוואָרפן אין די אינדוסטריעלע קאַרצערס, וואו זיי שפּייזן די מאַשינען און אַליין ווערן זיי אויסגעהונגערט אין גוף און אין דער נשמה . . .

„איך טראַכט פון די קליינע קינדער — די מיידלעך אין די טעקסטיל פאַבריקן אין די מזרח־שטאַטן, אין די באַוול פאַבריקן אין דרום — איך זע זיי ביי דער אַרבעט אין אַ פאַרסאַמטער אַטמאָספערע. איך טראַכט וועגן זיי ווי זיי אַרבעטן בעת זיי האָבן נאָך געדאַרפט זיין אין שפּיל־פּלאַץ אָדער אין שול. איך טראַכט אַז ווען זיי וועלן אויסוואַקסן, און זיי וועלן דערלעבן די צייט פון חתונה האָבן, וועלן זיי זיין ניט פאַסיק דערפאַר. זייערע נערוון זיינען אויסגעמאַטערט, זייערע געוועבן זיינען פאַרשמאַכט, זייער וויטאַליטעט איז אויסגעוועבט. זיי האָבן אַלץ אַוועקגעגעבן דער אינדוסטריע. פון זייערע לעבנס האָט מען געמאַכט גאָלד. זייערע עופעלעך וועלן געבאָרן ווערן מיד. דערפאַר זיינען פאַראַן אַזוי פיל דורכפאַלן אין אונדזער מאָדערנעם לעבן.

„יור האָנאָר, די פינף פּראָצענט פון אונדזער פאָלק וועגן וועלכע איך האָב גערעדט, באַשטייט פון אַן עלעמענט וואָס רעגירט אַבסאָלוט אונדזער לאַנד. צו זיי געהערן פּריוואַט אַלע אונדזערע פאָלקס נויטווענדיקייטן. זיי טראָגן נישט קיין קרוינען; זיי האַלטן נישט קיין סצעפּטערס אין האַנט; זיי זיצן ניט אויף קיין טראָנען; און דאָך זיינען זיי אונדזערע עקאָנאָמישע מייסטערס און אונדזערע פּאָליטישע הערשער. זיי קאָנטראָלירן די רעגירונג און אירע אינסטיטוציעס. זיי קאָנטראָלירן די געריכט־הייזער.

„אָט די פינף פּראָצענט פון אונדזער פאָלק וואָס זיינען די באַלעבאַטים און וואָס קאָנטראָלירן אַלע קוואַלן פון רייכטום, אַלע אינדוסטריעס פון לאַנד, אַלע מיטלען פון אונדזער געמיינשאַפטלעכן לעבן — אָט זיי זיינען דאָס די וואָס דערקלערן מלחמה; זיי זיינען דאָס די וואָס מאַכן שלום; און אַזוי לאַנג ווי דאָס איז אמת, קאָנען מיר ניט מיט רעכט באַהויפּטן, אַז מיר זיינען אַ דעמאָקראַטישע רעגירונג — אַ פאָלק וואָס רעגירט זיך אַליין.“

מאָטעק האָט די רעדע איבערגעגעבן מיט געפיל. בען האָט זיך איינגעהערט מיט אויפמערקזאַמקייט, ווי ער וואָלט דעם ערשטן מאָל געהערט אַזעלכע

רייד. אַ פרוי וואָס איז געזעסן ניט ווייט האָט געוואָלט כאַפּן יעדעס וואָרט. זי האָט געקוקט אויף מאַטעקן ווי ער זאָגט אַרויס יעדעס וואָרט מיט געפיל, ווי עס וואָלט געווען אַ תפילה. זי האָט ניט געוואָגט צוצוקומען, נאָר אירע אויגן האָבן געוויזן, אַז זי איז באַגייסטערט פון מאַטעקן.

— איך וועל דיר זאָגן, מאַט, אַז דאָס זיינען טאַקע וואונדערבאַרע ווער־טער. זיי זיינען שוין באַלד צוויי יאָר אַלט און זע ווי טרעפלעך זיי זיינען צום איצטיקן מאָמענט. — איך וועל דיר זאָגן דעם אמת, בען, פאַרוואָס די רעדע איז מיר איצט אַרויפגעקומען אויפן זינען. איך קאָן זיך ניט באַפרייען פון סאַלטשעס בריוו. ווען דעבס רעדט וועגן מיידלעך, וואָס ווען עס קומט צו דער חתונה, זיינען זיי שוין אויסגעמאַטערט און זייערע קינדער ווערן געבאָרן מיד, האָט דעבס אַנגערירט אַ זייער איידעלע סטרונע אין מיר. איך טראַכט וועגן מיינע אייגענע שוועסטער, וועגן מיין עלטסטער שוועסטער גוטשיאַ. זי האָט קיינמאָל קיין קינדהייט ניט געהאַט און קיין פרייד ניט געקראָגן. איצט האָט זי חתונה דורך אַ שדכן. נויט, טויט, איבערגעאַרבעט זיך אַלע יאָרן, אָן עלטערן, אָן קליידער, אָן בילדונג, שטענדיק זיך געקריגט מיט מיר און מיט די אַנדערע קינדער. זי איז ניט קיין שלעכטער מענטש, פאַרקערט, זי איז די גוטסקייט אַליין, נאָר דאָס לעבן האָט זי געטראָטן אָן רחמנות. וואָס פאַר אַ פאַרהייראַט לעבן וועט זי האָבן? און די ערגסטע זאַך איז וואָס זי פאַרשטייט ניט איר לאַגע, ווי מיר פאַרשטייען אונדזער לאַגע. זי וועט זיך ניט אָנ־שליסן אין פּראָטעסט קעגן דער אָרדענונג וואָס האָט איר קינדהייט און יוגנט צוגענומען. וואָס האָבן איר מיינע עלטערן געגעבן? זייער פאַנאַטיש גלויבן האָבן זי בלויז איבערגעשראָקן. ען האָט מיר געזאָגט, אַז אין רעליגיע געפינט זי אַן אָפּרו, אַ דערלייכטערונג, אַן אָנהאַלט. מיין שוועסטער קאָן דאָס ניט זאָגן וועגן איר גלויבן, וואָס די עלטערן מיינע האָבן איינגעפּלאַנצט אין איר. די רעליגיע האָט אין איר איינגעפּלאַנצט בלויז מורא, מורא פאַר גאָט און פאַרן לעבן. דאָס ניט עס, דאָס ניט טו, קלאַפּ זיך אין הארצן פאַר זינד וואָס דו ביסט ניט באַגאַנגען . . . נאָר בען, איך טראַכט אויך וועגן סאַל־טשען. זי האָט זיך שוין דערצויגן אין אונדזער גייסט, בעסער געזאָגט, איך האָב זיך דערצויגן אין איר גייסט. רעוואָלוציע, פּראָטעסט, אַנטי־רעליגיע, אָרגאַניזאַציע און דיסציפּלין. אויב זי וועט קומען קיין אַמעריקע, וועט זי זיין אויסגעמאַטערט פון טורמע, אַנטוישט פון פּוילן, פאַרביטערט קעגן מענער, וואָס האָבן אַלע יאָרן געלויערט אויף איר רייצנדיקן לייב. וואָס וועט סאַלטשע טאָן אין אַמעריקע? זי וועט ווערן אַ פאַבריק־מיידל און קעמפן קעגן קאַפּי־טאַליזם און ווערן אַ שרייפּעלע פון אַ ריזיקער מאַשין, וואָס וועט זי צעמאָלן צום סוף.

— מאַט, דו האָסט זיך אָפּגעשטעלט אויף דעבס׳ אַ רעדע, וואָס קאָן דיך אַריינברענגען אין צווייפל. דעבס איז אַ סענטימענטאַלער אידעאַליסט. איך שטודיר איצט לענינען. איך לייען די בראָשורן פון קאָמוניסטן. איך וויל ניט טראַכטן אין טערמינען פון פאַרצווייפלונג. אויב אַזוי, איז דאָך דאָס גאַנצע לעבן גאָרניט ווערט, מחמת עס קומט דאָך אַ צייט ווען דער מענטש מוז שטאַרבן, טאָ צוליב וואָס דער גאַנצער טומל מיטן לעבן? ניין, איך לעב און האָב הנאה פון יעדער שעה וואָס איך לעב. טאַקע דערפאַר קעמף איך קעגן די וואָס ווילן מיך פאַרשקלאַפן, וואָס ווילן צונעמען ביי מיר די פרייד. מיר ווילן קירצערע אַרבעט־שטונדן, כדי צו געניסן מער פון זונשיין, כדי צו שלאָפן רואיקער און מיר שעמען זיך וואָס אַ הייפעלע פאַראַזיטן האָבן צוגענומען פון אונדז דאָס רייכטום פון לאַנד. נו, וויל איך בעסער שטאַרבן קעמפנדיק, ווי לעבן און באַהאַלטן זיך אין אַ ווינקל און זיך צופרידנשטעלן מיט אַ פעטער ווייב און אַ פעט באַנק־ביכל.

מאַטעק האָט זיך לפנים־וועגן איינגעהערט צו בענס ווערטער, וואָס ער האָט שוין געקענט פון אויסנווייניק. זיינע געדאַנקען האָבן איצט געוואַנדערט. זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט אויף סאַלטשען און זיין גאַנצער ווען האָט זיך קאָנצענטרירט אויף איר. אַזוי גיך ווי בען האָט געענדיקט, האָט מאַטעק ווידער אָנגעהויבן.

— לאָמיר זיך פאָרשטעלן, בען, אַז סאַלטשע איז שוין אַראָפּ פון דער שיף. וואָס טו איך מיט איר?

— איך אויף דיין אָרט וואָלט מיט איר חתונה געהאַט אין עליס איילאַנד. דו האָסט זי דאָך ליב און אויב איך קען דיך, וועט דיך ניט אַרן, אויב זי איז שוין ניט דאָס שיין מיידל וואָס דו האָסט אַמאָל געקענט. דו נויטיקסט זיך אין אַ חבר און אין איר וועסטו דאָס געפינען.

— איך זע, בען, אַז דו ווילסט מיך דווקא פאַרשדכענען. דו אַליין לויפסט נאָך פרעמדע ווייבלעך און מיר רעדסטו אַ שידוך. עס וועט דיר ניט זיין שווער מיך איבערצורעדן, נאָר עס איז אויך מעגלעך, אַז זי האָט זיך געביטן און זי וועט מיך ניט וועלן. זאָל זי פריער קומען און דאַן וועלן מיר זען ווי עס האַלט אין דער וועלט.

— הער, ברודער, — מיר דוכט זיך, אַז דו דאגהסט זיך שוין באַצייטנס וועגן סאַלטשען. וויל איך דיר זאָגן דאָס פאָלגנדיקע: איך וועל דיר העלפן מיט אַ פּאָר דאָלער. דו וועסט עס מיר צוריקגעבן, ווען דו וועסט האָבן. איך פיר מיט זיך קיין ניו־יאָרק אַ פּעטן טשעק פון מיין פאָטער. אַ שאָד וואָס דו האָסט זיך ניט באַקענט מיט אים. ער איז אַ טשיקאַווער מענטש. ער גלויבט, אַז איך וועל זיך נאָך אַרומזען און צוריקקומען צו אים און מיט דער

צייט איבערגעמען זיינע געשעפטן. ער גלויבט אין קאַפּיטאַליזם און ער האַלט, אַז מיינע געדאַנקען זיינען יוגנט־זינד. אין אַ צוויי יאָר אַרום, זאָגט ער, וועל איך צום שכל קומען. דערפאַר איז ער גוט צו מיר. ער ווייסט ניט, אַז איך קלייב זיך אַריינוואַרפן מיטן גאַנצן ברען אין דער אַרבעטער־באַוועגונג. קיין אַנדער אינטערעס אין לעבן האָב איך ניט. איר ראַט דיך חתונה צו האָבן, נאָר אַליין וויל איך קיין קינדער ניט האָבן אין דער אומאָרדנונג, אונטער וועלכער עס קומט אונדז אויס צו לעבן. אפשר וועל איך זיך בייטן. דערווייל האָב איך פליכטן דורכצופירן, פליכטן פון מיין געוויסן. איך האָב ניט אומ־זיסט איבערגעלאָזט אַ פּראָפעסיאָנעלע קאַריערע און בין געוואָרן אַן אַגיטאַ־טאָר פאַר אַרבעטער אינטערעסן. אָט־דאָ ליגט מיין קאַריערע.

בען איז אַנטשוויגן געוואָרן. זיין פּנים איז געוואָרן אַנגעצויגן. מאַטעק האָט זיך פאַרטיפט אין בענס רייד. די רעדער האָבן ריטמיש געקלאַפּט און ווי צוגעשטימט צו מאַטעקס און בענס ווערטער.

אין דרויסן, דורכן פענצטער, האָבן פעלדער געטאַנצט מיט הויכע וועל־דער און בערג האָבן זיך אַרומגעכאַפּט מיט בלויע הימלען.

די באַן האָט זיך געיאָגט מיט אַ מוראַדיקן אימפּעט. מאַטעק האָט מער ניט געהערט און ניט געוואָלט, אַז בען זאָל אים שטערן זיין רו. דאָס גאַלאָ־פּירן פון די רעדער און דאָס ווילדע פייפן פון צוג האָט אים געמאַכט ווי אַ טייל פון דעם געיעג. אויך ער העלפט אין וויכערדיקן לויף; אויך ער שטופּט אונטער די באַן.

נאָך וועמען יאָגט מען זיך דאָ? פון וועמען אַנטלויפט מען? דאָס איז ניט אַ רייזע קיין ניו־יאָרק. דאָס איז אַן אַנטרינען פון מוראַדיקע געדאַנקען, וואָס פאַרפאָלגן אים. דאָס טרייבט אים זיין ניט־זיכערקייט צו נייע וועגן, צו פאַרנעפּלטע האָריזאָנטן. דאָס פייפן אין אים סיגנאַלן און זאָגן אָן, אַז זיי קומען, אַז זיי דערנעענטערן זיך.

די באַן יאָגט זיך און אין אים יאָגט זיך עס אויך — אינווייניק. די באַן איז — סאַלטשע. ער הערט איר קול, ער פילט איר ווײ. עס פליען פאַרביי וועלדער, בערג, טייכן, הייזער. דאָס פליט זיין לעבן פאַרביי. די ביטערע נעכטנס אין לאָדזש, די צעשטערטע האָפענונגען אין אַמעריקע, די אַנטוי־שונגען, די דורכפאַלן. ער קאָן ניט כאַפּן דעם שולדיקן, ער ווייסט ניט פון וואַנען אָנצוהויבן. ער קאָן מיט זיינע לאַנגע אָרעמס און שטאַרקע פינגער די באַן ניט צוריקהאַלטן . . .

איינס איז זיכער: די באַן דערנעענטערט זיך צו אַ סטאַנציע. דאָרט וועט ער אַרויסלויפן. אויף דער פּלאַטפאָרמע וועט שטיין סאַלטשע. אירע אויגן וועלן זיך איינעסן אין אים. ער וועט זי אַ כאַפּ טאָן פאַר דער האַנט

און אויסשרייען: „סאַלטשע! די באַן גייט גלייך אָפּ. לאָמיר לויפן, אײדער עס ווערט צו־שפּעט . . . .“

זי זיצט מיט אים אין וואַגאָן. זי קאָן קוים דעם אָטעם אָפּכאַפּן.

„מאָטעק, דאָס ביסטו? די באַן לויפט צו־שנעל. מאָטעק, איך דאַרף דיר אַלץ דערציילן. וואוהין פירסטו מיך, מאָטעק?“

ער האָט די אויגן געעפנט. בען איז געזעסן מיט אַן אָפן מויל און פאַר־מאַכטע אויגן. ער האָט אויסגעזען קאָמיש. אַרום און אַרום האָט גערוישט, ווי פאַרן אָנקום פון אַ שטורעם.

מאָטעק האָט געגעבן אַ זיפץ און אַ שעפּטשע געטאָן: „סאַלטשע!“

## קאַפּיטל זעקס און צוואַנציק

# א ו מ ר ו

### .1

עפּעם אַן אומגעדולד האָט באַוועלטיקט מאָטעקן בעת ער איז מיט בענען אָנגעקומען קיין ניו־יאָרק. זיין צימער האָט געוואַרט אויף אים ביי דער אַלטער באַלעבאָסטע אויף דער איסט סאַיד. אויך בען האָט זיך גלייך איינגעאָרדנט און די ערשטע זאַך זיך געזען מיט זיין געליבטער. זיך אויסגעשלאָפן, האָט זיך מאָטעק באַגעגנט מיט בענען און ביידע זיינען זיי אַוועק אויסגעפינען אין „האַיאַס" די לעצטע איינצלהייטן וועגן אַראָפּברענגען סאַלטשען. די אויסזיכטן זיינען געווען גוטע, נאָר מען האָט געדאַרפט זיך גלייך נעמען צו דער אַרבעט. מאָטעק האָט אַרויסגענומען די פּאָר דאָלאַר פון באַנק, געקויפט אַ שיפסקאַרט, נישט ווייסנדיק צי סאַלטשע וויל קומען, צי זי וועט קאָנען קומען. ער האָט אויך אַוועקגעשיקט אַ טעלעגראַמע צו סאַלטשען, אַז עס וואַרט אויף איר אַ שיפסקאַרטע און אַז זי זאָל ענטפערן טעלעגראַפיש, צי זי וויל קומען. אַ בריוו פאָלגט נאָך.

דעם זעלבן טאָג האָט מאָטעק באַזוכט זיין אָנקל קיווע, אָנקל ניק. קורץ און שאַרף האָט ער דעם אָנקל דערקלערט, אַז מען דאַרף ראַטעווען סאַלטשען פון די האַלערטשיקעס און פּאָגראָמשטשיקעס. דער אָנקל ניק איז געווען אין אַ שטימונג פון טאָן טובות און מאָטעקס געשיכטע האָט אים פאַרקלעמט ביים האַרצן.

— מאָטעק, מאַי באָי, איך זאָג גוט פאַר דיר. איך וועל איר העלפן, ווי עס וואָלט געווען מיין אייגן קינד. אַ שיפסקאַרטע האָסטו פאַר איר, דאָס איבעריקע לאָז צו מיר. אַבי זי וועט נישט פאַלן צו לאַסט אויף מיר. אויב מען וועט דאַרפן קריגן אַרבעט פאַר איר, וועל איך שוין געפינען אַ סטאָר פאַר דער מיידל.

און דער אָנקל ניק האָט זיך טאַקע גענומען צו דער אַרבעט. דערציילט האָט ער, אַז ער האָט זיך געזען מיט זיין קאָנגרעסמאַן און אים געבעטן, אַז

ער זאָל זיך אַריינמישן. דער קאָנגרעסמאַן האָט צוגעזאָגט צו טאָן אַלץ וואָס עס וועט נאָר נויטיק זיין.

אין דער זעלבער וואָך איז אָנגעקומען אַ טעלעגראַמע פון סאַלטשען, אַז זי איז גרייט צו קומען און אַז זי וואַרט אויף דער שיפסקאַרטע. די געשעענישן זיינען געווען ראַשיקע. בען און מאַטעק און אַנקל ניק זיינען געשטאַנען אין פאַרבינדונג צווישן זיך און מען האָט אין צוויי וואָכן צייט אויפגעטאָן מער וויפל מען טוט געוויינלעך אויף אין לאַנגע חדשים.

עס איז אָנגעקומען אַ בריוו פון סאַלטשען. ער איז געווען קורץ, נאָר פיל זאָגנדיק:

„מאַטעק, איך ווייס נישט אויף וועלכער וועלט איך בין. איידער דיין טעלעגראַמע איז אָנגעקומען, האָב איך געמיינט אַז איך וועל עס מער נישט קאָנען אויסהאַלטן. עס זיינען געווען טעג, ווען איך האָב געהאַט איין מאָלצייט אַ טאָג, אַ קאַרטאָפל־זופּ אין דער קאָאָפּעראַטיווער קיך. פון קריגן אַרבעט איז שוין אָפּגערעדט. עס האָבן זיך אָנגעהויבן אַריינכאַפּן אין מיר צווייפלען וועגן ווייטער אָנגיין מיט דעם לעבן. טאָג און נאַכט בין איך געווען אַרומגערינגלט פון דער מערדערישער דעפּענסיווע. אויסגעמאַטערט בין איך צום טויט. קיין פריינט האָב איך נישט. אפילו דיינע שוועסטער האָבן מורא אויסצורעדן אַ וואָרט צו מיר . . . און דאָ קומט מיר אָן דיין טעלעגראַמע. איך האָב אַ לאַנגע צייט געוויינט, זיך נישט געגלויבט, געמיינט אַז עס איז אַ בלוטיקער שפּאַס פון מיין ביטערן מזל. נאָר איך האָב געוואוסט, אַז דו וועסט נישט שפּאַסן. יאָ, איך בין גרייט צו קומען. איך האָב זיך שוין לאַנג געהאַט פאַרשריבן, אַז איך וויל פאָרן קיין אַמעריקע. איך האָב נישט קיין געלט, איך האָב נישט קיין געזונט, נאָר אפשר וועט דאָס זיין מיין ראַטונעק, אַניט וועל איך דאָ אומקומען. איך וועל דיר אָפּצאָלן יעדן גראָשן, וואָס דו גיסט אויס אויף מיר. איך שווער ביי אַלץ וואָס עס איז אונדז ביידע הייליק. איך קאָן זיך נישט גלויבן, אַז איך וועל זיך מיט דיר אינגיכן זען. מאַטעק, דו ביסט אַ מלאך, נישט קיין מענטש. וואָס זאָל איך ווייטער טאָן? איך וואַרט אויף דיין בריוו.
דיין אומגליקלעכע־גליקלעכע, סאַלטשע.“

עס איז אַוועק נאָך אַ חודש און עס איז שוין געווען גענוי באַקאַנט, ווען סאַלטשע קומט צו פאָרן און אויף וועלכער שיף זי קומט. פון די בריוו וואָס סאַלטשע האָט געשריבן מאַטעקן האָט זי געלאָזט וויסן, אַז זי קלייבט זיך צו גיין אַרבעטן, נאָך איר אָנקומען, אַלס אַ מאָדיסטקע, אַ הוטן־פּוצערקע. זי לערנט זיך אויך די ענגלישע שפּראַך און זינט מאַטעק

האָט איר געשיקט געלט, עסט זי צו־זאַט און קומט צו זיך. זי האָט זיך געזען מיט גוטשיאַן און מיט לאַטשיאַן און זיי דערציילט, אַז זי פאָרט קיין אַמעריקע. זי האָט זיי נישט דערציילט, אַז מאַטעק שיקט נאָך איר אויף זיינע הוצאות, נאָר אַז אירער אַ ווייטער קרוב האָט זיך אָפּגעזוכט און ער שיקט איר אַ שיפס־קאַרטע.

זיינען טאַקע אָנגעקומען פון גוטשיאַן און לאַטשיאַן און מלכהן בריוו, וואָס האָבן מקנא געווען סאַלטשען, וואָס איר האָט געטראָפן אַזאַ גליק און זי פאָרט מיט מזל נאָך אַמעריקע. האָט מאַטעק ווידער אָנגעבאָטן די שוועסטער, אַז זיי זאָלן קומען איינציקווייז און אין אַ קורצער צייט וועלן זיי אַלע קאָנען זיין צוזאַמען. נאָר דער ענטפער איז געווען דער זעלבער ווי שטענדיק: אויב קומען, מוזן אַלע קומען צוזאַמען; מען דאַרף זיי גאַראַנטירן, אַז זיי וועלן נישט דאַרפן עסן קיין טרייף.

.2

מיטאַמאָל איז פאַר מאַטעקס אויגן פאַרשוואונדן געוואָרן ניו־יאָרק און גאַנץ אַמעריקע. זיינע געדאַנקען האָבן זיך אַריבערגעטראָגן קיין לאָדזש, צו דער דזשעלנע גאַס און צו באַלוט, וואו ער פלעגט באַזוכן סאַלטשען. ער האָט זיך אין ערגעץ נישט געקאָנט קיין אָרט געפינען. אים האָט זיך געוואָלט זיין אין דער געזעלשאַפט פון זיינע לאָדזשער לאַנדסלייט. ער האָט זיך גע־וואָלט דאָס האַרץ אויסרעדן, נאָר פאַר איינעם וואָס וועט אים דערפילן.

איז ער אַוועק צו גאָלדען.

— זע־נאָר ווי אַנדערש דו קוקסט אויס, מאַטוש, — האָט גאָלדע אָנגעהויבן, באַקוקנדיק אים, די הענט אירע פאַרלייגט אויפן אויסגערונדיקטן בויך. — ווי לאַנג האָבן מיר זיך שוין נישט געזען? נאָר עס קוקט מיר אויס, ווי דו וואָלסט פאַרעלטערט געוואָרן מיט פינף יאָר. פון ווען אָן האָט זיך דיין שטערן אָנגעהויבן רונצלען? און קנייטשן אַרום די אויגן און דיינע האָר זיינען עפּעס סטאַטעטשנער געוואָרן. און וואו איז דער שטיפער אין דיר? איך מיין — דיין רעוואָלוציאָנערישקייט, דיין טראַציקייט?

— גאָלדע, — האָט מאַטעק איבערראַשט געזאָגט, זיך דערנענטערנ־דיק צו איר און זי אָננעמענדיק פאַר די אַקסלען, — איך זע, אַז מען דאַרף דיך באַהאַנדלען מיט זיידענע הענטשקעס. עס ווייזט זיך מיר אויס, אַז דו קוקסט נאָך אויס אַנדערשער . . .

— יאָ, יאָ, מאַטוש. יעדן טאָג וועט זיך דיר אויסווייזן מער און די גאַנצע וועלט וועט זען און אַלע וועלן האָבן דרך־ארץ פאַר מיר און איך וועל מאַכן

די רעוואָלוציע, נישט דו . . . איך פיל זיך אַזוי גוט אַצינד, מאָטוש. עס זינגט אַלץ אין מיר. איך הויב אָן באַנעמען דאָס לעבן און די וועלט אין אַן אַנדער ליכט.

מאָטעק האָט זיך איינגעגעסן מיט זיין בליק אין גאָלדען. זי איז פולער געוואָרן, נאָר די פיזישע ענדערונג אין איר האָט איר געקליידט. דאָס איז געווען צום ערשטן מאָל וואָס ער האָט נישט באַדויערט קיין שוואַנגעריקע פרויען. שטענדיק האָט ער אויסגעמיטן זיך צו באַגעגענען מיט זיי. עס האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז זייליידן, אַז זייער שוואַנגערשאַפט איז אַ מין מאַר־טירעריי, אַ פליכט וואָס זיי טוען צו דער וועלט. צוליב דעם טויט פון זיין באַליבטער טאַנטע לאה, וואָס איז געשטאָרבן אין קינפּעט, האָט זיך אים אויסגעדוכט, אַז יעדע טראָגעדיקע פרוי איז אין געפאַר פון טויט. גאָלדע איז געווען ביי אים דער ערשטער אויסנאַם. זי האָט געבליט אין איר רייפ־קייט. דאָס פנים איז טאַקע געוואָרן פולער, נאָר צופרידענער, צוזאָגנדיקער. עס האָט שוין געטראָגן אין זיך סימנים פון יונגער מאַמעשקייט, נאָר דער מיידלשער רייץ האָט אַרויסגעלויכטן פון אירע טריאומפירנדיקע אויגן. אָט־די אויגן אירע האָבן איצט מער ווי אַלץ צוגעצויגן מאָטעקן. זיי זיינען מער ניט געווען גרוי. אַ באַשטימטע העל־גרינקייט האָט אַרויסגעקוועלט פון זיי, אַ לאַכעדיקער גרין, אַ טיפער, דורכזיכטיקער גרין, וואָס האָט פאַרמאָגט עפּעס אייביקס, עפּעס זיכערס.

גאָלדע האָט עס באַמערקט. פון איר האָט מאָטעק זיין בליק נישט גע־קאָנט פאַרבאָרגן.

— מאָטוש, איך וואָלט געוואָלט וויסן וואָס דיין בליק באַדייט ? — האָט זי געפרעגט און אַ שמייכל האָט געהאַלטן אין אויספלאַצן אין אירע מויל־ווינקלען, — דו קוקסט אויף מיר, אין מיר, דורך מיר . . . באַדויערסטו מיך, אָדער באַדויערסטו זיך, מאָטוש ? איך בין זייער גליקלעך און איך ווינטש דיר דאָס זעלבע. איך ווייס, דו קאָנסט נישט ווערן קיין מאַמע, נאָר עס איז שוין צייט, אַז דו זאָלסט צו זיך קומען. איך מיין, אַז דו זאָלסט חתונה האָבן. איך וועל זיך פילן אַ סך בעסער דערפון און דו אַליין וועסט ווערן אַ בייער מענטש און דיינע שוועסטער וועלן גלייך אַהער קומען, וועסט זען . . . זאָג מיר, מאָטוש, וועגן וואָס טראַכסטו איצט, דורכדרינגענדיק מיך און האַלטנדיק דיינע ליפּן פאַרשנורעוועט, ווי לאַטשיא פלעגט זאָגן : „די איינגעשפּאַרטע קאַלינסקי ליפּלעך . . . ״

אַ סך געדאַנקען האָבן זיך מיטאַמאָל צעבליצט אין זיין מוח, בעת גאָלדע האָט אַזוי לאַנגזאַם אויסגעציקלט אירע ווערטער און איר קול איז געווען צערטלנדיק און דאָך אַזוי איינגעפעסטיקט און פריי. עס האָט אים אַ זעץ

געטאָן איין געדאַנק:

„האָסט פאַרלוירן גאָלדען, דו גרויסער נאַר, דו.“

און באַלד האָט אַ שאָס געגעבן אַ צווייטער געדאַנק:

„דו וואָלסט מסתם מורא געהאַט צו ווערן אַ טאַטע.“

און אַ דריטער געדאַנק:

„פריער וואָלסטו די וועלט געדאַרפט ברענגען אין אָרדענונג.“

און אַ פערטער געדאַנק:

„זי לאַכט פון דיר, גאָלדע, דו האָסט געמיינט, אַז דו ביסט קלוג. זי איז די קלוגע.“

און אַ פינפטער געדאַנק:

„ביסט געקומען איר דערציילן, אַז דו שיקסט נאָך סאָלטשען. ווי ווערסטו אויסקוקן אין אירע אויגן?“

און אַ זעקסטער:

„איר מאַמע וועט דערהערן וואָס איך טו, וועט זי מיר די אויגן אויס־דראַפּען. זי וועט זאָגן: די שוועסטער — נישט און סאָלטשען — יאָ?“

און אַ זיבעטער:

„גאָלדע, די קרישטאָל־ריינע גאָלדע, איז דיר נישט אָנגעשטאַנען, נאָר די עלטערע סאָלטשע פון באָלוט, וואָס שטאַמט־אָפּ פון דער טיפער נידער, דאָס איז דיין אויסוואַל? וואו איז דיין קאָפּ, דיין געהירן, מאַטעק?“

עס איז אים אָנגעקומען שווער צו עפענען זיין מויל און ענטפערן גאָלדען. ער האָט געזוכט אַ פּאַסיק וואָרט מיט וואָס אָנצוהויבן.

— גאָלדע, איך בין געקומען דיר עפּעס דערציילן, זיך באַראַטן מיט דיר . . .

— אויב עס איז וועגן אַ כלה, בין איך דער מענטש דערפאַר, מאַטוש.

מאַטעק האָט זיך געפילט פאַרשעמט. נישט רעדן איז אים געווען שווער און רעדן נאָך שווערער.

— איך וועל דיר זאָגן דעם אמת, גאָלדע, — האָט ער זיך אָנגעטאָן אַ כוח אַרויסצוזאָגן דאָס וואָס האָט אים געדריקט, — איך בין געקומען צו דיר אויסגעפינען וואָס דו מאַכסט, נאָר איך האָב דיר אויך וואָס איבערצוגעבן.

— לאַטשיא קומט צו פאָרן? — האָט גאָלדע אָנגעשטעלט נייגעריק איר בליק אויף אים.

— הלוואי וואָלט דאָס אמת געווען, גאָלדע. עס קרענקט מיך ביזן ביין וואָס קיינער פון מיינע שוועסטער וויל נישט אַהער קומען איינע אָן דער אַנדערער. און ווי קאָן איך איינער אַליין אַריבערברענגען פיר שוועסטער אויף אַמאָל און נאָך גאַראַנטירן, אַז זיי וועלן דאָ עסן נאָר כשרס? ניין, גאָלדע,

די שוועסטער קומען נישט. איך האָב אָבער יאָ דערהאַלטן אַ בריוו פֿון סאַלטשען.

— זי קומט? — האָט גאָלדע אָנגעשטרענגט אירע אָפּן־פֿאַרוואונדערטע אויגן אויף אים.

— זי איז נאָר־וואָס אַרויס פֿון טורמע און איר לעבן הענגט דאָרט אויף אַ האָר. מען וועט זי באַלד ווידער אַריינזעצן. איז מיר איינגעפֿאַלן, אַז אויב זי וויל קומען, וועל איך איר שיקן אַ שיפֿסקאַרט.

מאַטעק איז אַנטשוויגן געוואָרן. ער איז געווען זיכער, אַז גאָלדע וועט עפּעס זאָגן, נאָר זי האָט געשוויגן און געוואַרט, אַז ער זאָל פֿאָרזעצן. ביידנס שווייגן איז געווען אויפֿפֿאַלנדיק.

— וואָס שרייבט סאַלטשע וועגן דיינע שוועסטער? — האָט גאָלדע גע־מאַכט אַ סוף צו דעם שטילשווייגן.

— זי פֿרעגט מיך, צי איך האָב חתונה געהאַט מיט גאָלדען, — האָט מאַטעק געענטפֿערט אין אַ געענדערט קול.

— אין אַנדערע ווערטער, זי פֿרעגט דיך צי דו ביסט נאָך צום האבן? וואָס מיינסטו, מאַטוש, עס איז נישט קיין שלעכטער געדאַנק. דו האָסט דאָך שטענדיק געהאַט אַ געפֿיל פֿאַר איר, נישט אַזוי?

— עס האַנדלט זיך נישט וועגן דעם, גאָלדע. עס האַנדלט זיך וועגן ראַטעווען אַ מענטשן. איך וואָלט אַזוי געהאַנדלט ווען איך דערהאַלט אַזאַ בריוו פֿון אַ בחור. גלויבסט, אַז איך וועל טאָן אַ גראַדע זאַך וואָס איך וועל זי אָהער ברענגען, אָדער דו האָסט אַן אַנדער מיינונג וועגן דעם?

— מאַטעמאַטיש איז די זאַך אויסגעהאַלטן. דו ביסט אַ בחור, זי איז נישט פֿאַרהייראַט. זי האָט דיך ליב און דו האָסט זי אויך נישט פֿיינט. דו ביסט אַ סאָציאַליסט, זי איז אויך פֿון דיין גלייכן. דו ביסט גרייט איר צו שיקן אַ שיפֿסקאַרט איידער וואָס־ווען, איז עס דאָך אַ באַווייז, אַז זי איז דיר זייער נאָענט. נאָר אָפּן גערעדט, דאַרפֿסטו זיך גוט איבערטראַכטן. זינט דו האָסט פֿאַרלאָזן לאָדזש, זיינען שוין אַ סך וואַסערן איבערגעלאָפֿן און סאַלטשע האָט געלעבט אין גרויס נויט אין באַלוט און דיינע שוועסטער האָבן נישט געוואוסט פֿון וואַנען זי האָט געצויגן איר חיונה. זי האָט זעלטן געאַרבעט און זי איז געווען אַקטיוו אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג און זי האָט, דוכט זיך מיר, געהאַט אַ געליבטן. איך זאָג דיר דאָס נישט אָפּצורעדן דיך, נאָר איך וויל, אַז דו זאָלסט שפּעטער נישט ווערן אַנטוישט. מעגלעך, אַז עס איז נישט די זעלבע סאַלטשע וואָס דיין קינדערישע פֿאַנטאַזיע האָט אויס־געטרוימט. דו ביסט איצט אַ דערוואַקסענער מענטש מיט אַ סך לעבנס־דערפֿאַרונג. אפשר וועלן אייערע כאַראַקטערן נישט שטימען. אפשר וועסטו

איר נישט געפעלן ווערן . . .

— אַז איך טראַכט גאָרניט וועגן דעם אפילו. איך וויל ראַטעווען אַ מענטשן, גאָלדע.

— לאָז צורו, מאַטוש, מיט דיינע וואוילטעטיקייטן. אַז דו וועסט איר שיקן אַ שיפסקאַרט, וועט דאָס ביי איר זיין אַ באַווייז, אַז דו שיקסט נאָך איר, אַז דו ווילסט זי האָבן פאַר זיך.

— אָ, גאָלדע, ווי ווינציק דו קענסט מיך . . .

— איך וואָלט דיר געדאַרפט שטעלן אַ פּאָר פראַגעס אַצינד, מאַטוש, נאָר זאָל מיינס איבערגיין. איך ווינטש דיר אַלדאָס גוטס. ווען דו וואָלסט מיך געפאָלגט, וואָלסטו היינט אַנדערש אויסגעזען, מאַטוש. עס איז אַמאָל געווען אַ נאַרישע גאָלדע, וואָס האָט אויף דיר געוואַרט אַ לאַנגע צייט און — זי איז געוואָרן אויס נאַר. לאָמיר מער קיינמאָל וועגן דעם נישט רעדן. דו ווערסט עלטער, נישט ייִנגער. דו קענסט מאַכן די רעוואָלוציע און זיין אַ גוטער מאַן צו דיין פרוי און אַ געטרייער טאַטע צו דיינע קינדער. אויף וואָס וואַרטסטו, מאַטוש? פאַראַן גענוג פיינע מיידלעך אין ניו־יאָרק. איך האָב דיך באַקענט מיט קלאַראַן. איך קאָן דיך באַקענען מיט נאָך שיינע, אינטעליגענטע מיידלעך, וואָס וועלן זיין צוגעפּאַסט לויט דיין אידעאַל. עס איז נישט גוט צו לעבן אָן איינזאַם לעבן, מאַטוש. לאָז צורו סאַלטשען. זי וועט איר שטעטל באַשטיין אָן דיר. ברענגסטו סאַלטשען, וועלן דיינע שוועסטער דיר נישט פאַרגעבן. עס וועט אויסקוקן זייער נישט שיין.

— זיי דאַרפן נישט וויסן, אַז איך האָב נאָך איר געשיקט. אירער אַ קרוב האָט געשיקט נאָך איר. עס האָט זיך אויסגעזוכט אַ ווייטער קרוב. אַזעלכע זאַכן פּאַסירן יעדן טאָג.

— טו ווי דו פאַרשטייסט. אויב איך קאָן דיר מיט עפּעס באַהילפיק זיין, וועל איך עס גערן טאָן, מאַטוש.

— נו, איצט אַז מיר האָבן זיך שוין גענוי דורכגערעדט, קאָן איך דיר אויסזאָגן, אַז סאַלטשע קומט טאַקע צו פאָרן. איך האָב איר געשיקט אַ שיפס־קאַרט און זי האָט מיינע שוועסטער דערציילט, אַז אַ ווייטער קרוב האָט זיך אויסגעזוכט און ער נעמט זי אַריבער. זאָל עס אַזוי בלייבן, טאָמער קומט דיר אויס צו רעדן וועגן דעם מיט דיין מוטער. איך דערוואַרט צו הערן ווען זי קומט, סאַלטשע. איך בין זיכער אַז דו וועסט איר העלפן זיך איינ־אָרדנען, גאָלדע. און וועגן דיינע פאַרדאַכטן, וויל איך דיר פאַרזיכערן, אַז איך האָב אפילו נישט געטראַכט דערפון. ביסט גערעכט. מען דאַרף אויסגע־פינען וואָס פאַר אַ מענטש סאַלטשע איז איצט. אויך מעגלעך, אַז זי האָט אַ חתן, אָדער אַז זי האָט גאָר אַנדערע פּלענער אין אַמעריקע. איך בין נאָך

אַלץ גרייט אָפּצוואַרטן אַ פּאָר יאָר און פּרוּוון איבעררעדן מיינע שוועס־טער, אַז זיי זאָלן אַהער קומען. איך וועל קיין פּוילן נישט פאָרן, אויסער אויף אַ לוסט־רייזע אין יאָרן אַרום.

ווען מאַטעק האָט פאַרלאָזט גאָלדעס שטוב, האָט ער געפילט אַז גאָלדע איז נישט געווען איבעריק צופרידן מיט סאַלטשעס קומען און מיט זיין האַנדלונג.

.3

גאָלדעס רייד האָבן זיך אָפּגעשטעמפּלט אויף מאַטעקס געדאַנקען גאַנג. ער האָט גענומען צווייפלען אין זיין טאַט. ווי וועט ער טאַקע אויס־קוקן, אַז סאַלטשען האָט ער יאָ אַראָפּגעבראַכט און די שוועסטער האָט ער נישט געקאָנט איבערצייגן, אַז זיי זאָלן קומען? און וואָס וואָלט געווען, ווען ער שיקט נאָך אַלע פיר? וואָלט ער נאָר געוואָלט, וואָלט ער זיך געקאָנט אַן עצה געבן. מען קאָן נעמען שיפסקאַרטן אויף אויסצאָלן. בעז וואָלט אים געליען געלט.

עס האַנדלט זיך ווענן עפּעס אַנדערש. די שוועסטער האָבן נישט קיין צופיל צוטרוי אין אים. וואָלט ער געווען רייך, וואָלטן זיי שוין געפלויגן צו אים. נאָר זיי טראַכטן, אַז ער איז אַ קבצן און אַז ער איז אַ סאָציאַליסט און דאָס האַלט זיי אָפּ. זיין פּאָליטישן צוגאַנג און זיין סאָציאַלן שטאַנד שטעלן זיי העכער ווי זייער ליבע צו אים. דאָס האָט אים ווייגעטאָן. ער האָט דערפילט אַ מיטלייד צו זיך אַליין. ער האָט זיך דערפילט באַליידיקט פון זייער האַנדלונג.

ווי אַנדערש איז עס געווען מיט סאַלטשען. פון אירע בריוו האָט אַרויס־געלויכטן איר גאַנצקייט, איר גוטסקייט. עס איז די זעלבע סאַלטשע ווי אַמאָל. דאָס וואָס גאָלדע האָט געזאָגט, דאַרף מען נישט אָוועקמאַכן מיט דער האַנט. אפשר וועט ער סאַלטשען נישט געפעלן ווערן. נאָר וואָס האָט דאָס צו טאָן מיט זיין אַריבערברענגען זי? זאָל זי זיך דאָ אויסגעפינען אַ בחור און חתונה האָבן מיט אים... בעז איז זיכער, אַז זי איז זיין כּלה. פאַרוואָס זאָלן מענטשן האָבן אַזעלכע אויסרעכענונגען?

נאָר וואָס מער מאַטעק האָט זיך געוואָלט איבערצייגן, אַז ער ברענגט אַריבער סאַלטשען בלויז צוליב איר שלעכטער לאַגע, אַלץ מער האָט עפּעס אין אים צוגערעדט, אַז ער זאָל זיך צוגרייטן צו אַ נייַ לעבן מיט סאַל־טשען. און וואו ער איז געגאַנגען און וואָס ער האָט געטאָן, האָט ער פון דאָן אָן אַריינגענומען סאַלטשען אין כּלל. זי האָט זיך אין אים אָנגעטשעפּעט,

סאַלטשע און אים געפירט אונטערן אָרעם און געזאָגט: „אָט אַזוי וועלן מיר פון איצט אָן לעבן און אַזוי וועלן מיר זיך איינאָרדנען, מאַטעק".

ער האָט מער נישט געקאָנט טראַכטן וועגן קיין אַנדער זאַך ווי וועגן סאַלטשען. דאָס הייסט, ער האָט מיט אַלע כוחות זיך קאָנצענטרירט אויף דער אַרבעטער־לאַגע און אויף דער פּאָליטישער לאַגע פון אַמעריקע. ער האָט אויפגענומען אַ קורס אין דער געשיכטע פון לאַנד און אין דער געשיכטע פון דער אַמעריקאַנער אַרבעטער באַוועגונג. נאָר דעם קורס האָט ער שוין איצט נישט גענומען אַליין. ער האָט געפילט, אַז אויך סאַלטשע זיצט מיט אים ביי דער זייט. און ביידע גייען אַרויס פון קלאַס און דיסקוטירן דאָס געהערטע. דעבס איז געזעסן אין טורמע און אַ סך בלוטיקע סטרייקן זיינען פאָרגעקומען איבערן לאַנד. דער יקרות איז געשטיגן. קיין וואוינונגען האָט מען נישט געקאָנט קריגן. די ראַדיקאַלע באַוועגונג האָט איבערגעלעבט אַ שרעקלעכע צייט. סאַלטשע איז נישט גאָלדע. זי וועט צוזאַמען מיט אים זיך שטעלן אין די פאָדערשטע פּאָזיציעס פון שטרייט. נאָר פריער מוז מען נעמען סאַלטשען און זי זיך לאָזן אויסרוען . . .

איז וויפל מאַטעק האָט נישט געטראַכט וועגן סאַלטשעס קומען, איז דאָס אַלץ געווען ווי עס וואָלט געווען איין גאַנצע זאַך, אַ זאַך וואָס מען קאָן פון אים נישט אָפּטיילן. ער האָט נישט געוואָלט טראַכטן וועגן סאַלטשעס לעבן נאָך זיין אָפּפאָרן פון לאָדזש. מסתם האָט זי געהאַט געליבטע, מסתם האָט זי געוואָלט חתונה האָבן. און וואָס וועט זיין אַז זי וועט אַהער קומען און זאָגן: „איך האָב געלאָזט אַ חתן אין לאָדזש און איך וועל שיקן נאָך אים?"

נו, אויב דאָס וועט זיין דער פאַל, וועט ער, מאַטעק, איר ווינטשן גליק, און זיך ווייטער גיין זיין וועג. מיט וואָס איז ער בעסער פון בענען? . . . גאָלדע ווערט אַ מאַמע. וויפל האָט געפעלט, אַז ער זאָל מיט איר חתונה האָבן? פאַרוואָס האָט ער זי טאַקע אַזוי נישט שיין באַהאַנדלט? מען קאָן דאָך זיין אַ ראַדיקאַל און אינזינען האָבן פריער פון אַלץ דעם פערזענלעכן וואוילזיין? פאַרוואָס האָט ער נישט חתונה געהאַט מיט דער ריינער, דורכ־זיכטיקער גאָלדען? ער וואָלט דאָך דאַן זיכער געקאָנט, מיט איר פּאַטערס הילף, אַריבערברענגען זיינע אַלע שוועסטער אויף איין מאָל . . .

גאָלדע און סאַלטשע זיינען אים איצט כסדר געשטאַנען פאַר די אויגן. ס'האָט אים באַנג געטאָן, וואָס ער האָט אָנגעוואוירן גאָלדען. און ער איז געווען פאַרשיכורט פון געדאַנק, אַז סאַלטשע קלייבט זיך אין וועג אַריין און אַז ער שיקט נאָך איר. ביידע, גאָלדע און סאַלטשע, האָבן פאַרמאָגט אין זיך איין גאַנצעס. גאָלדע, די באַלעבאָסטע, די ווירטין, די בליענדיקע יונג־פרוי, וואָס איז שטענדיק גוט אויפגעלייגט, וואָס וויל געניסן פון לעבן און וואָס קאָן

אָנפּילן מיט געגוס אַלץ אַרום זיך. סאַלטשע, וואָס האָט קיינמאָל נישט גע־האָט קיין אייגענע היים און קיינמאָל נישט געוואוסט פון קיין פאָטער־און מוטער־ליבע. סאַלטשע, וואָס האָט אַן אויסגעהונגערטע, זיך באַלעקט מיט ליבע וואָס איז געווען אָנגעגרייט פאַר אַנדערע. סאַלטשע, די וואַרעמע, גלי־ענדיקע סאַלטשע, וואָס האָט אים, מאַטעקן, פאַרשטאַנען דורך און דורך און וואָס איז שטענדיק געווען גוט צו אים; סאַלטשע, וואָס קומט צו אים אַצינד, אַ צעבראָכענע פון טורמע, אַן אַנטוישטע מיט זיינע שוועסטער — ווי אַזוי וועט זי זיך אַריינפּאַסן אין בייעם לאַנד?

פאַרוואָס זאָל גאָלדע האָבן אַזאַ צוגאַנג צו סאַלטשען? פאַרוואָס האָט זי אים געפּרואווט אָפּרעדן פון אַריבערברענגען סאַלטשען? פאַרוואָס וויל זי נישט, אַז צווישן אים און סאַלטשען זאָל עפּעס פאַרקומען?

און פאַרוואָס האָט ער, מאַטעק, צו גאָלדען קיינמאָל נישט געהאַט אַט־דעם נאָגנדיקן געפיל, וואָס ער האָט אַצינד צו סאַלטשען? זאָל סאַלטשע, חלילה, נישט אָנקומען, וועט עס זיין פאַר אים אַ גרויסע טראַגעדיע.

גאָלדע מוז זיין גערעכט. ער ברענגט נישט אַראָפּ סאַלטשען צוליב זיין רחמנות צו איר, נאָר ווייל ער דאַרף זי האָבן פאַר זיך. און ווי וואָלט געווען, אַז ער זאָל אָננעמען גאָלדעס פאָרשלאָג און זיך באַקענען מיט אירע מיידלעך, וואָס זי וועט פאַר אים אויסקלייבן? זאָל זיך סאַלטשע טאַקע קומען, נאָר אויב עס וועט אים געפעלן ווערן גאָלדעס אַ מיידל, זאָל ער מיט איר חתונה האָבן . . .

ווי וועט זיך דאַן סאַלטשע פילן? און ווי וועט ער זיך דאַן פילן קעגן סאַלטשען?

האָט ער געקלאַפּט מיטן האַמער ביי דער אַרבעט, מאַטעק, און אין קאָפּ האָבן אים געהאַמערט די געדאַנקען וועגן סאַלטשען. ער איז געגאַנגען איבער דער סעקאָנד עוועניו און עס האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז ער גייט מיט סאַלטשען אויף דער דזשעלנע גאַס און זיי רעדן בײדע וועגן אַמאָליקע צייטן.

מיט יעדן טאָג איז געוואָקסן ביי מאַטעקן די אומגעדולד. ער האָט דער־וואַרט אַ טעלעגראַמע, אַ בריוו. דאָס איז געוואָרן דער זין פון זיין לעבן.

און מאָדנע. ער איז קיינמאָל ניט געווען קיין אויסברענגער, נאָר זינט זיין צוגרייטן זיך צו סאַלטשעס קומען, איז ער געוואָרן שפּאָרעוודיקער אויף אַלץ, ווי ער וואָלט אין זינען געהאַט, אַז פון איצט אָן דאַרף זיין געהאַלט קלעקן פאַר ביידן.

מען וועט סאַלטשען דאַרפן שיין אויסקליידן. זי זאָל אויסנעמען ביי לייטן, זי זאָל נישט אַרומגיין פאַרשעמט. מען וועט זי דאַרפן אויספּאַשען, זי זאָל צוריק געווינען די כוחות וואָס זי האָט פאַרלוירן אין טורמע.

אין זיינע טראַכטונגען וועגן איר, האָט ער דערוויל פאַרגעסן, אַז ער אַליין פאַרנאַכלעסיקט זיך. זיינע מלבושים זיינען געווען אָפּגעטראָגן, ער האָט קיינמאָל נישט געגעסן צו־זאַט. ער האָט געוואַרט אויף דער גרויסער געשעעניש. ווען דער מאָמענט וועט קומען, וועט זיך אַלץ ענדערן, האָט ער זיך אַליין פאַרזיכערט.

ענדלעך איז אָנגעקומען די נייעס פון סאַלטשען. זי האָט געלאָזט וויסן, אַז זי זעצט זיך אויף אויף דער שיף און זי דערוואַרט צו זיין אין אַמעריקע אין אַ וואָך אַרום.

מאָטעק איז אַרומגעגאַנגען אַ האָפערדיקער און אַ נערוועזער.

### קאַפּיטל זיבן און צוואַנציק

# סאַלטשע געזעגנט זיך

.1

נאָך מאַטעקס אָפּפאָרן פון לאָדזש קיין אַמעריקע איז סאַלטשע געבליבן „נאַריש איינזאַם“. אַזוי האָט זי זיך אַליין געפּרואווט איינרעדן. די באַוועגונג האָט זיך אין איר שטאַרק געגוויטיקט. באַלוט איז איר געווען נאָענט. קיין פאַרזאַמלונגען האָבן איר נישט אויסגעפעלט יעדן אָוונט אין וואָך. זי האָט קיין צופיל אַרבעט ניט געקאָנט קריגן. עס האָט איר אויך נישט געאַרט וואָס זי האָט אונטערגעהונגערט. זי איז געווען געוואוינט דערצו. עס האָט איר מער געאַרט, וואָס זי האָט זיך נישט געקאָנט אויסקליידן ווי אַ מענטש. וויפל איז דער שיער צו טראָגן דאָס זעלבע ווייסע בלוזקעלע מיט די אויסגעהעפּטע שפּיצלעך? און ווי לאַנג קאָן מען טראָגן אַ פּאָר שיכלעך, וואָס מען האָט געקויפט אויפן געשטעל אין באַלוט?

און דאָך האָט איר מאַטעק אָנגעהויבן אויספעלן. מען וואָלט געקאָנט מיינען, אַז ער איז צו איר געקומען יעדן טאָג און אַז זי האָט זיך אָן אים נישט געקאָנט באַגיין. און דאָך האָט ער איר אָנגעהויבן אויספעלן. צי דאָס איז געווען דערפאַר, וואָס אין מאַטעקן האָט זי דערזען זיך אין די גוטע צייטן, בעת זי האָט געאַרבעט און געלעבט ביי אים אין הויז; צי דערפאַר, וואָס מאַטעק איז געווען אַזוי ריין און אומשולדיק פאַרליבט אין איר — נאָר איר בענקעניש נאָך אים איז געוואקסן מיט יעדן טאָג.

און ווי זי האָט זיך לעצטנס נישט געהאַט אָפּגעפרעמדט פון גוטשיאַן, דערפאַר וואָס די גוטע גוטשיאַ איז געוואָרן אַ פאַרביטערט מיידל, וואָס האָט נישט געקאָנט פאַרטראָגן סאַלטשעס אַ לאַך, — האָט זי אָבער באַשלאָסן צו לעבן גוט מיט מאַטעקס שוועסטער, כדי דורך איר זיין נאָענט צו מאַטעקן. ווען עס וועט אָנקומען אַ בריוו פון אים, וועט איר גוטשיאַ דערציילן וועגן דעם. ווען עס וועט אָנקומען גוטע נייעס פון מאַטעקן, וועט זי זיך פרייען מיט גוטשיאַן צוגלייך.

סאַלטשע האָט אָבער גלייך באַמערקט, אַז גוטשיאַ איז גאָרנישט געווען צופרידן פון סאַלטשעס קומען צו איר. מען האָט געזאָגט, אַז גוטשיאַ פּאַסט־אויף אויף קליינע קינדער און אַז קיין אַרבעט איז איר ניט צו שווער אָדער ניט שיין, אַבי צו קאָנען שטיין אויף די אייגענע פיס. דאָך האָט גוטשיאַ אַראָפּ־געקוקט אויף סאַלטשען, ווען זיי האָבן זיך באַגעגנט. אָנשטאָט זיך אַרומכאַפּן מיט איר, ווי אין פריערדיקע צייטן, האָט גוטשיאַ זי קאַלט אויפגענומען און באַקוקט איר הולך פון אויבן אַראָפּ און אַמאָל אויך געמאַכט אַ באַמערקונג:
„דו שעמסט זיך נישט אַרומצוגיין מיט אויסגעקרימטע שיך?"

און ווען סאַלטשע האָט געפּרואווט אַגיטירן גוטשיאַן, אַז עס איז שוין צייט, אַז זי זאָל איבערלייענען אַן אַרבעטער בראָשורע און אַז זי זאָל אַמאָל קומען צו אַ פאַרזאַמלונג, האָט גוטשיא געעפנט אויף איר אַ מויל און זי גוט אויסגעמוסרט וואָס זי גלויבט נישט אין גאָט. דער טויט פון אירע עלטערן האָט גוטשיאַן געמאַכט פרום און דער פּאָליציי־טעראָר האָט אָנגעוואָרפן אויף איר אַ ציטערדיקן פּחד.

סאַלטשע האָט גריילעך דערפילט, אַז גוטשיאַ וויל זיך מיט איר מער נישט חברן. און ווען סאַלטשע האָט, אַ פּאָר וואָכן נאָך מאַטעקס אָנקומען אין אַמעריקע, איר געפרעגט וואָס מען הערט פון מאַטעקן, האָט איר גוטשיאַ גאַנץ שטעכיק געענטפערט:

— איך האָב געמיינט, אַז איר זייט געווען אַזעלכע גוטע פריינט, אַז ער וועט דיר שרייבן אַלע וואָך.

אויף דעם האָט סאַלטשע איר געענטפערט:

— וואָס האָב איך דען געטאָן, אַז מיר זאָלן נישט זיין קיין גוטע פריינט?

פון דאַן אָן זיינען די באַציאונגען צווישן סאַלטשען און גוטשיאַן געוואָרן אַלץ מער אָנגעשטרענגט.

האָט סאַלטשע געפּרואווט זיך האַלטן נעענטער צו לאָטשיאַן. האָט עס די טאַנטע רעגינטשא באַמערקט און אויסגערעדט לאָטשיאַן, אַז זי זאָל זיך האַלטן „וואָס ווייטער פון באַלוט, ווייל סאַלטשע איז פאַר דיר נישט קיין פּאָר."

האָט סאַלטשע זיך געוואונדערט וואָס זי הערט נישט פון מאַטעקן. זי האָט נישט געגלויבט, אַז ער שרייבט צו קיינעם נישט. און אויב מען דער־האַלט פון אים אַמאָל אַ פּאָר ווערטער, זאָגן זיי גאָרנישט. קיינער ווייסט נישט ווי עס לעבט זיך אים אין דעם לאַנד אַמעריקע.

און ווען סאַלטשע האָט ענדלעך דערהאַלטן אַ לענגערן בריוו פון מאַטעקן, איז זי געווען באַרוישט פון אים און איר פּנים האָט געלויכטן און זי איז אַוועק־געלאָפן צו גוטשיאַן און איר דערציילט, אַז זי האָט אַ בריוו פון מאַטעקן. גוטשיאַ איז געווען זיכער, אַז צו סאַלטשען האָט ער געשריבן מער ווי צו איר,

האָט זי געוואָלט אויסגעפינען וואָס מאָטעק שרייבט און טאַקע זען דעם בריוו אויך. זי איז מיטאַמאָל געוואָרן צוקער־זיס צו סאַלטשען.

— סאַלטשע־קרוין, אַז דו דערציילסט מיר שוין אַזוי פיל, לאָמיך הערן דעם גאַנצן בריוו.

נאָר סאַלטשע האָט זיך נישט געאײַלט.

— גוטשיאַ, וואָס ער דערציילט וועגן אַמעריקע, וואָלטן אַלע לאָדזשער געמעגט וויסן.

— אדרבה, דערצייל מיר טאַקע, וואָס ער דערציילט וועגן אַמעריקע, וועל איך דיר זאָגן, וואָס ער האָט מיר געשריבן.

— איך האָב נישט דעם בריוו מיט זיך. אויף אויסווייניק געדענק איך נישט. ביי אַ צווייטער געלעגנהייט, אויב איך וועל נישט פאַרגעסן, וועל איך דיר ווייזן זיין בריוו.

נאָר וויפל געלעגנהייטן גוטשיא האָט נישט אויסגעפונען זיך טרעפן מיט סאַלטשען, האָט יענע אַלץ געהאַט פאַרגעסן מיטצונעמען מאָטעקס בריוו און זי האָט „נישט געדענקט זיין אינהאַלט".

עס האָט סאַלטשען געקרענקט און זי האָט די ליפּן געביסן. נישט געקאָנט פאַרשטיין פאַרוואָס גוטשיאַ און אפילו לאָטשיא זאָלן זי אויסמיידן און זיך ווי שעמען מיט איר. ווער זיינען זיי און ווער איז זי? זייער מאַמע, טייבל, וואָלט דאָס קיינמאָל נישט געטאָן. דאָס פּאַסט פאַר דעם אָנקל גוסטאַוו, דעם אָנגעפּרעסענעם חזיר; דאָס פּאַסט פאַר דער טאַנטע רעגינטשאַ, דער פּוסט־און־פּאַסניצע, נאָר נישט פאַר קינדער, וואָס האָבן זיך צוזאַמען מיט איר אויפגעהאָדעוועט אין דער גרעסטער אָרעמקייט.

נאָר ענדלעך האָט סאַלטשע אָפּגעמאַכט ביי זיך, אַז עס זאָל איר מער נישט אַרן. מאָטעק שרייבט דאָך סיי ווי טיי נישט דעם אמת. זי איז דאָך די איינציקע, וואָס ווייס ווי עס גייט אים דאָרט.

וואָס ווייטער די צייט איז אַוועק פון מאָטעקס פאַרלאָזן, אַלץ גרעסער איז געוואָרן סאַלטשעס בענקעניש נאָך אים. געדאַרפט האָט עס דאָך זיין פאַר־קערט. ווייטער פון אויג, ווייטער פון הארצן, נאָר עס איז איר נישט געגאַנגען, סאַלטשען, אין קיין זאַך נישט געגאַנגען. נישט מיט איר באַשעפטיקונג. נישט מיט אירע פריינט, נישט מיט איר הויזגעזינד, נישט מיט דער באַוועגונג אפילו. פּראָוואָקאַטאָרן אויף טריט און שריט: געוועזענע רעוואָלוציאָנערן באַהאַלטן זיך ווי מייז אין די לעכער; די רעאַקציע בושעוועט.

מיידלעך, כלה־מוידן, דרייען זיך אַרום איבער לאָדזש, ווי חסידים ביים רבין אין הויף. שדכנים לויפן פאַרשמייעט און שטופּן זיך מיט די עלנבויגנס און מען קאָן מיינען, אַז זיי נעמען איין די וועלט. אַ חתונה דאָרט און אַן אונ־

טערפּירעכץ דאָ, מען ברעכט טעלער, מען טראָגט דרשה־געשאַנק. מיידלעך אין דער באַוועגונג ווערן ווייבלעך; ווייבלעך ווערן מאַמעס. נאָר סאַלטשע, די שטאָלצע סאַלטשע, ווערט אויסגעלאָזן פון חשבון און זי קאָן אין קיין פאַל ניט באַגרייפן פאַרוואָס יענע יאָ און זי נישט.

ווי קומט עס, טראַכט זי, וואָס אויך גוטשיאַ איז נאָך נישט פאַרשלייערט. דער אָנקל וויל דאָך געוויס האָבן וואָס ווינציקער כלאָפּאָט. זי האָט געהערט אַ סלוך, אַז לאָטשיא ווערט אויפגעריכט. אַרום איר דרייט זיך אַרום אַ יונ־גערמאַן, אַן אינטעליגענטל מיט קורצע וואָנציקלעך. מען זאָגט, אַז עס וועט עפּעס אַרויסקומען דערפון. נאָר פריער וועט מען דאָך מוזן „פּטור ווערן" פון דער עלטערער גוטשיאַן.

.2

האָבן זיך אַזוי געצויגן אַ פּאָר יאָר ביז עס האָט אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה. די דייטשן זיינען אַריין אין לאָדזש. די דייטשע זעל־נער האָבן געהאַט די שאַרפסטע אַפּעטיטן צו די לאָדזשער מיידלעך. די טעכ־טער פון לאָדזש האָט געעקלט פון די דייטשע זעלנער מיט דער געשליפענער שפּראַך און מיט די פאַרבלוטיקטע הענט און רויבערישע אויגן. האָט מען זיך פּאַר זיי אויסגעהיט, איז מען פון זיי אַנטלאָפן און געוואָרן פאַרשטאַרט פון פּחד און עקל דערזעענדיק אַ יונקער.

און אַז מען האָט אָנגעהויבן כאַפּן יידישע אַרבעטער און זיי פאַרשיקן אין די אַרבעטס־באַטאַליאָנען אין טיף־דייטשלאַנד, און אַז מען האָט זיך אויך אַ נעם געטאָן צו די יידישע און פּוילישע אַרבעטער־טוער און מען האָט גע־דראָט מיט טויט־שטראָף פאַר רופן צו אַ סטרייק — האָט סאַלטשע געפילט, אַז דאָס וואָס די דייטשע צעפּעלינען און לופט־שיפן האָבן ניט געטאָן, וועט די אָקופּאַציע־מאַכט טאָן. זי האָט זיך געשראָקן, אַז מען וועט זי כאַפּן און אַוועקשיקן אַרבעטן אויף שאָסייען אָדער נאָך ערגערס.

אָט אין יענע מלחמה־יאָרן האָט סאַלטשע געהונגערט. ווילסטו ברויט, לאָז זיך נעמען אויף צוואַנגס־אַרבעט; ווילסטו אַ לייכט לעבן, לאָז זיך נע־מען אונטערן אָרעם פון אַ פרעכן דייטשן זעלנער.

סאַלטשע האָט אויסגעקליבן צו הונגערן. סאַלטשע האָט זיך אויסבע־האַלטן פון די כאַפּערס. זי האָט געטאָן פרייוויליקע אַרבעט אין יידישן אַר־בעטער קאָאָפּעראַטיוו און געזופּט טיי אין דער טיי־האַלע און געזען ווי אירע מענער־באַקאַנטע פאַרשווינדן מיט יעדן טאָג.

האָט די מלחמה געהאַט אָפּגעשטעלט די פאַרבינדונגען מיט דער דרויסנ־

דיקער וועלט. איז געוואָרן אויס מאַטעק, אויס אַמעריקע. מאָרד און בלוט און דייטשער רויב און פוילישער יידן־האַס האָבן אָנגעפילט די תמיד־פאַר־רויכערטע לאָדזשער לופט, כאָטש די פאַבריקן זיינען געשטאַנען ליידיק און די הויכע קוימענס האָבן אויסגעזען, ווי טרויעריקע מצבות איבער די בית־עולמדיקע פאַבריק־געביידעס.

עס זיינען געווען צייטן, ווען עס האָט זיך אויסגעוויזן, אַז די מלחמה וועט זיך קיינמאָל נישט ענדיקן, אַז קיין שמייכל וועט זיך מער נישט באַווייזן אויף די פּנימער פון איינוואוינער און אַז די קינדער, וואָס האָבן זיך געשפּילט אין „מלחמה", וועלן אויסוואַקסן מיט לוסט פון מאָרד אין זייערע אויגן און „בום־בום־בום"־קנאַל אין זייערע אויערן.

איז סאַלטשעס היים געווען — דער אַרבעטער־קאָאָפּעראַטיוו און אירע נאָענטע פריינט — פרעמדע חברים און חברטעס פון דער אַרבעטער־באַוועגונג. נאָר היינט זיינען זיי געווען דאָ און מאָרגן זיינען זיי שוין נישט געוואָרן. איז סאַלטשע געבליבן אַליין, שטענדיק אַליין.

זיינען יונגעלייט געוואָרן מיט גאָלד צוגלייך. זיינען חתנים אַרומגעגאַנגען ווי נאַרישע אינדיקעס און יעדער שלימזל איז מיטאַמאָל אָפּגעקויפט געוואָרן פאַרן העכסטן פּרייז. און אפילו מיידלעך וואָס פלעגן זיך אויסלאַכן פון שדכנים, האָבן אויסגעהונגערטע איינגעהאַנדלט דעם ערשטן בעסטן, אָפּט ערגסטן, אויסבראַקירטן, פאַר דער מלחמה, בחור.

און ווען די מלחמה האָט זיך געענדיקט און פּוילן איז געוואָרן פריי און דער פרייהייט־ווין האָט אָנגעשיכורט דעם וואָס האָט נישט געוואוסט ווי אַזוי צו טרינקען, האָט מען די באַרוישונג אויסגעלאָזט צו יידישע קעפּ, צו יידישע בערד און קאַפּאָטעס. און די וואָס האָבן געוואָגט צו פרייען זיך מיטן זיג פון די באָלשעוויקעס, האָט מען די מיילער פאַרמאַכט און אָפּט די אויגן פאַר־שלאָסן אויף שטענדיק.

און סאַלטשע, וואָס האָט אירע יונגע יאָרן געווידמעט צו דער רוסישער רעוואָלוציע, האָט זיך דערפילט ווי די זיגערין מיטן אַראָפּוואַרפן פון צאַר. און ווען עס האָט אויסגעבראָכן די אָקטאָבער רעוואָלוציע, ווען די לאָזונג איז געוואָרן „אויס מיטן קאַפּיטאַליזם", איז איר פרייד געווען אָן גרענעץ, האָט זי אין איר אייגן לעבן פאַרגעסן און די קאַמפן פון די באָלשעוויקעס זיינען געוואָרן ווי פּערזענלעכע זיגן און דורכפאַלן.

דאַן האָט מען זי און נאָך אויסגעפּרובירטע קעמפער קעגן קאַפּיטאַליזם אין טורמעס אַרום לאָדזש און וואַרשע פאַרשפאַרט. אירע געוועזענע חברים זיינען איצט אירע פייינקער געוואָרן. פּילסודסקי איז געוואָרן דער נייער שונא. נו, עס האָט אַביסל אָפּגעגליקט. אין טורמע האָבן די פּאָליטישע אַרעס־

טירטע זיך אָרגאַניזירט, אַ הונגער־סטרייק דערקלערט. געוואונען בעסערע באַדינגונגען און באַקומען די מעגלעכקייט צו שטיין אין פאַרבינדונג צווישן זיך און רעדן וועגן דער נייער צייט, וועגן די קאַמפן, וואָס שטייען פאָר, ווען מען וועט די טורמע פאַרלאָזן.

סאַלטשע איז באַפרייט געוואָרן פאַר דער צייט. נאָר ווען זי איז אַרויס פון געפענגעניש און זי איז נאָך לאָדזש צוריק געקומען, האָט זי נייע פריינט באַקומען און אַלטע פאַרלוירן.

צווישן די וואָס האָבן פון איר די קעפּ געהאַט אַוועקגעדרייט זיינען געווען גוטשיאַ און לאָטשיאַ און רעגינטשאַ און די אָנקלס. האָט עס סאַלטשען ווי געטאָן און זי האָט געברענט פון צאָרן. נאָר ווען גוטשיאַ האָט איר צופעליקער־ווייז געזאָגט: „מאַטעק פרעגט זיך נאָך אויף דיר, ער וויל אַז דו זאָלסט אים שרייבן", איז סאַלטשע מיטאַמאָל ווי אויפגעריכט געוואָרן.

און ווען עס איז אָנגעקומען מאַטעקס טעלעגראַמע, איז דאָס געווען ווי די „גיכע הילף" קומט אָן צו אַ קראַנקן.

זי איז אָנגעקומען אין אַ געפערלעכן מאָמענט. אַ מאָמענט, ווען זי האָט געמיינט, אַז עס איז איר נישט געבליבן צוליב וואָס מער צו לעבן. זי האָט געוואוסט, אַז מען טאָר אַזוי נישט פילן. נאָר אַ שוואַכקייט האָט זי געהאַט אַרומגענומען, אַ פיזישע און אַ גייסטיקע שוואַכקייט. זי איז געווען מיד פון אַרומגיין און נישט קאָנען געפינען קיין באַשעפטיקונג. זי איז געווען מיד פון ווערן נאָכשפּיאָנירט אויף יעדן טריט און שריט פון דער מערדערישער דע־פענסיווע. זי איז געווען מיד פון האַס און אָנשטרענגונג. עס האָט זיך איר געוואָלט הערן אַ גוט וואָרט פון עמיצן. זי איז געווען אַנטוישט אין אירע אייגענע געוועזענע באַוועגונג־גענאָסן, וואָס זיינען געוואָרן בלוטיקע קעגנער פון דער אָקטאָבער רעוואָלוציע, וואָס האָבן געשטערט די בויער פון אַ נייער וועלט.

סאַלטשע האָט געפילט, אַז זי ווערט דערשטיקט אין לאָדזש. זי קאָן עס מער נישט אַריבערטראָגן. זי גייט אונטער. זי מוז זיך נעמען אין די הענט אַריין, נאָר זי קאָן נישט, זי ווייסט נישט ווי אַזוי.

.3

מאַטעקס טעלעגראַמע צו סאַלטשען, וואָס האָט איר געלאָזט וויסן, אַז ער שיקט איר אַרויס אַ שיפסקאַרט, האָט אַרויסגערופן ביי איר אַ שטורעם פון ניט־צוימבאַרע געפילן. ערשטנס, האָט זי געפיבערט פון אומגעדולד וואַרטנדיק אויפן בריוו, וואָס האָט געדאַרפט אָנקומען פון מאַטעקן; צווייטנס,

איז איר דער גאַנצער ענין געווען אומגלויבלעך.

— וואָס הייסט, ער שיקט מיר אַ שיפסקאַרט? — האָט זי אַן אַ שיער מאָל זיך געפרעגט, נישט האָבנדיק מיט וועמען זיך אויסצוטענהן און מורא האָבנדיק צו אַנטפּלעקן איר סוד פאַר דרויסנדיקע מענטשן. איבערהויפּט האָט זי געציטערט, אַז זיינע שוועסטער זאָלן זיך דערפון דערוויסן. זי האָט מיט אַלע כוחות איצט זיך איינגעהאַלטן נישט אַרויסצורעדן זיך מיט אַ וואָרט, וואָס וועט קאָנען קאַליע מאַכן דעם חלום, אין וועלכן זי האָט זיך פלוצלינג געפונען.

— מאָטעק האַלט וואָרט! מאָטעק איז אַ חבר! ער האָט מיך נישט פאַרגעסן! — האָט סאַלטשע געהאַלטן אין איין פאַרזיכערן זיך. נאָר דאָך האָט זי נישט געקאָנט באַגרייפן צוליב וואָס ער האָט דאָס געטאָן. זי איז געווען זיכער, אַז מאָטעק האָט שוין לאַנג חתונה געהאַט מיט גאָלדען. די מלחמה האָט דאָך אומעטום געמאַכט אַ געלאַף אויף מענער, האָט זי באַשלאָסן. גאָלדע מיטן צאָפּ האָט נאָך אין לאָדזש זיך געשאַרט צו מאָטעקן. און פאַר־וואָס זאָל ער זיך אָפּזאָגן פון איר? הייסט עס, אַז אויך גאָלדע האָט געמוזט צושטימען, אַז מען זאָל סאַלטשען אַראָפּברענגען. און וואָס וועט גוטשיא זאָגן, אַז זי וועט זיך דערוויסן?

נאָר ווען עס איז אָנגעקומען מאָטעקס בריוו צו איר, האָט סאַלטשע לייכ־טער אָפּגעאָטעמט און זיך אָנגעהויבן קלאָרער מאַכן דעם ענין. מאָטעק האָט געשריבן, אַז זי זאָל זיך נישט זאָרגן. ער איז דער זעלבער מאָטעק פון דער דזשעלנע גאַס. גאָלדע האָט חתונה געהאַט און זי איז צופרידן, וויזט אויס, פון אַמעריקע. ער וואַרט אויף סאַלטשען און זי זאָל גלייך קומען. זי קומט צו אַן אייגענעם מענטשן. נאָר זאָלן זיינע שוועסטער, זאָלן אַלע וויסן, אַז זי האָט באַקומען אַ שיפסקאַרט פון אַ ווייטן קרוב אירן, וואָס האָט זיך פלוצ־לינג אָפּגעזוכט.

— ווי קאָן דאָס זיין, אַז מאָטעק האָט נאָך נישט חתונה געהאַט? וואָס הייסט, ער וואַרט אויף מיר? — האָט סאַלטשע זיך נישט געקאָנט גלויבן. מען האָט אים אין קריג נישט גערופן. אַ שיינער יונגערמאַן איז ער. מיידלעך האָבן אים מסתם געוואָלט אַריינקריגן אין זייער נעץ. וואָס הייסט ער וואַרט אויף מיר? איז דאָס טאַקע מעגלעך, אַז מאָטעק האָט מיך ליב?

טרערן זיינען איר געקומען אין די אויגן אַריין. אין האַלדז האָט זיך עפּעס פאַרטשעפּעט. איז דאָס מעגלעך, אַז זי וועט אויפגעריכט ווערן? עס קאָן נישט זיין.

— ווי קאָן איך אַרומגיין איבער די לאָדזשער גאַסן און שווייגן? ווי קאָן איך זען גוטשיאַן און לאָטשיאַן און קיין פּיפּס נישט אַרויסלאָזן? ווי קאָן

איך דורכלאָזן דעם אַנקל גוסטאַוו און אים נישט ווייזן אַ לאַנגע פּייג?

און יעדע וואָך האָט געבראַכט נייעס פון אַמעריקע. ערשטנס, די שיפס־קאַרט; צווייטנס, אַ געלט־אַנווייזונג פון מאַטעקן; דריטנס, אַ בריוו, מיט „זשאַלעווע נישט קיין שפּייז, קיין קלייד, איך וועל דיר שיקן וויפל דו וועסט דאַרפן".

— ער איז אַוועק פון לאָדזש אַ יינגל. איצט איז ער אַ מאַנסביל. ער שרייבט אַז ער איז דער זעלבער. ווער ווייסט? איז דאָס מעגלעך, אַז עס זאָל זיך געפינען אַ מאַן וואָס זאָל מיך אַזוי אינזינען האָבן ווי מאַטעק טוט עס? און וואָס וועט זיין אַז איך וועל אים נישט געפעלן ווערן? ער איז דאָך שוין אויסגעוווען אַ וועלט און איך האָב פון לאָדזש נישט אַרויסגעשטעקט די נאָז. ער קאָן מיינען, אַז איך בין די אַמאָליקע סאַלטשע, די שטיפערקע, די לאַכערקע . . .

וואָלט זי כאָטש געהאַט מיט וועמען זיך צו באַראַטן, מיט וועמען אַ וואָרט אויסצורעדן. די עלטערן אירע — טויט. די משפחה אין קלעטשעוו — גייט אויס פון עלטער און פון נויט. אירע ברידער — ווי אין וואַסער אַריין. אין דער באַוועגונג מוז מען זיין פּאַרזיכטיק מיט יעדן וואָרט. דאָס פּערזענלעכע לעבן קאָן געשטעלט ווערן אין געפאַר. דער שונא לויערט פון אַלע זייטן.

און דאָ האָבן זיך אָנגעהויבן דערנעענטערן די לעצטע טעג. אַלץ ווערט פאַרטיק צום אָפּפאָרן. מאַטעק ווייס, אַז זי האָט זיך גענוג אָנגעליטן, אַז זי האָט אָנגעוואָרן וואָג, אַז זי לעבט איצט אויפן געלט וואָס ער שיקט. זי לערנט זיך ענגליש, זי לייענט וואָס עס איז פאַראַן אויף יידיש וועגן אַמעריקע.

איז זי געגאַנגען איבער די לאָדזשער גאַסן און זיך געזעגנט מיט זיי. איז זי געגאַנגען איבער די באַלוטער געסלעך און מערק און אַריינגעזאָפּט אין זיך די פּנימער, די גוטע,ליידנדיקע, אויסגעהונגערטע פּנימער. זי האָט געזאָגט צו זיי אויף שטום־לשון: „עס איז שווער זיך צו שיידן מיט אייך, מיינע טייערע חברים און חברטעס. מיר זיינען פון איין קלאַס. מיר האָבן צוזאַמען געקעמפט און צוזאַמען האָבן מיר דערלעבט אַ סאָציאַלע רעוואָלוציע אין רוסלאַנד. איך וואָלט געדאַרפט זיין דאָ מיט אייך און ליידן און קעמפן און האָבן אויסדויער, נאָר — עס גייט מיר שטענדיק מיט דער פוטער אַראָפּ. אַנדערע מענטשן זיינען אָרעם, נאָר מען געפינט אַ חבר אין לעבן. מען אָרדנט זיך איין. מען האָט עלטערן, קרובים, ברידער, שוועסטער, פריינט. מיר איז קיין זאַך נישט באַשערט צו האָבן. איך בין עלנט ווי אַ שטיין. פאַרוואָס קומט דאָס מיר? מען זאָגט, אַז איך בין שיין־געוואַקסן און איך האָב אַ שיינע פיגור און נישט קיין מיאוס פּנים. און דאָך בין איך איינזאַם. פאַרוואָס?

און ווען זי האָט זיך אין דער שטיל געזעגנט מיט אירע באַ־

וועגונג־חברים און חברטעס, האָט זי זיי פאַרזיכערט:

„סאַלטשע וועט אין אַמעריקע פאַרזעצן דעם קאַמף פאַר סאָציאַליזם. מיין ווייטער קרוב איז אויך אין דער באַוועגונג. ער וויס ווער איך בין. דער קלאַסן־קאַמף פאַרשאַרפט זיך אין אַמעריקע. איך קום אַהין מיט דערפאַר־רונג פון לאָדזש. דער בורזשוק איז אומעטום דער זעלבער".

און ווען זי איז זיך געקומען געזעגענען מיט גוטשיאַן און מיט לאַטשיאַן, האָט זי זיי נישט געקאָנט קוקן גלייך אין די אויגן אַריין. זי האָט נישט געקאָנט לייגן. פון וואַנען האָט זיך מיטאַמאָל אָפּגעזוכט אַ ווייטער קרוב, וואָס שיקט נאָך איר? וועט זי דאָרט חתונה האָבן? פאָרט זי אַהין ווי אַ כלה? אָט־די און ענלעכע קיצלדיקע פראַגעס האָבן פאַרוויטלט איר פנים. נאָר זי האָט זיך געמוזט שטאַרקן און אַלץ אַריבערטראַגן.

— נאַדיר מאַטעקס לעצטן אַדרעס, — האָט גוטשיאַ גערעדט צו איר צוקער־זיס, — און זאָלסט אים זען אַזוי גיך ווי עס וועט פאַר דיר מעגלעך זיין און זאָלסט אים דערציילן ווי עס לעבט זיך אונדז און זאָל ער נישט מיינען, אַז מיר וואַרטן אויף זיינע שיפסקאַרטן. מיט גאָטס הילף וועל איך באַלד חתונה האָבן און לאַטשיא גייט אַרום מיט אַ זיידענעם יונגעמאַן. דערצייל אים דאָרט, אַז מיר קוקן אויס גוט און אַז ער זאָל בעסער אויף זיך אַליין אויפפּאַסן. געפין אויס, סאַלטשע־קרוין, פאַרוואָס מאַטעק האָט נישט חתונה. מיר זיינען געוועזן איבערצייגט אַז ער וועט חתונה האָבן מיט דער גאָלדען. זי האָט חתונה געהאַט מיט אַן אַנדערן, אַ געלט־שידוך. וואָס דען, אַ קבצן וועט זי נעמען? און דו וועסט מיר טאָן די גרעסטע געפעליקייט, ווען דו וועסט מיר שרייבן דעם אמת וועגן מאַטעקן. ווי קוקט ער אויס? וויפל פאַרדינט ער? היט ער נאָך אָפּ יידישקייט? היט ער אָפּ די יאָרציַיטן פון די גאָט־זעליקע טאַטע־מאַמע?

און סאַלטשע האָט זיך צוגעהערט צו גוטשיאַס פרומע רייד און זי האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ און צוגעזאָגט אויסצוגעפינען פאַרוואָס מאַטעק האָט נישט חתונה געהאַט און צי ער שטייט אין שידוכים. האָט מען זיך האַרציק צעקושט און געלאָזט אַ טרער. נאָר סאַלטשע האָט נישט געזאָגט, וועלכן טאָג זי פאָרט אָפּ. און גוטשיאַ האָט איר מיטגעגעבן פאַר מאַטעקן אַן אויסגע־שטריקטן טישטוך, וואָס זי האָט נאָך פאַר דער מלחמה צוגעגרייט צו שיקן פאַר מאַטעקס צוקונפטיקער כלה.

סאַלטשע איז שטאַרק גערירט געוואָרן פון גוטשיאַס האַנדלונג. ווען זי האָט דאָס שפּעטער איינגעפּאַקט ביי זיך אין טשעמאָדאַן, האָט זי זיך די אויגן געווישט. „פאַר מאַטעקס צוקונפטיקער כלה?" די נאַאיווע גוטשיא שטויסט זיך אפילו נישט אָן, אַז צווישן מאַטעקן און סאַלטשען קומט נאָך עפּעס פאָר.

גוטשיאַ גלויבט סאַלטשען אויפן וואָרט, אַז זי פאָרט צו אַ ווייטן קרוב. איז דאָס דער ערשטער דרשה־געשאַנק וואָס זי, סאַלטשע, באַקומט?

— אַן אויסגעשטריקטער טישטוך . . . גוטשיאַס גאָלדענע פינגער, גע־ראָטן אין איר מאַמען, אין דער מייסטערין טייבל . . . וועט סאַלטשע ווערן די באַלעבאָסטע איבער דעם טישטוך? און אויב עס וועט זיך אויסלאָזן אַלץ צום גוטן און מאָטעק און זי וועלן ווערן איינס, וואָס וועט גוטשיאַ אַמאָל זאָגן וועגן דעם?

איז זי די לעצטע טעג פון איר זיין אין לאָדזש געגאַנגען איבער די גאַסן, סאַלטשע און זיך דערמאָנט אין מאָטעקן. אָט־דאָ האָבן זיי געוואַרט אויף אַ טראַמוואַי, אָט־דאָ האָט מאָטעק איר דערציילט וועגן זיין שיפסקאַרט, אָט־דאָ האָט זי דעם קליינעם מאָטעק אָפּגעהיט, אַז ער זאָל נישט געשעדיקט ווערן בעת דער דעמאָנסטראַציע . . .

זיינען די לעצטע טעג געווען טעג פון גרייטן זיך פאַר מאָטעקן. טעג פון גוט אָפּעסן, טעג פון קוקן אין שפיגל, טעג פון פוצן זיך פאַר מאָטעקן. זי האָט זיך אַליין נישט געגלויבט: זי פוצט זיך פאַר מאָטעקן? זי דאַרף דען געפעלן ווערן מאָטעקן? זי ציטערט. טאָמער וועט זי נישט נושא־חן זיין אין זיינע אויגן?

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און אויף דער שיף האָבן זיך מענער צו איר געטשעפּעט, מענער — פראַנטן, מענער — אַמעריקאַנצעס, יידן און ניט־יידן. מען איז איר נאָכגע־גאַנגען, מען האָט זי פאַרפאָלגט מיט הונגעריקע בליקן, מען האָט זי באַ־שאָטן מיט זיסע רייד, ווי מיט מעליקן צוקער; מען האָט איר אָקעגנגעטראָגן די איינלאַדונגען צו שפּאַצירן איבערן דעק און איינלאַדונגען צום טאַנצן און צו טרינקען אַ גלעזל וויין.

עס איז איר געווען אָנגענעם צו פילן, אַז זי געפעלט, אַז זי האָט נישט פאַרלאָרן דעם רייץ. האָט זי זיך אין גרויסן שפיגל באַטראַכט נאָכאַמאָל און ווידעראַמאָל און געזאָגט: „מאָטעק, איך געפעל דיר, זאָג דעם אמת?“

## קאַפּיטל אַכט און צוואַנציק

# באַרוישט

.1

דעדער איינער אין מאַטעקס קרייז האָט געוואוסט, אַז מאָרגן קומט אָן די שיף, אויף וועלכער עס געפינט זיך סאַלטשע. זינט זי האָט זיך אויף דער שיף אַרויפגעזעצט האָט די באַלעבאָסטע פון צימער, ביי וועמען מאַטעק איז איינגעשטאַנען, באַמערקט די ענדערונג וואָס קומט מיט אים פאָר.

— מאַטעק, די שיף וועט נישט אונטערגיין און איר דאַרפט נישט זיין אַזוי נערוועז, — האָט זי געזאָגט.

— מרס. עלבוים, פון וואַנען ווייסט איר, אַז איך בין נערוועז? אַ מענטש טאָר צו אייך קיין וואָרט נישט אויסרעדן? — האָט מאַטעק זיך כלומרשט געבייזערט אויף איר.

די מרס. עלבוים איז געווען אַ מוטערלעכע פרוי אין די אָנהויב פערציקער, וואָס האָט קיין קינדער נישט געהאַט. אַליין האָט זי געוואוינט מיטן מאַן אין איין צימער מיט אַ קיך און די איבעריקע דריי צימערן האָט זי פאַרדונגען צו יונגעלייט. קיין מיידלעך האָט זי נישט געוואָלט האָבן. צו אירע קוואַרטיראַנטן האָט זי זיך באַצויגן מיט אינטערעס. און מאַטעק איז ביי איר געווען „די בעיבי".

— מען קאָן זען, אַז עס פעלט אים אַ מאַמע. ער איז פון דעם טיפּ מענטש, וואָס עס וועט אים שטענדיק פעלן די מאַמע. דערפאַר הייסט ער ביי מיר „די בעיבי" און איך באַהאַנדל אים אַנדערש פון די איבעריקע, — האָט זי דערקלערט איר מאַן, וואָס האָט זי געדולדיק אויסגעהערט און געשוויגן. זי איז געווען זיין ברויט־געבערין. ער איז שוין אַ פּאָר יאָר אַרומגעגאַנגען אָן אַרבעט, זינט זיין שאַפּ האָט זיך געהאַט פאַרמאַכט.

מאַטעק האָט צו איר שוין געהאַט אויסגערעדט „מער ווי אַ וואָרט" וועגן סאַלטשעס קומען. לעצטנס איז ער צו איר יעדן אָוונט אַריינגעקומען אין קיך, וואו זי איז געשטאַנען און איבערגעוואַשן דאָס געפעס און גערעדט וועגן

איין זאַך — סאַלטשעס אָנקומען.

מרס. עלבוים האָט פאַרשטאַנען פון זיינע רייד, אַז עס קומט צו אים אַ געליבטע זיינע, וואָס וועט יאָ, אָדער נישט ווערן זיין כלה. עס איז איר שווער געווען אַרויסצוקריגן פון אים, צי ער קלייבט זיך חתונה האָבן מיט סאַלטשען און אויב נישט — צוליב וואָס האָט ער געשיקט נאָך איר?

— מאַטעק, זאָלט איר מיר געזונט זיין, עס פעלן אייך סאַלטשעס אין אַמעריקע? איך דאַרפט נישט מורא האָבן מיר צו דערציילן דעם אמת. דעם צימער אייערן קאָן איך פאַרדינגען איינס און צוויי. וואָס הייסט, איר ווילט, אַז איך זאָל פאַר סאַלטשען אויסליידיקן אַ צימער? וואו וועל איך פאַר איר נעמען אַ צימער, ווען אַלץ איז ביי מיר פאַרדונגען? און צווייטנס, ווייסט איר דאָך אַליין, אַז איך פאַרדינג נישט צו קיין מיידלעך. הייגט וועט איר ברענגען אייער באַקאַנטע און מאָרגן וועט מר. גאָטליב וועלן אַ צימער פאַר זיין מיידל. גייט אַרויס אויף דער עוועניו און געפינט פאַר איר אַ צימער. איר ווייסט נישט וואָס פאַראַ צימער? בעיבי, איר ווילט מסתם, אַז איך זאָל דאָס טאָן פאַר אייך? מער האָב איך נישט וואָס צו טאָן נאָר גיין זוכן אַ צימער פאַר אייער סאַלטשען. און צוריק גערעדט — פאַרוואָס זאָל איך דאָס נישט טאָן? גוט, וויפל ווילט איר אויסגעבן אַ וואָך?

צוויי טעג פאַר סאַלטשעס קומען האָט מרס. עלבוים מיט מאַטעקן געפונען אַ צימער פאַר איר. מאַטעק האָט געפילט, אַז אַ גרויסע זאַך איז אויפגעטאָן געוואָרן.

— מרס. עלבוים, איר וועט גיין מיט סאַלטשען איינקויפן קליידער? איך הויב נישט אָן וויסן, אין וועלכער קראָם אַריינצוגיין און וואָס צו באַשטעלן.

— לאָמיר נאָר פריער אַ קוק טאָן אויף דער סאַלטשען, וואָס איך האָב שוין באַלד נישט קיין קאָפּ פון איר. שוין צוויי וואָכן ווי די סאַלטשע גייט אייך פון מויל נישט אַרויס און איך ברען, איך פלאַקער פון אומגעדולד אַ קוק צו טאָן אויף דער גרינער קראַסאַוויצע.

און אויך דער שטענדיקער סאַרווירער אין רעסטאָראַן האָט געוואוסט, אַז קומענדיקע וואָך וועט ער שוין דאַרפן סאַרווירן פאַר צוויי.

— היינטיקן פּריידיק נעם איך אַראָפּ אַ לאַנדסמיידל פון שיף, — האָט אים מאַטעק פאַרטרויט.

און אויך גאָלדען האָט ער יעדן טאָג טעלעפאָנירט:

„גאָלדע, אין צוויי טעג אַרום קומט אָן סאַלטשע."

„מאָרגן צען אַזייגער קומט אָן די שיף".

„איך וועל מיט איר אַרויפקומען זונטיק אָוונט. זאָג אָן דער מאַמען".

און אפילו די איירישע יונגען ביי דער אַרבעט האָבן געוואוסט, אַז מאַטס

מיידל קומט אָן פון איראָפּע.

— דערפאַר אַרבעט ער לעצטנס פלייסיקער און עסט זווינציקער, — האָט דער פּאַרמאַן געלאַכט פון אים.

און בען, וואָס האָט זיך געפונען אין לאָרענס, מאַס., וואו עס איז אָנגע־גאַנגען אַ העפּטיקער סטרייק, האָט יעדן טאָג דערהאַלטן אַ קאַרטל פון מאַ־טעקן וועגן זיינע צוגרייטונגען פאַר סאַלטשעס קומען.

מאַטעק האָט נישט פאַרפעלט צוצוגיין צום אָנקל ניק און זיך דורכרעדן מיט אים וועגן סאַלטשען.

— מאַי באַי, איך זע אַז דו ביסט באמת פאַרקאַכט אין איר. יוראָפּישע מיידלעך זיינען גוטע מיידלעך, מאַטעק, נאָר דו דאַרפסט זיי גלייך וויזן ווער עס גייט אין די הויזן, אַניט וועלן זיי דיך בדלות שטעלן. געלט האָסטו דאָך אַ מכה. טאָ וואָס וועט זי האָבן ביי דיר? איך וויל זיך נישט מישן אין דיינע ביזנעס, נאָר אַז מען נעמט זיך אַ ווייב, דאַרף מען זיך אָנגרייטן מיט אַ פּאָר דאָלאַר.

דעם לעצטן אָוונט פאַר סאַלטשעס אָנקומען איז מאַטעק אַרומגעגאַנגען מיט שטאָלצע טריט אויף דער סעקאַנד עוועניו און אַריינגעקוקט דער רוישי־קער גאַס אין איר פאַרשייט פּנים אַריין.

וויפל מאָל האָט ער זיך דאָ אין די אָוונטן געפילט איינזאַם, אין גערדרענג צווישן יונגע פריילעכע פּאָרלעך, אויפן גאַס־ראַג, היטנדיק דעם רעדנער, אָדער אויסטיילנדיק פלוג־בלעטלעך! וויפל מאָל איז ער דאָ געזעסן איינער אַליין ביי אַ טישל אין רעסטאָראַן און עס האָט אים אָנגענומען אַ הונגער נאָך מענטשן, נאָך אַ מיידל ביי זיין זייט . . . הייַנט איז ער מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ געגאַנגען איבער דער באַליבטער עוועניו, וואו מען האָט גערעדט אַ געשמאַקן יידיש און אַ קלינגענדיקן רוסיש און אַ זינגענדיקן אוקראַיִניש און אַ נאָענטן פּויליש און געלאָזט וויסן אַלעמען מיט זיין אויפגעלויכטע־נעם בליק:

— מאָרגן אָוונט וועל איך שפּאַצירן מיט סאַלטשען אויף דער עוועניו. מאַכט אַ וואָרע פאַר אונדז!

.2

דינט ער איז געוועזן אין אַמעריקע האָט מאַטעק געהאַט איבערגע־לעבט אַ סך שלאָפלאָזע נעכט. נאָר ערב סאַלטשעס אָנקומען איז געוועזן זיין ערגסטע נאַכט. זיין גאַנץ לעבן איז אים דורכגעגאַנגען אין די ענדלאָזע שעהן, וואָס ער האָט געפּרואווט איינשלאָפן. וויפל ער האָט נישט געפּרואווט פאַר־

טרייבן די געדאַנקען פון זיך, האָבן זיי אים אָבער אַרומגערינגלט און זיך געראַנגלט מיט אים.

אַט האָט זיך אים געדוכט, אַז ער שלאָפט נישט אויפן ברייטן באַקוועמען מאַטראַץ, וואָס מרס. עלבוים האָט נאָך זיין צוריקקומען פון שיקאַגאָ פאַר אים געהאַט אַריינגעבראַכט, נאָר ער ליגט אויפן אַמאָליקן „הסב־בעטל״, וואו ער קאָן די לאַנגע פיס נישט אויסציען, וואו ער קאָן זיך נישט רעכט אויס־שפרייטן. אין צווייטן בעט ליגן גוטשיא מיט סאָלטשען און סאָלטשע רייצט זיך מיט אים: „מאַטעק, איך וועל געפרוירן, מאַטעק, גיב מיר דיין צעריסענע קאָלדרע און דו קריג דיר ביים אָנקל גוסטאַוו זיין פערינע״.

מאָרגן צען אין דער פרי וועט סאָלטשע זיין אויפן טרערן־אינדזל. מען זאָל זיך נאָר צו איר נישט טשעפּען. קיין טראַכאָמע האָט זי נישט. אָנקל ניק האָט אַלץ איינגעאָרדנט, אַז מען זאָל איר קיין פראַגעס נישט שטעלן. געלט האָט זי. דער אָנקל זאָגט גוט פאַר איר. אפשר האָט זי די טורמע אויסגע־מאָרעט און זי איז קראַנק און דער דאָקטאָר וועט זאָגן, אַז —

. . . און אפשר איז זי פון טורמע אַרויסגעקומען אַ צעבראָכענער שאַרבן און זי וועט נישט זיין דער זעלבער מענטש? אַלץ איינס, ער וועט אויף איר אויפפּאַסן ווי זי וואָלט געווען זיין — זיין אייגענע מאַמע, זיין אייגן קינד. ער וועט אַלץ פאַר ליב נעמען.

. . . איר צימער האָט אינגאַנצן איין פענצטער. נישט גענוג ליכטיק. די באַלעבאָסטע רעדט יידיש. דאָס איז וויכטיק פאַר סאָלטשען. עס איז אַ פּריוואַטע וואוינונג. די באַלעבאָסטע ווייסט שוין, אַז זי קריגט אַריין אַ גרינע, וואָס איז נישט לאַנג צוריק אַרויס פון פּילסודסקיס טורמע. די באַ־לעבאָסטע זאָגט, אַז זי איז אַליין אַ סאָציאַליסטקע. זי האָט געגעבן אָנצוגע־הערן מאַטעקן, ווען ער איז דאָרט געווען דאָס צווייטע מאָל, אָן דער מרס. עלבוים צו זען, צי אַלץ איז אין אָרדנונג, אַז זי וועט זיין וויליק צו פאַר־דינגען דעם צימער פאַר אַ פּאָרל. מאַטעק האָט איר געענטפערט: „מיר וועלן זען. דערווייל זאָגט איר גאָרנישט דערוועגן״.

. . . סאָלטשע וועט ברענגען אַ לעבעדיקן גרוס וועגן די שוועסטער. אַ שאָד וואָס זי האָט נישט געזען די צוויי יינגסטע שוועסטער מלכה און אַנדזשיא, וואָס געפינען זיך נאָך אין טאַמאַשאָוו. אוי, וועט דאָס גוטשיאַ ברענען ווי אַ העליש פייער, ווען זי וועט זיך דערוויסן, אַז ער האָט אַראָפּגעבראַכט סאָלטשען. וואָס דען האָט ער געקאָנט טאָן? און וואָס וועט זיין, אַז ער וועט דערהאַלטן אַ בריוו, אַז אַ שוועסטער וויל שוין קומען? ער גלויבט נישט, אַז סאָלטשע וועט זיך אָפּשרעקן פאַר עפּעס. זי וועט איינשטימען.

ער האָט זיך געוואָרפן אויפן בעט און זיך נישט געקאָנט קיין אָרט

געפינען.

... און אַז סאַלטשע וועט זאָגן: „מאַטעק, איך מוז דיר אויסזאָגן אַ סוד. איך האָב אין לאָדזש געלאָזט אַ געליבטן. ער איז מיין חתן. ער איז צוריק־געקומען פון סיביר. איך האָב דיר נישט געוואָלט שרייבן וועגן דעם.

— מיך אַרט נישט, סאַלטשע. איינס מיטן צווייטן האָט גאָרנישט צו טאָן. דו האָב דיר חתונה געזונטערהייט. איך האָב שוין לאַנג צוריק געקאָנט מיר אויסקלייבן אַ כלה. זאָל דיר זיין מיט מזל.

... אָט איז בען צוריק געקומען פון לאָרענס. ער האָט דערזען סאַלטשען. זי איז אים געפעלן געוואָרן.

— ווער איז דער יונגערמאַן, — האָט סאַלטשע געפרעגט.

— מיין חבר בען, אַן אַמעריקאַנער אַרבעטער־טוער, — זאָגט מאַטעק און באַמערקט ווי סאַלטשע עסט זיך איין אין אים מיט אירע גרויסע, ברוינע אויגן.

... און אָט זעט ער זיי אויף דער סעקאָנד עוועניו גיין געאָרעמט, סאַל־טשען מיט בענען. זיי קוקן ביידע אויס פאַרשיכורט פון גליק.

— מיר ווע‌לן דיך שפּעטער זען, מאַטעק, — זאָגט סאַלטשע.

מאַטעק רייסט זיך די האָר פון קאָפּ. ער שטייט אויף פון בעט, קוקט אויפן זייגער. עס איז ערשט אַ פערטל נאָך דריי. עס הערט זיך דער דונער פון עלעוועיטעד, דאָ פון דער דריטער עוועניו, דאָ פון דער צווייטער. און באַלד הערט זיך דאָס טרובען פון אַ שיף. איז דאָס אַ פראַכט־שיף אויפן איסט ריווער, צי אויפן האַדסאָן, צי איז דאָס גאָר אַ שיף אין בעי, אַ פּאַסאַזשיר־שיף פון אָקעאַן. אפשר איז דאָס סאַלטשעס שיף. אפשר איז דער וועג פאַר־נעפּלט און זי וועט זיך פאַרשפּעטיקן.

ער האָט געוואוסט, אַז ער וועט זיך אויפכאַפּן אין דער זעלבער צייט ווי אַלעמאָל, כאָטש ער גייט היינט נישט צו דער אַרבעט און ער דאַרף ערשט זיין אין עליס איילאַנד נישט פריער ווי צען אַזייגער. האַלב נאָך זעקס איז ער שוין געווען אויף די פיס און זיך גענומען איילן. צוליב וואָס? וואָס וועט ער טאָן ביז צען?

אַכט אין דער פרי איז ער שוין געווען ביי דער בעטערי, אין פּאַרקל וואָס ליגט ביים ניו־יאָרקער האַפן. אויף די בענק זיינען געלעגן אויסגעצויגן היימלאָזע און געדרעמלט. אַ פּאָר שיכורע מאַטראָסן זיינען געזעסן אויף אַ באַנק, די פיס צעשפּרייט און די אָרעמס צעפּאַכעט אויפן אָנלען פון דער באַנק און געכראָקעט הינטער זיך און געשאָלטן ניו־יאָרק.

מאַטעק האָט געקוקט אויפן ים. אָנגעשטרענגט זיין בליק אויף עליס איי־לאַנד און אויף דער סטאַטוע פון פרייהייט, וואָס שטייט נישט ווייט פון דאָרט

אויף אַן אינדזעלע. עס האָט זיך אים געוואָלט שוין זיין אויפן אינדזל און זען ווי מען לאָזט אַרונטער די אימיגראַנטן.

פילט זי, אַז ער וואַרט דאָ אויף איר? איז זי געזונט? איז זי טאַקע געקומען מיט דער שיף? עס מאַכט זיך דאָך אַמאָל, אַז מען פאַרפעלט די שיף, אָדער מען לאָזט נישט אַרויף צוליב וועלכער עס איז אורזאַך. מער פעלט אים נישט, אַז זי זאָל נישט זיין אויף דער שיף.

עס איז געווען אין מיטן יוני. די זון האָט שוין געוואָרעמט זומערדיק. אַרום און אַרום האָט דאָס גראָז געשמעקט מיט פרישקייט. בייטן בלומען האָבן געזאָגט צו אים: „מיר זיינען דער בוקעט פאַר סאַלטשען".

— מען דאַרף איר קויפן בלומען. געדאַרפט דאָס באַזאָרגן פריער. איך וועל טעלעפאָנירן מרס. עלבוים, זי זאָל אָנגרייטן בלומען אין מיין צימער פאַר איר. זיי אַריינשטעלן אין אַ וואַזע.

מרס. עלבוים האָט געלאַכט מיט אַ הויך געלעכטער.

— וואָס נאָך ווילט איר, צעדרייטער יונגערמאַן? אַ באָקס שאָקאָלאַד, אַ פעכער, אַ קעיק מיט אַ גלעקל פון אויבן? וואו וועל איך איך נעמען בלו־מען? איך בין אין מיין לעבן נישט געווען אין קיין בלומען־סטאָר. אַ־קעי, בעיבי. פאַר פופציק סענט וועט זיין גענוג? וואָס, פאַר אַ דאָלאַר בלומען? איר זייט פאַרריקט, יונגערמאַן.

3.

די באַגעגעניש צווישן מאַטעקן און סאַלטשען איז פאַרגעקומען ווי צופעליק. ער האָט געוואַרט, געוואַרט און געהאַלטן אין איין קוקן אויף אַ טיר, פון וואַנען עס זיינען אַרויסגעקומען אימיגראַנטן. באַר צווישן אַן עולם וואָס האָט זיך שוין געהאַט אַרומגעכאַפּט און געהאַלדזט און געוויינט און געלאַכט און געקוויטשעט, איז געשטאַנען איין יונגע פרוי, אין אַ ווייס קעלנערל און אַ קליינעם רונדיקן שטרויענעם הוט מיט אַ טונקל־בלויען באַנד און געהאַלטן איר קאָפּ פאַרריסן און דאָס פנים האָט אויסגעדריקט פאַרוואונדערונג. מאַטעק האָט געגעבן אַ שפּיז אַן זיין בליק אויף דעם דאָזיקן פנים און אַלץ אין אים האָט זיך מיטאַמאָל אָפּגעשטעלט ווי אַ מאָטאָר וואָס האָט פאַרלוירן זיין עלעקט־רישע קראַפט.

— עס איז זי! — האָט ער צעעפנט זיין מויל און, ווי אויפגעברויזט פון אַ זעץ וואָס ער האָט געכאַפּט פלוצלינג, האָט ער זיך אַ לאָז געטאָן צו איר, אַוועקשאַרנדיק מיט די אָרעמס די מענטשן וואָס זיינען אים אין וועג געשטאַנען.

— סאַלטשע! — האָט ער שטיל אַ זאָג געטאָן. זי האָט אים נישט גע־

האָט באַמערקט. זי האָט נאָך אַלץ געקוקט אין אַן אַנדער ריכטונג. זי האָט דערהערט איר נאָמען. דער קאָפּ האָט אַ ציטער געטאָן, ווי זי וואָלט אויפגע־וועקט געוואָרן פּלוצלינג פון אַ טיפן שלאָף.

— מאַ־טעק! — האָט זי אויסגערופן אין אַ פאַרשטיקט קול און פאַר־ביסן די ליפּן.

ביידע זיינען געווען די זעלבע הויך. זי האָט געטראָגן נידעריקע אָפּ־צאַסן. ער האָט זי אַרומגענומען און געקושט איר מויל, די אויגן, אויף די באַקן. זי איז געשטאַנען, ווי הילפלאָז, און מיטאַמאָל האָט זיך דער קאָפּ אַרונ־טערגעלאָזט און זי האָט זיך צעוויינט.

— פע, סאַלטשע, דו זאָלסט וויינען? — האָט מאַטעק אָנגענומען אַ טאָן פון אַן עלטערן פון איר און אַליין זיינען אים די טרערן געקומען אין די אויגן אַריין און ער האָט נישט געקאָנט מער רעדן.

נאָר סאַלטשע האָט זיך גלייך קאָנטראָלירט, צאַרט אַריינגענומען זיין קאָפּ אין אירע הענט און געזאָגט:

— עס איז דאָך גאָר עפּעס אַ העלדישער מאַטעק. ביסט זיך צעוואָקסן אין דער לענג און אין דער ברייט. — זי האָט אים געגעבן אַ דריק־צו צו זיך.

— און דו, סאַלטשע, האָסט מיך איבערגעשראָקן, אַז דו האָסט פאַרלוירן וואָג. איך האָב געמיינט, אַז איך וועל דערזען אַ סקעלעט. ביסט דאָך געזונט אַן אייזן. קום, לאָמיר גיין.

— שוין, איך בין שוין אינגאַנצן פּטור פון דער טאַמאַזשנע?

— איצט ביסטו אַ פרייער מענטש אויפן פרייען אַמעריקאַנער באָדן. מיר וועלן קריגן אַ טעקסי.

מאַטעק האָט גענומען איר שווער ברוין־פאַלירטן הילצערנעם טשעמאָדאַן און זיי האָבן זיך אַריינגעזעצט אין אַ טעקסי.

זי האָט אַריינגענומען זיינע הענט אין אירע, געזעסן דעם גאַנצן וועג אויסגעדרייט צו אים און געהאַלטן אין איין קוקן אויף אים. מאַטעק האָט זיך געפילט אי הילפלאָז, אי באַשיצט אין דער זעלבער צייט.

— איך ווייס נישט וואָס פריער דיר צו זאָגן, מאַטעק, — האָט זי ווי זיך אַנטשולדיקט, — דו האָסט אַמאָל געגלויבט, אַז דו וועסט נאָך סאַלטשען זען אַ לעבעדיקע? איך האָב געמיינט, אַז איך וועל אין קבר מיטטראָגן דאָס בילד, ווי דו האָסט פאַרלאָזט לאָדזש אין באַגלייט פון דיין אָנקל מענדל.

— סאַלטשע, האָסט שוין אַמאָל געזען אַזעלכע הויכע געביידעס ווי די? דאָס זיינען וואָלקנקראַצערס. גיב אַ קוק!

— מאַטעק, איך קאָן איצט גאָרנישט ניט זען. איך קוק אויף דיר און דו פילסט מיר אָן די גאַנצע וועלט. דו ביסט פאַר מיר דער גרעסטער וואונ־

דער. איך קאָן זיך נאָך אַלץ נישט פאָרשטעלן, אַז איך בין איך און דו ביסט דו. עס איז ביי מיר נאָך אַלץ אַ חלום און איך קאָן זיך נישט אויפכאַפּן פון חלום. אפשר איז עס בעסער אַזוי, נישט וואָר, מאַטעק?

ער האָט נישט געקענט אויסהאַלטן איר דורכדרינגענדיקן בליק. אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז איר בליק פאָרשט עפּעס אין אים. נישט וואָס זי האָט נישט קיין צוטרוי, נישט וואָס זי גלויבט אים נישט, נאָר ווי זי וואָלט זיך נישט געקאָנט פאָרשטעלן, אַז דאָס איז טאַקע מעגלעך געוואָרן, אַז ער האָט זיין וואָרט געהאַלטן אָט דאָ, אין באַלוט, ווען ער איז נאָך אַ קינד געווען, ווען ער האָט איר פאַרשפּראָכן, אַז ער וועט זי געדענקען און זי אַראָפּברענגען קיין אַמעריקע.

— סאַלטשע־פּאַלטשע, דו קוקסט אויף מיר ווי איך וואָלט געווען עפּעס איך ווייס אַליין נישט וואָס . . . אָט זיינען מיר שוין באַלד דאָ. איך האָב פאַר דיר געדונגען אַ צימער נישט ווייט פון מיין הויז. איך וואוין אויך אין אַ מעבלירט צימער.

די טעקסי האָט זיך אָפּגעשטעלט. סאַלטשע האָט זיך אַרומגעקוקט און זיך ווי אָנגעהויבן אויסטשוכען. זי האָט זיך צעשמייכלט און זיך אַריינגע־קוקט אין שפּיגעלע.

— ווי קוק איך אויס, מאַטעק? איך וועל געפעלן ווערן די הערשאַפטן?

די באַלעבאָסטע האָט סאַלטשען באַשאָטן מיט קאָמפּלימענטן.

— איר קוקט דאָך גאַרנישט אויס ווי אַ גרינע. ווען איך זע אייך אויף סעקאָנד עוועניו, וואָלט איך געמיינט, אַז דאָס גייט אַן אַקטריסע פון יידישן טעאַטער.

סאַלטשע האָט זיך צעלאַכט הויך אויפן קול, ווי זי האָט געקאָנט, ווען דער שטיפער האָט זיך אין איר צעשפּילט.

— איך מוז זיך איבערטאָן און דאַן וועלן מיר אַרויסגיין כאַפּן לופט, מאַטעק, יאָ?

די באַלעבאָסטע האָט איר געהאָלפן. מאַטעק האָט געוואַרט. די באַלע־באָסטע איז אַרויסגעקומען צו אים.

— שוין איינמאָל אַ מיידל, מען קאָן גלייך זען, אַז זי איז פון יוראָפּ. אַ פּאָר געזונטע רויטע באַקן, אַ פּאָר פּלייצעס און דאָך אַ פרויענצימער דורך און דורך. אַ מאַן דאַרף זיך פילן גליקלעך צו האָבן אַזאַ פרוי. עס איז אייער כלה? עס איז נישט מיינע ביזנעס, נאָר איר מעגט מיר זאָגן. איך וועל קיינעם נישט דערציילן, אויב איר ווילט נישט.

— איר וועט שוין אַליין אויסגעפינען, — האָט מאַטעק געלאַכט.

סאַלטשע איז אַרויסגעקומען. אַ פּריש־געפּודערטע און די וואַרעמע גרויסע

ברוינע אויגן, ווי אויסגעצוואָגן.

— אַלץ דרייט זיך מיט מיר. די שיף־רייזע איז געווען זייער נישט קיין גערעכטע פּאָר מיר. איך בין אָפּט קראַנק געווען. ווילסט גיין, מאַטעק?

— גייען מיר.

— מאַטעק, שטעל דיר פאָר, אַז מיר גייען איבער באַלוט אויף דער פיעטרקאָווער גאַס, אַ יאָ?

— שטעל דיר פאָר, סאַלטשע, אַז די גאַס הייסט סעקאָנד עוועניו און דאָס איז די פּיעטרקאָווער גאַס פון דער יידישער געגנט. שטעל דיר פאָר, אַז איך בין טויט־הונגעריק און מיר וועלן אַריינגיין אין אַ מילכיקן רעסטאָראַן און איך וועל קאָנען אויף דיר רעכט אַ קוק טאָן.

— שטעל זיך אָפּ און באַקוק מיך, מאַטעק. עס איז נאָך אַלץ די זעלבע סאַלטשע.

— און איך בין נאָך אַלץ דער זעלבער מאַטעק.

אין רעסטאָראַן איז מען געזעסן אַ לאַנגע צייט. סאַלטשע האָט דערציילט וועגן זיינע שוועסטער, וועגן די אָנקלס, וועגן לאָדזש. מאַטעק האָט איר אַריינגעקוקט אין די אויגן, אין מויל. אירע ליפּן זיינען געווען ווייך און פריש. איר קול ברוסטיק און וואַרעם. די קאַשטאַנען האָר געדיכט געכוואַליעט. די אויגן, די גוטע, ערלעכע, נאָר שטיפערישע סאַלטשע־אויגן.

איז מען אַרויפגעגאַנגען צו מאַטעקן. מרס. עלבוים האָט זיך אויסגעפּוצט לכבוד דעם גאַסט. זי האָט סאַלטשען אַקעגנגעטראָגן אַ גרויסן בוקעט רויטע רויזן.

— מרס. עלבוים, איר זייט אַ גאָלד, — האָט מאַטעק אויסגערופן.

סאַלטשע איז אַריינגעגאַנגען אין מאַטעקס צימער און מרס. עלבוים האָט אַ וואונק געטאָן צו מאַטעקן און צו אים אַ שעפּטשע געטאָן:

— יאָלד, איר טראַכט נאָך צי איר זאָלט זי נעמען? זייט נישט קיין בעיבי. זי איז דאָך אַ ברילִיאַנט. די שיינקייט לייכט דאָך אַראָפּ פון איר פּנים, ווי אַ זון.

מאַטעק האָט באַמערקט, אַז סאַלטשע איז מיד.

— אפשר ווילסטו זיך צולייגן? שלאָף זיך אויס און אין אָוונט וועלן מיר גיין שפּאַצירן.

— ניין, מאַטעק. איך בין נישט מיד, נאָר איך בין באַרוישט, ווי איך וואָלט געטרונקען אַ שאַרפן געטראַנק. איך קוק אויף דיר און עס דוכט זיך מיר, אַז דו ביסט ווייט, ווייט אַוועק פון מיר און איך חלום פון דיר. עס ווילט זיך זאָגן: „מאַטעק, לאָמיר צוגיין צו גוטשיאַן".

— מאָרגן איז שבת און נאָכדעם איז זונטאָג. ביידע טעג בין איך פריי,

וועלן מיר קאָנען אַזוי פיל אויפטאָן.

— זאָג דעם אמת, מאַטעק, ביסט צופרידן מיך צו זען?

— דו רייצסט זיך שוין מיט מיר, גלייך ביים ערשטן אַריינפאָר? מיינסט, עס איז לאָדזש? דאָ, אַז מען פירט זיך נישט אויף ווי עס געהער צו זיין, זעצט מען דיך אויף דער ערשטער פראַכט־שיף און מען זאָגט: „הײדא, נאַזאַד!"

— אָ, מאַטעק, מאַטעק! איך האָב זיך נישט פאַרגעשטעלט, אַז איך וועל דיך נאָכאַמאָל זען, אַזוי זאָלן מיר האָבן בלויז גוטס.

— זונטיק וועלן מיר זיין ביי גאָלדען. זי וועט זיך דערפרייען מיט דיר.

— איך בין געווען זיכער, אַז דו האָסט מיט איר חתונה געהאַט. אַזאַ שיין מיידל.

— און איך האָב געמיינט, אַז דו ביסט שוין לאַנג אַ כלה געוואָרן.

— ווער וועט נעמען אַזאַ פאַרזעעניש און אַזאַ שטיק באַלוט ווי איך בין?

— הייסט עס אַז גוטשיאַ און לאָטשיאַ שטייען אין שידוכים? — האָט מאַטעק געפרעגט.

— יאָ, עס קומט דיר אַ טאָפּלטן מזל־טוב. גוטשיאַ הייראַט דורך אַ שדכן, זי נעמט אַ סך אַן עלטערן פון איר. לאָטשיא האַלט ביים חתונה האָבן מיט אַ יונגערמאַן מיט וועמען זי גייט שוין אַרום אַ שיינע פּאָר יאָר.

סאַלטשע האָט זיך צעוואָרעמט וועגן לאָדזש. אירע באַקן האָבן זיך צעפלאַמט און די אויגן האָבן געבלישטשעט און דאָס קול אירס איז געווען אַזוי פריש ווי אַמאָל און דער געלעכטער איז געווען ליב און אַנשטעקנדיק. מאַטעק האָט איצט זיך מער צוגעהערט צו די רייצן וואָס האָבן אַרויסגערעדט פון איר, ווי צו די רייד אירע וועגן לאָדזש און וועגן פּילסודסקיס פּירונגען.

סאַלטשע איז אַנטשוויגן געוואָרן, נאָך באַלד האָט זי געבעטן מאַטעקן, אַז ער זאָל איר דערציילן וועגן זיין לעבן אין אַמעריקע.

— זאָג דעם אמת, ביסט צופרידן, מאַטעק?

— פאַרוואָס פרעגסטו, סאַלטשע?

— ווייל פון דיינע בריוו האָב איך פאַרשטאַנען, אַז עס איז דיר דאָ גאַנץ אומעטיק און אַז אונדזער באַוועגונג האָט דאָ אויך געכאַפּט היפּשע קלעפּ.

— היינט איז ביי מיר אַ יום־טוב, סאַלטשע. ווייסט דאָך, ביי אונדז אין דער היים האָט מען שבת און יום־טובים נישט געטאָרט זיין טרויעריק און נישט געטאָרט זיך דערמאָנען אין פּיינלעכע זאַכן. לאָמיר זיין פריילעך, סאַלטשע. דו ביסט דאָ און איך בין אויך אַביסל באַרוישט פון היינטיקן טאָג.

סאַלטשע איז צוגעגאַנגען צו אים און זיך אַוועקגעזעצט אויף זיין שויס.

— מיין מאַטעק!

ער האָט ווי אויסגעטרובעט:

„סאַלטשע, פּאַלטשע!
עס האָט שוין געברענט,
מען האָט שוין געלאָשן,
מען פאָרט שוין צוריק אַהיים!".

זי האָט געלאַכט, אים געקושט און די טרערן זיינען גערונען איבער אירע באַקן.

קאַפּיטל ניין און צוואַנציק

# סאַלטשע און גאָלדע

.1

סאַלטשע איז געגאַנגען פרי שלאָפן די ערשטע נאַכט אין אַמע־ריקע. אין דער פרי, ווען מאַטעק איז געקומען צו איר, האָט אים די באַ־לעבאָסטע דערקלערט, אַז זי שלאָפט נאָך. דער זייגער איז געווען נאָך ניין. דאָס גאַנצע הויז איז שוין געווען אויף די פיס, נאָר די „גרינע פרינצעסין" איז נאָך געשלאָפן. מאַטעק האָט אויפגעעפנט איר טיר, געזען ווי זי איז גע־לעגן אויף אַ זייט, די כוואַליעס האָר צעשפּרייט איבערן ווייסן קישן אוןביידע הענט צונויפגעלייגט אונטער איר פּנים. זי האָט דעם ראָלעט נישט געהאַט אַראָפּגעלאָזט. נאָר די שיין פון טאָג האָט איר, וויזט אויס, נישט געשטערט צו שלאָפן רואיק און טיף.

— נו, אויפוועקן טאָר מען זי נישט. וועל איך וואַרטן, — האָט מאַטעק דערקלערט דער באַלעבאָסטע.

נאָר אַז די באַלעבאָסטע האָט גענומען צושטיין צו אים וועגן סאַלטשען און וועגן דעם, אַז זי וועט מאַכן מיט זיי אַן אויסנאַם און פאַרדינגען זיי דעם צימער מיט קיך־פּריווילעגיעס און אַז זי וועט זיין די אונטערפירערין ביי דער חתונה — האָט מאַטעק דאָס מער נישט געקאָנט אויסהאַלטן און פאַרלאָזט דאָס הויז, זאָגנדיק אַז ער וועט זיין צוריק אין אַ שעה אַרום.

עס איז געווען שבת. מאַטעק איז אויך יענעם טאָג נישט געגאַנגען צו דער אַרבעט, אַלץ צוליב דעם גאַסט. ווען ער איז צוריק געקומען, איז סאַלטשע שוין געווען אָנגעטאָן און זי איז געזעסן מיט דער באַלעבאָסטע אין קיך און געגעסן אַ האַלבן גרעיפּפרוכט — צום ערשטן מאָל אין איר לעבן.

שפּעטער, אין דרויסן, האָט סאַלטשע אים איבערגעגעבן, אַז די באַלע־באָסטע איז, וויזט אויס, אַ שדכנטע, כאָטש זי זאָגט, אַז זי איז אַ סאָציאַליסטקע.

— מאַטעק, אַזוי ווי איך האָב די אויגן געעפנט, איז זי אַריינגעקומען צו מיר, גערעדט, געפּלוידערט און באַלד צוגעקומען צום עיקר. ווערסט נישט

טרעפן.

— איך גיי אין געוועט אין אַ קאָפּיקע, אַז איך וועל יאָ טרעפן. זי האָט דיר געזאָגט, אַז דו זאָלסט זיך צואיילן און חתונה האָבן מיט מיר, דערפאַר וואָס אין אַמעריקע, איז פּונקט ווי אין יוראָפּ, אַן אויסכאַפּעניש אויף יונגע־לייט. געטראָפן ?

— כמעט. זי האָט מיר געזאָגט, אַז עס איז אַ וואונדער וואָס דו האָסט געוואַרט אַזוי לאַנג. זי האָט אַ לאַנגע נאָז און שטעקט זי אַריין וואו מען דאַרף נישט. מיר געפעלט נישט איר מישן זיך אין מיינע געשעפטן. אַז איך וועל אָנהויבן אַרבעטן, וועל איך בייטן דעם צימער.

מאָטעק האָט געהאַט אויסגעאַרבעט אַ פּלאַן ווי אַזוי צו פאַרברענגען מיט סאַלטשען דעם ערשטן פולן טאָג צוזאַמען. ער האָט געוואָלט ווייזן איר די פינפטע עוועניו, געוואָלט ווייזן איר דעם כינעזישן קוואַרטאַל, איסט בראָדוועי און די אַרומיקע יידישע גאַסן, געוואָלט אַרומפאָרן מיט איר אין אַ באַס. סאַלטשע האָט זייער שטאַרק געוואָלט שפּאַצירן. די שיף האָט זי געהאַט אויס־געמאַטערט און קיין סך גיין דאָרט האָט זי נישט געקאָנט. נאָר זי איז נישט געווען גרייט צו גיין זען ניו־יאָרק.

— אויב עס מאַכט דיר נישט אויס, מאָטעק, וואָלט איך בעסער געוואָלט שפּאַצירן אין אַ שטילן געגנט און נישט זען קיין מענטשן און נישט אָנזאָפּן זיך דערוויַיל מיט קיין נייע איינדרוקן. מיר וועלן דאָס טאָן אַן אַנדערש מאָל. איך וויל זיין מיט דיר. איך וויל, אַז דו זאָלסט מיר דערציילן וועגן זיך און איך וועל דיר דערציילן וועגן מיין לעבן די לעצטע פּאָר יאָר. און אפשר וועלן מיר ווינציק רעדן אינגאַנצן.

— איך האָב אַ שפּאָגל־נייעם פּלאַן, סאַלטשע. מיר וועלן צופאָרן אין צענטראַל פּאַרק. דאָרט זיינען דאָ חיות און עס זיינען דאָ אַ סך שטילע ווינק־לעך, וואו מען וועט זיך קאָנען אויסציען אויפן גראָז, צי אויף אַ פעלז און קיינער וועט אונדז נישט שטערן.

— דאָס איז אויסגעצייכנט. דאָס וויל איך טאַקע, מאָטעק.

אין פּאַרק איז סאַלטשע געוואָרן אויפגעעריכט. זי איז מיטאַמאָל געוואָרן זייער פריילעך און שטיפעריש. „די אַלטע סאַלטשע", האָט מאָטעק געשמייכלט צו זיך אַליין, באַאָבאַכטנדיק זי פון דער זייט.

זי האָט באַקוקט די יום־טובדיקע פּנימער פון די שפּאַצירער, זי האָט באַוואונדערט די לייכטע און העלע קליידער פון די פרויען, זי האָט זיך גע־פרייט מיט דעם אויסזען פון פאַרבייגייענדיקע קינדער, זי האָט אָנגעקוואָלן פון די ביימער און פון דער פּאַנאָראַמע פון פּאַרק.

— איך וואָלט געוואָלט זיך קוילערן אויפן גראָז, ווי די יינגלעך אָט

דאָרט, מאַטעק.

— קיינער וועט דיר נישט פאַרווערן, סאַלטשע. ווילסט, לאָמיר אויס־ציען זיך און אויסטאָן די שיך, ווי דאָס פּאָרל דאָרט האָט עס געטאָן.

האָבן זיי זיך פריער אַוועקגעזעצט אויפן גראָז לעבן אַ געדיכטן שטח קוסטעס, אַזוי אַז זיי זיינען פאַרשטעלט געוואָרן פון די אויגן פון דורכגייער. באַלד האָט זיך סאַלטשע געגעבן אַ שפּרייט אויס מיטן פּנים אַראָפּ צום גראָז.

— אַי, עס איז אַ מחיה, מאַטעק, צו פילן דעם ריח פון דער מאַמע־ערד, — האָט זי אויסגעשריגן און די אויגן האָבן זיך געגעבן אַ צינד אָן און דער קאָפּ האָט זיך אַ שאָקל געטאָן פון הנאה.

מאַטעק האָט געוואָרט, אַז זי זאָל אָנהויבן רעדן. זי האָט געשוויגן. ער האָט געפרעגט אַ פראַגע וועגן לאָדזש. איר ענטפער איז געווען קורץ און אָפּגעהאַקט. ער האָט געפרעגט וועגן איר לעבן. זי האָט געענטפערט:

— מאַטעק, עס איז מיר איצט אַזוי גוט, עס איז מיר נאָך קיינמאָל אַזוי גוט נישט געווען. וואָס זאָל איך דיר דערציילן וועגן מיין לעבן וואָס איך האָב נישט געלעבט? לאָמיר בעסער ליגן און טרוימען וועגן היינט און מאָרגן, וועגן אַ ניי לעבן אין נייעם לאַנד. מאַטעק, איך האָב נישט קיין רייד, איך האָב בלויז געפילן און איך בין אַזוי באַוועלטיקט פון זיי, אַז עס איז מיר שווער צו עפענען מיין האַרץ, אַז עס זאָל נישט איבערשוימען. מיר דוכט זיך, אַז מיין איצטיק שוייגן רעדט צו דיר מער ווי אַלע רייד וואָס ווערן נאַריש און אומזיניק און איבעריק אין אַזעלכע מאָמענטן. דו דערצייל מיר בעסער וועגן זיך און וועגן דיין סביבה. רעד צו מיר וועגן דער אַמעריקאַ־נער אַרבעטער־באַוועגונג און וועגן די קאַמפן וואָס עס שטייען אונדז פאָר אין דער נאָענטער צוקונפט. איך וויל אין קיין פאַל נישט צולאָזן צו זיך קיין וואָכעדיקע זאַכן, ווי געפינען אַן אַרבעטס־פּאָסטן, וועגן געלט־ענינים, וועגן איינאָרדנען זיך און נישט פאַלן קיינעם צו לאַסט. איך וויל היינט און מאָרגן, ביז דו וועסט דאַרפן אויפשטיין צו דער אַרבעט, לעבן מיט מיינע חלומות, טראַכטן פון דיר און פילן דיך לעבן מיר. מער פאַרלאַנג איך נישט פון לעבן.

מאַטעק האָט זי פאַרשטאַנען. דעם גאַנצן טאָג איז מען געווען צוזאַמען, שפּאַצירט איבערן פּאַרק, זיך געפרייט, ווי קליינע קינדער מיט די בערן און לייבן אין פּאַרק, אַרומגעפאָרן מיטן באָס איבער דער פינפטער עוועניו, גע־שטיפט און זיך נאַריש געמאַכט.

סאַלטשע איז געוואָרן פאַרשייט און געלאַכט הויך אויפן קול און איר פּנים האָט געלויכטן פון זאָרגלאָזיקייט און צופרידנקייט.

פון מאַטעקן איז אַרונטער דער יאָך און עס האָבן זיך אָפּגעשיילט פון אים די צוגעקומענע קנייטשן אויפן פּנים און אויף דער נשמה. ער האָט זיך

דערפילט יונג, שטיפעריש און וואוילינגעריש. ער האָט זיך נישט געקאָנט דערמאָנען די צייט, אַז ער זאָל האָבן אַזוי פיל געלאַכט און אַזוי גוט פאַר־בראַכט, ווי יענעם שבת מיט סאַלטשען.

און ווען דער אָוונט האָט פאַרשלאָסן טיר און טויער, האָבן זיך פאַר מאַטעקן און סאַלטשען געעפנט נייע וועגן. איז מען צוריק אין צענטראַל פּאַרק אַריין און מען איז געוואָרן ערנסטער און באַרעדעוודיקער.

גערעדט האָט מאַטעק און איר דערציילט וועגן זיינע היגע אָנקלס, וועגן זיינע ערשטע פּאָר יאָר אין לאַנד, וועגן זיינע דערפאַרונגען אין שטאָל־סטרייק, וועגן זיינע איינדרוקן פון אַמעריקע. סאַלטשע האָט אים געהאַלטן אַרומגעצ־נומען, געקושט אים און געפרעגט פראַגעס, ווי אַ געטרייע שוועסטער פרעגט וועגן וואוילזיין פון איר ברודער.

און מאַטעקן איז געווען אַזוי גוט מיט איר. זיינע רייד, וואָס האָבן זיך געהאַט אָנגעזאַמלט אַזוי לאַנג, האָבן אַ היים באַקומען. מער וועט ער זיך נישט שטיקן מיט זיי.

.2

צומאָרגנס, זונטיק, האָט מאַטעק פאַרגעשלאָגן צו שיסן צוויי האָזן מיט איינמאָל: נאָכמיטאָג פאַרברענגען ביי דעם פעטער קיווע און אין אָוונט זיין ביי גאָלדען. ער האָט סאַלטשען צוגעגרייט פאַר ביידע אויפנאָמעס.

דער אָנקל האָט איין קוק געטאָן אויף סאַלטשען און זיין קולכל איז גע־וואָרן קורץ־אָטעמדיק.

— מאַטעק, מאַי באַי, — האָט ער אָנגעהויבן, זיך אומקוקנדיק צי זיין ווייב שטייט נישט דערביי, — דו גלויבסט מסתם נישט אין חתונה האָבן, דו גלויבסט אין פרייע ליבע, נאָר ווען איך בין סאַלטשע, וואָלט איך געשלאָגן מיט דיר כפרות.

און צו סאַלטשען:

— מיין נעפיו איז אייך נישט ווערט, נאָר ער האָט שכל געהאַט אייך אַראָפּצוברענגען אין אַמעריקע. דערפאַר קומט אים קרעדיט. אויף אַזוי פיל האָט ער שכל געהאַט, נאָר די צרה מיט אים איז, וואָס ער וויל דאָ מאַכן די רעוואָלוציע. איר גלויבט דאָך נישט אין די נאַרישקייטן. איר קוקט מיר אויס צו זיין אַ מענטש מיט אַ סך קאָמען סענס, דאָס מיינט — מיט גראַדן שכל. איר געפעלט מיר זייער. וואָס איך וועל קאָנען טאָן פאַר אייך, זאָלט איר מיר נאָר זאָגן. איך קאָן אַ סך טאָן פאַר מענטשן. פיל מענטשן געהאָלפן זיך שטעלן אויף די פיס. בלויז מיין שלימזלדיקן נעפיו איז נישט אָנגעשטאַנען,

אַז איך זאָל אים ווייזן ווי זיך אַרויפצואַרבעטן אין אַמעריקע. זאָגט מיר, פריילין סאַלטשע, וואו האָט איר עס באַקומען אַזאַ שיינעם קאָמפּלעקשאָן, דאָס מיינט, אַזאַ קאָליר אין געזיכט ?

— אין דער פוילישער טורמע, — האָט סאַלטשע געענטפערט און זיך צעלאַכט מיט איר קלינגענדיק געלעכטער.

די מומע האָט סאַלטשען אַריינגערופן צו זיך אין קיך און מאַטעק איז געבליבן אַליין מיט דעם פעטער.

— הער נאָר, דו גוד פאָר נאַטינג, מאַטעק, אַזאַ מויד לאָזסטו אַרומגיין פראַנק און פריי ?

— וואָס הייסט פראַנק און פריי ? — האָט מאַטעק געוואָלט וויסן.

— דו האָסט געדאַרפט מיט איר אַ חופּה שטעלן גלייך אין עליס־איילאַנד, נאָך איידער זי האָט אַראָפּגעשטעלט אַ פוס אין ניו־יאָרק. מיט אַזאַ פּנים מיט אַזאַ קאָפּ האָר, מיט אַזאַ שיינעם האַלדז און פאָר פיסקעס און מיט אַזאַ אויסזען, וועט זי באַלד אויסגעכאַפּט ווערן. איך וועט זיך מיט דיר, אַז איידער דו וועסט זיך אַרומקוקן, וועט זי שוין זיין ענגיידזשד. דו וועסט מאַכן די רעוואָלוציע און זי וועט האָבן אַ פאָר קינדערלעך. דו וועסט אַרומגיין מיט פאַרלאַטעטע הויזן און זי וועט טראָגן דיימאַנדס אויף די פינגער. צוליב וואָס האָסטו זי אַראָפּגעבראַכט, אַז עמיצער אַנדערש זאָל געניסן פון איר ?

סאַלטשע האָט זיך געהאַלטן סטאַטעטשנע און געמאַכט דעם אַנשטעל פון אומשולד. נאָר ווען זי איז מיט מאַטעקן אַרויס פון פעטערס הויז און זיך געלאָזט צום עלעוועיטעד צו פאָרן צו גאָלדען אין די בראָנקס, האָבן זיך טרערן געגאָסן פון אירע אויגן פון געלעכטער.

— דו האָסט שוין איינמאָל אַ פעטער, מאַטעק ! און דאָס איז דיין טאַטנס אַ ברודער ? טאָג ווי נאַכט, קוואַל־וואַסער קעגן אַ בלאָטע. אַ שטיק־גראָבקייט — און דאָך האָט ער אין זיך עפּעס פאַלקישעס און גאַנצעס.

— ווייסט, סאַלטשע, וואָס ער האָט אין מיר אַריינגערעדט, ווען דו ביסט געווען אין קיך ?

— מסתמא, אַז דו קאָנסט קריגן אַ מיידל מיט אַ סך נדן און אַז דו ביסט משוגע וואָס דו גייסט אַרום מיט מיר און דאָס קאָן דיר שאַטן צום שידוך ?

— האָסט געטראָפן ווי אַן אַרבעס אין וואַנט. ער האָט מיר פאַרגעוואָרפן פאַרוואָס איך האָב נישט געשטעלט מיט דיר אַ חופּה אין עליס איילאַנד, דערפאַר וואָס מען וועט דיך פון דער גאַס אַראָפּכאַפּן און דיך צו דער חופּה פירן.

— ווער ? דער רייכסטער שענקער פון גאַנץ נעוויאַרק.

זיינען מענטשן געזעסן אין „על" און געקוקט אויף זיי און נישט געקאָנט פאַרשטיין וועלכער נאָר האָט זיי געשטויסן, זיי זאָלן אַזוי האַרציק און אומ־

געצוימט לאַכן.

גאָלדע האָט סאַלטשען אויפגענומען העפלעך, נאָר פאַרזיכטיק. זיך מיט איר נישט צעקושט. פאַרגעשטעלט סאַלטשען פאַר איר מאַן — „מיין לאָדזשער לאַנדסמיידל". זי האָט אויך איינגעלאַדן די מאַמע, פרוי יאַקובאָוויטש, וואָס האָט געטראָגן אויף מאַטעקן אַ האַרץ אין געהיים. זי האָט סאַלטשען באַקוקט פון אויבן אַראָפּ. געהיט זיך מיט אַ וואָרט. געמאַכט אַ באַמערקונג וואָס האָט געקאָנט אויסגעטייטשט ווערן צוויי־דייטיק: „אין לאָדזש וואַקסן נאָך שיינע פרות".

די קלוגע סאַלטשע האָט פאַרשטאַנען זייערע געפילן. גאָלדע האָט גע־זאָלט זיין מאַטעקס כלה. ניין, מאַטעק האָט געזאָלט זיין גאָלדעס חתן. גאָלדע איז שענער און יינגער פון איר. און דאָך האָט מאַטעק געוואָרט, געוואַרט ביז די מלחמה האָט זיך געענדיקט און קיינעם נישט אויסגעקליבן און געשיקט נאָך איר, נאָך סאַלטשען. עפּעס אַ שטאָלץ האָט זי אַרומגענומען, באַמערקנדיק די באַהאַלטענע שטעכיקע בליקן פון גאָלדעס מאַמע און פילנדיק, אַז גאָלדע שטרענגט זיך אָן צו זיין זייער פריינטלעך. זי האָט גוט באַמערקט, סאַלטשע, אַז ווען גאָלדע האָט זיך איינגעהערט צו מאַטעקס קול, איז איר אַ ציטער דורך איבערן לייב.

— עפּעס טליעט נאָך אין איר, — האָט סאַלטשע זיך אַליין געוואָרנט.

און בעת סאַלטשע איז געווען פאַרנומען מיט גאָלדען, וועלכע האָט איר געוויזן קליידער און גערעדט מיט איר וועגן גיין איינקויפן זאַכן מאָרגן, האָט מאַטעק פאַרבראַכט מיט פרוי יאַקובאָוויטש אין צווייטן צימער.
געוויזן קליידער און גערעדט מיט איר וועגן גיין איינקויפן זאַכן מאָרגן, האָט
פרוי יאַקובאָוויטש האָט זיך געכאַפּט:

— זאָלסט מיר לעבן און געזונט זיין, מאַטעק — וואָס הייסט, דו ברענגסט אַראָפּ אַ פרויענצימער פון לאָדזש? וואָס איז זי דיר אַ שוועסטער, אַ טאַנטע, אַ קוזינע? זי איז דיר אַ ווילד־פרעמדע. נו, אַז זי האָט געאַרבעט ביי דיין גאָטזעליקער מוטער אין הויז, דערפאַר דאַרפסטו אויסגעבן הונדערטער דאָ־לאַר און זי דאָ אויסהאַלטן? עס איז טאַקע נישט מיין זאַך, נאָר ווי אַ גוטער פריינט רעד איך צו דיר: פון וואַנען ווייסטו מיט וויפל מענער זיי האָט גע־לעבט אין לאָדזש? דו ווייסט גאַנץ גוט, אַז זי האָט פאַרבראַכט גאַנצע נעכט אין קאָלע גאָרטן, אויף דער בירזשע . . . זי האָט געוואוינט אין באַלוט, זי האָט געוואוינט אַליין און מען האָט זי שטענדיק געזען גיין מיט יונגעלייט מיט די שטעקעלעך. וואָס האָט זי געטאָן בעת דער מלחמה? פון וואָס האָט זי געלעבט? און וואָס וועט זי דאָ טאָן? גאָלדע זאָגט מיר, אַז זי האָט דיך געוואָרנט, אַז דו זאָלסט זיך נישט פאַרשאַפן קיין צרות און איר נישט שיקן

קיין שיפּסקאַרט. עס פעלן דאָ אויס מיידלעך? גאָלדע זאָגט מיר, אַז זי האָט דיך באַקענט מיט קלאַראַן. ווער מיר גוטס גינט, וואָס פאַר אַ טייער מיידל דאָס איז. און זי איז פון דיינע, זי איז אַ סאָציאַליסטקע, אפשר גאָר אויך אַ באָלשעוויק. וואָס נאָך דאַרפסטו? ווי וועסטו אויסקוקן אין די אויגן פון דיינע שוועסטער, ווען זיי וועלן זיך דערוויסן, וואָס דו האָסט אָפּגעטאָן? אפילו ווען זיי וועלן נישט קומען אַהער, האָסטו געדאַרפט שאַנעווען זייערע געפילן און נישט אַראָפּברענגען אַ מיידל וואָס האָט געאַרבעט ביי אייך. ווי וועט דאָס אויסקוקן, ווען מען וועט הערן, אַז מאַטעק האָט חתונה געהאַט מיט אַ מיידל וואָס איז, ערשטנס, עלטער פון אים? צווייטנס, וואָס איז געווען אַן אַרבעטס־האַנט ביי זיי אין קראָם און, דריטנס, מיט אַ מיידל, וואָס קיינער ווייס נישט ווער זי איז און פון וועמען זי שטאַמט. האָט זי דיך אַמאָל באַקענט מיט אירע עלטערן? מיט אירע ברידער? מיט אירע פעטערס אָדער מומעס? וואָס הייסט, דו טוסט אָפּ אַזאַ זאַך? קאָנסט זיך נאָך באַזינען, מאַטעק. זאָל זי גיין אַרבעטן. דו פאָר אַוועק, פאָר צוריק אין שיקאַגאָ, ווער נעלם אויף אַ צייט. זי וועט לאַנג אָן אַ בחור נישט בלייבן. וועסט צוריקקומען, וועט זי דיך נישט דערקענען. מען קאָן זען אויף איר, אַז זי פרעסט מענער מיט די פאַרשטאָ־כענע אויגן.

מאַטעק האָט געהערט, ערנסט און פרום געהערט. קיין איין וואָרט נישט געענטפערט.

— נו, וואָס זאָגסטו, מאַטעק, בין איך אפשר נישט גערעכט?

— פרוי יאַקובאָוויטש, איך האָב אייך אויפמערקזאַם אויסגעהערט. איך ווייס, אַז איר זייט מיר אַ גוטער פריינט, נאָר וואָלט איך דער גאַנצער ענין נישט אָנגעגאַנגען. מיר וועלן וועגן דעם רעדן אַן אַנדערש מאָל. איך וועל צוקומען צו אייך.

און מאַטעק איז אַריין צו גאָלדען און סאָלטשען. זיי זיינען נאָך געווען פאַרטאָן אין גאַרדעראָב־ענינים. מען האָט געקאָנט זען, אַז גאָלדע איז אַריינ־געטאָן אין פּוץ, און אין סאָלטשען האָט זי געהאַט אַ גוטע צוהערערין און אַן אויספּאָלגערין. מען האָט אויך געקאָנט באַמערקן, אַז עס איז פּלוצלינג פאָר־געקומען אַ דערנעענטערונג צווישן די צוויי יונגע פרויען. גאָלדעס טאָן האָט זיך געביטן. עפּעס אַ וואַרעמקייט האָט זיי פאַראייניקט.

— גייט נישט אַוועק, סאָלטשע. וויסט איר גאָר וואָס? איר קאָנט ביי מיר זיין אַ פּאָר טעג. איר גייט דאָך נאָך נישט אַרבעטן. איר דאַרפט זיך אָפּרוען אַ וואָך צוויי. פלאָץ האָבן מיר גענוג. מיר וועלן פאַרמאַכן די גלעז־זערנע טיר און איר וועט קאָנען שלאָפן אומגעשטערט. איך בין זיכער, אַז איר וועט זיך דאָ פילן בעסער ווי אין צימער ביי אַ מיסעס, — האָט גאָלדע זיך

געבעטן ביי איר.

מאַטעק האָט מיט צופרידנקייט פאַרשטאַנען, אַז סאַלטשע געווינט אין גאָלדען אַ פריינט. אַזוי איז זי שוין, סאַלטשע. מען קומט־צו צו איר מיט פאַרדאַכטן, מיט „קאַזאַלעס" און ווען מען פאַרברענגט מיט איר אַביסל, דער־זעט מען איר שיינע נשמה. זי פאַרמאָגט אין זיך עפּעס וואָס ציט צו. דאָס האָט ער געזען אין די צוויי טעג, וואָס סאַלטשע איז געווען אין לאַנד. יעדער איינער, וואָס האָט מיט איר גערעדט, איז געוואָרן באַגייסטערט סיי פון איר אויסזען, סיי פון איר באַנעמונג.

און צו דער דערשטוינונג פון גאָלדעס מאַמע, האָט גאָלדע איבערגע־רעדט סאַלטשען, אַז זי זאָל בלייבן נעכטיקן ביי איר. און אפילו דער שטענדיק־שווייגנדיקער מאַן אירער, מעקס, האָט אויך געבעטן סאַלטשען, אַז זי זאָל בלייבן. ער האָט געזאָגט:

— וואָס דאַרפט איר פאָרן דאָרן טאָון און שפּעטער נישט וויסן ווי אַזוי זיך צו באַגעגענען מיט גאָלדען, אַז איר וועט דאָ נעכטיקן, וועט אייך גאָלדע מאָרגן נעמען אין די קראָמען איינקויפן.

האָט סאַלטשע זיך איבערגעקוקט מיט מאַטעקן. ער איז נישט געווען איינגאַנצן צופרידן דערפון. ער האָט געוואָלט דעם אָוונט פאַרברענגען מיט איר. מאָרגן גייט ער אַרבעטן. אין אָוונט האָט ער אַ וויכטיקן יוניאָן־מיטינג, וואָס ער טאָר נישט דורכלאָזן. הייסט עס, וועט ער ערשט קאָנען זען סאַלטשען דינסטיק נאָך דער אַרבעט. נאָר גאָלדעס ווייכקייט און איבערהויפּט די פאַר־ציע וואָס פרוי יאַקובאָוויטש האָט אים געגעבן און דאָס ביז וואָס זי האָט אָנ־גערעדט אויף דער אָרעמער אומשולדיקער סאַלטשען, האָט מאַטעקן באַ־וואויגן איינצושטימען, אַז סאַלטשע זאָל בלייבן מיט גאָלדען.

.3

מאַטעק האָט באַגלייט פרוי יאַקובאָוויטש אַהיים. נאָכדעם איז ער אַליין אַהיים געפאָרן. עס איז אים געווען זייער אומעטיק. דוכט זיך, איינ־גאַנצן פאַרבראַכט מיט סאַלטשען איין אָוונט, און שוין פעלט זי אים אויס. וואו איז ער געווען די אַלע יאָרן — אָן איר? ווי מאָדנע די מענטשלעכע נאַטור איז, האָט ער געטראַכט.

ווען ער איז אַהיים געקומען אַן אומעטיקער און פרוי עלבוים האָט אים באַגעגנט און זיך נאָכגעפרעגט אויף סאַלטשען, האָט ער מיט אַ טרויעריק קול געענטפערט, אַז זי איז געבליבן ביי זיינע פריינט.

גאָלדע, סאַלטשע און מעקס האָבן פאַרבראַכט ביז שפּעט אין אָוונט ביי

אַ גלעזל טיי. גאָלדע האָט זיך נאָכגעפרעגט אויף לאַדזש, אויף די גאַסן, אויף די פאַבריקאַנטן, אויף מאַטעקס שוועסטער לאַטשיא, וואָס איז געווען גאָלדעס שול־חברטע.

און מאָדנע, ווי סאַלטשע האָט דאָס מאָל געפילט. נעכטן האָט זי מיט מאַטעקן אינגאַנצן נישט געוואָלט רעדן וועגן לאַדזש. היינט אָבער האָט זי אויף גאָלדעס פראַגעס געענטפערט אַזוי אויספירלעך און וואַרעם, אַז זי האָט זיך אַליין געוואונדערט פון וואַנען עס האָבן זיך גענומען צו איר אַזוי פיל רייד. זי האָט געפילט, אַז אירע רייד לאָזן איבער אַ שטאַרקן איינדרוק אויף מעקסן און אויף גאָלדען. זי האָט גערעדט וועגן אירע חדשים אין טורמע, וועגן די מלחמה־יאָרן, ווען זי האָט געהונגערט און ווען זי האָט זיך געדאַרפט אויסהיטן פון די יונקערישע כאַפּערס, וואָס האָבן פון די טראָטואַרן אַראָפּגע־נומען מענטשן אין די צוואַנג־אַרבעט באַטאַליאָנען און זי האָט געדאַרפט זיך אויסבאַהאַלטן פון די שיכורע דייטשע זעלנער וואָס האָבן אויפגעריסן טיר און טויער ביינאַכט אין באַלוט.

גאָלדע האָט אַריינגעקוקט סאַלטשען אין די אויגן און זי איז באַאיינפלוסט געוואָרן נישט בלויז פון סאַלטשעס רייד, נאָר אויך פון דער ערלעכקייט און ריינקייט, וואָס האָט אַרויסגעלויכטן פו זיי.

— זי מאַכט אַ פיינעם איינדרוק, גאָלדע. נישט אַזוי ? — האָט איר מאַן געזאָגט, ווען זיי זיינען געבליבן אַליין אין שלאָפצימער.

— איך וועל דיר זאָגן דעם אמת, מעקס, — האָט גאָלדע זיך מודה געווען, — אַז מען טאָר קיינמאָל קיין מענטשן נישט אורטיילן לויט דעם וואָס מען הערט אָדער לויט דעם וואָס מען שטעלט זיך פאָר. איך האָב ביז היינט אָבער געהאַט זייער נישט קיין געהויבענע מיינונג וועגן דעם מיידל. די מיינונג האָט נאָך אָפּגעשטאַמט פון לאַדזש, ווען איך בין געווען אַ קינד און מען האָט גע־קוקט קרום אויף די אַרבעטס־מיידלעך, וואָס האָבן באַלאַנגט צו די רעוואָלו־ציאָנערע פּאַרטייען. איך האָב מאַטעקן געהאַט אָפּגערעדט פון שיקן אַ שיפס־קאַרט פאַר איר, ווי דו ווייסט. איך בין צופרידן וואָס זי איז געקומען. וואָס עס וועט איצט פאָרקומען צווישן מאַטעקן און איר, ווייס איך נישט. מאַטעק איז צופיל פאַרטאָן אין זיין געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. זיין טעאָריע איז, אַז פריער דאַרף ער מאַכן די רעוואָלוציע און נאָך דעם טראַכטן וועגן זיך. דו קענסט אים דאָך. ער איז אַ מאָדנער בחור.

מעקס האָט מאַטעקן קיינמאָל נישט ליב געהאַט. דאָס האָט נאָך געשטאַמט פון יענער צייט, ווען מאַטעק איז געווען זיין קאָנקורענט אין געווינען גאָלדעס ליבע. איצט האָט ער פאַר מאַטעקן מער קיין מורא נישט. אויב גאָלדע נעמט אים אויף גוט, אויב זי זאָרגט זיך פאַר זיין וואוילזיין, איז דאָס נישט מער

ווי מענטשלעך. זיי קאָנען זיך אַזוי לאַנג און מאַטעק איז געווען דער נאָענט־סטער פריינט פון איר פאַרשטאַרבענעם ברודער. עס איז נאַטירלעך, אַז זי זאָל אַזוי האַנדלען.

אין דער פרי, נאָך דעם ווי מעקס איז אַוועק אין געשעפט, זיינען גאָלדע און סאַלטשע געבליבן אַליין. מען האָט געהאַט צווישן זיך אַזוי פיל צו רעדן, אַז מען האָט שיער נישט פאַרגעסן, אַז מען דאַרף סאַלטשען אויסקליידן און אַז גאָלדע דאַרף מיט איר פאָרן אויף דער איסט סאַיד איינקויפן קליידער און וועש און וואָס ניט. מאַטעק האָט סאַלטשען געהאַט געגעבן אַ גרעסערע סומע געלט און גאָלדע האָט ביי זיך באַשלאָסן, אַז זי וועט איר אייגנס ביי־טראָגן, אויב עס וועט זיין נויטיק.

מיט יעדער מינוט האָט גאָלדע געפילט, אַז סאַלטשע ווערט איר נאָענט, אַז זי נויטיקט זיך טאַקע אין אַזאַ פריינט ווי סאַלטשע קוקט אויס צו זיין. מען האָט זיך עפּעס גלייך אַזוי גוט פאַרשטאַנען, אַז פון זיך אַליין האָט מען זיך אויפגעהערט צו „אירצן" און מען איז אַריבער אויף „דו".

— גאָלדע, דו ביסט מיין ערשטער פריינט, וואָס איך האָב זיך איינגע־שאַפט אין אַמעריקע און איך פאַרהאָף, אַז אונדזער פריינטשאַפט וועט אָנ־האַלטן, — איז סאַלטשע געוואָרן סענטימענטאַל.

— איך בין אַזוי צופרידן וואָס מאַטעק האָט דיך אַרויפגעבראַכט צו מיר, סאַלטשע. איך וועל זיך דאַרפן מיט אים גוט דורכרעדן, מיט דעם איינ־געשפּאַרטן בחור, וואָס מיינט, אַז ער וועט בלייבן אַן אַלטער באָק. גלויבסטו נישט סאַלטשע, אַז מען קאָן זיין זייער איבערגעגעבן צו לעגינען און דעבסן און דאָך קאָנען בויען אַן אייגן לעבן און האָבן אַ פרוי און קינדער, אַזוי ווי אַלע מענטשן?

— גאָלדע, דו קענסט מאַטעקן אפשר בעסער ווי איך. דו האָסט דאָך געזען אים די לעצטע יאָרן, ווען ער איז געוואָרן אַ מאַן. פאַר מיר איז ער נאָך מאַטעק פון לאָדזש. איך האָב צו אים געפילן, וואָס ציען זיך נאָך פון אונדזערע קינדער־יאָרן.

— איך פאַרשטיי דיך גוט, סאַלטשע. דו האָסט אים ליב, מאַטעקן, נישט אמת?

— פאַר דיר קאָן מען, ווייזט אויס, קיין סודות נישט באַהאַלטן, גאָלדע. ווי גלויבסטו, קאָן מען מאַטעקן נישט ליב האָבן?

גאָלדע האָט איר אויף דעם נישט געענטפערט. זי האָט געביטן דעם שמועס.

— סאַלטשע, מיר מוזן זיך איילן. מען דאַרף נאָך אַזוי פיל אויפטאָן היינט.

געאַרעמט זיינע זיי אַרויס פון הויז און זיך געלאָזט איבער די פיל־צוזאַגנדיקע פּרויען־קראָמען פון ניו־יאָרק.

קאַפּיטל דרייסיק

# דער אָנהויב

.1

מאַנטיק ביי דער אַרבעט האָט מאָטעק זיך אײַנגעאָנצן אַרײַנגעטאָן אין די געדאַנקען וועגן סאַלטשען. ער האָט זיך פאַרגעשטעלט, ווי גאָלדע, און אפשר אויך איר מוטער, „שטודירן" סאַלטשען. ער האָט געפּרואווט פאַרשטיין, וואָס עס קומט פאָר אין גאָלדעס האַרץ און אין סאַלטשעס מוח. ער האָט גוט געדענקט גאָלדעס רייד קעגן אַראָפּברענגען סאַלטשען און ער האָט ביטער געלאַכט פון איר מוטערס אויסגוס קעגן זיין האַנדלונג. און איצט געפינט זיך סאַלטשע אין זייערע הענט.

פאַרוואָס האָבן אַלע נישט אַנדערש ווי פאַרשטאַנען, אַז ער ברענגט אַראָפּ אַ כלה? קאָן מען דען נישט אַראָפּברענגען אַ פריינט? וואָלטן זיי אַזוי געטראַכט, ווען ער ברענגט אַראָפּ אַ בחור, אַנשטאָט אַ מיידל?

און דאָך — וואָלט זיין מוח, וואָלט זיין האַרץ געאָטעמט בלויז מיט דעם בחור? ער האָט געמוזט צוגעבן, אַז מענטשן האָבן אים בעסער פאַרשטאַנען. ער האָט זיך דאָך אַליין איינגערעדט, אַז ער האָט קיין אַנדער זאַך נישט אײַנזינען ווי העלפן אַ מענטשן. אָט איז סאַלטשע נאָר־וואָס אָנגעקומען און שוין קאָן ער פון קיין אַנדער זאַך נישט טראַכטן ווי וועגן איר. עס פאַרדריסט אים, וואָס ער וועט היינט אָוונט נישט קאָנען פאַרברענגען מיט איר. דער מיטינג פון דער יוניאָן איז פון גרויס וויכטיקייט און מען וועט דאַרפן אָפּשטימען און ער וועט נישט קאָנען פאַרלאָזן ביזן סוף. ער וועט טעלעפאָנירן גאָלדען און אויסגעפינען, וואָס זי האָט איינגעקויפט פאַר סאַלטשען. ער וועט אויסגעפינען, צי ער וועט קאָנען פאַרן מיטינג זיך זען מיט איר. אפשר צוזאַמען עסן.

אינמיטן דער אַרבעט, זיך נישט קאָנענדיק דערוואַרטן ביז ער וועט ענדיקן, האָט ער טעלעפאָנירט צו גאָלדען. זי איז נאָר־וואָס געהאַט אַרײַנגעקומען.

— וואו האָסטו געלאָזט סאַלטשען? — האָט ער אַביסל אומגעדולדיק געפרעגט.

— סאַלטשע איז מיר פאַרפאַלן געוואָרן אויף דיוויזשאָן סטריט, מאַטוש. וואָס זאָל איך טאָן? איך ווייס נישט וואו זי איז מיר אַהינגעקומען.

— גאָלדע, איך בין אינמיטן דער אַרבעט. לײדיק־גייערקע, איך האָב נישט קיין צייט פאַר קיין שפּאַס אַצינד. איז זי אַהיים געפאָרן? גלויבסט, אַז זי וועט טרעפן דעם וועג?

— זאָרג זיך נישט, פאַרליבטער בחור. סאַלטשע איז דאָ מיט מיר און זי וועט דאָ היינט איבערנעכטיקן. צו ווען וועל איך זי אַהיים שיקן, אַז דו ביסט פאַרנומען מיט מאַכן די רעוואָלוציע? מאָרגן וועסטו קומען צו אונדז אויף קאָלאָציע און דו וועסט זי אַהיים נעמען.

— לאָז מיך ריידן צו איר, גאָלדע.

— מאַטעק, דאָס רעדט סאַלטשע. דו ביסט אינמיטן דער אַרבעט? איך וועל דיך נישט אויפהאַלטן. איך וויל דיר בלויז זאָגן, אַז איך פיל זיך דאָ וואונדערבאַר. גאָלדע איז גאָלד מיט זילבער. איך בענק נאָך דיר, מאַטעק. אפשר קאָנסטו היינט אַריבערקומען? . . . גוט, זאָל זיין ווי גאָלדע וויל. מאָרגן וועסטו קומען אַהער, יאָ, טייערער?

און דער דינסטיק האָט זיך ביי מאַטעקן געצויגן אומענדלעך. דער לענגסטער טאָג זינט ער איז געווען אין אַמעריקע.

וואָס האָט ער נישט איבערגעטראַכט ביי דער אַרבעט יענעם טאָג? גאָלדע וועט באַלד האָבן אַ קינד. סאַלטשע איז עלטער פון איר און זי איז נאָר־וואָס געקומען קיין אַמעריקע און עס איז שוין צייט, אַז זי זאָל זיך איינאָרדנען און ווערן אַ מאַמע. אַ מאַמע? פריער דאַרף זי דאָך האָבן אַ מאַן. און ווער דאַרף זיין איר מאַן? איר פּנים שטייט אים כסדר פאַר די אויגן. סאַלטשע, די גוטע סאַלטשע, וואָס האָט שטענדיק געהאַלטן אַן אויג אויף אים, שטענדיק אים פאַרשטאַנען און געציטערט איבער אים. געווען אייפערזיכטיק אויף גאָלדען. מורא געהאַט, אַז אין אַמעריקע וועט גאָלדע אים געווינען. איצט איז זי דאָ און זי זעט, אַז ער איז נאָך אַליין. ער וויל אפילו נישט פרעגן, נישט רעדן מיט איר וועגן איר ליבע. קאָן ער דען נישט פילן אין איר בליק, אין איר באַריר, אין איר קול?

און ער אַליין? זינט זי איז געקומען, פיבערט ער דאָך אינגאַנצן מיט איר. זינט זי איז ביי גאָלדען, פילט ער זיך דאָך ווי דער איינזאַמסטער מענטש אויף דער וועלט. ער קאָן זיך דאָך נישט דערוואַרטן, אַז דער אַרבעט־טאָג זאָל זיך פאַרענדיקן. ער קוקט דאָך יעדע ווייל אויפן זייגער.

מיט אייליקע טריט האָט מאַטעק זיך געלאָזט פון דער הויך־באַן צו גאָלדעס הויז. דאָס עסן איז שוין געווען אָנגעגרייט. עס האָט געשמעקט מיט היימישע מאכלים, מיט מילכיקע לאָקשן מיט קעז, מיט אַ שטשאַוו און אַג־

רעס־קאַמפּאַט. גאָלדעס פּנים איז געווען צעשטראַלט און סאַלטשעס באַקן — פאַררויטלט. סאַלטשע איז געווען אָנגעטאָן אין אַ פאַרטוך און עס האָט איר געקליידט דער שטוביקער אויסזען פון דער באַלעבאָסטע.

— דו דאַרפסט זען, מאַטוש, וואָס פאַר אַ באַלעבאָסטע דיין סאַלטשע איז — האָט גאָלדע אויסגערופן. — זי האָט מיך נישט געלאָזט טאָן קיין האַנט אין קאַלטן וואַסער. אַלץ אַליין צוגעגרייט. און באַלד וועסטו זען, ווי זי וועט זיך אויספּוצן אין די נייע זאַכן וואָס מיר האָבן איינגעקויפט. דו וועסט זי נישט דערקענען, מאַטוש. אין איין קראָם האָט מען איר געזאָגט, אַז זי וואָלט באַדאַרפט ווערן אַ מאָדעל מיט אַזאַ קערפּער, מיט אַזאַ פיגור, מיט אַזעלכע פיס און — — —

— גאָלדע, האָסט מיך געבראַכט אויפן באַלוטער אַלטן מאַרק צו פאַר־קויפן? — האָט סאַלטשע האַלב אין שפּאַס און האַלב פאַרדראָסיק געזאָגט.
— איך האָב קיינמאָל נישט געוואוסט, אַז איך האָב שיינע פיס, ביז אַ פּיפּיק ציגעלע אויף דיין דיוויזיע גאַס האָט עס אויסגעפונען, גאָלדע.

ביים טיש האָט מאַטעק באַמערקט, ווי סאַלטשע נעמט פון אים די אויגן נישט אַרונטער. זי האָט אים באַטראַכט ווי אַ מאַמע באַטראַכט איר איינציק קינד, וואָס איז אַהיים געקומען אַ מידער און זי האָט זיך געפרייט און די אויגן האָבן אויפגעגלאַנצט, ווען מאַטעק האָט מסכּים געווען צו עסן נאָך אַביסל לאַקשן מיט קעז.

— ביסט מיד, מאַטעק? עס איז אַ לאַנגער מהלך פון דיין אַרבעט־פּלאַץ ביז אַהער, ניט אַזוי? — האָט סאַלטשע געפרעגט מיט אַן ערנסטקייט וואָס האָט אַרויסגערופן אַ ברייטן שמייכל אויף גאָלדעס פּנים.

מאַטעק איז געווען אומרואיק. ער האָט שוין געוואָלט וואָס שנעלער זיין אַליין מיט סאַלטשען. און דאָ דאַרף מען ערשט וואַרטן ביז גאָלדעס מאַן וועט אַהיים קומען און דאַן צוזאַמען אַראָפּגיין שפּאַצירן אין קראָטאָנאַ פּאַרק און פאַרענדיקן מיט ליאָדעס.

ענדלעך איז מאַטעק געזעסן מיט סאַלטשען אין עלעוועיטעד. זיי האָבן געפונען צוויי ליידיקע פּלעצער פאַר זיך אַליין און סאַלטשע האָט זיך צוגעטו־ליעט צו אים און פאַרפלאָכטן אירע פינגער אין זיינע.

— איך האָב געבענקט נאָך דיר, מאַטעק.

מאַטעק האָט געשוויגן און אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ.

— וואָס שווייגסטו, מאַטעק? ווי איז געווען דיין מיטינג נעכטן אין דער יוניאָן? דו ווייסט, מאַטעק, אַז גאָלדע איז אַ טייערע נשמה. איך בין אַזוי צופרידן וואָס איך האָב אין איר געפונען אַ גוטן פריינט. זי האָט פאַר מיר איינגעקויפט אַזעלכע שיינע זאַכן, פון וועלכע איך האָב בלויז געקאָנט

טרוימען. דו האָסט איר געגעבן געלט. האָסט זיך געמוזט פֿאַרענגען, פֿאַר־לייען, אַז סאַלטשע זאָל זיך קאָנען אויספּוצן, מאַטעק.

מאַטעק האָט אַ שמייכל געטאָן צו איר. זי האָט אויפֿגעכאַפּט זיין האַר־ציקן בליק.

— אַלץ וואָס איך וויל, מאַטעק, איז זיצן אָט־אַזוי לעבן דיר און שווייגן, בלויז שווייגן. עס איז מיר קיינמאָל נישט געווען אַזוי גוט, ווי אין איצ־טיקן מאָמענט. מער וויל איך נישט פֿון לעבן . . . זאָג מיר עפּעס אַ גוט וואָרט, מאַטעק.

— גוטע ווערטער האָבן ליב, אַז מען זאָגט זיי, ווען קיינער הערט נישט, נישט אין קיין רווישיקער באַן.

— אַ לעבן אויף דיר, ווי גוט דו האָסט עס געזאָגט, מאַטעק!

.2

אין דער פֿרי האָט שוין סאַלטשע געוואַרט אויף מאַטעקן אין רעס־טאָראַן, וואו זיי האָבן צוזאַמען געפֿרישטיקט.

— וואָס דאַרפֿסטו אויפֿשטיין מיט די העגער גלייך? — האָט איר מאַטעק געפֿרעגט, ווען ער האָט זי דערזען דעם ערשטן מאָל אַזוי פֿרי אין רעסטאָראַן.

— דער טאָג וועט זיך ציען ווי דער גלות, מאַטעק. איך וועל וואַרטן אויף דיר אין דיין צימער, ווען דו וועסט אַהיים קומען.

אַזוי איז דאָס געווען די גאַנצע וואָך. ביידע האָבן זיך נישט געקאָנט דערוואַרטן ביז דער זונטיק וועט אָנקומען. דורכן טאָג האָט סאַלטשע „אויס־געמאָסטן" די גאַסן פֿון ניו־יאָרק, איבערהויפּט די יידישע געגנטן. זי האָט שוין באַצטיינס געזוכט אַרבעט אין אַ קראָם פֿון פֿרויען־היט, וואו מען רעדט יידיש. זי האָט שוין באַקומען אַ צוזאָג אין אַ פּלאַץ, וואו גאָלדע האָט גע־קויפֿט אירע היט, אין די בראָנקס, אויף טרימאָנט עוועניו. ווען זי האָט עס מיט אַ גדולה דערציילט מאַטעקן, האָט ער קיין באַגייסטערונג נישט אַרויס־געוויזן.

— וועסט נאָך צייט האָבן צו אַרבעטן אין אַמעריקע. רו זיך אויס, גיי אין סקול. זאָל זיך דיר אויסווייזן, אַז ביסט נאָך אַ חודש געזעסן אין טורמע, סאַלטשע.

יעדן אָוונט האָט מאַטעק איר דערציילט וועגן דעם וואָס מען וועט טאָן זונטיק.

— אויף זונטיק שטייט די וועלט, — האָט זי שטיפֿעריש איבערגעחזרט. ערשט שבת האָט ער איר געלאָזט וויסן, אַז מאָרגן וועט מען אויפֿשטיין

פרי און מען וועט פאַרברענגען דעם טאָג אויף אַ שיף וואָס פאָרט אויפן שיינעם האָדסאָן טייך. דאָס איז אַזאַ עקסקורסיע, פון וועלכער עס קומט צו אַ שטיק געזונט.

ביידע זיינען געווען אויסגעפוצט זומערדיק. ער אין אַ ווייס העמד מיט קורצע אַרבל, אָן אַ שניפּס און אָן אַ רעקל. זי — אין אַ דורכזיכטיקער ווייסער בלוזע און אַ באַבלימלט קליידל, וואָס האָט איר צוגעגעבן יוגנטלעכן חן. מאָטעק האָט זי נאָך קיינמאָל נישט געהאַט געזען אַזוי יונג און פריש. ווי אַ דאָרפיש שיקסל, וואָס קומט אין שטאָט אַריין, האָט ער צו זיך געזאָגט.

סאַלטשע האָט אויף דער עצה פון איר באַלעבאָסטע פון הויז געהאַט אָנ־געגרייט שפּייז, וואָס זי האָט אַליין געהאַט איינגעקויפט און צוגעגרייט אין דער באַלעבאָסטעס אַ קאָשיקל. און מיט וואָס פאַר אַ שטאָלץ האָט עס סאַלטשע פאַרשפּרייט די סאַלפעטקע אויף מאָטעקס שויס און אים דערלאַנגט דאָס עסן!

געפאָרן איז מען ביז פּאַקיפּסי און צוריק. סאַלטשע איז געזעסן מיט אַן אָפן מויל פון באַגייסטערונג. פאַרבייפאָרנדיק די לענג פון ניו־יאָרק מיט די ריזיקע טורעמס און מאַסיווע געביידעס, איז סאַלטשע אָנגעפילט געוואָרן מיט אַ זעלטענעם שטאָלץ, ווי זי וואָלט מיטאַמאָל געוואָרן אַן אָרגאַנישער טייל פון דעם רחבותדיקן אַרום.

— מאָטעק, פילסט נישט, ווי דו ווערסט גרעסער, שטאַרקער, זיכערער פון דער פּאַנאָראַמע?

— ניו־יאָרק פאַרמאָגט אין זיך הערלעכע שיינקייט, סאַלטשע. אָט ביסטו אין געדיכטער ענגשאַפט פון סאָבוועי און באַלד קאָנסטו זיצן אויף אַ שיף אויפן האָדסאָן און אויסשפּרייטן דיינע אָרעמס צום אומענדלעכן הימל און זאָגן: „ניו־יאָרק, דו ביסט מיין".

ווען זיי האָבן דערזען די פּאַליסאַדן אויף דער צווייטער זייט, אויפן ניו־דזשוירזער ברעג, האָט זיך זיי אויסגעדוכט אַז זיי געפינען זיך נישט ווייט פון אַ פּרע־היסטאָרישער ווילדערניש. די מיילן לאַנגע פעלזיקע ווענט, וואָס דערהויבן זיך אין טייל ערטער צו פינף הונדערט פוס די הויך, האָבן אַרויס־גערופן ביי סאַלטשען זכרונות פון טורמע־ווענט און ביי מאָטעקן — פאַר־וואונדערונג איבער נאַטורס גבורה.

נאָר זייער שפּאַנונג איז געוואָרן פילפאַכער, וואָס ווייטער די שיף האָט זיך אַריינגעגליטשט אין דעם ברייטן שויס פון האָדסאָן טייך, וואָס איז אַרומ־גענומען געוואָרן פון די מעכטיקע אָרעמס פון די גרינע, באַוועלדערטע, מאַיעסטעטישע בערג. נישט אומזיסט האָבן די שפּאַניער און די פראַנצויזן דעם האָדסאָן אַ נאָמען געגעבן „דער טייך פון די בערג".

— דו ביסט אַ מבין אויף דער רואיקייט פון דעם טייך? — האָט זיך

סאַלטשע נישט געקאָנט אָפּהידושן.

— דאַרפסט וויסן, סאַלטשע, אַז אָט־דער שטילער האַדסאָן הויבט אָן זיין גאַנג אין די ווילדע הויכע בערג פון די אַדיראָנדעקס, איבער פיר טויזנט פוס די הויך און ער ווערט געבאָרן אין אַ קליינער אָזערע דאָרט, וואָס רופט זיך „די טרער פון די וואָלקנס".

— איך האָב נישט קיין ווערטער אויסצודריקן די שיינקייט פון דער סצענע, מאָטעק. עס האָט זיך געלוינט צו קומען קיין אַמעריקע בלויז דורכצומאַכן אָט־די היינטיקע רייזע.

מען איז געפאָרן און געהאַלטן אין קוקן אויף די בערג, וואָס האָבן זיך כסדר געמיניעט, געוואָרן אַלץ העכער און אויסגעשפרייטער. צוקומענדיק צו בער מאונטענס איז די שיף געבליבן שטיין און אַ גרויסער עולם האָט זיך אַרויסגעלאָזט אויפן ברעג. מאָטעק און סאַלטשע זיינען געשטאַנען און באַטראַכט דעם פריילעכן המון און זיי האָבן זיך אַליין דערפילט עפּעס אַזוי לייכט, אַזוי זיכער מיט זיך.

— מיר געפעלן די מענטשן דאָ, מאָטעק. ווייזט אויס אַז אַ שיף פאַראייניקט, דערנעענטערט.

— מיר קאָנען יעדן זונטיק מאַכן אַזאַ רייזע אויפן האַדסאָן, סאַלטשע.

— וועסט מיך דען וועלן מיטנעמען, מאָטעק?

— אַז דו וועסט וועלן מיטפאָרן, וועל איך דיך מיטנעמען.

האָט זיך סאַלטשע צו אים צוגעטוליעט און פאַרמאַכט די אויגן און עס האָט זיך איר אויסגעוויזן, אַז די בערג אַרום און אַרום פאַרנייגן זיך פאַר איר און זיי באַגריסן זי מיט איר קומען קיין אַמעריקע. זי האָט געפילט מאָטעקס נאָענטקייט לעבן זיך, געפילט זיין אָנגענעמען אָטעם, געפילט אַז זיין שווייגן שטאַמט פון גוטקייט. ער האָט זי ליב מיט אַזאַ אינערלעכער גאַנצקייט, נאָר ער איז ווי זיין פאָטער איז געווען. אַזאַ ליבע ווי עס איז געווען צווישן זיין פאָטער און מוטער האָט זי נאָך אין ערגעץ נישט געהאָט געזען און דאָך ווייס זי, אַז זיין פאָטער האָט קיינמאָל דער מוטער קיין ליבעסוואָרט נישט געזאָגט. מאָטעק איז אַ סך געראָטן אין זיין פאָטער. ער שוויגט, נאָר מען קאָן זיך אין דעם שווייגן מער אָנטרויען ווי אין די הייליקסטע ליבעספאַרזיכערונגען.

— מאָטעק, אפשר קאָנסטו מיר זאָגן עפּעס אַ גוט וואָרט, אַז מיין שמחה זאָל ווערן פול? — האָט זי מיט פאַרמאַכטע אויגן אַ שעפּטשע געטאָן צו אים.

— עס איז מיר גוט וואָס דו ביסט דאָ מיט מיר, סאַלטשע.

— האָסט געבענקט נאָך מיר?

— אַ קראַנקן פרעגט מען, אַ געזונטן גיט מען.

— לאָז מיך אויסקושן דיינע אויגן, מאָטעק. אַ געזונטן גיט מען.

.3

אויפֿן וועג צוריק איז די שיף געווען געפּאַקט מיט אַ זינגענדיקן, טאַנצנדיקן עולם. אַזאַ זאָרגלאָזיקייט און פֿריילעכקייט איז מאָטעקן און סאַל־טשען געווען פֿרעמד. זיי האָבן זייערע קינדער־יאָרן און פֿריע יוגנט־יאָרן פֿאַרבראַכט אין גאָר אַנדערע אומשטענדן.

— איך האָב ליב צו קוקן אויף דער אַמעריקאַנער פֿאָן, מאָטעק, — האָט זיך סאַלטשע פֿלוצלינג אָנגערופֿן באַאַבאַכטנדיק, ווי די פֿאָן האָט געפֿלאַטערט קעגן ווינט. — איך האָב אויסערגעוויינלעך ליב די אַמעריקאַנער פֿאָן. ערשטנס, זיינען מיר ליב אירע קאָלירן, און צווייטנס, געפֿעלן מיר די שטערן און שטרייפֿן. ווען איך טראַכט ווי אַזוי די פֿאָן איז געבוירן געוואָרן, פֿיל איך, אַז איך ווער אַן אָנגעהעריקע צו איר. איך וויל ווערן אַ טייל פֿון איר, אַ טייל פֿון דעם נייעם מענטשן אין דעם נייען לאַנד וואָס הייסט אַמעריקע.

— ביסט גערעכט, סאַלטשע, אַזוי האָב איך אויך געפֿילט, ווען איך בין געקומען אַהער. נאָר ווען איך האָב שפּעטער צוגעזען ווי רעאַקציאָנערע עלעמענטן, סטרייק־ברעכערישע עלעמענטן, דזשינגאָאיסטישע שיכטן פֿון דער באַפֿעלקערונג, האָבן זיך געוויקלט אין דער אַמעריקאַנער פֿאָן און זיי האָבן, אין נאָמען פֿון אָט־דעם פֿראַכטפֿולן סימבאָל, פֿאַרפֿאָלגט אַרבעטזאַמע, נאָר הילפֿלאָזע אימיגראַנטן, — דאַן האָב איך געזען אומשולדיק פֿאַרגאָסן בלוט אויף דער ריינער פֿאָן. מיר וועלן אין די קאַמפֿן וואָס שטייען אונדז פֿאָר דאָ אין לאַנד, באַשיצן די פֿאָן פֿון אמתער פֿרייהייט, פֿון פּאָליטישער, עקאָ־נאָמישער און קולטורעלער פֿרייהייט, פֿון די עלעמענטן וואָס צוליב זייערע וועלפֿישע געלט־אַפּעטיטן זיינען זיי גרייט צו פֿאַרשאַכערן דעם פֿונדאַמענט אויף וועלכן דאָס לאַנד איז געבויט געוואָרן.

— איך בין אַזוי צופֿרידן וואָס דו רעדסט אַזוי, מאָטעק. איך פֿאַרזיכער דיר, אַז איך וועל מיין פֿאָסטן פֿאַרנעמען אין דער ריכטיקער צייט אויפֿן ריכטיקן אָרט. מיר שרעקן נישט די פֿאַלמער־אַבלאַוועס. ווי די פֿאָן וואָס פֿלאַטערט אַזוי שטאָלץ קעגן ווינט, וועלן מיר זיך נישט אָפּשרעקן פֿאַר די פּאָליטישע און אַנדערע ווינטן און מיט אויפֿגעהויבענע קעפּ קעמפֿן פֿאַר וואָס איז רעכט. און ווי די שיף גייט פֿאָראויס קעגן די מעכטיקע בערג, וועלן מיר אויך בויען אונדזער צוקונפֿט מיט מוט און קראַפֿט, ווי עס פּאַסט פֿאַר קינדער, וואָס האָבן זיך אויפֿגעהאָדעוועט אין רעוואָלוציאָנערן שטראָם.

— סאַלטשע, דו האַלטסט דאָך שוין אַן אַגיטאַציע־רעדע. באַלד וועל

איך אַפּלאָדירן.

— מאַך נישט חוזק פון מיר, מאַטעק. איך מיין עס. דו ווייסט נישט, וואָס די רייזע טוט־אויף פאַר מיר.

— איך בין זייער און זייער צופרידן, סאַלטשע.

— פון וואָס ביסטו זייער צופרידן, מאַטעק?

— שווייג, שווייג און קוק אויף די בערג. מיר דערנעענטערן זיך שוין צו בער מאַונטענס. דאָ וועט אַרויפקומען אַ גרויסער עולם.

— טאָ לאָמיר צוריקגיין צו אונדזערע זיך־פּלעצער, אַניט וועט מען זיי ביי אונדז צונעמען.

— זאָרג זיך נישט, סאַלטשע. עס וועלן הונדערט מענטשן אַרומגיין און זוכן אַ פּלאַץ צום זיצן, נאָר כל־זמן אַ בענקל וועט האָבן אַ סימן פון פאַרנו־מענקייט, כל זמן עס וועט עפּעס ליגן אויף אים, וועט קיינער נישט וואַגן דאָס אַראָפּצואוואַרפן און פאַרנעמען דעם פּלאַץ.

— אָ, דאָס איז שיין, דאָס איז דערהאבן, מאַטעק.

— דאָס איז די עכט־דעמאָקראַטישע זייט פון אַמעריקע, סאַלטשע.

זיינען זיי געשטאַנען און אַראָפּגעקוקט פון אויבערשטן דעק, ווי די שיף האָט זיך אָפּגעשטעלט אין בער מאַונטענס און ווי אַ כוואַליעדיקער עולם האָט אַרויפגעשטראָמט אויף דער שיף.

— שטופּט זיך נישט, קינדערלעך, — האָט מאַטעק געזאָגט צו סאַל־טשען, — עס איז אַ גרויסע שיף, עס איז דאָ פּלאַץ פאַר אַלעמען.

— יאָ, עס איז אַ גרויס לאַנד, אַ שיין לאַנד, עס איז דאָ פּלאַץ פאַר אַלעמען, — האָט סאַלטשע פאַרטראַכט געזאָגט.

זיי זיינען צוגעקומען צו זייערע ערטער. אַרום און אַרום האָבן מענטשן געזוכט אַ בענקל. עס איז אומעטום געווען געפּאַקט, נאָר סאַלטשעס און מאַטעקס ליידיקע בענקלעך האָט קיינער נישט גענהאָט געטשעפּעט. אויף סאַלטשעס בענקל איז געלעגן איר קאָשיקל און אויף מאַטעקס — אַ באַנד שלום־עליכם, וואָס ער האָט גענהאָט מיטגענומען.

— דו זעסט, מאַטעק, קיינער האָט אונדזער פּלאַץ נישט פאַרנומען. ווי וואונדערבאַר דאָס איז!

זיי האָבן זיך אַנידערגעזעצט. עס האָט גענומען טונקלען. די בערג האָבן זיך געשאָטנט שוואַרץ. אַ קילקייט האָט געוויעט פון טייך. דער אַרומיקער עולם האָט געשטיפט און געפּילדערט.

— סאַלטשע, איאָ עס איז גוט?

— עס איז נישטאָ קיין ווערטער דערפאַר, מאַטעק.

— האָסט מיך ליב, סאַלטשע, זאָג דעם אמת?

— איך האָב דיך פיינט, מאַטעק. איך האָב דיך שטענדיק פיינט געהאַט.
— פאַרוואָס ?
— דערפאַר וואָס דו האָסט אַ לאַנגע נאָז. וואָס רייצסטו זיך מיט מיר, מאַטעק ?
— ביסט אַ שלעכטע, סאַלטשע.
— אַ מרשעת.
זי האָט אַרומגענומען זיין קאָפּ און אים צוגעדריקט צו זיך.
— סאַלטשע ?
— וואָסי ?
— עס ווערט פינצטער, יאָ ? נאָר מיר איז אַזוי גוט, אַז עס ווערט מיך ליכטיק אין אַלע ווינקעלעך פון מיין האַרץ, סאַלטשע.
— מיר אויך.
— פאַרוואָס דיר אויך ?
— דערפאַר וואָס דו זיצסט לעבן מיר.
— און אַז איך וועל אַוועקגיין פון דיר ?
— דאַן וועל איך אָפּפינצטערן מיין לעבן, מאַטעק. אָן דיר וועט מיר זיין זייער איינזאַם צו לעבן אויף דער וועלט . . .
ער האָט זי געקושט. ער האָט דערפילט אַ טרער אויף איר באַק.
— עס רעגנט ? — האָט ער געוואָלט אַ שפּאַס טאָן.
— יאָ, עס רעגנט. דו זעסט דאָך, אַז די לבנה וועט באַלד אַרויסקומען.
ער האָט געגלעט אירע האָר. זי האָט געשוויגן, אָפּגעזיפצט שווער.
— וואָס עפּעס מיטאַמאָל, סאַלטשע ?
— אַזוי זיך, מאַטעק. אַ גרויסע וועלט, אַ שיינע וועלט און איך בין מיין גאַנץ לעבן געווען אַליין. די וועלט הײַלט זיך אין בייטן און מיר דאַרפן שטיין אין די פאָדערשטע פּאָזיציעס און ווי דער קאַפּיטאַן אויף דער שיף, זי העלפן צוקומען צו אַ זיכערן ברעג. איך האָב ליב מיין ניי לאַנד, נאָר איך האָב מורא, מורא אַליין צו זיין אַרומגערינגלט פון די הויכע בערג און סקאַלעס.
— דו נאַרישע, נאַרישע מויד ! איך וועל דיך דען לאָזן אַליין ? איך בין פּונקט אַזוי איינזאַם ווי דו. פון היינט אָן וועלן מיר נישט זיין איינזאַם. דו און איך וועלן צוזאַמען בויען אַ ניי לעבן ווי מיר פאַרשטייען.
— מאַטעק, זיסער מאַטעק, די פינצטערניש שרעקט אונדז מער נישט.
— דו זעסט דאָך, סאַלטשע, ווי די פייערן פון דער שטאָט זיינען אונדז מקבל פּנים.
די שיף איז אָנגעקומען אין יאָנקערס. מאַטעק און סאַלטשע האָבן זיך

אויפגעשטעלט און צוגעגאַנגען צו דער נאָז פון דער שיף און זיך געשטעלט מיטן פּנים צום ניו־יאָרקער ברעג.

די שיף איז געגאַנגען שנעל. דער ווינט איז געוואָרן קילער און שטאַרקער.

— אַ מחיה, סאָלטשע.

— צוזאַמען איז אַ מחיה קעגן ווינט, מאַטעק.

— אַלץ צוזאַמען. פון היינט אָן.

— פון היינט אָן, מאַטעק. מער וועלן מיר נישט זיין צעשיידט, מאַטעק.

פון ביידע זייטן האָדסאָן האָבן עלעקטרישע פייערן זיך געצונדן אַלץ מערער און מערער, ווי די שיף וואָלט זיך דערנעענטערט צו אַ ריזיקן קאַר־ניוואַל, וואָס האָט צוגעזאָגט פרייד און פייערלעכקייט.

מאַטעק און סאָלטשע זיינען געשטאַנען אַרומגענומען און האָבן איינגע־זאַפּט אין זיך דעם יום־טוב פון ליכט, וואָס האָט פאַרטריבן די שאָטנס פון דער נאַכט.

■ סוף פון צווייטן טייל ■

# די קריטיקער וועגן ערשטן באַנד „ליכטיקע וועגן"

**משה כץ** („מאָרגן פרייהייט", 6טן יאַנואַר, 1952):

„. . . עס איז אוממעגלעך אין אַ קורצער רעצענזיע פון דעם ערשטן באַנד „מאַטעק און סאַלטשע" איבערצוגעבן דעם אייגנאַרטיקן ריח פון דער אַמאָליקער לאָדזש און דעם ספּעציעלן זינגעווידקן טאָן פון דעם יידיש־פּויל־לישן לעבן אין דער גרויסער שטאָט, וועלכן י. א. ראַנטש האָט אַזוי גוט אויפ־געכאַפּט אין זיין ראָמאַן. עס איז גענוג צו זאָגן, אַז לויט דער בולטקייט, מיט וועלכער ער ברענגט אַרויס זיין גרויסע גאַלעריע יידיש־פּוילישע מענער און פרויען און קינדער, לויט דער פּאַרטיפּטער פּסיכאָלאָגישער כאַראַקטעריסטיק, וואָס ער גיט זיי, לויט דער ברייטקייט מיט וועלכער ער מאָלט זייער סאָ־ציאַלן היטערגרונט, שליסט זיך י. א. ראַנטש אָן אין זיין ראָמאַן אין דער גרופּע פון די פיינע פּראָגרעסיווע פּראָזאַאיקער, וואָס דאָס יידישע פּוילן האָט פאַר דער מלחמה אַרויסגעגעבן . . . דער ראָמאַן „מאַטעק און סאַלטשע" איז ביי הייטיקן טאָג אַ וויכטיקע ליטעראַרישע דערשיינונג, אַ ווערטפולער ביי־טראָג צו דער פּראָגרעסיווער יידישער ליטעראַטור.

**פ. נאָוויק** (רעדאַקטאָר פון דער „מאָרגן פרייהייט"):

„. . . מיר האָבן פאַר זיך אַ ראָמאַן, אַ ברייט־פאַרטראַכטן ראָמאַן, וואָס לויט דער ברייטקייט פון דער קאַנווע שטייט ער זייט ביי זייט מיט אַזעלכע גרויסע ווערק ווי דעם בסתרס „משפחה מאשביר" . . . דער ראָמאַן איז אין אַ געוויסן זין אַ מאָנומענט פאַרן אַמאָליקן לאָדזש און אַ פּנקס פאַר גרויסע געשעענישן אין דעם יידישן לעבן אין די פאַראייניקטע שטאַטן. אין דעם פּרט, און אין אַרויספירן פּאָזיטיווע העלדן, טיפּן פון דער פּראָגרעסיווער יידי־שער באַוועגונג, איז דאָס אַ ווערק אין אַ געוויסן פּרט איינציק אין זיין מין . . . זאָל דער ראָמאַן קריגן די פאַרשפּרייטונג וואָס ער פאַרדינט".

**קלמן מרמר:**

„כ'האַלט אַז דאָס נייעסטע ווערק פון י. א. ראַנטש פאַר אַ באַדייטנדיקן

צושטייער צו אונדזער יידישער ליטעראַטור . . . „מאַטעק און סאַלטשע" איז מיר שטאַרק געפעלן געוואָרן באַלד ביי זיין אָנהויב און פון דעמאָלט אָן האָב איך עס געלייענט כסדר און בין זייער צופרידן עס צו זען אין בוך־פאָרם".

**גינאַ מעדעם:**

„מאַטעק און סאַלטשע" איז דאָס וויכטיקסטע ווערק פון אונדזער טאַלאַנט־פולן דיכטער און שרייבער. דאָס איז מער ווי אַ ראָמאַן פון אַ דאָקומענטאַלן אינהאַלט. אַ וואַרעמער, עכט־מענטשלעכער טאָן גייט דורך די פאַרשידענע דראַמאַטישע עטאַפּן פון זיינע העלדן. עס איז דער ערשטער פּרואוו צו שילדערן די נאָך גאָר פרישע פאַרגאַנגענהייט פון מוטערלאַנד, פון דעם געזעל־שאַפטלעכן לעבן פון די דאָרטיקע יידן, פון דעם אַלטן דור, וועלכער האָט זיך דאָ אויסגעבויט זיין שטייגער פון לעבן, זיין אַטמאָספערע, זיין ווירקונגס־קרייז, און פון דער יוגנט, וועלכע האָט געבויט דאָ אַ וועלט, וועגן וועלכער זי האָט געחלומט אין אירע סאַמע דרייסטע חלומות: אַ וועלט פון יושר און פרייהייט פאַר אַלע.

**י. ב. ביילין:**

„דאָס איז מער ווי אַ ראָמאַן פון דאָקומענטאַלן אינהאַלט. אַ וואַרעמער, מענטשלעכער טאָן גייט דורך די פאַרשיידענע דראַמאַטישע עטאַפּן פון זיינע העלדן . . . סע איז דאָס וויכטיקסטע ווערק פון אונדזער טאַלאַנטפולן דיכ־טער און שרייבער".

**י. פריד:**

„מאַטעק, סאַלטשע און שלום זיינען שוין געוואָרן אַ שם־דבר ביי מאַסן יידישע לייענער אין אַמעריקע. אָט־דער ליבהאַרציקער דריילינג, וואָס י. אַ. ראָנטש האָט מיט אַזוי פיל צערטלעכקייט אַרויסגעפירט פאַר דער וועלט, לעבט פאַר אונדז ווי אַ סימבאָלישע בריק צווישן דער יידישער פוילן פון נעכטן און דער יידישער אַמעריקע פון היינט. „מאַטעק און סאַלטשע" איז מער ווי אַ ראָמאַן, וואָס לייענט זיך מיט שפּאַנונג. ס'איז אַ קינסטלערישער סך־הכל פון אונדזערע אייגענע פריידן און ווייטאָקן, פון אונדזער דראַנג צו אָט־דער וועלט, וואָס מאַטעק און סאַלטשע ווילן אויסקעמפן פאַר זייער שלום'ען און פאַר אַלע מענטשן־קינדער.